# פיטשאַיעווער




# יזכור בוך


אַרויסגעגעבן פון דער

פיטשאַיעווער הילפס-לאַנדסמאַנשאַפט אין פילאַדעלפיע

תש״כ — 1960

# PITCHAYEVER YIZKOR BOOK

Memorial Book dedicated to the
Jews of Pitchayev-Wohlyn
executed by the Germans

צונויפגעשטעלט — ה. געלערנט

שערבלאַט געצייכנט פון י. שלאָס

אויף די ראַנדן מיט די סימבאָלישע
בוימל־קריגעלעך אויף אַ קינדערשער
מצבה אויפן פּיטשאַיעווער בית עלמין

TITLE PAGE BY EZEKIEL SCHLOSS

Published by
THE PITCHAYEVER WOHLINER AID SOCIETY, PHILADELPHIA


Printed in the U.S.A.

GRENICH PRINTING CORP.
151 West 25th Street
New York City

(166)

# אינהאַלט:

אַ וואָרט פון דער רעדאַקציע — ה. געלערנט — — — — — — — — 7

## ערשטער קאַפּיטל

ד״ר י. שאַצקי: דער יידישער ישוב אין פיטשאַיעוו — — — — — — — 11
טשאַרלס זאַלץ: פיטשאַיעוו און דער פיטשאַיעווער קלויסטער — — — 28
ה. געלערנט: מכוח פיטשאַיעוו און דעם קלויסטער — — — — — — 45
רב עקיבא אַרזשעך: דער „אַדפוסט״ איז געווען פאַר די יידן — — — — 48

## צווייטער קאַפּיטל

ה. געלערנט: אין נעץ פון רישעות — — — — — — — — — — — 54
פיליפּ קראַנץ: די פיטשאַיעווער לאַווריע און די יידן — — — — — — — 63

## דריטער קאַפּיטל

חיים גענזעלמאַן: עת לדבר — — — — — — — — — — — — — — 95
יחיאל רודמאַן: דער מצב פון די פיטשאַיעווער יידן נאָך דער ערשטער
וועלט־מלחמה — — — — — — — — — — — — — — — — 98
יצחק נתן לערער: די גמילת חסדים קאַסע אין פיטשאַיעוו — — — — 101
טעטיקייט און פינאַנץ־באַריכטן פונעם קאָמיטעט
אין פיטשאַיעוו — — — — — — — — — — — — — 104
נאָכווייענישן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — 115
די פיטשאַיעווער יוגנט פאַר אַמעריקע — — — — 119
שמואל טאובער: פיטשאַיעוו אין די צוואַנציקער יאָרן — — — — — 134
זאב ווייצמאַן: דער רב ר׳ אליעזר אורעצקי — — — — — — — — — 138
הרב עקיבא אגוזי: פראַגמענטן פונעם גייסטיקן רעליגיעזן לעבן — 143

## פערטער קאַפּיטל

חנא זאַלץ: דער אויפקום פון פיטשאַיעווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין
אַמעריקע — — — — — — — — — — — — — — — — 149

## פינפטער קאַפּיטל

## בהלה און אומקום

פ. שוואַרץ: פיטשאַיעווער יידן בעמען אויף יידישע שרייבער — — — 159
אהרון קופערמאַן, ווייצמאַן: דער אומקום פון די פיטשאַיעווער יידן — 165
וו. ווייצמאַן: ווי אַזוי איך האָב זיך געראַטעוועט פון אומקום — — — 175
מאיר אורעצקי: מיין פאָטער ר׳ אליעזר אורעצקי — — — — — — — 184

שלמה סקולסקי: ניטאָ שוין דאָס שטעטל — — — — — — — — — — — 188
אפרים בריק: שבת אין פּיטשאַיעוו — — — — — — — — — — — — 194
סעם (שלום) מרגלית: מיינע צוואַנציק יאָר לעבן אין פּיטשאַיעוו — — — 196

## זעקסטער קאַפּיטל

ה. געלערנט: דער פאָלקסמענטש חנא (טשאַרלס) זאַלץ — — — — — 207
ש. סקולסקי: טשאַרלס (חנא) זאַלץ — — — — — — — — — — — — 211
טשאַרלס (חנא) זאַלץ: מיין שטעטל פּיטשאַיעוו — — — — — — — — — 214
ר' אהרן פעטשעניק: מיין זיידע ר' אַלטערוניע — — — — — — — — 236
ח. זאַלץ: אַ יוגנטלעכער חסיד פון ר' אַלטערוניע — — — — — — — 239
„ „ אַ רב פאַר פּיטשאַיעוו און דער „צאַר" אויפן בוידעם — — 241
„ „ הערש מינדיעס — — — — — — — — — — — — — — — — 244

## זיבעטער קאַפּיטל

## פּיטשאַיעווער געשטאַלטן

וו. ווייצמאַן: יהודה שרהס דער דיין — — — — — — — — — — — — 251
טש. זאַלץ: פייגע גאמערמאַן און אַנדערע — — — — — — — — — — — 252

## אַכטער קאַפּיטל

## פּיטשאַיעווער אין אַמעריקע

חנא זאַלץ: אַ סעריע געשטאַלטן, טוער אין דער לאַנדסמאַנשאַפט — — 265
חיים גערטל: די גילגולים פון אַ פּיטשאַיעווער אין די חורבן יאָרן — 285



רשימה פון פּיטשאַיעווער יידן פאַרן חורבן — — — — — — — — — — 299
רעשטן פון פּיטשאַיעווער יידן אין אַלערהאַנט לענדער — — — — — — 308

אַ סעריע בילדער פונעם שטעטל און יידישע כלל־טוער אין
פּיטשאַיעוו און אין אַמעריקע.

# אַ וואָרט פון דער רעדאַקציע

פּיטשאַיעוו, אַ שטעטעלע אין וואָלין, גרויס ווי אַ גענעץ. סך־הכל צוועלף הונדערט יידישע נפשות האָט עס פאַרמאָגט. לויט אַלע השערות האָט יידיש לעבן זיך אָנגעהויבן אויספורעמען דאָרט בערך העכער צוויי הונדערט יאָר פאַרן חורבן.

דאַרף מען זיך ניט ריכטן אויף מי יודע היסטאָרישע אויפטועכצן. וואָרעם איידער די ערשטע יידן האָבן באַוויזן זיך דאָרט איינצופעסטיקן איז אַוועק אַ גאַנצער דור. בכן נעמט אָרום דאָס יזכור־בוך די לעצטע זעקס דורות. אָבער ווי גרויס אַ שטעטל זאָל ניט האָבן געווען צאָל־מעסיק האָט עס פאַרמאָגט אַן אייגענעם פּרצוף. פּונקט ווי יעדע משפחה.

דער הויפּט־סימן פונעם אייגנאַרט פון די פּיטשאַיעווער יידן איז, בלי גוזמא, זייער גייסטיקער כוח צו קענען זיין אַ דאָרן אין אויג דער שטאַרקסטער גויישער טומאה דאָרט. אויף אַן אמת — גירא בעיניך דשטן. וואָרעם פּיטשאַיעוו איז געווען דער צענטר פון דינען דעם „גויישן גאָט"—די „לאַווורע", וואוהין ס'האָבן זיך געצויגן יאָר־יערלעך צענדליקער טויזנטער קריסטן פון אַלע עקן רוסלאַנד. אפילו דער צאַר ניקאָליי אַליין האָט זיך דאָרט גע'צלמט.

און די פּיטשאַיעווער יידן האָבן אַלץ געהערט ווי דעם קאָטער. זיי האָבן נאָר געטאַנצט אין די געסלעך שמחת־תורה, אויפן וועג צו די בתי מדרשים... געטאַנצט קעגן חתן־כלה בעת דער חופה פאַר שול. זיך אויסגעלעבט אַ פול יידיש לעבן.

דער דאָזיקער גייסטיקער כוח האָט זיך אַרויסבאַוויזן אויך אינעם פּאַסיוון אָפּוועך קעגן דער גיפטיקער שינאה אויף יידן, וואָס די לאַוורע האָט געשפּרייט פון פּיטשאַיעוו אינעם יידישן „תחום".

האָט די רעדאַקציע, מהאי טעמא, זיך באַמיט, ווי־ווייט מעגלעך צו לאָזן רעדן די פּיטשאַיעווער יידן אַליין, דאָס רעשטל וואָס איז געבליבן, צעוואָרפן איבער דער וועלט. מיר האָבן בכיוון דערלאָזט טאַפּטאָלאָגיעס, דאָס איבערחזרן פון געוויסע מאָמענטן, און געוויסע

ערטער. ווי זאָגט זיך אין דער מסורה: על פי שנים עדים יקום דבר, וואָס מער עדות עס ברייננען אַרויס איינס־און־דאָסזעלבע, אַלץ מערער איז באַקרעפטיקט דער אמת.

די רעדאַקציע האָט דורכגעמאַכט אַ שטיקל גילגול. ס'האָט אָנגעהויבן דער באַוואוסטער היסטאָריקער, ד"ר יעקב שאַצקי. אָבער ער האָט נאָר באַוויזן אָנצושרייבן אַ סומאַריש־היסטאָריש אַרטיקל וועגן פּי־טשאַיעוו בכלל; אויסגלעטן עטלעכע בריוו צו דער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַמעריקע און איז פּלוצלונג אַוועק פון דער וועלט. דער נייער רעדאַקציע איז דעריבער אויסגעקומען צו זאַמלען, צו באַשאַפן דעם גאַנצן מאַטעריאַל; סטימולירן די פּיטשאַיעווער יידן אַרויסצוברענגען זייער אייגנס וואָס זיי וויסן, געדענקען, ביז ס'איז, אַזוי אַרום אַרויס־געוואַקסן אַ כלי שלימה, פונעם עקאָנאָמישן, גייסטיקן און שטייגע־רישן לעבן פון די יידן אין פּיטשאַיעוו.

ווי דער לייענער וועט זען, איז די קרוין פונעם אַרויסגעבראַכטן לעבעדיקן פּיטשאַיעוו, טשאַרלז (חנא) זאַלץ, און זיין „שטעטל פּי־טשאַיעוו". אָבער ניט נאָר דאָס אַליין. ער איז דער ראש וראשון פאַר דערמעגלעכן צו פיקסירן די געדעכעניש פון די פּיטשאַיעווער יידן; ער איז דער באַשאַפער פונעם יזכור־בוך; אויך דער וועקער. דער ואת הנפש אשר עשה באַמעריקע, דער נשמה־אויסקריצער פונעם יידישן פּיטשאַיעוו דורכן יזכור־בוך.

ה. געלערנט

אָקטאָבער, 1959.

פּ. ס. אַלע פוסנאָטעס, ווערטער פאַרטייטשונגען, געמאַכט פון רעדאַקטאָר ה. ג.

מיר רעקאָמענדירן צו לייענען דאָס בוך ביזן סוף, דעמאָלט וועט דער לייענער דערזען דאָס שטעטל אין פולן געשטאַלט.

# אַ רוף צו די פּיטשאַיעווער לאַנדסלייט

השוב'ע און ליבע פּיטשאַיעווער לאַנדסלייט:

מיר לאָזן אייך וויסן, אז נאָך א לאַנגער צוגרייטונג ווערט ענדלעך פאַרענדיקט א בוך וועגן אונדזער שטעטל וואָס איז שוין מער ניטאָ. דאָס בוך וועט הייסן—

## פּינקס פּיטשאַיעוו

אין דעם דאָזיקן יזכור בוך וועט דערציילט ווערן די געשיכטע פון אונדזער שטעטל און די געשיכטע פון יידן אין פּיטשאַיעוו, פון דעם אָנהויב ביז דעם גרויזאַמען אומקום אונטער די נאַציסטישע רוצחים.

עס איז אונדז געלונגען צונויפצוזאַמלען א רייכן מאַטעריאַל, וועגן דעם לעבן פון אונדזערע ברידער און שוועס-טער אין פּיטשאַיעוו. פון איינעם א געראַטעוועטן לאַנדסמאַן אונדזערן האָבן מיר באַקומען אמת'ע באַשרייבונג פון די לעצטע טעג פון אונדזערע פּיטשאַיעווער אומגעקומענע קדושים.

פון אַלטע פּוילישע און רוסישע ביכער האָבן מיר אויפגעגראָבן די אַלטע געשיכטע פון יידן אין פּיטשאַיעוו. פון בריף וואָס האָבן זיך צום גליק אויסגעהיט, האָבן מיר געקענט באַשרייבן ווי אַזוי אונדזערע שוועסטער און ברידער האָבן געלעבט אין דעם אַמאָליקן פּוילן פאַר די צוויי וועלט מלחמות פון 1918 ביז 1939.

**דאָס יידישע עקאָנאָמישע, רעליגיעזע און קולטורעלע לעבן וועט אין דעם יזכור בוך אויספירלעך דערציילט ווערן. אין דעם בוך וועלן אַריינגיין בילדער פון שטעטל, פון אינסטיטוציעס און פון פּראָמינענטע יחידים. אַזוי אַרום וועט דער דאָזיקער בוך זיין אַ מצבה פאַר אונדזערע קדושים אין פּיטשאַיעוו און אַ זכר, אַז עס איז אַמאָל געווען אַ יידיש שטעטל פּיטשאַיעוו.**

דאָס איז א ספר, וואָס וועט בלייבן לדורות פאַר די אַלע וואָס שטאַמען פון פּיטשאַיעוו, און וועט דערציילן דער וועלט ווי אַזוי יידן האָבן געלעבט, געליטן און אומגעקומען.

מיר דאָ, אין לאַנד, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק אין אונדזערע יונגע יאָרן צו אימיגרירן קיין אַמעריקע, און מיר האָבן פאַר זיך ... אין לאַנד א היים געשאַפן, וואָס איז אונדז ליב און טייער — אויף אונדז ליגט די פליכט, דאָס דאַרף זיין אונדזער הייליקער חוב, אונדזער סוף נשמה'דיקער אויסדרוק צו העלפן אַרויסגעבן דעם יזכור בוך, צו שטעלן אָט די מצבה פאַר אונדזערע קדושים.

**דאָס וועט זיין אונדזער לעצטער חוב צו אונדזערע טייערע מאַמעס, טאַטעס, שוועסטער און ברידער און אַלע אונדזערע אייגענע—אונדזער בלוט און פלייש.**

**אונזער מענשליכע פליכט איז צו שפּארען פון זיך און העלפען דעם שטעדטעל אין נוים.**

# גרויסע הילפע
## פאַר
# פּיטשאַיעווער אנשטאַלטען

**RELIEF OF POCHAYEWER INSTITUTIONS**

**די ערינערונג פון אונזער געבורט שטעדטעל ערוועקט ביי אונז הארציגע טרערען און פליכט פאַר הילפע.**



דער יזכור־בוך קאָמיטעט פונעם פיטשאַיעווער אונטערשטיצונגס פאַראיין:

ערשטע שורה פון רעכטס צו לינקס: ישראל זאַליץ, ישראל קופער, יעקב לייב פלאַקסמאַן, לייזער פלאַקסמאַן.

צווייטע שורה פון רעכטס צו לינקס: יאָסל זאַליץ, חנא זאַליץ, סעם (שלום) מרגלית.



פון אונטן אויף אַרויף. די קינדער: לייבעלע און משה טאובער.

ערשטע שורה פון רעכטס צו לינקס:

יודקע בארענבליט, שייקע בעזפּניסען — זיין פרוי; גיטל טאובער, טאנקע טשערניאַק, שמואל טאובער, אפרים קליגמאַנס פרוי, אפרים קליגמאַן, ישראל נתן לערער.

צווייטע שורה:

שייע (ישעיה) שיינקמאַן, נחמה קליגמאַן, חנא קאָטלאַר, פּאַק, יחיאל רודמאַן, חנא רויטבאַרד, שמואל קליגער.



די ישיבה תלמידים, מיט די מנהיגים, וואָס זיצן אין דער צווייטער שורה, פון רעכטס צו לינקס:

1. משה טאובער, 2. יוסף קראַסנאָפּער, 3. הרב אליעזר אורעצקי, 4. יהושע דער הויפּט מנהיג, 5. משה נירענבערגער.

# דער יידישער ישוב אין פיטשאַיעוו*

ד"ר יעקב שאַצקי

## 1. אַלגעמיינע געשיכטע פון דעם שטעטל

אַלט־פיטשאַיעוו אין וואָלין, וואו ס׳געפינט זיך די באַרימטע לאַווראַ, איז זייער אַן אַלט שטעטל. אין דער געשיכטע פון וואָלין, וואָס איז ביז 1569 געווען אַ טייל פון ליטע און וואָס פוילן האָט אין יענעם יאָר אינקאָרפּאָרירט מיט גוואַלד, ווערט פּיטשאַיעוו אָפט דערמאָנט, תמיד אין שייכות מיט אָפטע אָנפאַלן פון פאַרשיידענע שבטים און פעלקער, לרוב די טאָטערן. די עלטסטע דאַטע וואָס ס׳איז שייך דער עקזיסטענץ פונעם אָרט, שטאַמט פון 12טן יאָר־הונדערט, הגם לעגענדעס וועגן שטעטל גייען אַ סך וויטער. עס ווערט דער־מאָנט אַ דאָרף מיטן נאָמען פיטשאַיעוו, וואָס פאַרמאָגט וואַסער־קוואַלן; זיי זיינען געפלאָסן פון אַ סקאַלע און געווען אַ הייל־מיטל קעגן פאַרשיידענע קראַנקייטן. פונעם 15טן יאָרהונדערט זיינען פאַרשריבן אָנפאַלן מצד די טאָטערן אויף וואָלין, אין די יאָרן 1490, 1494, 1495 און 1496. אַ גרויסער טייל פון וואָלין איז דעמאָלט חרוב געוואָרן. דאָס זעלבע קומט פאָר אין 16טן יאָרהונדערט. די געגענטן אַרום קרעמעניץ, וואו פיטשאַיעוו געפינט זיך, איז אין די יאָרן 1497־1549 אַכט מאָל באַפאַלן געוואָרן פון די טאָטערן. זיי האָבן חרוב געמאַכט דאָס לאַנד, אַ טייל איינוואוינער גענומען געפאַנגען און פאַרקויפט אין דער פרעמד פאַר שקלאַפן.

שוין אין 13טן יאָרהונדערט ווערט דערמאָנט דער פּראַוואָסלאַווער מאָ־נאַסטיר אויפן באַרג; ס׳ווערן דערציילט מעשיות וועגן וואַסער־שטראָם וואָס פליסט פון דער סקאַלע. די לעגענדע דערציילט, אַז דער קוואַל האָט דעם כוח צו היילן קראַנקע, וואָס טרינקען פון אים, מחמת דעם וואָס די „הייליקע יונגפרוי" האָט זיך דאָרטן באַוויזן און ווי אַ סימן איבערגעלאָזט אַן איינגעדרוקטן שפּור פון איר פוס. אויף יענעם באַרג וואו ס׳געפינט זיך דאָס „הייליקע וואַסער" האָט מען אין דעם זכות אויסגעבויט אַ קלויסטער מיט רחבותדיקע דירות פאַר די מאָנאַכן. אין אַ דאָקומענט, דאַטירט 1662,

*) אַזוי האָבן יידן גערופן דאָס שטעטל — פיטשאַיעוו אויפן אָרט פון פּאָטשאַיעוו.

ווערט דערציילט אַז די שפּורן פון דער „הייליקער יונגפרויס" פּיסל, זיינען אַלט 400 יאָר. דער אַלטער קלויסטער, געבויעט פון שטיין, האָט אויסגעהאַלטן אַ סך איבערפאַלן פון שונאים, בפרט פון די טאָטערן. ער האָט עקזיסטירט ביזן יאָר 1771, ווען מען האָט אויפגעבויט אַ נייעם, אָבער אויך איבערגעלאָזט אַ סך פון די אַלטע געביידעס.

די לעגענדעס פון דער פּיטשאַיעווער „הייליקער יונגפרוי" וויסן צו דערציילן וועגן נסים ונפלאות, אַלץ אין „איר" זכות, ביים אָפּשלאָגן טאָטערישע איבערפאַלן. די לעגענדעס האָט מען פליסיק פאַרשפּרייט אין לידער און מעשיות. אַלטע, בלינדע בעטלער האָבן פאַרשפּרייט די דאָזיקע לעגענדעס. דער מאָנאַסטיר אַליין איז געוואָרן אַ לעגענדע און גלויביקע פלעגן „עולה רגל" זיין קיין פּיטשאַיעוו. אַזוי זיינען אויפגעקומען די באַרימטע פּראָצעסיעס, די „אָדפּוסטן" פון די פּראַוואָסלאַוונע גוים. זיי פלעגן קומען פון נאָענט און וויט, געקויפט ליכט, זיך געמאָדליעט, געשלאָפן אונטערן פרייען הימל אָדער מאַסנוויז אין כאַטקעס, שפּעטער אויך אין יידישע שטיבער. אַרום די דאָזיקע „אָדפּוסטן" האָבן זיך געשאַפן ירידים. ניט וויט פונעם קלויסטער איז אויפגעקומען דאָס שטעטל ניי־פּיטשאַיעוו, דער פּיטשאַיעווער צענטער פון פּראַוואָסלאַוונער אמונה וואָס איז פאַרן נייעם שטעטל שפּעטער געוואָרן אַ מקור פון פרנסה.

אין יאָר 1509 האָט אַ גריכישער מעטראָפּאָליט געשאָנקען דער אלמנה פון דעם לוצקער וואָיעוואָדע גויסקי אַן איקאָנע. זי האָט דערפאַר מנדב געווען פאַרן פּיטשאַיעווער מאָנאַסטיר גרויסע שטחים לאַנד. די דאָזיקע גרויסע נדבה האָט אַרויסגערופן אַ מחלוקת צווישן מאָנאַסטיר און די קינדער פון דער אלמנה, וואָס האָבן ניט געוואָלט אָנערקענען זייער מוטערס געשאַנק. די לעגענדעס וועגן דעם עשירות פונעם קלויסטער האָבן געשטעלט פאַר אַ ניסיון נישט איין קריסט, אויב ניט באַראַבעווען דעם דאָזיקן אוצר, איז לפּחות אים איבערטראָגן צו זיך. אין יאָר 1623 האָט דאָס געטאָן קאַשטעלאַן פירליי. ער האָט אַ טייל פון די פּיטשאַיעווער קלויסטער־אוצרות אַריבער־געפירט אין קלויסטער פונעם שכנותדיקן שטעטל קאָזין. ס'איז אַוועק אַ סדרה פון לאַנגע לאָדענישן, ערשט אין יאָר 1644, האָט מען די אוצרות צוריק אָפּגעגעבן פּיטשאַיעוו. דערנאָך זיינען געקומען די שווערע כמעלניצקי־יאָרן. וואָלין איז שטאַרק חרוב געוואָרן. דער הונגער האָט פאַרניכטעט אַ טייל פון דער באַפעלקערונג. אַ טייל פויערים איז זיך צעלאָפן. אַ סך זיינען אַריין אין כמעלניצקיס באַנדעס. אין יאָר 1660 האָט דער רוסישער מיליטער־פירער שערעמעטיעוו אַריינמאַרשירט קיין וואָלין און האָט אויך גורם געווען אַ חורבן. 1675 האָבן די טאָטערן פאַרברענט די שטאָט זבאַראַזש און באַמבאַדירט פּיטשאַיעוו.

---

*) געבעטן, געבוקט זיך

נישט געקוקט אויף די אָפּטע מלחמות, איבערפּאַלן און אפילו נאַטור־קאַטאַסטראָפעס, איז דער מאָנאַסטיר געוואַקסן אין חשיבות און איינפלוס: אין 17טן י״ה ווערט דער מאָנאַסטיר פאַרגרעסערט און נאָך מער פאַרהייליקט מצד דער פּראַוואָסלאַוונער וועלט. ס׳ווערט געגרינדעט אַ דרוקעריי (אין 1618) וואָס דערמעגלעכט דאָס אַרויסברענגען אַ מענגע ווערק ניט בלויז וועגן דער פּראַוואָסלאַוונער אמונה, נאָר אויך אַ סך אַנטיסעמיטישע ביכלעך.

אין 16טן י״ה ווערט דער פּיטשאַיעווער מאָנאַסטיר דער צענטער פון אַ ליידנשאַפטלעכן קאַמף צווישן די אַזוי גערופענע אוניאַטן, ד״ה די אָנהענגער פון אַן אוניע אָדער פאַראייניקונג מיטן קאַטוילישן רוים און די אָנהענגער פון ריינער פּראַוואָסלאַוויע. פאַרשטייט זיך, אַז די פּוילישע מאַגנאַטן האָבן געשטיצט די אוניאַטישע באַוועגונג, ווייל דאָס האָט זיי געגעבן די מעגלעכ־קייט, אויב ניט מאַכן דעם מאָנאַסטיר אינגאַנצן פּויליש־קאַטויליש, דאָס וואָס זיי האָבן פאַקטיש געוואָלט, איז לפּחות פאַרפּוילישן אים פּאָליטיש. דאָס וואָלט זיי געגעבן דאָס רעכט מ׳זאָל אָנערקענען וואָלין ווי אַ פּוילישע טעריטאָריע, ווייל די באַפעלקערונג איז ניט געווען קיין פּוילישע. איז עס דערפאַר קיין וואונדער ניט וואָס געזיגט האָבן די אוניאַטן (1595). פאַקטיש האָבן דעם זיג אָפּגעהאַלטן די פּוילישע מאַגנאַטן מיט זייערע ברייטע נדבות פאַרן קלויסטער. דער לעצטער פּראַוואָסלאַוונער אָנפירער פונעם מאָנאַסטיר, אָדער איהומען, ווי זיין טיטל איז געווען, דער „פאַטער" לוקאַר פעלעכאָווסקי, האָט אין 1720 געמוזט פאַרלאָזן פּוילן. די אָנפירערשאַפט פונעם מאָנאַסטיר איז אַריבער אין די הענט פונעם באַרימטן אָרדן פון באַזיליאַנער, וואָס האָבן געפירט אַ שטאַרקע פּאָלאָניזאַטאָרישע טעטיקייט. 1730 האָבן זיי אויפסניי געעפנט די אַלטע דרוקעריי, וואָס איז אַ לאַנגע צייט ניט געווען טעטיק. זייער דרוקעריי האָט עקזיסטירט ביזן יאָר 1831, ווען אינאיינעם מיטן פאַר־באָט אויף דער אוניאַטישער באַוועגונג, איז אויך די דרוקעריי פאַרמאַכט געוואָרן. אין דער דאָזיקער דרוקעריי האָבן די באַזיליאַנער געדרוקט אַ ריי אַנטי־יידישע שריפטן. פון זיי איז די סאַמע באַרימטסטע געווען אַ בראָשור, פונעם כעלעמער בישאָף סקאַרבעק וואַזשינסקי, אַרויסגעקומען אין 1792, וואָס באַקעמפט די פראַנקיסטישע באַוועגונג און באַשטייט דערויף, אַז בלויז אמתע קריסטנטום איז די איינציקע ליזונג פאַר יידן. *)

צווישן די גרויסע מנדבים פונעם פּיטשאַיעווער מאָנאַסטיר איז אויך געווען דער בעלזער וואָיעוואָדע מיקאָלאַי פּאָטאָצקי. עס ווערט דערציילט, אַז אין אַ

---

*) מחמת דער זעלטנקייט פון דער בראָשור איז כדאי צו געבן דעם טיטל: Synagoga z blendu wyprowadzona, czyli droga ulatwiona do przekonania kazdego Zyda o falszu sekty zydowskiej. Przez Porfiryusz Skarbka Wazynskiego, Biskupa Chelmskiego. w Pociejowie, 1792, 46 st.

מאָמענט פון תשובה פאַר זיינע יוגנט־זינד, האָט ער (אין 1771) אַראָפּגע־בראַכט אַ שלעזישן בוימייסטער און אים געהייסן אויפבויען אַ נייע צערקווע. צוואַנציק יאָר האָט געדויערט דאָס בויען *). מ׳דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז דאָס זיינען געווען שטורמישע יאָרן אין דער געשיכטע פון וואָלין. עס איז געווען פאַר דער ערשטער חלוקה פון פוילן, אָבער ס׳איז קלאָר געווען, אַז רוסלאַנד גרייט זיך מאַכן אַ סוף פון פוילן און דאָס פאַרטיידיקן די פּראַוואָסלאַוונע באַפעלקערונג אין פוילן, האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע ווי אַ תירוץ פאַר דער רוסישער פּאָליטיק צו באַרעכטיקן איר אַריינמישן זיך אין די רעלי־גיעזע סיכוכים אין דער פּוילישער רעפּובליק. ווען אין 1791 איז די צערקווע געווען פאַרטיק, האָט פּאָטאָצקי מיט אַ גרויס פּאַראַד געפּראַוועט די קרוינונג פון דער „הייליקער יונגפרוי״, אַכט טעג האָט מען געהוליעט. מ׳האָט איינ־געלאַדן אַ וועלט מיט גלחים, מ׳האָט צונויפגערופן סענאַטאָרן, מיליטערלייט און סתם פּאָלק. דאָס איז דאָך שוין געווען נאָך דער ערשטער צעטיילונג פון פוילן. פּאָטאָצקי האָט געוואָלט דעמאָנסטרירן די פּוילישע טאָלעראַנץ לגבי ניט־קאַטוילישע קריסטן, בפרט אין אַ געגנט, וואָס האָט געהאַט אַן איבערוועגנדיקע פּראַוואָסלאַוונע באַפעלקערונג. אין יענעם טייל וואָלין — איינגעשלאָסן די פּיטשאַיעווער לאַווּרע, זיינען רוסן שוין געווען אין 1768. דאָס איז געווען בעת אַ טייל פּוילישע שליאַכטע, אומצופרידן מיטן פּוילישן קעניג און מיט דער רוסישער אינטערווענץ אין פוילן, האָט אין דער שטאָט באַר געשאַפן אַ פּאָליטישע פאַרשווערונג, באַקאַנט אין דער געשיכטע ווי די באַרער קאָנפעדעראַציע. די רוסישע אַרמיי איז טאַקע אויף דער בקשה פון דער פּראָ־רוסישער, פּוילישע שליאַכטע אַריין קיין וואָלין און באַזעצט דעם פּיטשאַיעווער מאָנאַסטיר. די וואָלינער פּוילישע שליאַכטע האָט זיך שטאַרק באַטייליקט אין דעם אַנטירוסישן לאַגער, ווייל זי האָט געוואוסט אַז מיט דער ממשלה פון רוסלאַנד ווערט אויפגעשטעלט דער פּראַוואָסלאַוונער כאַראַקטער פון וואָלין בכלל און פון פּיטשאַיעוו בפרט. ס׳איז אינטערעסאַנט אַז די מאָנאַכן גופא פונעם פּיטשאַיעווער מאָנאַסטיר, האָבן געהאַלטן דווקא מיט דער פּוילישער שליאַכטע.

אין 1773 איז אין רעזולטאַט פון פּוילנס ערשטער חלוקה אַ קליינער טייל וואָלין אַוועק צו עסטרייך און איינגעגלידערט געוואָרן אין גאַליציע (זבאַ־ראַזשער געגנט). גאַנץ וואָלין איז נאָך אָבער געבליבן ביי פוילן.

1794, ווען קאָסטיושקאָ האָט אָנגעהויבן דעם קאַמף מיט רוסלאַנד, האָט וואָלין זיך שטאַרק אין אים באַטייליקט. די רוסישע אַרמיי האָט פאַרשפּילט, אָבער פוילן האָט סוף־כל־סוף ניט געוואונען.

---

*) זע וייטער די באַשרייבונג פון א. נעמצעוויטש.

אין יענער צייט האָט די פּראַוואָסלאַוונע סטאַראָ־פּיגיילער ברודערשאַפט אין לעמבערג, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענע דרוקעריי, אפילו געמאַכט דעם פּרואוו זיך צו פאַראייניקן מיט דער דרוקעריי פון פּיטשאַיעוו (1796). מחמת פּאָליטישע טעמים איז דאָס אָבער שוין ניט מעגלעך געווען דורכצופירן.

די פּראָפּוילישע אָריענטאַציע פון דער, אין תוך ניט פּוילישער באַפעלקערונג פון וואָלין איז קלאָר געווען אין אַלע דריי אויפשטאַנדן נאָכדעם ווי דאָס לאַנד איז געוואָרן רוסיש. דאָס איז געווען אין 1794, 1831 און 1863.

אין 1831 (דעם 22טן אַפּריל) האָט דער פּוילישער גענעראַל יוזעף דווערניצקי פאַרנומען פּיטשאַיעוו. דער גענעראַל רוזשיצקי שרייבט, אַז די יידן זיינען געווען פריינדלעך צו דער פּוילישער אַרמיי, צוגעשטעלט זאָטלען פאַר די פערד, פּולווער, בליי, פערד און בכלל געהאָלפן מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט. די דאָזיקע סימפּאַטיעס האָט מען אויסגעטייטשט ווי אַ מורא פאַר רוסלאַנד, וואָס האָט אין 1827 איינגעפירט מיליטער־דינסט פאַר יידן. אין וואָלין האָט די דאָזיקע גזירה אַרויסגערופן שטאַרקע פּראָטעסטן. עס זיינען אפילו באַקאַנט פאַקטן פון יידישער אָפּאָזיציע (למשל אין אַלט־קאָנסטאַנטין). דעמאָלט איז די לאַווּרע צוריק געוואָרן פּראַוואָסלאַוונע און איז אַזאַ שוין געבליבן.

אין 1863 זיינען פאָרגעקומען שטאַרקע שלאַכטן צווישן די אויפשטענדלער און דער רוסישער אַרמיי. דער אויפשטאַנד איז שנעל דערשטיקט געוואָרן. די פּאָליטישע ממשלה פון רוסלאַנד האָט זיך פאַרשטאַרקט און איז געבליבן ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אַזוי באַלד ווי די ערשטע וועלט־מלחמה פון 1914 האָט זיך אָנגעהויבן, האָט די עסטרייכישע אַרמיי פאַרנומען אַ גרויסן טייל פון וואָלין און קודם כל פּיטשאַיעוו, וואָס איז געווען גאָר נאָענט צו דער אַמאָליקער רוסיש־עסט־רייכישער גרענעץ.

נאָך יענער מלחמה איז די דאָזיקע טעריטאָריע געוואָרן פּויליש. אָבער אידער דאָס איז געשען זיינען דורכן לאַנד דורכגעגאַנגען סאָוועטישע אַרמייען, פּעטלורעס באַנדעס און די פּוילישע סאָלדאַטן. אַ טייל וואָלין, פּיטשאַיעוו איינגעשלאָסן, ביז דער סאָוועטיש־פּוילישער גרענעץ ביי נאָוואָגראַד־וואָלינסק, איז דעמאָלט אַריבער צו פּוילן.

1939 איז די סאָוועטישע אַרמיי אַריין קיין וואָלין און פּיטשאַיעוו איז צוריק געוואָרן אַ טייל פון רוסלאַנד.

1941 זיינען די נאַציס אַריין אין פּיטשאַיעוו. וועגן דעם ווערט אויספירלעך דערציילט אין אַ באַזונדער אַרטיקל פון דעם פּנקס.

## פּיטשאַיעוו אין יאָר 1816

אין יאָר 1816 האָט דער פּוילישער שרייבער יוליאַן אורסין נעמצעוויטש באַזוכט פּיטשאַיעוו. ער האָט שפּעטער אויספירלעך באַשריבן די לאַווּרע און אָנגעגעבן אַ ריי געשיכטלעכע פאַקטן. אָט דאָס איז זיין באַשרייבונג מיט קליינע קיצורים: *)

פּיטשאַיעוו געפינט זיך פופצן מייל ווייט פון קרעמעניץ. די קירך ליגט אויף אַ הויכן באַרג, פול מיט קאַלך־שטיינער. פונעם שפּיץ באַרג, עפנט זיך אַ פּאַנאָראַמע אַ מייל און אַ האַלב די ברייט. פאַרן אויג ליגן אויסגע־שפּרייט שיינע פעלדער, וועלדער און די דערפער דונאַיעווע, טאַראַזש און לעדוכאָווע. אויפן גאַנצן שטח איז ניט צו זען קיין טייכל, קיין סאַזשעלקע, קיין וואַסער־קוואַל. בלויז פון דעם פעלז, וואָס אויף אים איז געבויט די קירך, פונעם אָרט וואו די „הייליקע יונגפרוי" האָט איינגעדריקט אַ שפּור פון איר פוס, שטראָמט אַ לעבעדיק וואַסער, וואָס איז אַ סגולה צו אַלערליי קראַנקייטן. אויפן זעלביקן פּלאַץ שטייט אַ קליינער קלויסטער מיט צעלן, וואו ס'האָבן געלעבט די ערשטע באַזיליאַנער מאָנאַכן.

ווי ס'שיינט האָבן די דאָזיקע מאָנאַכן שוין אין 13טן יאָרהונדערט דאָ געהאָט די קירך און די וואוינונגען. לויט מאָנאַסטיר־אַקטן, דאַטירט מיטן יאָר 1662, זאָל דער פוס־שפּור פון דער „הייליקער יונגפרוי" שוין דעמאָלט האָבן אַלט געווען פיר הונדערט יאָר. די אַלטע קירך, געבויט פון שטיין האָט אויס־געהאַלטן אַ סך שטורמען און טאַטערישע אָנפאַלן. זי האָט עקסיסטירט ביזן יאָר 1771. אין יענעם יאָר האָט דער בעלזער וואָיעוואָדע, מיקאָלאַי פּאָטאָצקי, אין אַ מאָמענט פון תשובה אויף זיינע יוגנט־זינד, אַראָפּגעבראַכט פון שלעזיע אַ בוימייסטער מיטן נאָמען גאָטפריד האָפמאַן, וואָס האָט במשך 20 יאָר געבויט אַ נייע צערקווע. דאָס בויען איז פאַרענדיקט געוואָרן אין אויגוסט 1791. אַ מאַסיווער בנין, מיט אַ סך רחבות, פּאָמפּעז, אָבער אָן געשמאַק. די צערקווע האָט 84 ווינער איילן די לענג און 50 — די ברייט, מיט צוויי הויכע טורעמס.

דערזעלביקער פּאָטאָצקי האָט מיט געוואַלדיקע הוצאות געפּראַוועט דאָס קרוינען די „הייליקע יונגפרוי". מ'האָט אין פעלד אויפגעשטעלט אַ סך ביידלעך, פאַרבעטן אַ מענגע גלחים, צונויפגערופן פון אַלע עקן סענאַטאָרן, אָנגעזעענע בירגער, דאָס פּשוטע פאָלק און אויך מיליטער. דער יום־טוב האָט געדויערט גאַנצע אַכט טעג. די קרוינען האָט צוגעשיקט דער פּויפּסט קלעמענס דער פערצנטער. די קרוינונגס־צערעמאָניע האָט דורכ־

*) גענומען פון דעם בוך:
Tulipan Ursyn Niemsewicz: Podroze Historyczne po Ziemiach Polskich. Paryz 1858, 201-204.

געפירט דער בישאָף פון רוטעניש־רוסלאַנד (מזרח־גאַליציע), סילוועסטער רוד־ניצקי. במשך אַכט טעג האָט מען געפּראַוועט בעלער מיט אילומינאַציעס, מ׳האָט געשאָסן פון האַרמאַטן — פייערלעכע און קאָסטשפּיליקע פאַרגעניגנס.

נעמצעוויטש באַשרייבט ווייטער מיט אַלע פּרטים דאָס אויסזען פון דער קירך. וועגן דער געשעפּטלעכער זייט פון דער קירך, דערציילט דער פּויל־ישער שרייבער, אַז אין זיין צייט (1816) זיינען דאָרט געווען צווי „אָפּיסעס" (קאַנצעלאַריעס), וואו די גלחים האָבן גענומען געלט פאַר ספּעציעל באַ־שטעלטע „פּאַניכידעס" (געבעט פאַר געשטאָרבענע), אָדער אַנדערע מינים ליטורגיעס. דאָס האָט אַריינגעבראַכט אַ סך געלט. אין „פּאָסט" מיט פּיל־גרימען האָט געקענט אַריינברענגען אַ צוואַנציק טויזנט גילדן.

זייער רייך איז געווען, לויט נעמצעוויטשעס באַשרייבונג, די ביבליאָטעק פון דער לאַווראַ *). אין זיין צייט איז זי אָבער געווען פאַרמאַכט און מ׳האָט קיינעם ניט געוויזן די ביכער. די פּילגרימען פלעגן ברענגען אַלטע ביכער, גע־האַפטענע, אַלטע זעלטנקייטן און אַנדערע אַנטיקן.

דער פּוילישער שרייבער דערציילט ווייטער, אַז אין יאָר 1807 איז אַרויס־געקומען אַ ביכל, וואָס באַשרייבט די פּיטשאַיעווער לאַווראַ מיט אַלע „נסים", וואָס ס׳האָבן אין איר פּאַסירט. דער עלטסטער „נס" איז פאַרשריבן אין יאָר 1607, פון דער צייט ווען די טאַטערן זיינען באַפאַלן וואָלין. דער צווייטער „נס" האָט פּאַסירט אין יאָר 1661. זינט יענער צייט פלעגט יעדע עטלעכע יאָר פּאַסירן עפּעס אַ וואונדער. די אַלע פּאַסירונגען, גיט נעמצעוויטש צו, „זיינען באַשטעטיקט פון עדות און פאַרשריבן אין די ביכער פונעם מאָנאַסטיר". אַ סך פון די „נסים" זיינען אפילו פאַרשריבן אין גראַמען. די בילדער אין דער קירך האָט געמאָלן אַ פּוילישער מאָלער, דאָלינסקי. לויט נעמצעוויטשעס מבינות, זיינען די בילדער ניט שלעכט געמאָלן.

## 2. יידן אין פּיטשאַיעוו

גענוי פעסטשטעלן ווען אייגנטלעך יידן האָבן זיך באַזעצט אין דעם שטעטל פּיטשאַיעוו, קאָן מען ניט. אין וואָלין גופא האָבן זיי געלעבט נאָך גאָר אין די אַלטע צייטן. די יידן פון קיעווער רוסלאַנד האָבן עמיגרירט אין די מערב־דיקע קאַנטן, ד״ה אויף די טעריטאָריעס פון וואָלין און גאַליציע. 1227 געפינט מען אין וואָלין אַ שטעטל וואָס הייסט זשידיטשין, פון וואָרט זשיד (ייד), אַ סימן אַז יידן האָבן דאָרט געוואוינט. אין 14טן יאָרהונדערט ווערט שוין אין העברעאישע קוועלן דערמאָנט מדינת וואָלין. אין קרעמעניץ זיינען

*) זע: די הוספה פון ה. געלערנט.

יידן שוין געווען אין דער ערשטער העלפט 15טן י״ה און אפשר נאָך פריער. ס׳זיינען פֿאַראַן השערות אַז אין פּיטשאַיעוו גופא האָבן יידן געוואוינט פֿאַרן יאָר 1648 און אַז דער ישוב איז אומגעקומען אין יענע בלוטיקע יאָרן פֿון כמעלניצקיס שחיטות. ראיות אַז ס׳איז אַזוי געווען, זיינען ניט פֿאַראַן. אין דער ליטעראַטור וועגן גזירות ת״ח ווערט פּיטשאַיעוו בכלל ניט דערמאָנט. אפילו די מסורה אַז אין פּיטשאַיעוו איז אַמאָל געווען אַ הילצערנע שול און אַז זי איז פֿאַרברענט געוואָרן אין 18טן יאָרהונדערט, קען מען היסטאָריש ניט פעסטשטעלן. אין דער רשימה פֿון יידן אין קרעמעניצער פּאָוויאַט, וואָס צו אים האָט פּיטשאַיעוו תמיד געהערט, ווערן אין 1765 דערמאָנט 49 שטעט און שטעטלעך און 848 דערפֿער מיט אַ יידישער באַפעלקערונג פֿון 20,993 נפשות. פּיטשאַיעוו גופא ווערט אָבער ניט דערמאָנט. ערשט אין יאָר 1768 געפינט מען די עלטסטע ידיעה וועגן יידן אין פּיטשאַיעוו. עס ווערט דערציילט אַז ס׳האָבן דאָרטן געוואוינט זיבעצן יידישע משפחות. 1763 האָט דער פּוילישער פּריץ וואָס צו אים האָבן געהערט יענע שטחים ערד און וואַלד וואו ס׳געפינט זיך פּיטשאַיעוו, געגרינדעט דאָס שטעטל ניי־פּיטשאַיעוו, און אַזוי אַרום האָבן יידן זיך געקאָנט דאָרט באַזעצן. ס׳איז פֿאַראַן נאָך אַ וויכטיקע סברה פֿאַרוואָס יידן האָבן דאָרט פֿריער ניט געקאָנט וואוינען. כל זמן דער מאָנאַסטיר איז געווען אַ פּראַוואָסלאַוונער, האָט מען יידן ניט טאָלערירט אַרום אַזאַ „הייליקער״ אינסטיטוציע. ערשט אין דער אוניאַ־טישער תקופה איז דאָס מער מעגלעך געווען. מיטן וואוקס פֿון די „פּאַלאָמ־ניקעס״ קיין פּיטשאַיעוו, איז געוואַקסן דער באַדאַרף און אַ פּלאַץ וואו די „עולי רגל״ זאָלן קאָנען בלייבן נעכטיקן, עסן אאַז״וו. ס׳איז געווען אַ גוטער מקור פֿאַר חיונה. דערפֿאַר איז אויפֿגעבויט געוואָרן דאָס שטעטל, און יידן האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן זיך דאָרטן באַזעצן. פֿאַר די מאָנאַכן איז דאָס אויך געווען אַ גרויסע טובה. זיי האָבן זיך גענייטיקט אין שפּייז, ליכט, דירות און קליידן, כדי ס׳זאָלן אַהין קומען וואָס מער פֿרומע גויים.

די עלטסטע מצבה אויפֿן פּיטשאַיעווער יידישן בית־עולם, וואָס יחיאל רודמאַן האָט קאָפּירט אין 1932, האָט געהאַט די דאַטע 1806. (זע: זייט 126).

דערפֿאַר איז מער קרוב לאמת, אַז יידן האָבן זיך דאָרטן באַזעצט ערשט ווען דאָס שטעטל איז אויפֿגעבויט געוואָרן, דאָס מיינט, אין דער צווייטער העלפֿט 18טן יאָרהונדערט. דער הויפּט־מקור פֿון יידישער פּרנסה ווערט טאַקע דער מאָנאַסטיר.

דער פּוילישער פּאָעט נעמצעוויטש, ווי שוין דערמאָנט, וואָס האָט באַזוכט פּיטשאַיעוו אין יאָר 1816 דערציילט, אַז די גלחים האָבן געהאַט צוויי פֿלעצער וואו מ׳האָט גענומען געלט פֿאַר ספּעציעל־באַשטעלטע תפילות. שווערע צענ־דליקער טויזנטער גילדן פֿלעגן אין סעזאָן־צייט אַריינקומען אין מאָנאַסטיר.

די גרויסע מאַסן אורחים האָבן אויך איבערגעלאָזט אַ סך געלט אין שטעטל גופא *).

מיט די אַרומיקע פּריצים, וואָס זיינען לרוב געווען פּאָליאַקן, האָבן יידן געלעבט בשלום און אויך מיט זיי געהאַנדלט. דאָס קאָן מען זען פון די פאַקטן וואָס גראַד וואָלינער פּאָליאַקן דערציילן אין זייערע זכרונות. בעת דעם אויפשטאַנד פון 1831 זיינען די יידן אין פּיטשאַיעוו געווען שטאַרק פּראָ־פּויליש, הגם דאָס לאַנד האָט געהערט צו רוסלאַנד. זיי האָבן צו־געשטעלט געווער, פערד און שפּייז פאַר דער פּוילישער אַרמיי. די צווי גענעראַלן דווערניצקי און רוזשעצקי, ווי שוין אויבן דערמאָנט, שרייבן, אַז יידן האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך פריינדשאַפט צו די פּאָליאַקן און האָבן זיך נישט געקאָנט באַקלאָגן, ווייל מען האָט זיי פאַר אַלץ באַצאָלט.

אין 1833 איז אַרויס דער צאַרישער אוקאַז לויט וועלכן יידן וואָס באַזעצן זיך אויף לאַנד, ווערן באַפרייט פון מיליטער־דינסט. דאָס דינען אין מיליטער איז צו יענער צייט געווען פאַר יידן, בפרט פאַר פרומע, אַ גרויסע גזירה, ווייל מען האָט געדינט 25 יאָר און אַ יידישער סאָלדאַט האָט געמוזט אינגאַנצן פאַרגויישט ווערן **) דער קרעמעניצער משכיל ר׳ יצחק בער לעווינסאָן (דער ריב״ל) האָט זיך געוואָנדן צו דער רוסישער רעגירונג מיט דער בקשה צו דערלויבן אַ צאָל יידישע משפחות פון אַרום קרעמעניץ זיך באַזעצן אויף לאַנד ***).

גאָר אַ גרויסע ראָלע אין דער געשיכטע פון פּיטשאַיעווער קהילה האָט גע־שפּילט די פּריווילעגיע וואָס די דאָרטיקע לאַווראַ האָט באַקומען נאָכן יאָר 1831, ווען זי איז צוריק געוואָרן פּראַוואָסלאַוונע, זי האָט געהאַט די אויסנעם רעכט צו שמדן יידן, פאַרשטייט זיך, אַזוינע וואָס ווילן דאָס טאָן. אין יענע שווע־רע יאָרן זיינען געווען אַזעלכע אָפטע פאַלן. על פּי רוב זיינען דאָס געווען מיידלעך, וואָס האָבן זיך פאַרליבט אין שקצים און ממילא געמוזט זיך שמדן, אָדער סתם יידן וואָס האָבן געוואָלט פאַרבעסערן זייער מערכה און

---

*] געניוער וועגן דעם, זע: טש. זאַלץ, זייט 30 און עקיבא אזשעך זייטן 48־49.

**) באַמערקונג: דער שרייבער האָט מן הסתם פאַרגעסן אָנצורופן די גזירה פון ניקאָלאַי דעם ערשטן מיטן אמתן נאָמען — יידן־שמד. אין דער געשיכטע הייסט זי — די קאַנטאָניסטן עפּאָכע, ווען מען האָט קליינע קינדער אין צעניאָ־ריקן עלטער געכאַפּט און פאַרשיקט אין טיף רוסלאַנד. ה. ג.

***) לעווינסאָן האָט זיך געוואָנדן מיט אַ ספּעציעלער בקשה וועגן עטלעכע און דרייסיק יידישע משפחות וואָס האָבן זיך ביי אים פאַרשריבן פאַר באַזעצן זיי אויף דער ערד אין דער „ניירוסלענדישן״ (נאָוואָראָסיסקי) געגנט, אין כער־סאָנער געגנט פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע. איינע פון די קאָלאָניעס האָבן די יידן גערופן — ניי־זשיטאָמיר. ה. ג.

געגלויבט אַז שמדן וועט זיי העלפן*) אין אַזעלכע פֿאַלן זיינען פֿאַרשטייט זיך טאַטע־מאַמע געקומען צולויפֿן קיין פיטשאַיעוו און געזוכט הילף ביי דער דאָרטיקער קהילה אָפּצוריידן די קינדער פון שמד. די דאָרטיקע בעלי־הבתים האָבן זיך גוט געקענט מיט די מאָנאַכן, בפרט מיט די „פּני", וואָס מיט זיי האָט מען געהאַנדלט און געפירט גרויסע געשעפטן. ממילא האָבן זיי דורך זייער „יידישער פּאָטשט" געקאָנט וויסן אין פאַראויס ווען און ווער גייט און קומט זיך אָפּשמדן. מ׳האָט אפילו געשאַפן אַ ספּעציעלע „חברה קדישא", וואָס האָט זיך באַנוצט מיט כלערליי מיטלען „אָפּשלאָגן" אַ יידן פון שמד.

„די געטראָפענע עלטערן — שרייבט שומסקי אין זיין ניט־געדרוקטער קורצער געשיכטע — פלעגן זיך ווענדן צו דער חברה, דעקן אַלע הוצאות און ניט איין מאָל איז דורך פֿאַרשיידענע אונטערגעוואָרפענע גנבות אָדער אַנדערע מיטלען געלונגען אַרויספירן אַ פֿאַרלוירענעם טאַטנס אַ זון, טאַקע פונעם קלויסטער איידער נאָך ער האָט באַוויזן זיך צו בוקן צום צלם".

אַזוי ווי די גאַליצישע גרענעץ איז געווען גאָר נאָענט, פלעגט מען אַזעלכע געראַטעוועטע קרבנות אַריבערפירן קיין בראָד אָדער זבאַראַזש און דאָרטן האָבן שוין יידן בני־רחמנים זיך אָפּגעגעבן מיט די רוסיש־יידישע „נעלמים". איין מאָל האָט מען אפילו פֿאַרשלעפּט מיט גוואַלד קיין גאַליציע אַ פֿאַרטיקע משומדת. דער משומד איז אָפּטמאָל אויך געווען אַ מסור און ס׳האָט אפילו געטראָפן, אַז מ׳האָט אַזאַ משומד אַוועקגעהרגה׳ט. די קהילה האָט פון די דאָזיקע פיטשאַיעווער משומדים געהאַט אַ סך אויסצושטיין, אָבער מען האָט זיך מיט זיי געגעבן אַן עצה. די מאָנאַכן אין דער לאַווּרע האָבן געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַר שמד, אַרויסגעגעבן ביכלעך, אָבער אויף די באַציאונגען צווישן די פיטשאַיעווער יידן און די מאָנאַכן גופא האָט דאָס קיין שום ווירקונג ניט געהאַט. די דאָזיקע באַציאונגען זיינען געווען די בעסטע, הגם ניט מער ווי געשעפטלעכע.

ביסלעכווייז איז די יידישע באַפעלקערונג געוואַקסן אַזוי אַז אין 1847 האָט מען שוין אין ניי־פיטשאַיעוו געציילט 401 איינוואוינער. אין 1870 זיינען געווען 109 שטובן מיט 992 איינוואוינער, פון זיי 47 פּראָצענט יידן. פיטשאַ־יעוו האָט געהאַט אַ שול, אַ בית־מדרש, אַ פֿאַבריק פון וואַקסענע ליכט, אַ ציגל־פֿאַבריק, אַ גראַבאַרניע, 15 קליטן און 19 בעלי־מלאכות. אַ טייל יידן האָט זיך פֿאַרנומען מיט שמוגלעריי, ווייל די עסטרייכישע גרענעץ איז געווען זייער נאָענט. די דאָזיקע יידן האָט מען גערופן פּעקל־מאַכערס. מען פלעגט שמוגלען פון גאַליציע שניט־סחורה, טיי, שנאַפּס און אַנדערע זאַכן. די פּעקל־מאַכערס זיינען געווען די הויפּט־דעה זאָגערס אין שטעטל. אָן זיי האָט מען ניט געקאָנט אויסקלייבן קיין רב. יעדער צד האָט געהאַט זיין קאַנ־דידאַט און ס׳איז אפילו געווען אַ שמוגלער אַ גביר, משה נחום ביאַלער, וואָס

---

*) די דאָזיקע ווערטער זיינען נאָר אַ השערה פונעם מחבר אַליין. קיין רמזים אַפילו דערויף, ווען „סתם יידן" אַז״ו זיינען ניטאָ. — רעד.

האָט זיך גענומען פאַר אַן אײדים אַ רב ר׳ שלום שכנא טשערניאַק, ער איז געװען רב אין ברײליע, נעבן דובנע *).

אַ שטיקל סענסאַציע איז געװען אין שטילן לעבן פון פּיטשאַיעװ דער פּױלישער אױפשטאַנד פון 1863. די דאָרטיקע פּאָליאַקן, על פּי רוב פּריצים פון אַרום, האָבן געװאָלט געװינען די יידן פאַרן אױפשטאַנד. דער װאָלינער גובערנאַטאָר האָט זיך אַפילו דערשראָקן פאַר די „ברידערלעכע" באַציאונגען צװישן די פּאָליאַקן און די יידן. אין אַ געהײמען באַפעל פון 1861, אין דער צייט פון די פּאָליטישע מאַניפעסטאַציעס, האָט דער גובערנאַטאָר באַפוילן אױסצוגעפינען װי אַזױ די פּאָליאַקן אַרבעטן צװישן די יידן אין אַזעלכע שטעט װי דובנע, לוצק און קרעמעניץ. די פּאָליאַקן פלעגן אונטערװאַרפן פּױלישע און יידישע אױפרופן און ביכלעך, און מען פלעגט זײ געפינען אין די בתי־מדרשים. דאָס זעלביקע האָט פּאַסירט אױך אין פּיטשאַיעװ. אין דעם פנקס פונעם שטעטל איז געװען פאַרשריבן, אַז אײן מאָל האָט די רוסישע מאַכט גערופן די חשובסטע יידישע בעלי־בתים פון שטעטל און געהײסן זײ שװערן אַז זײ װעלן העלפן אַרױסגעבן די פּױלישע אױפשטענדלער, װאָס האָבן זיך אױפגעהאַלטן אין די אַרומיקע װעלדער. געװען איז דאָס גראָד אין אַ מאָמענט װען נישט װײט פון פּיטשאַיעװ איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט צװישן די פּױלישע אױפשטענדלער און אַן אָפּטײלונג פון דער רוסישער אַרמײ. די רוסישע מאַכט האָט חושד געװען אײניקע יידישע בעלי־בתים, אַז זײ באַהאַלטן בײ זיך אױס די דאָזיקע פּאָליאַקן. גראָד איז דער חשד געפאַלן אױף דרײ יידן. מ׳האָט זײ גלײך געװאָלט אַרעסטירן. פון קרעמעניץ איז אַראָפּגעקומען אַן אױספאָרשער. ער האָט געבראַכט מיט זיך דעם דײַן און געהײסן די אַרעסטירטע שװערן, אַז זײ װײסן פון גאָרניט װאָס צו זאָגן. די יידן האָבן פאַרשטײט זיך געשװאוירן, און מ׳האָט זײ געלאָזט פרײַ גײן **).

אָט די געשיכטע שטימט גאָר שטאַרק מיט דעם װאָס פּאָליאַקן דערצײלן אין זײערע זכרונות װעגן די יידן אין װאָלין בכלל און אין פּיטשאַיעװ בפרט. גראָד אין װאָלין האָבן יידן געשפּילט אַ װאָגיקע ראָלע אין אױפשטאַנד, נישט סתם װי צושטעלער פון פּראָװיאַנט און געװער, װי דאָס איז געװען אין 1831, נאָר װי קעמפער. די פּױלישע היסטאָריקער קאָנען זיך נישט אָפּלױבן פון דעם לובאַרער ייד לעאָן גרינבױם און דעם זשיטאָמירער ייד טראַכטענבערג, בײדע זײנען געװען אָנפירער פון מיליטערישע טײלן, פאַרװאונדעט געװאָרן און זיך שטאַרק אױסגעצײכנט מיט העלדישקײט. פאַרװאָס זײנען װאָלינער יידן געװען אַזױ שטאַרק פּראָ־פּױליש אין 1831, לאָזט זיך נישט דערקלערן.

---

*) װעגן אים און אַנדערע רבנים — אױף זײט 231.

**) דאָס האָט אַ שײכות צום יאָר 1831. זע: זײט 124, די אױפקלערונג פון יחיאל רודמאַן.

עס זיינען שוין אָבער אין פּיטשאַיעוו געווען יחידים וואָס האָבן גוט געקענט רוסיש און זיך אינטערעסירט מיט דעם וואָס ס'קומט פאָר אין דער גרויסער וועלט.

עס ווערט, למשל, דערציילט, אַז בעת די רוסישע יידן האָבן אָנגעהויבן קלייבן געלט פאַר אַ דענקמאָל אין סעוואַסטאָפּאָל פאַר די געפאַלענע יידישע זעלנער אין דער קרימער מלחמה פון 1855, האָט אַ ייד פון פּיטשאַיעוו זיך אָפּגערופן מיט אַ באַשטייערונג. זיין נאָמען איז געווען מ. מאַרגוליס. ער האָט צוגעשיקט אַ רובל מיט פופציק קאָפּיקעס אין דער רעדאַקציע פון דעם ערשטן יידיש־רוסישן וואָכנבלאַט „סיאָן", וואָס האָט פּראָמינענט קוויטירט זיין נדבה (1861, נומ' 7).

אין יאָר 1869 האָט אויסגעבראָכן אַ שריפה אין דער פּיטשאַיעווער לאַווּרע. די יידן האָבן זיך שטאַרק באַטייליקט אין לעשן דאָס פייער. ביי געווויסע אַנטיסעמיטן האָט דאָס אַרויסגערופן אַ גרויסע אומצופרידנקייט. אַ רוסישע פרוי האָט אָנגעשריבן וועגן דעם אַ בריוו אין דעם „ווילענסקי וויעסטניק" (1869, 2). גראָד איז זי געווען אין פּיטשאַיעוו און איז אַוועק איבערראַשט צו זען יידן אַרומדרייען זיך אַרום דעם „פּיטשאַיעווער קריסטלעכן הייליקטום", ווי זי דריקט זיך אויס. זי וויל דעריבער אַז נאָר אַזעלכע יידן וואָס האָבן „באַקומען אַ באַפרייאונג פון יידישע קהילות זאָלן האָבן דאָס רעכט אַריינ־צוקומען אין אַ פּראַוואָסלאַוונער קירך". מיט אַנדערע ווערטער: זי שרייבט, אַז די יידן אין פּיטשאַיעוו האָבן צופיל פּריווילעגיעס ווי יידן, און נאָר אַ געשמדטער מעג זיי האָבן, ד. ה. נאָר אַזעלכע זאָלן קאָנען איבערטרעטן די שוועל פון דער לאַווּרע.

היות ווי יידן האָבן געפירט גרויסע געשעפטן מיט די מאָנאַכן פון דער לאַווּרע און ביידע זיינען משמעות געווען צופרידן פון די דאָזיקע מסחרים, איז די באַציאונג מצד די מאָנאַכן צו די יידן ניט געווען קיין „פּריוויליגירטע", ווי אָט די פרוי האָט זיך אויסגעדריקט, נאָר פשוט אַ ריין־געשעפטלעכע. והראיה, די מאָנאַכן האָבן טאַקע געהאַלטן פאַר זייער „הייליקן" חוב אָפּצושמדן יידן, ווייל אָבער די פּיטשאַיעווער יידן זיינען ניט געווען קיין גרויסע בעלנים אויף שמדן זיך, פלעגט מען אַראָפּברענגען פרעמדע און אויך מיט זיי איז ניט תמיד געווען גרינג דורכצוקומען.

דער דאָזיקער בריוו פון דער רוסישער פרוי האָט אַרויסגערופן אַ צווייטן בריוו אויך פון אַ פרוי, געשריבן פון פּיטשאַיעוו קיין זשיטאָמיר („דיען", 1869, 22). דאָרטן ווערט דערציילט וועגן דער שריפה אַזוי:

„עס איז מערקווירדיק, וואָס דווקא יידן האָבן צום מערסטן געהאָלפן ביים לעשן דאָס פייער. אַזוי ווי זיי האָבן זיך נאָר דערוואוסט פונעם אומגליק, זיינען

זיי געקומען צולויפן. די מאַנאַכן האָבן ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. זיי האָבן זיך מישב געווען, צי מען זאָל צולאָזן די יידן צו דער צערקווע".

דאָס וואָס די יידן האָבן געהאָלפן לעשן אַ פייער אין אַ קירך איז אין די אויגן פון דעם רוסיש־יידישן וואַכנבלאַט געווען אַ דעמאָנסטראַציע, אַז יידן זיינען ניט אַזעלכע „פאַנאַטיקער", ווי מען שטעלט זיי פאָר, און דעריבער האָט מען דעם דאָזיקן אינצידענט אַזוי פונאַנדערגעבלאָזן. איינ־דעראמתן האָט דער גאַנצער ענין גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט „פאַנאַטיזם" אָדער „פראָגרעס". די שריפה אין דער צערקווע האָט אויך געטראָפן די יידן, ווייל זיי איז געקומען געלט פון דער לאַוורע. די יידישע הייזער זיינען ניט געווען אין קיין סכנה, ווייל דאָס שטעטל האָט זיך געפונען ניט נאָענט פון דער לאַוורע.

די יידישע באַפעלקערונג אין פיטשאַיעוו איז דערווייל געשטיגן אין צאָל, אַדאַנק דעם נאַטירלעכן צוּוואוקס. אין 1897 האָט פיטשאַיעוו געציילט 1921 נפשות, פון זיי 1277 יידן. אין 1921 האָט די אַלגעמיינע צאָל איינוואוינער באַטראָפן 2317 נפשות, פון זיי 1083, ד. ה. 46.7 פראָצענט יידן. אין 1925 איז שוין די צאָל יידן געווען כמעט ווי דאָפּלט.

די יאָרן 1850־1910 זיינען געווען די רואיקערע יאָרן פאַרן פיטשאַיעווער יידישן ישוב. שפּעטער זיינען געקומען יאָרן פון אומרואיקער אַנטיסעמי־טישער טעטיקייט, געפירט מצד די מאָנאַכן פון דער לאַוורע. זיי האָבן אַרויס־געגעבן אַן אַנטיסעמיטיש בלעטל און אַ מענגע אויפהעצערישע בראָשורן. 1907 איז אין פיטשאַיעוו שיער נישט געקומען צו אַ פּאָגראָם.

וועגן די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און וועגן דער עסטרייכישער אָקופּאַציע פון פיטשאַיעוו, ווערט אויספירלעכער דערציילט אין אַ ווייטערדיק קאַפּיטל.

מיר האָבן שוין דערמאָנט וועגן די פורעניותן, וואָס אויך פיטשאַיעוו האָט געהאַט אויסצושטיין אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע און בירגער־קריג, איבערהויפּט מצד פּעטלוראַס באַנדעס, די מאַכט פון דער רויטער אַרמיי, די פּויליש־רוסישע מלחמה אין 1920, ביז דאָס לעבן אין פּוילן האָט זיך באַ־רואיקט. אין די יאָרן 1920־1939 זיינען פיטשאַיעווער יידן געווען אויפן וועג צו ווירטשאַפטלעכער רעקאָנסטרוקציע און אויפשטייג.

אין 1920 האָט מען אין פיטשאַיעוו געגרינדעט אַ גמילת חסדים־קאַסע, מיט אַ סומע פון צוויי טויזנט דאָלאַר. דער „דזשאָינט"* האָט פאַר דעם צוועק געגעבן

---

*) יידישע הילפסאָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע פאַר נויטבאַדערפטיקע יידישע קהילות אין אייראָפּע.

דריי הונדערט דאָלאַר. אין 1926 האָבן די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט געשיקט פאַר פּיטשאַיעוו 550 דאָלאַר. פון אָט דער סומע האָט מען 200 דאָלאַר באַשטימט פאַר דער גמילת חסדים־קאַסע. ווי גרויס ס'איז געווען די נויט, קאָן מען זען פון דעם, וואָס 200 משפחות פלעגן אין דורכשניט באַקומען הלוואות פון 25 ביז טויזנט גילדן (דער קאַפּיטאַל פון דער קאַסע איז געווען 9,000 גילדן, ד. ה. 1,000 דאָלאַר *).

די לאַגע פונעם יידישן ישוב אין דער פּוילישער תקופה איז בכלל געווען אַ טרויעריקע. אין אַ נישט־געדרוקטער אַרבעט פון יחיאל רודמאַן ווערט דערציילט אַז אין 1929 זיינען 80 פּראָצענט פּיטשאַיעווער יידן געווען אין אַ „גוססדיקן צושטאַנד”. מיט דער הילף פון אַמעריקאַנער לאַנדסלייט האָט מען דערעפנט אַ פאָלקס־קיך. אַן ערך 115 משפחות, ד. ה. 42 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט געלעבט פון שטיצע, געשיקט פון אַמעריקאַנער קרובים. אין די יאָרן 1920־1934 האָבן אַמעריקאַנער קרובים געשיקט אַהיים אַ פערטל מיליאָן דאָלאַר. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן עמיגראַציע. אין די ערשטע יאָרן זיינען 108 יידן אַוועק קיין אַמעריקע, בראַזיל, אַרגענטינע, ארץ־ישראל. ערשט אַרום 1927 האָט זיך די לאַגע אַ ביסל פאַרבעסערט. 1926 האָט מען געלייגט דעם גרונדשטיין פאַר אַ פאָלקס־באַנק.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אָבער איינאיינעם מיטן חורבן אויך געבראַכט נייע השגות, וואָס וועגן זיי האָט מען אין פּיטשאַיעוו פריער ניט געטראַכט. דאָס שטעטל איז ביסלעכווייז געוואָרן אייראָפּעאיזירט. פון דער אַלטער פּיטשאַיעווער עדה איז כמעט קיין זכר ניט געבליבן. די צייט האָט אַוועקגעשווענקט די אַלטע, יוסטע בעלי־בתים. הייזער אפילו זיינען אַריבער אין נייע הענט. עס האָבן זיך באַוויזן נייע גבירים. די קינדער און די אייניקלעך זיינען שוין געווען צעשפּרייט איבער דער וועלט **).

די נייע מלחמה־גבירים זיינען געווען פּראָסטע מענטשן, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען די ניי־אויפגעקומענע השגות, ביי אַ טייל פון דער יוגנט. אמת, מ'האָט אָנגעהויבן גרינדן חברות, אפילו בויען קהלשע בנינים, אָבער מען האָט זיי ניט פאַרענדיקט.

אין 1922 האָט מען געשאַפן אַ ביבליאָטעק און געהאַט צונויפגעזאַמלט 400 ביכער, דערויף האָט מען באַקומען 100 דאָלאַר פון אַמעריקע.

---

*) אויספירלעכער וועגן דעם אויף זייט 101/4.

**) דער מחבר סומירט דאָ און ווייטער דעם תמצית פון ספּעציעלע באַשרייבונגען וואָס ווערן ווייטער געבראַכט. רעד.



יידןביים דאַוונען בעת קריאת התורה



נפתלי, יעקב דעם שוחטס זון
ביים לערנען



רב הר׳ אליעזר אורעצקי



די תלמוד תורה אונטער דער אינספעקציע פון דעם פוילישן שול־קוראַ־
טאָריום. מיט רעכט פון אַ עלעמענטאַר שול — „פּאָווּשעכנע״.
אַ טייל תלמידים טראָגן ספּעציעלע היטלען.



די שול תלמידים מיט זייערע לערערס און בעלי־בתים

1. בנימין זאַליץ, 2. חיים יאקירא, 3. ישראל לערער, 4. הערשל זאַליץ, 5. אברהם קופּער, 6. ישראל סקולסקי, 7. י. בארענבליט, 8. יאַנקעלע קאָצי, 9. רב אליעזר אורעצקי, 10. אליעזר האנדל, 11. חיים קרוסמאַן, 12. בערל זאַליץ, 13. ראובן נירענבערג, 14. לערער סירייסקי פון קרעמעניץ, 15. נפתלי, יעקב דעם שוחטס זון, 16. הערש צוויק, 17. לערערין האָפמאַן פון קרעמעניץ.



כלל־טוער אין פילאַדעלפיער אונטערשטיצונגס־פאַראיין

פון רעכטס צו לינקס: ישראל זאַליץ, זיין פרוי — חיה; פערל קראַוויץ, איר מאַן — ישראל; חנא זאַליץ, זיין פרוי — ברכה.




די חשובסטע בעלי־בתים פונעם שטעטל, כלל־טוער

1. ישראל נתן לערער, 2. הערש דער בראָדער, 3. חיים יאקירא, 4. לייזער האַנדל, 5. בנימין זאַליץ, 6. אברהם קופער, 7. הערשל זאַליץ, 8. דער רב אליעזר אורעצקי, 9. יוסף פלאַקסמאַן, 10. ישראל סקולסקי, 11. יאַנקל ישראלס זאַליץ, 12. יודקע בארענבליט, 13. אפרים רידיקער, 14. חיים קרוסמאַן, 15. ראובן נירענבערג.

ס׳איז אָבער אָנגעקומען מיט גרויסע שוועריקייטן צו איבערצייגן דעם רוב ייִדן, אַז אַזאַ אינסטיטוציע ווי אַ ביבליאָטעק איז נייטיק. ס׳איז אפילו שווער אָנגעקומען דאָס אויסבויען אַ באָד, דאָס אויסהאַלטן די פאָלקס־קיך און מאַכן צוויי ברונעמס.

ניט לייכטער האָט עס געהאַלטן מיטן ענין חינוך. חדרים האָבן עקזיסטירט, אָבער די נייע יוגנט האָט געוואָלט האָבן אַ מאָדערנע שול. די פרומע ייִדן האָבן פון קיין מאָדערנער ייִדישער שול ניט געוואָלט הערן. די פוילישע שול האָט געוואָלט אַרייננעמען ייִדישע קינדער, אָבער ייִדישע עלטערן האָבן דאָס ניט געוואָלט. דערביי אָבער איז די אַלטע פרומקייט זיך ביסלעכוויז צעפאַלן. דער בית־מדרש איז געשטאַנען ליידיק. די ספרים האָט מען אין האַנט ניט גענומען.

1919 האָבן זיבן יונגע לייט געמאַכט אַ התחלה און געגרינדעט אַ מאָדערנע ייִדישע שול. זי האָט אָבער לאַנג ניט געקאָנט עקזיסטירן. דער איינ־ציקער קולטור־פּלאַץ אין שטעטל איז געווען די ביבליאָטעק. דאָס איז „דער איינציקער ליכטיקער שטראַל״, שרייבט מען אין 1932 פון פּיטשאַיעוו צו די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט.

אויך עקאָנאָמיש איז די לאַגע אין אָנהייב געווען שלעכט. די אַלטע מסחרים זיינען אָפּגעשטאָרבן, ווייל רוסלאַנד איז שוין געווען אויסלאַנד. די ירידים און די „אָדפּוסטן״, די צוויי הויפּט מקורים פון חיונה, זיינען ביסלעכוויז פון זיך גופא אונטערגעגאַנגען. די גויים האָבן געעפנט קאָאָפּעראַטיוון און באַקומען קרעדיט פון דער מלוכה. דאָס האָט אין אַ גרויסער מאָס אַרונטער־געריסן דעם אַזוי אויך שוואַכן ייִדישן עקאָנאָמישן מעמד.

די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט האָבן געטאָן אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט. אַ גרויסע צאָל ייִדן האָט געלעבט בלויז פון דער אַמעריקאַנער שטיצע. די גאָר פעאיקע יונגע לייט זיינען זיך צעפאָרן און געזוכט מזל מחוץ דעם היים־שטעטל.

דער גייסטיקער מצב פון שטעטל איז אָבער שטאַרק געוואַקסן, און דאָס — אין אַ מאָדערנעם זין.

„אין פּיטשאַיעוו, האָט יחיאל רודמאַן געשריבן אין אַ בריוו (29סטער יוני 1933), איז היינט דער גלאַוונער יחוס די קולטורעלע דערציאונג. ווער ס׳איז היינטוועלטיק און געלערנט, דער האָט פאַר זיך דעם גאַנצן יחוס. אפילו דער געלט־יחוס בייגט זיך פאַרן גייסטיקן יחוס״. (זע: זייטן 123, 124).

אַז דאָס איז ניט קיין גוזמא זאָגט עדות די מערקווירדיקע געשיכטע פון אַ

זאַמלבוך, וואָס די דאָזיקע שטעטל האָט געפּלאַנט אַרויסצוגעבן, אַזוי ווי מען וואָלט געהאַט אַ פּאַרגעפּיל פון אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס רוקט זיך אָן.

די ביבליאָטעק „תרבות", געגרינדעט אין 1921, וואָס האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך די גאַנצע יוגנט פונעם שטעטל, האָט אין 1931 געהאַלטן ביים ליקווידירן זיך. דעמאָלט האָט אַ גרופּע פּיטשאַיעווער טוערס באַשלאָסן צוצוגרייטן אַ פּנקס, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע געשעענישן אין דעם שטעטל מיטן טראָפּ אויף די קולטור־נויטן און באַדערפענישן. די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט מיט חנא זאַלץ בראש, האָבן באַשלאָסן העלפן שאַפן אַזאַ פּנקס. אין אַמעריקע האָט מען צעשיקט אַן אויפרוף צו אַלע לאַנדסלייט. אין דער אַלטער היים איז מען צוגעטראָטן זאַמלען די נייטיקע מאַטעריאַלן.

1932 איז דער פּלאַן שוין געווען פאַרטיק. אַ קאָמיטעט פון פיר מיטגלידער איז אין אַ קורצער צייט געלונגען צונויפזאַמלען איבער 20 אַרטיקלען וועגן די לעצטע פופציק יאָר יידיש לעבן אין פּיטשאַיעוו. יחיאל רודמאַן האָט אָנגעשריבן די „מלחמה געשיכטע" און די „היסטאָריע פּיטשאַיעוו". נאָך אין 1914 האָט ער אָנגעהויבן זיך צו גריבלען אין דעם יידישן עבר פון זיין שטעטל. ער האָט שטאַרק באַדויערט וואָס „זעקס פאַרגאַנגענע דורות אין פּיטשאַיעוו האָבן קיין שפּורן נאָך זיך ניט איבערגעלאָזט". ער האָט געהאַט שמועסן מיט עלטערע תושבים און פאַרנאָטירט יעדע געשיכטע און פּאַסירונג אין שטעטל.

די מיטאַרבעטערס פון אָט דעם „פּנקס פּיטשאַיעוו", האָבן געזאָלט זיין: הערש צבי באַרענבליט, שמואל און שלמה סקולטקי, חיים גענזעלמאַן, הערש זאַלץ און אברהם בערעזין. עס זיינען אויך געזאַמלט געוואָרן בילדער און פאָטאָגראַפיעס.

1932 האָט עס אפילו געהאַלטן ביים אַרויסגעבן אַ צייטונג אין פּיטשאַיעוו. דאָס דאָזיקע קליינע שטעטל האָט געהאַט אַ פיינע גרופּע יידישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן געוואוסט וואָס זיי ווילן. די סאָציאַל־פּאָליטישע און עקאָנאָמישע לאַגע איז אָבער געווען אַזאַ שווערע, אַז מען האָט אָן דער הילף פון די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט קיין סך אויפטאָן ניט געקאָנט. בעת אָט־די לאַנדס־לייט אין אַמעריקע האָבן געהאַט אַ סך הארץ פאַר די נויטן פון זייערע קרובים און פריינט, האָבן זיי לײדער ניט געהאַט גענוג פאַרשטענדעניש פאַר די גייסטיקע נויטן פון שטעטל.

יחיאל רודמאַן האָט אין 1932 געוואָלט אָפּדרוקן זיין „מלחמה־געשיכטע פון פּיטשאַיעוו". אַ טייל פון זיין אַרבעט האָט זיך געדרוקט אין דער „קרעמעניצער שטימע". ער האָט אגב געפירט אַ טאָגבוך (1914־1920), וואָס איז לײדער פאַרלוירן געגאַנגען. אַ סך אַנדערע דאָקומענטן זיינען

פאַרניכטעט געוואָרן אינאיינעם מיט פיטשאַיעוו. אומגעבראַכט דעם ישוב האָבן די אוקראַינער. וועגן דעם ווערט דערציילט אין אַ באַזונדער אָרט.

„די העפטיקייט פון די שרעקלעכע איבערלעבענישן" — שרייבט איינער זיי, האָט אין 1932 געפירט צום געדאַנק פון אַרויסגעבן דעם פנקס.

אייניקע מאַטעריאַלן פונעם אַלטן פנקס, צוגעשיקט צו חנא זאַלץ, דעם געטרייען לאַנדסמאַן אין אַמעריקע, זיינען אויסגענוצט געוואָרן פאַרן איצטיקן „פנקס פיטשאַיעוו".

די געשיכטע פון יידן אין פיטשאַיעוו אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, בימי היטלער און סטאַלין, ווי אויך די געשיכטע פון רבנים ווערט אויספירלעך דערציילט אין באַזונדערע אַרטיקלען.

אין שאָטן פון דער גרויליקער טראַגעדיע, באַקומען אָט די באַשיידענע מאַטעריאַלן, געשריבן על פי רוב פון פאָלקס־מענטשן — קדושים — אַ מערקווירדיקן באַטייט. עס איז מער ווי די געשיכטע פון אַ קליין שטעטל, ערגעץ אויף וואָלין און וואָס איז אינאיינעם מיט טויזנטער אַנדערע שטעט און שטעטלעך אומגעקומען על קידוש השם.

אָט די מאַטעריאַלן שאַפן אַ בילד וואָס קריצט זיך איין אין מוח און אין האַרצן מיט זיין גרויסער טראַגישקייט און טראַגישער גרויסקייט. אין ליכט פון אָט דעם באַשיידענעם ציבור־לעבן, פון אַן עדה יידן, וואָס בלויז אַ קליינער טייל פון אים האָט זיך על פי נס געראַטעוועט, זאָל דאָס דאָזיקע בוך געלייענט ווערן פון אַלעמען און זאָלן די צעוואָרפענע גלידער פון דער פיטשאַיעווער יידישער עדה וויטער אויף זייער אופן שפינען דאָס, וואָס זייערע ברידער און שוועסטער אין פיטשאַיעוו איז שוין נישט באַשערט געווען צו שפינען און וועבן די גאָלדענע פעדים פון יידישן המשך.

## ביבליאָגראַפיע


פאַר דעם דאָזיקן אַרטיקל זיינען אויסגענוצט געוואָרן:

1. „ראַטשניק ווילענסקי", באַנד 3, 1932.
2. די רוסיש־יידישע בלעטער „סיאָן" און „דיען".
3. פוילישע זכרונות פון 1831 און 1863.
4. ניט־געדרוקטע מאַטעריאַלן פון דעם העברעאישן פּאָעט שומסקי (מדינת ישראל) און בריוו און דאָקומענטן אין באַזיץ פון חנא זאַלץ.

## טשאַרלס זאַלץ

# פּיטשאַיעוו און דער פּיטשאַיעווער קלויסטער

## (זכרונות)

### יידישע פּרנסות

דער קלויסטער אין פּיטשאַיעוו, ווי די יידן פלעגן זאָגן, איז אין רוסלאַנד באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען „פּאָטשאַיעווסקאַיאַ לאַווראַ". דער קלויסטער האָט געהאַט אַ שם דער עיקר אין אוקראַינע און גאַליציע. פּראַוואָסלאַוונע גלויביקע פלעגן קומען קיין פּיטשאַיעוו תּפילה טאָן אין הייליקן קלויסטער. זיין הייליקייט האָט דער קלויסטער סימבאָליזירט ניט אַזוי מיט יעזוסעס נאָמען, ווי מיטן נאָמען פון דער „הייליקער יונגפרוי", מיטן נאָמען פון יעזוסעס הייליקער מוטער, מיט דער איקאָנע פון דער פּיטשאַיעווער „באָזשיע מאַטערי". דער קלויסטער איז געשטאַנען אויף אַ באַרג, אויפן אָרט וואו די הייליקע יונגפרוי זאָל זיך האָבן אַנטפּלעקט. לויט דער לעגענדע זאָל דאָס האָבן פּאַסירט לערך מיט אַ דריי הונדערט און פופציק יאָר צוריק. *) אויף אָט דעם הייליקן פּלאַץ זאָל מען עס דעמאָלט געהאַט אויסגעבויט דעם קלויסטער, וואו חוץ דעם אַלגעמיינעם פּראַוואָסלאַוונעם גאָטעסדינסט, פלעגט מען אויך אָפּריכטן ספּעציעלע תּפילות. דעם קלויסטער האָט מען ביסלעכווייז אַרומ־געבויט מיט צענדליקער געביידעס און אויך מיט גרעסערע און קלענערע קירכן. הונדערטער טויזנטער פּויערים, „מיעשטשאַנעס" און שטאָטישע אַרבעטער פלעגן יעדן יאָר קומען צו דער „הייליקער מוטער" אין פּיטשאַיעווער קלויסטער, זיך בוקן פאַר איר און בעטן. די פּילגרימען פלעגן איבערלאָזן מענגעס רובלס, ביישטייערונגען פאַרן קלויסטער. זיי פלעגן קויפן הייליקע בילדער, צלמלעך, גילדענע, זילבערנע, אָדער פון אַנדערע מעטאַלן. זיי פלעגן אויך איבערלאָזן אַ סך געלט פאַר עסן, טרינקען און נאַכט־לעגער. דאָס יידישע שטעטל פּיטשאַיעוו, אָנהייב היינטיקן יאָרהונדערט, האָט געציילט אַ דריי הונדערט יידישע משפּחות.

דער קלויסטער מיט זיין באַלעבאַטישקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף אַ ברייטן שטח אין און אַרום שטעטל. צענדליקער גרעסערע און קלענערע ציגלנע געביידעס האָבן זיך געפונען אויף ווייטע שטרעקעס, וואָס האָבן געהערט דעם קלויסטער. דער טייל קלויסטער וואו מ'האָט אָפּגעריכט די

*) זע: הוספה צו די אַרטיקלען פון ד"ר י. שאַצקי און חנא זאַלץ. (זייטן 45־47).

גאַטסדינסטן, האָט אַליין אויך פאַרנומען אַ רחבותדיקן פּלאַץ. די „זוואָניצע" (דער גלאָקן־טורעם), וואו ס'זיינען געהאַנגען די גלעקער, איז געווען אַ פינף און צוואַנציק שטאָק די הויך. ווען איך בין געווען אַ קינד פון אַ יאָר פינף, האָט מען געבראַכט אַ נייעם גלאָק פאַר דער „זוואָניצע". דער גלאָק האָט געוואויגן אַכט און צוואַנציק טויזנט פונט.

די באַן־סטאַנציע האָט זיך געפונען צוויי און צוואַנציק וויאָרסט ווייט פונעם קלויסטער (אַן ערך זעכצן מייל). קיין שום וואָגן און רעדער וואָלטן ניט אויסגע־האַלטן אַזאַ משא. כדי דעם גלאָק אַריבערפירן אין קלויסטער אַריין, האָט מען געמוזט מאַכן אַ ספּעציעלן שליטן און איינשפּאַנען עטלעכע צענדליק פערד און אָקסן. פּויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן זיך אַליין אויך איינגעשפּאַנט אין שליטן, אַזוי האָט מען געשלעפּט דעם גלאָק פון דער באַן־סטאַנציע ביזן קלויסטער און אים אַרויפגעצויגן אויפן העכסטן שטאָק פונעם טורעם. דאָס שטעטל איז, אין פשוטן טייטש פונעם וואָרט, איבערגעפּולט גע־וואָרן מיט דער באַפעלקערונג פון די אַרומיקע דערפער. אַלע זיינען געקומען צולעגן אַ האַנט צו דער הייליקער אַרבעט.

איך דערמאָן זיך גוט אָט די פּאַסירונג. מיין פאָטער האָט מיך גענומען אויף דער האַנט און מיר געזאָגט: „געדענק, מיין קינד, ווען דו ביסט אַלט געווען פינף יאָר, האָט מען קיין פּיטשאַיעוו געבראַכט אַ גלאָק פון זיבן הונדערט פּוד, כדי אים אויפהענגען אין דער „זוואָניצע". דעם גלאָק האָט מען געבראַכט צופירן פון דער באַן אויף אַ שליטן, געשפּאַנט אין פערד, אָקסן און מענטשן. זעסט ווי די שטאָט איז פול מיט מענטשן? דאָס זיינען זיי געקומען העלפן אַרויפשלעפּן און אויפהענגען דעם גלאָק. געדענק דאָס און פאַרגעס ניט!"

חוץ די צענדליקער געביידעס פאַרן אייגענעם באַנוץ, האָט דער קלויסטער אויך פאַרמאָגט אַ האָטעל פאַר געסט און אַ ריי קלייטן צו פאַרדינגען. אַרום קלויסטער איז געווען אַ גרויסער סאָד מיט טויזנטער פרוכט־בוימער, עפּל, באַרן, פלוימען און אַנדערע פּירות. ביים קלויסטער איז אפילו געווען אַן אויוון צו מאַכן געטרוקנטע פרוכטן. דעם סאָד פלעגט מען פאַרדינגען פּי־טשאַיעווער יידן. לרוב האָבן פּיטשאַיעווער יידן געצויגן זייער חיונה פונעם קלויסטער־פּערסאָנאַל און ער האָט דערפאַר פאַרנומען אין זייער לעבן אַ ביז גאָר וויכטיקן פּלאַץ.

אַרום שטעטל האָט דער קלויסטער געהאַט זיינע נחלאות: פעלדער, וועלדער און טויזנטער דעסיאַטינעס אַקער־לאַנד. געדונגענע פּויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן באַאַרבעט די פעלדער און אַכטונג געגעבן אויף די וועלדער. דער קלויסטער האָט אויך געהאַט אַ גרויס־באַזיצערישע באַלעבאַטישקייט מיט לעבעדיקן אינווענטאַר. די קלויסטער־פערד האָבן געהאַט אַ שם אין

דער גאַנצער סביבה. חוץ דער אַגראַר־ווירטשאַפט האָט דער קלויסטער אויך עקספּלואַטירט אַ פאַבריק פון וואַקסענע ליכט און אַ זאַוואָד אָנצופולן פלעש־לעך מיטן היילִיקן וואַסער פונעם קוואַל — אַ קוראַנט אַרטיקל פאַר די פּיל־גרימען. ביים קלויסטער האָט זיך אויך געפונען אַ דרוקעריי, וואו מ׳האָט געדרוקט ביכער און אַ וואָכן־צייטונג, „פּאָטשאַיעווסקי ליסטאָק״.

אין 1906 האָבן אין קלויסטער זיך באַוויזן צוויי יונגע מאָנאַכן, וויטאַלי און איליאָדאָר. זיי האָבן דעם „פּאָטשאַיעווסקי ליסטאָק״ פאַרוואַנדלט אין אַן אָרגאַן פאַר דער געמיינסטער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע און אָפן געהעצט צו פּאָגראָמען אויף יידן. דער מאָנאַך איליאָדאָר האָט גאָר גיך געקראָגן אַ שם איבער גאַנץ רוסלאַנד. פיליפ קראַנץ, צו יענער צייט איינער פון די פּראָמינענטסטע יידישע זשורנאַליסטן אין אַמעריקע, איז דעמאָלט געקומען קיין רוסלאַנד ווי דער קאָרעספּאָנדענט פונעם ניו יאָרקער „מאָרגן־זשורנאַל״ און איז ספּעציעל אַראָפּגעפאָרן קיין פּיטשאַיעוו כדי צו באַשרייבן פאַר זיין צייטונג די צוויי אַנטיסעמיטישע מאָנאַכן און זייער פּאָגראָם־העצעריש בלעטל*).

ביים קלויסטער האָט עקסיסטירט אַ גלחים־סעמינאַר, וואו ס׳האָבן זיך געלערנט אַ דריי הונדערט סעמינאַריסטן. גלחים און מאָנאַכן זיינען געווען די פּראָפעסאָרן און לערער. חוץ אָט די גלחים זיינען, פאַרשטייט זיך געווען הויפּט־גלחים, וואָס האָבן באַדינט דעם קלויסטער און יונגע מאָנאַכן דיאַקאָנס, אַרויסהעלפער. אַרום און אַרום האָט דער קלויסטער געהאַט אַ באַפעלקערונג פון אַ זיבן ביז אַכט הונדערט נפשות. דער עלטסטער איבער די גלחים אין קלויסטער האָט געטראָגן דעם טיטל „נאַמיעסטניק״ אָדער אַרכימאַנדריט; נאָך אים אין ראַנג איז געגאַנגען דער גלח וואָס איז געווען דער עקאָנאָם — דער פאַרוואַלטער מיטן קלויסטערס ריזיקער באַלעבאַטישקייט. נאָכן עקאָנאָם — דער קאַזנאַטשיי, — קאַסירער.

פאַר פּיטשאַיעווער יידן איז דער קלויסטער, ווי שוין דערמאָנט, געווען דער הויפּט־קוואַל פון פּרנסה. אַלע זיינע פאַרצווייגטע געשעפטן האָט דער קלויסטער געפירט מיט די שטעטלשע יידן. זיי האָבן צוגעשטעלט ברויט, פלייש, האָלץ, פאַרשיידענע סאָרטן מעל, הירזש, הרעטשקע, אַרבעס, וואַקס פאַר דער ליכט־פאַבריקאַציע און אַלערליי אַנדערע פּראָדוקטן. די יידן זיינען אויך געווען די איינציקע איינקויפער פון אַלץ, וואָס דער קלויסטער האָט געהאַט צו פאַרקויפן, אפילו געלט מטבעות האָט דער קלויסטער פאַרקויפט די יידן: דורכן זומער פלעגן די פּילגרימען איבערלאָזן אין די קלויסטער־פּושקעס גרויסע געלט־סומעס. ביים אויסליידיקן די פּושקעס, פלעגט זיך אָנקלייבן אַ היפּשע צאָל אָפּגעריבענע זילבערנע און קופּערנע מטבעות. די קלויסטער־

---

*) זע: די זייטן 63 — 90.

מענטשן האָבן זיך געפּוילט אויסצוסאָרטירן אַט־די מטבעות און פּעקלעכווייז זיי פֿאַרקויפֿט זייערע באַשטענדיקע אויפֿקויפֿער. חוץ דעם קלויסטער ווי אַ גאַנצער, זיינען די גלחים אינדיווידועל געווען ביי די יידן זייער גוטע קליענטן. יידישע שניידער האָבן פֿאַר זיי גענייט מלבושים, קרעמער האָבן זיי פֿאַרקויפֿט עסנוואַרג, באַזונדערס זיינען די גלחים געווען להוט נאָך יידישע פֿיש, חלה, גוטע קאָנפֿיטורן, שנאַפּסן, טאַבאַק, אויך פֿאַרשיידענע לוקסוס־אַרטיקלען פֿלעגן זיי קויפֿן. די גלחים פֿלעגן קריגן זייער געהאַלט יעדן דריטן חודש, ס'רוב פֿון זיי האָט דערפֿאַר ניט געהאַט קיין מזומן געלט און די יידן פֿלעגן זיי געבן אויף באָרג. ניט נאָר פּיטשאַיעווער, נאָר אויך יידן פֿון די אַרומיקע שטעטלעך, פֿלעגן פֿירן געשעפֿטן מיט די גלחים. יעדער קרעמער האָט געהאַט זיינע באַשטענדיקע קונים. די קרעמער פֿלעגן קומען צו די גלחים אַהיים. פֿאַר אַ סך יידן זיינען אַ צאָל אַזעלכע קונים געווען דער איינציקער מקור פֿון זייער פּרנסה.

דער קלויסטער האָט ניט געהאַט קיין אייגענע וועשעריי. זייער וועש פֿלעגן די גלחים אַרויסגעבן וואַשן קריסטלעכע ווייבלעך און מיידלעך. פֿאַר אָט די פֿרויען פֿלעגן די גלחים און מאָנאַכן קויפֿן ביי די יידן אַ סך פּרעזענטן. די מיידלעך און ווייבלעך פֿלעגן קומען צו די גלחים און מאָנאַכן אין זייערע צימערן אָפּנעמען און צוריקברענגען די וועש. אין שטעטל פֿלעגן אַרומגיין אַלערליי קלאַנגען הלמאי די אוקראַינישע מיידלעך, וואָס וואַשן וועש פֿאַר די גלחים, האָבן שפֿעט חתונה. אין די פֿאַמיליעס פֿון די ווייבלעך, וואָס פֿלעגן וואַשן די וועש, פֿלעגט פֿון צייט צו צייט אויסברעכן סקאַנדאַלן. קיין גרויסן רושם האָבן אַזעלכע מחלוקתן צווישן מאַן און ווייב ניט געמאַכט. אָבער איינער אַזאַ פֿאַל, האָט זיך אויסגעטיילט פֿון אַ סך אַנדערער. דאָס איז אַ מעשה מיטן גלח אַפּיענאַס. ער איז געווען איינער פֿון די פּראָמינענטסטע גלחים אין קלויסטער, אַ גרויסער געלערנטער, איז ער אַ צייט אויך געווען דער „קאַזנאַטשיי״, דער קאַסירער פֿונעם קלויסטער. אָט דער אַפּיענאַס האָט אין אַ שיינעם טאָג זיך אויפֿגעהאַנגען ביי זיך אין צימער. די סיבה פֿון זיין זעלבסטמאָרד איז גיך באַקאַנט געוואָרן: אַ גוייִשע פֿרוי, וואָס פֿלעגט פֿאַר אים וואַשן זיין וועש, איז קראַנק געוואָרן אויף אַ געוויסער קרענק. פֿאַרן קריסטלעכן פֿעלדשער, וואָס האָט זי באַהאַנדלט, האָט די פֿרוי זיך מודה געווען ווער ס'איז דער שולדיקער אין איר קראַנקהייט. דער פֿעלדשער האָט גע־פּרוּווט אויספּרעסן ביים גלח אַ גרויסע געלט־סומע און אים געסטראַשעט צו פֿאַרמסרן פֿאַר דער העכערער קלויסטער־מאַכט. אַפּיענאַס האָט די גע־פֿאָדערטע סומע ניט געהאַט און ניט געוואָלט איבערלעבן די בושה. דער־דאָזיקער גלח, וואָס האָט דערגרייכט אין פּיטשאַיעווער קלויסטער צו אַזאַ הויכן ראַנג, איז געווען אַ געשמדטער ייד. ער האָט געשטאַמט פֿון דער ליטע. פּיטשאַיעווער יידן פֿלעגן וועגן אים דערציילן, אַז יעדן מאָל, ווען ער טרעפֿט אָן אויף אַ יידן ניט קיין עם הארץ, פֿלעגט ער ליב האָבן פֿאַרפֿירן אַ שמועס אין תלמוד און אַז ער האָט בכלל גערן גערעדט מיט יידן וועגן יידן

און יידישקייט. אפּיגאָס איז געווען אַ הויכער שיינער מאַנספּאַרשוין, מיט אַ ווייסער פּאַטריאַרכאַלישער באָרד.

די גלחים, די יונגע מאָנאַכן און די סעמינאַריסטן, וואָס מיר פלעגן רופן „פּיעווטשעס" (זינגער) פלעגן יעדן טאָג קומען אין שטעטל אַריין איינקויפן אין די יידישע קראָמען. דאָס שטעטל איז תמיד געווען מיט זיי פול און מיט אַ סך פון זיי זיינען יידן געווען היימיש און אויסגעבונדן. די נאָענטקייט האָט זיך אָבער באַגרענעצט בלויז מיט האַנדל און מסחר. ווייטער פון דעם, זיינען די יידן און די גלחים געווען צווי הערמעטיש אָפּגעשלאָסענע וועלטן. יידישע פרויען און מיידלעך האָבן מיט די גלחים בכלל קיין שום עסקים ניט געהאַט. אַ שטאַרקע מחיצה האָט אָפּגעטיילט פון דער גלחישער וועלט דעם יידן און זיין יידיש לעבן, זיין פרוי און זיין טאָכטער. דער קלויסטער האָט געהאַט גרויסע געשולטע כאָרן מיט גוטע זינגער. זייער געזאַנג פלעגט זיך דערטראָגן ביזן שטעטל. אָבער מיר, יידישע קינדער, האָבן ניט געטאָרט הערן דאָס קלויסטערישע זינגען און פרעפּלען און פלעגן זיך פאַרשטאָפּן די אויערן.

שבת פלעגט קיין גלח זיך ניט באַווייזן אין שטעטל, ווייל די יידישע קראָמען זיינען געווען געשלאָסן. שבת האָט אין פּיטשאַיעוו געהערשט מנוחה ושלוה, ווי אין יעדן אַנדערן יידיש שטעטל.

## משומדים אין שטעטל

די פּיטשאַיעווער יידן האָבן אַלע מאָל געהאַט אויסצושטיין צרות מצד די יידישע יינגלעך פאַרליבטע אין שיקסעס פון אַנדערע שטעטלעך, וואָס פלעגן קומען קיין פּיטשאַיעוו זיך שמדן. חוץ פון די יינגלעך פלעגן פּיטשאַיעווער יידן האָבן צרות אויך פון זייערע עלטערן, וואָס זיינען געקומען קיין פּיטשאַיעוו ראַטעווען זייער קינד פון שמד. פרעמדע אין שטעטל, האָבן אַזוינע טאַטע־מאַמע ניט געוואוסט ווי אַ טיר עפנט זיך. פּיטשאַיעווער יידן האָבן געמוזט העלפן אַרויסקריגן אָט די יינגלעך פונעם קלויסטער און זיי צוניפבערענגען מיט פאַ־טער און מוטער. דורכפירן אַזאַ זאַך איז געווען זייער שווער. מ'האָט באַדאַרפט גיין צו געוויסע גלחים און זיי בעטן העלפן באַפרייען די יינגלעך, איידער זיי שמדן זיך. פּיטשאַיעווער יידן האָבן דאָס אָבער געטאָן מיט אַ סך ליבע און קרבנות־גרייטקייט. ווען ס'האָט געטראָפן, אַז דער פרעמדער ייד איז געווען אַן אָרעמאַן, האָט מען נאָך געדאַרפט אים געבן עטלעכע רובל אויף הוצאות פאַר זיך און פאַר זיין אָפּגעראַטעוועטן „תכשיט".

מיר יינגלעך, ווי נאָר מיר האָבן אויסגעפונען אַז אין קלויסטער געפינט זיך אַ יידיש יינגל וואָס וויל זיך שמדן, פלעגן מיר זוכן אַ געלעגנהייט זיך מיט

אים צו באַקענען. אויך דאָס שמד־ייִנגל פלעגט לרוב זוכן אַ געלעגנהייט זיך צו באַגעגענען מיט די ייִדישע ייִנגלעך פונעם שטעטל, ווייל מיט די גוייִשע „פּיעווטשיס" האָט ער זיך באַזונדערס היימיש ניט געפילט.

ווען דער פאָטער פון אַזאַ ייִנגל פלעגט אַראָפּקומען אין שטעטל אַריין אַרויס־צוגעמען זיין זון פונעם קלויסטער, האָבן מיר, ייִנגלעך, שוין געהאַט געוואוסט וועגן זיין זון מער ווי זיין פאָטער אַליין. אַ ייִנגל וואָס האָט זיך געוואָלט שמדן פלעגן מיר אַזוי „באַארבעטן", אַז ס'האָט זיך אים אָנגעהויבן בענקען אַהיים. זיינען טאַקע מיר, די חדר־ייִנגלעך, געווען די גרעסטע אַרויסהעלפער ביים ראַטעווען ייִדישע ייִנגלעך פון שמד. דאָס ערשטע וואָס מיר האָבן געטאָן איז געווען אַזאַ ייִנגל מקרב צו זיין, ווערן מיט אים חברים. פּאַר אונדז קליינ־שטעטלדיקע ייִנגלעך, איז אַ ייִנגל פון דער פרעמד געווען אַ טשיקאַווער ענין. מיר האָבן זיך גערן מיט אים געחברט און אים אָפּגערעדט פון שמד. ער ווידער פלעגט אונדז דערציילן זיין געשיכטע, פאַרוואָס ער איז אַנטלאָפן פון דערהיים. אויב זיינע עלטערן האָבן ניט געוואוסט וואו ער געפינט זיך, האָבן אונדזערע עלטערן שוין געלאָזט וויסן אין יענעם שטעטל אַריין. האָט זיך אָבער געמאַכט אַז איינער פון די קאַנדידאַטן אויף שמדן זיך האָט נאָר געוואָלט רעדן רוסיש און געזידלט אונדזער ייִדישקייט האָבן מיר אים אויך ניט געשאַנעוועט, אים „אַריינגעזאָגט" דווקא אויף ייִדיש .

„דו גוי, מיאוסער משומד, וועסט דאָך פּגרן ווי אַ הונט און ליגן אין דער ערד. דו וועסט עסן פאַרשטונקענעם חזיר מיט ווייך ליימיק ברויט. און שלאָפן וועסטו אין אַ „שאָפּע" מיט הינט. בעסער קום צוריק צו אונדז, וועסטו עסן ווייסע חלה מיט פיש. אַ טייערע מציאה צו זיין אַ גוי, אַ כאַמולע!". און מערקווירדיק, אַ ייִדיש ייִנגל וואָס איז געקומען זיך שמדן אין פּיטשאַיעווער קלויסטער, האָט תמיד זיך גיכער צוגעהערט צו אונדזערע ייִנגלשע, נאַרישע אַרגומענטן, ווי צו די שטראָף רייד פון טאַטע־מאַמע. אַזוי אַרום האָבן מיר אַ סך ייִדישע קינדער אָפּגעראַטעוועט פון שמד.

ווי איך האָב אויבן געזאָגט האָבן פּיטשאַיעווער ייִדן געהאַט גרויסע צרות פון די וואָס זיינען געקומען קיין פּיטשאַיעוו זיך שמדן. אַ פּאָר אַזעלכע פאַלן וועלן וועגן דעם געבן אַ ריכטיקע השגה:

אין אַ געוויסן טאָג איז קיין פּיטשאַיעוו אַראָפּגעקומען אַ יונג ווייבל, וואָס איז שוין געווען אַ געשמדטע. זי איז איינגעשטאַנען ביי אַ גוי. ייִדן האָבן אָבער געוואוסט אַז זי איז אַ ייִדישע טאָכטער. זי פלעגט אַריינקומען אין ייִדישע קראָמען. איינמאָל האָט זי זיך פאַרטרויט פאַר אַ ייִדן, אַז זי וויל „אויסקומען" ד. ה. צוריק ווערן אַ ייִדישע. פאַר דעם צוועק האָט מען זי געדאַרפט

אַריבערפירן איבער דער גרענעץ קיין גאַליציע. פאַר אַזאַ מצווה האָבן די ייִדן איר אויך געגעבן צושטייער אויף הוצאות קיין אַמעריקע און זי אַריבער־געפירט איבער דער גרענעץ. צוויי וואָכן שפּעטער איז זי צוריק געקומען אין שטעטל, און האָט דערציילט דער פּאָליציי, אַז די ייִדן האָבן איר געגעבן געלט און זי צוגערעדט צוריק צו ווערן אַ ייִדישקע. די נעמען פון די ייִדן האָט זי ניט געוואוסט. איז פון קרעמעניץ אַראָפּגעקומען דער איספּראַווניק, צונויפגערופן אַלע ייִדן פונעם שטעטל, כדי זי זאָל דערקענען די ייִדן, וואָס האָבן איר געגעבן געלט און אַריבערגעפירט די גרענעץ. דער טאָג פון דער רעוויזיע איז פאַר פּיטשאַיעווער ייִדן געווען אַ יום־הדין. גאַנץ פרי האָט מען געדאַוונט בציבור, מ׳האָט געזאָגט תהילים, אין שטעטל איז געווען יום־כּפּור. ביי דער אינספּעקציע האָט זי קיינעם ניט דערקענט. אין שטעטל האָט מען געשמועסט, אַז זי האָט יאָ דערקענט די ייִדן, זי האָט אָבער קענטיק חרטה געקריגן און זיי ניט געוואָלט אויסגעבן.

אַ צווייטע טראַגישע געשיכטע איז פאָרגעקומען אין יאָר 1874. אַ ייִנגל פון אַ יאָר זעכצן, פונעם נאָענטן שטעטל ווישנעוויץ, איז געקומען קיין פּיטשאַיעוו זיך שמדן. מיט גוטן האָט ער ניט געוואָלט אַהיים גיין, וויפל מען האָט זיך ביי אים ניט געבעטן. קיין עלטערן האָט ער ניט געהאַט. ער האָט אָבער געהאַט פעטערס און מומעס. די אָרעמע מענטשן האָבן ניט געוואָלט האָבן קיין משומד אין דער משפּחה, און האָבן באַשלאָסן דאָס ייִנגל אַרויסצונעמען פונעם קלויסטער מיט געוואַלט. דערווייל האָט דאָס ייִנגל זיך באַקענט מיט אַ פּיטשאַיעווער מיידל וואָס אירע עלטערן האָבן געוואוינט ניט וויט פונעם קלויסטער. איר נאָמען איז געווען פריידע זאַלצמאַן; שפּעטער באַקאַנט ווי פריידע שרה זיסלס, די מוטער פון אונדזער באַליבטן לאַנדסמאַן הערי קאָרטמאַן *).

זי איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר זיבעצן. אויפן בחור וואָס האָט זיך גע־וואָלט שמדן האָט זי געהאַט אַן איינפלוס. זי פלעגט אים אַרויסנעמען שפּאַ־צירן, אַזוי אַז דעם בחורס פעטערס האָבן זיך מיט אים געקאָנט דורכרעדן. זיי האָבן געמערקט אַז דער בחור האָט זיך פאַרליבט אין דעם פּיטשאַיעווער מיידל און האָבן אים איינגערעדט אַז אויב ער וועט צוריק ווערן אַ ייִד, וועלן זיי אים מיט איר חתונה מאַכן. דער בחור האָט זיך געלאָזט איינרעדן און פון אַזאַ שפּאַציר האָבן זיי אים איינמאָל צוגענומען און אַוועקגעפירט קיין פּיד־קאַמיען, וואָס איז געווען אין עסטרייך, גאַליציע. די קרובים האָבן אַהין געדאַרפט ברענגען פריידען, וואָס האָט וועגן דעם שידוך גאָרניט ניט געוואוסט און בכלל ניט געטראַכט וועגן דעם בחור.

ווען דער בחור האָט נאָך עטלעכע וואָכן זיך אַרומגעקוקט אַז מען האָט אים

---

*) זע בריוו פון י. רודמאַן, זייט 124.

אָפּגענאַרט, האָט ער געוואָלט צוריק פֿאָרן אין קלויסטער אַריין. דער ייִד ביי וועמען דער בחור האָט זיך געפונען, האָט וועגן דעם געלאָזט וויסן דעם ייִנגלס פעטערס. זיינען זיי געקומען קיין פידקאַמיען און אים צוריק געבראַכט קיין ווישנעוויץ. כדי פון אים פטור צו ווערן, האָבן די קרובים אים אַריינ־געפּאַקט אין אַ זאַק מיט שטיינער און אַריינגעוואָרפן אין ווישנעוויצער טייך. אין דריי טעג אַרום איז דער קערפּער מיטן זאַק אַרויפגעשוואומען. דער זאַק איז געווען פון הרעטשענע גרויפּן, מיט וואָס דעם ייִנגלס פעטערס האָבן געהאַנדלט. דאָס איז געווען אין אַ פּריטיק בייטאָג. די פּאָליציי האָט גלייך אַרעסטירט זיינע פעטערס און אויך דעם ווישנעוויצער רב ר׳ יאָסעלע. די ייִדן פון ווישנעוויץ האָבן שטאַרק מורא געהאַט פאַר אַ פּאָגראָם. ווישנעוויץ האָט איבערגעלעבט אַ שוואַרצע וואָך. דער בר־מינן איז ביי די קריסטן גלייך געוואָרן דער „הייליקער קערפּער". צענטליקער גלחים פון פּיטשאַיעוו זיינען געקומען צו דער גרויסער לוויה, וואָס די גוים האָבן געמאַכט פאַר דעם געשמדטן בחור.

ניט דעם רבין און ניט די ייִדן האָט מען ניט געוואָלט אַרויסלאָזן אויף „פּאַרוקע" (ערבות). מיט גרויסע שוועריקייטן און פאַר גרויס כאַבאַר דעם איספּראַווניק און איבעריקער נאַטשאַלסטווע, האָט מען דעם רבין אַרויסגעלאָזט אויף „פּאַרוקע". דאָס מיידל פריידע פון פּיטשאַיעוו האָט מען אַרעסטירט און ניט אַרויסגעלאָזט אויף „פּאַרוקע".

באַשרייבן די פּאַסירונג מיט אַלע פּרטים וואָלט פאַרנומען צו פיל פּלאַץ. ס'האָט געדויערט קנאַפּע צוויי יאָר ביז די זאַך איז דערגאַנגען צום „אָקרוזשנאַי סוד" (קרייזגעריכט). דער רבי ר׳ יאָסעלע איז אַנטלאָפן קיין גאַליציע. אייניקע ייִדן האָט מען פאַרשיקט קיין סיביר. זיי זיינען פון דאָרטן מער ניט צוריקגעקומען. פריידען האָט מען פאַרמשפּט אויף צוויי יאָר טורמע. אָבער אַזוי ווי זי איז שוין געהאַט אָפּגעזעסן צוויי יאָר ביז צום געריכט, איז זי גלייך באַפרייט געוואָרן. זי האָט באַלד חתונה געהאַט פאַר זלמן קאַרטמאַן, אַ פּיטשאַיעווער ייִנגל. זי האָט מיט אים געהאַט אַ טאָכטער, שיינדל און צוויי זין, הערשל און נאָטע. אַכט יאָר נאָך דער חתונה איז איר מאַן געשטאָרבן. פריידע איז געבליבן אַן אלמנה, זי האָט קיינמאָל מער ניט חתונה געהאַט. איר טאָכטער שיינדל האָט צו אַכצן יאָר חתונה געהאַט מיט משה גרינבוים. פריידע מיט אַלע אירע קינדער זיינען אין 1907 געקומען קיין ניו־יאָרק. זי האָט געוואוינט מיט איר זון הערשל קאַרטמאַן ביז איר טויט. אין 1933 איז אויך הערשל קאַרטמאַן געשטאָרבן.

***

קיין פּיטשאַיעוו פלעגן קומען הונדערטער טויזנטער פּראַוואָסלאַווע רוסן פון אַלע קלאַסן, „מאָליען" זיך אין קלויסטער. אָט די מאַסן, פּויערים, שטאָטישע

מיעשטשאַנעס און אַרבעטער פון וואָלינער, פּאָדאָליער, קיעווער און פּאָל־טאַווער גובערניעס, פלעגן קומען קיין פּיטשאַיעוו נאָר זומער צייט. עס איז אָבער געווען נאָך אַ קאַטעגאָריע פּילגרימען וואָס פלעגן קומען אין פּיטשאַיעווער קלויסטער. זיי זיינען באַרימט געווען איבער גאַנץ רוסלאַנד: די „סטראַנ־ניקעס" — וואַנדערער פון קלויסטער צו קלויסטער. אין די צענטליקער טויזנטער האָבן זיי געוואַנדערט צופוס פון קלויסטער צו קלויסטער איבערן גרויסן רוסלאַנד. פּיטשאַיעוו איז געווען איינער פון די באַרימטע קלויסטערס, וואָס די וואַנדערער — די סטראַנניקעס — האָבן ניט אַדורכגעלאָזט. דער קלויסטער האָט געהאַט פאַר זיי אַ ספּעציעלע קאַזאַרמע; אויך עסן האָט דער קלויסטער זיי געגעבן.

אָט די „סטראַנניקעס" זיינען ניט געווען פון פּויערים־קלאַס. זיי זיינען אַרויס־געקומען פון די גאָר הויכע קלאַסן מיט הויכער בילדונג; צווישן זיי זיינען געווען דאָקטוירים, גלחים און אָפיצירן פון אַלע ראַנגען. טייל פון זיי פלעגן קומען יאָר־איין יאָר־אויס, אָדער יעדן צווייטן יאָר. זיי האָבן אויסגעזען ווי אָפּגעריסענע וואַגאַבונדן. האַלב נאַקעט, האָבן זיי אין איינציק העמד געטראָגן לאַנגע וואָכן. דערצו זיינען זיי געווען גרויסע שיכורים. אייניקע פלעגן שטייען אין פּיטשאַיעוו עטלעכע וואָכן. שטאָטישע יידן האָבן זיי שוין געקענט ביי די נעמען, און אפילו זייערע טשינעס (ראַנגען) אין דער אַרמיי. מיר, קינדער, פלעגן זיי רופן: גאָספּאָדין גענעראַל, פּאָלקאָווניק אָדער דאָקטאָר. צוליב געוויסע סיבות האָבן זיי אָוועקגעוואָרפן דאָס ציוויליזירטע געזעל־שאַפטלעכע לעבן און געוואָרן וואַנדערער פון קלויסטער צו קלויסטער. דאָס איז געווען אַזאַ תשובה טאָן אויף זינד, אַ מין אָפּריכטן גלות. אין שטעטל האָבן געהאַט פון זיי הכנסה בלויז די שענקער.

אין פאַרהעלטעניש צו דער צאָל באַפעלקערונג פונעם דאָרף; יונגען און מוידן, עלטערע און אַלטע מאַנסבילן און פרויען פלעגן וואַנדערן אַ צוויי־דריי וואָכן צופוס קיין פּיטשאַיעוו. ביים אָנקומען אין שטעטל אַריין, ביים אָנבליק פונעם קלויסטער, פלעגן זיי, זיך בוקן, זיך צלמען און קושן די ערד. אין שטעטל פלעגן זיי געוויינטלעך אָנקומען אַ פאָר טעג פאַר חגא.

אַ גאָר גרויסע הכנסה האָט דאָס שטעטל געהאַט פון די פּויערים, אַרבעטער און „מיעשטשאַנעס" וואָס זיינען געקומען זומער צייט קיין פּיטשאַיעוו, אין באַשטימטע חגאות. איינער אַזאַ חגא איז געווען „וואָזניעסעניע" (גאָטס אַרויפפלי אין הימל) — אַ דאָנערשטיק פאַר שבועות, ווען די פעלדער זיינען שוין געווען פאַרזייט. עטלעכע וואָכן פאַר דער חגא פלעגן אין די דערפער זיך שאַפן גרופּעס פון צוואַנציק, דרייסיק, צומאָל אפילו ביז הונדערט פּערזאָן, די ערשטע זאָרג פאַר אַזאַ גרופּע איז געווען אַ דאַך איבערן קאָפּ וואו צו נעכטיקן. די שטעטלשע יידן זיינען שוין גרייט געווען אויפצונעמען די פּילגרימען און האָבן פאַרדינגען צום שלאָף אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַט

אונטער אַ דאַך: בוידעמער, קעלערס, שטאַלן פאַר בהמות און וואו נאָר אַ לאָך ביז דעם אייגענעם אַלקער. די אַלע ערטער האָט מען פאַרדינגען די „פּאַלישוקעס", ווי מיר יידן האָבן גערופן די דאָזיקע פּויערים. געצאָלט האָבן זיי פון צוויי ביז דריי קאָפּיקעס אַ פּערזאָן פאַר נאַכטלעגער. די וואָס האָבן געדונגען אויף פיר נעכט, האָבן געקריגן ביליקער; אַ בוידעם האָט געקאָסט ביליקער ווי אַ שטאַל. ס'האָט גענומען שעהן, אידער מען איז מושווה געוואָרן מיטן מקח, מחמת יעדער גראָשן האָט ביי די פּילגרימען געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. אַלע יידישע שטיבער זיינען פול געווען מיט די „באַגאַמאַלצעס" — בעטער צו גאָט. זיי זיינען געשלאָפן אויף די פּאַדלאָגעס, אונטערגעלעגט מיט אַ ביסל שטרוי און אָנגעפּראַפּט אויף איין אָרט ווי הערינג אין אַ פעסל. פאַר די בעלי־בתים פון דער שטוב און זייערע קינדער איז ניט געבליבן קיין פּלאַץ וואו אַדורכצוגיין.

איך געדענק, אין אַלקער וואו מיינע עלטערן זיינען געשלאָפן זיינען געשטאַנען צוויי בעטן, אַ קופערט און אַ טישל אין מיטן. אין דעם איבעריקן, ליידיקן רוים האָט מען איינקוואַרטירט צען אָדער פופצן נאַכט־לעגער. דער טאַטע איז געשלאָפן מיט איין קינד, די מאַמע מיט אַ צווייט קינד. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס כדי צוצוקומען צו זיך, אין אייגן בעט אַריין, האָט מען געדאַרפט אַריבערשפּאַנען איבער די שלאָפנדיקע. דאָס איינציקע פענצטער אין שטוב איז געווען פאַרמאַכט. אויך אין אַלע אַנדערע צימערן פון דער וואוינונג, זיינען אויף די פּאַדלאָגעס געשלאָפן די נאַכט־לעגער, צונויפגעפּרעסט וויפל ס'האָט זיך נאָר געלאָזט.

די לופט אין אַזאַ וואוינונג איז געווען אַ זויערע, מ'האָט זי ניט בלויז געפילט נאָר ממש געקאָנט אָנטאַפּן, אַזוי שטיקנדיק און פאַרעיפּושט איז זי געווען. דאָס האָט זיך גענומען פון זייערע עסנס, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך: שוואַרצע ברויטן, קנישעס מיט אַרבעס און הירזש. ווייסע ווייצענע בולקעס האָבן זיי געקויפט אין שטעטל, און דאָס איז געווען די גאַנצע נאַרונג פון די פּאַלישוקער. די סאַניטאַרע באַדינגונגען אין שטעטל זיינען ניט געווען קיין סך בעסער. אין די טעג פון די „אָדפּוסטן", איז די לופט אין שטעטל געווען פאַרעיפּושט. *)

די הכנסה פון די נאַכט־געלעגערס האָט געגאָלטן ווי אַ זייטיק פאַרדינסטל, ווייל אחוץ אָט דער הכנסה, האָבן יידן געפירט מיט די „פּאַלישוקעס" אַנדערע געשעפטן.

דאָס שטעטל האָט געהאַט פיר צוקערקע־מאַכערס, אַ גוט אַרטיקל פאַר די פּאַלישוקעס. די פאַרקויפער פון צוקערקעס פלעגן צעשטעלן דרייסיק אָדער

---

*) וועגן די „אָדפּוסטן", זע די אויספירלעכע באַשרייבונג פון רב אַזשעך.

פערציק שטעלכעלעך אין מאַרק. אויך ברויט־בעקערס און לעקעך־בעקערס פלעגן צעשטעלן שטעלכעלעך מיט זייערע סחורות צו פאַרקויפן. אָרעמע יידישע מיידלעך און ווייבלעך האָבן זיך געשטעלט מיט סאַמאָווארן צו פאַר־קויפן אַ טעפל אָדער אַ גלאָז טיי. אינדעראמתן איז עס ניט געווען קיין טיי נאָר אַ שטיקל צוגעברענטער צוקער, מיט אַ צוגאָב פון אַלטע, אויסגענוצטע טיי־בלעטלעך.

במשך די פינף טעג וואָס דער „אָדפוסט" האָט געדויערט, איז אין שטעטל פאָרגעקומען אַ גרויסער יריד. ס'זיינען געקומען סוחרים אויך פון אַנדערע שטעטלעך, מיט כלערליי סחורות, ווי וואַטאָווע שפענצערס, פויערישע שטיוול, קאַשקעטן, פוטערנע קוטשמעס, באַקאַליי־סחורות, טייסטערלעך, מעסערלעך, פייפעלעך, דודקעס, שפיגעלעך און נאָך פאַרשיידענע אַרטיקלען האָט מען געקאָנט קויפן אויפן מאַרק. יידן האָבן געטאָן געשעפטן. אין הויפט חגא־טאָג זיינען די געקומענע פילגרימען גאַנץ פרי אַוועק אין קלויסטער אַריין. אַרום מיטאָג צייט האָבן זיי שוין געהאַט אויף זיך די קלומעקלעך מיט זייער עסנוואַרג מיט דער איינגעקויפטער סחורה. און שפעט נאָך האַלבן טאָג איז דאָס שטעטל שוין געווען אויסגעליידיקט פון די „גאָט בעטער".

נאָך זייער אַוועקגיין, איז דאָס שטעטל פול געווען מיט מענטשלעכער און פערדישער צואה (צויע), אַזוי, אַז מען האָט קיין שפאַן ניט געקאָנט טאָן. דער ריח אין דער לופט איז געווען ניט אויסצוהאַלטן, ווייל דאָס שטעטל האָט ניט געהאַט קיין שום סאַניטאַרע איינריכטונגען. יעדער פאָלישוק האָט געטאָן זיינע נאַטירלעכע באַדערפענישן אויף אַ ליידיקן אָרט, וואו נאָר ער האָט אים געפונען; סיי ביי טאָג, סיי ביי נאַכט. אַזוי באַלד ווי די פאָלישוקעס זיינען אַוועק, האָט דער ייד, מיט דער הילף פון זיינע קינדער גענומען לאָפּעטעס און בעזעמער אין האַנט אַריין און זיך גענומען רייניקן אַרום זיין שטוב. דאָס האָט געדויערט אַ טאָג, צוויי. ס'איז געבליבן פאַרדינסט, אָבער אויך גענוג שמוץ און אַרבעט.

דער צווייטער „אָדפוסט" איז פאָרגעקומען זונטיק נאָך שבועות, אין טאָג פון דער פראַוואָסלאַוונער „גרינער חגא". אָבער מחמת שבת האָבן יידן אין דעם טאָג פאַרן „אָדפוסט" ניט געקאָנט האַנדלען, פלעגן זיי דינגען שבת־גויים פון דער שטעטלשער ניט־יידישער באַפעלקערונג.

אויפן מאַרק זיינען אויך געווען לערך אַ פערציק גויאישע קליטלעך, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט קריסטלעכע הייליקע זאַכן, ווי הייליקע בילדער (איקאָנעס), וואָס מען האָט געמייסטערט טאַקע אין פיטשאַיעוו; כלערליי גילדענע, זילבערנע און מעשענע צלמלעך און דער עיקר האָבן די גויאישע קלייטן פאַרקויפט איקאָנעס פון דער הייליקער יונגפרוי.

די אַלע הייליקע זאַכן האָבן פּיטשאַיעווער גויים אַליין אויסגעאַרבעט; אַ גאַנצן ווינטער פלעגן זיי זיך צוגרייטן צו די „אָדפּוסטן״. די יידן האָבן לויטן צאַריסטישן געזעץ ניט געטאָרט האַנדלען מיט אָט די סחורות; חוץ דעם האָבן יידן אויך סתם קיין גרויסן חשק ניט געהאַט צו פירן מיסחר מיט קריסטלעכע הייליקייטן. אויף אַ ניט־דירעקטן אופן האָבן יידן פונדעסטוועגן יאָ געהאַט אַ האַנט אינעם אויסאַרבעטן די הייליקע אַרטיקלען; יידן האָבן פאַרקויפט דעם רוי־שטאָף פאַרן אויספאַרטיקן איקאָנעס און צלמימלעך. ווינטער־צייט, ווען די קוסטאַרעס פלעגט אויספעלן געלט, פלעגן יידן אויך אינוועסטירן געוויסע סומעס.

נאָך די ערשטע צוויי גרויסע „אָדפּוסטן״ פונעם יאָר, איז פאַר די חדשים פון פעלד־אַרבעט, אין פּיטשאַיעוו געווען אַ טויטער סעזאָן. דערנאָך זיינען אָנגעקומען די צוויי חדשים אויגוסט־סעפּטעמבער מיט אַ מענגע חגאות: דער טאָג פון הייליקן פּעטרוס, פון הייליקן סטעפּאַן, די ערשטע „פּריטשיסטאַ״, די צווייטע „פּריטשיסטאַ״. לכבוד אָט די חגאות פלעגן קיין פּיטשאַיעוו קומען פּילגרימען יעדן שבת און זונטיק. ס'פלעגן קומען ניט בלויז פוסגייער מיט פּעקלעך אויפן רוקן, נאָר אויך טויזנטער פּויערים מיט זייערע פערד און וועגענער, מיט זייער גאַנץ הויזגעזינט, פון גרויס ביז קליין, אפילו מיט זויג־קינדער. פון די פערד און וועגענער איז ממש ניט מעגלעך געווען אַדורכצוגיין די גאַס. די רייכערע פּויערים זיינען געווען גוטע קונים. חוץ הייליקע זאַכן, ווי איקאָנעס און צלמלעך, פלעגן זיי איינקויפן: פּעלצן, היטלען, שטיוול, די פּויערטעס האָבן זיך באַזונדערס געקוואַפּעט אויף רויטע, נאַ־טירלעך וואַקסנדיקע קרעלן. דאָס איז פאַר דער פּויערטע געווען איר שענסטע צירונג, אירע ברילִיאַנטן. אַ פּאָר שנירלעך קרעלן האָבן געקאָסט פון צוואַנציק ביז מער ווי הונדערט רובל. די פּיטשאַיעווער קרעלן־סוחרים פלעגן לייזן אַ יאָר שווערע צענטליקער טויזנטער רובל. אָט די סחורה פלעגן יידן אימפּאָרטירן פון עסטרייך.

פּיטשאַיעוו האָט אויך געהאַט באַזוכער, וואָס זיינען שוין געווען מער טוריסטן ווי פּילגרימען. דאָס זיינען געווען שטאָטישע אַרבעטער, באַן־אַרבעטער און קליינע טשינאָווניקעס. אָט די מענטשן פלעגן אין פּיטשאַיעוו פאַרברענגען זייער וואַקאַציע־צייט. געוויינטלעך פלעגן זיי מיט זייערע פאַמיליעס קומען מיט דער באַן. די באַן־סטאַנציע, ווי שוין דערמאָנט, האָט זיך געפונען לערך אַ צוואַנציק וויאָרסט פונעם שטעטל. דאָרטן פלעגן אָפּוואַרטן די פּאַסאַזשירן אַ פינף יידישע באַלעגאָלעס און אויך פּויערים וואָס האָבן פאַרמאָגט גוטע וועגעלעך. אָט די קאַטעגאָריע געסט פלעגן דינגען אַ „קאָמנאַטע״, אַ צימער און באַצאָלן פון צוויי ביז דריי רובל אַ נאַכט. אין שטעטל זיינען געווען עטלעכע יידישע הייזער, וואָס האָבן געהאַלטן זייערע שטיבער ספּעציעל פאַר אַזעלכע געסט.

דער גאַטסדינסט אין קלויסטער פלעגט זיך אָנהייבן מיט באַגינען און אָנגיין דעם גאַנצן טאָג. דער קלויסטער איז געווען גרויס גענוג און כדי צופרידן שטעלן די צענטליקער טויזנטער פּילגרימען, פלעגט מען דעם גאַנצן טאָג פּראַווען מעסעס. יעדער איינער פון די געקומענע האָט געוואָלט האָבן די זכיה צו בעטן אין קלויסטער און באַשפּריצט ווערן מיטן הייליקן וואַסער פונעם קוואַל, וואָס שטראָמט פונעם אָרט, וואו די הייליקע יונגפרוי האָט געלאָזט אַ צייכן פון איר פוס־טריט.

איך דערמאָן זיך אין אָט דעם פּאַרפאַל: דאָס איז געווען ראש השנה, אין יאָר 1900.ביים פּיטשאַיעווער יידן, שלום רויטבארד, איז איינגעשטאַנען אַ פּאָר פאַלק וואָס האָט געהאַט מיט זיך זייער איינציקן קינד. מאַן און פרוי זיינען אַוועק אין קלויסטער אַריין און געלאָזט דאָס קינד שלאָפן. אין שטוב איז אויסגעבראָכן אַ שרפה און דאָס קינד איז פאַרברענט געוואָרן אויף טויט. דאָס שטעטל איז יענעם טאָג געווען איבערפולט מיט „באַגאָמאָלצעס". אין אַנטיסעמיט וואָלט מיט דער מינדסטער העצע לייכט געקאָנט דערפירן צום גרעסטן פּאָגראָם. די שטעטלשע יידן האָט באַהערשט אַ פּחד. אויך די גלחים פונעם קלויסטער האָבן גלייך איינגעזען די סכנה. כדי באַרואיקן דעם המון, האָבן זיי בעת די תפילות אָנגעוויזן, אַז דאָס אומגליק איז געשען מיט גאָטס ווילן און אַז אין אומקום פונעם עופהלע, קאָן מען קיינעם ניט באַשולדיקן. דער עולם האָט זיך באַרואיקט, און די יידן האָט קיין שלעכטס ניט פּאַסירט.

## דער דורכפאַל פון די שוואַרץ־מאַהניקעס אין פּיטשאַיעוו *)

וועגן דעם שוין דערמאָנטן „פּאָטשאַיעווסקי ליסטאָק", דאָס וואָכנבלאַט פונעם פּיטשאַיעווער קלויסטער, האָבן יידן זיך דערוואוסט ערשט אַרום

*) באַמערקונג פון דער רעדאַקציע: נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע פון 1905 האָט זיך פאָרמירט אַ רעאַקציאָנערע אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „סאָיוז רוסקאַוואָ נאַראָדאַ" — רוסלענדישער פאָלקישער פאַרבאַנד, גע־שטיצט פונעם צאַרישן הויף. אין דרום־רוסלאַנד איז געפירט געוואָרן אַ פּאָגראָם־פּראָפּאַגאַנדע דורכן אַרכי־יעפּיסקאָפּ אַנטאָני כראַפּאָוויצקי, יעראָ־מאָנאַך איליאָדאָר, יעפּיסקאָפּ — יעוולאָגי און אַרכי־יעפּיסקאָפּ — וויטאַלי. פון 1906 איז אין דער פּיטשאַיעווער לאַווּרע געדרוקט געווען אַ פּאָגראָם־בלעטל „פּאָטשאַיעווסקי ליסטאָק". די גרופּעס פון דעם „פאַרבאַנד" זיינען אין דער פּראָגרעסיווער פּרעסע באַצייכנט געוואָרן ווי „שוואַרץ מאַהניקעס" — דער דאָזיקער טערמין שטאַמט פון 16טן יאָרהונדערט, ווען די מאָסקווער רעגירונג האָט וועגבירט צווישן דעם דרויב פונעם המון־עם „הונדערטער" שקלאָפן, וואָס זיינען געוואָרן דער אָנשפּאַר פון דער מאַכט. קיעוו איז געווען זייער צענטער פון דרום־רוסלאַנד פאַר פּאָגראָם־פּראָפּאַגאַנדע, דורכן אָרגאַן „דוואוגלאַווי אָריאָל" — צווייקעפּיקער אָדלער.

1906, ווען אין קלויסטער האָבן זיך באַוויזן די צוויי מאָנאַכן איליאָדאָר און וויטאַלי. דאָס איז געווען די צייט ווען די צאַריסטישע רעגירונג האָט געוואָלט דערשטיקן די רעוואָלוציע מיט יידישע פאָגראָמען און האָט פון פעטערבורג־אויס אָרגאַניזירט איבער גאַנץ רוסלאַנד די טרויעריק באַרימטע שוואַרץ־מאהניקעס. מיט אַזאַ מיסיע זיינען די צוויי מאָנאַכן אַראָפגעקומען קיין פיטשאַיעוו. זייער ערשטע אַרבעט איז געווען אַריינגעמען אין זייערע הענט אַריין דעם „פאָטשאַיעווסקי ליסטאָק". צו דערזעלביקער צייט האָבן זיי אויך אָנגעהויבן פאַרשפרייטן העץ־בלעטלעך קעגן יידן און קעגן אַלץ, וואָס איז פראָגרעסיוו. דער „פאָטשאַיעווסקי ליסטאָק" האָט אָנגעהויבן אַרויסקומען אין צענטליקער טויזנטער עקזעמפלאַרן און איז פאַרשפרייט געוואָרן איבער גאַנץ דרום־רוסלאַנד. די הויפט־טעמע פונעם בלעטל איז געווען, אַז יידן טאָרן ניט וואוינען אין אַזאַ הייליק אָרט ווי פיטשאַיעוו און אַז מ'דאַרף מיט אַ פאָגראָם אומברענגען אַלע יידן.

די צוויי מאָנאַכן, איליאָדאָר און וויטאַלי האָבן אָנגעהויבן אָפט דורכפירן אין שטעטל הייליקע פראָצעסיעס מיט הייליקע פאָנען, מיט דער איקאָנע פון דער „הייליקער יונגפרוי" און פון אַנדערע הייליקע. בעת אַזעלכע פראָ־צעסיעס, פלעגן די צוויי מאָנאַכן האַלטן פייערדיקע העץ־רעדעס קעגן יידן. איינמאָל בעת אַזאַ רעדע, האָבן זיי געוויזן דעם המון אַ שטיין, וואָס יידן האָבן געוואָרפן אויפן בילד פון דער הייליקער יונגפרוי. ס'איז געוואָרן אַ טומל, ס'האָבן זיך דערהערט אויסרופן: „לאָמיר גיין שלאָגן די יידן!". די פאָליציי מיטן „נאַדזיראַטעל" (שעף), זיינען אָבער געווען אויפן פלאַץ און ניט דערלאָזט צו קיין אומרוען. אַזעלע פאַלן האָבן פאַסירט ניט איין מאָל. די צוויי מאָנאַכן האָבן ניט געשפאָרט קיין מי, זיי זיינען פשוט געקראָכן פון דער הויט, סיי ווי שרייבער, סיי ווי רעדנער, זיי האָבן אָנגעוואָנדן אַלע מעגלעכקייטן אַרויסצורופן אַ פאָגראָם אויף יידן און זיי פאַרטרייבן פון פיטשאַיעוו. דער „נאַמיעסטניק" — אַרכימאַנדריט פונעם קלויסטער האָט די צוויי מאָנאַכן געשטערט אין זייער שוואַרצער אַרבעט און צו נישט געמאַכט אַלע זייערע פלענער. דער אַרכימאַנדריט האָט ניט געקאָנט פאַר־טראָגן איליאַדאָרן און וויטאַלין, וואָס די הויכע אינסטאַנצן האָבן אים צו־געשיקט אין קלויסטער אַריין. ער האָט געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען פון זיי פטור צו ווערן. די „שוואַרץ־מאהדיקע" פירערשאַפט אין פעטערבורג האָט דאָס אָבער ניט דערלאָזט. דאָס איינציקע וואָס דער אַרכימאַנדריט האָט יאָ געקאָנט טאָן, איז געווען שטערן די צוויי מאָנאַכן אין זייער אַרבעט. יעדן מאָל, ווען זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ הייליקע פראָצעסיע, האָט ער, ווי דער אָנפירנדיקער בעל־הבית פונעם קלויסטער, באַצייטנס באַשטעלט צו זיך דעם פריסטאַוו און „נאַדזיראַטעל" פונעם שטעטל און באַפוילן ניט דער־לאָזן ס'זאָלן אויסברעכן געשלעגערייען, אָדער סתם אומרוען און זיי גע־מאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער רו אין שטעטל. ווען יידן פלעגן קומען

צום אַרכימאַנדריט בעטן שוץ קעגן די צוויי אַנטיסעמיטישע מאָנאַכן, פלעגט ער זיי פאַרזיכערן, אַז „כל זמן איך וועל זיין דאָ אין קלויסטער דער נאַ־מיעסטניק, דאַרפט איר קיין מורא ניט האָבן".

די צוויי שוואַרץ־מאהדיקע מאָנאַכן זיינען אין פּיטשאַיעווער קלויסטער די איינציקע צו וועמען מ׳האָט זיך באַצויגן מיט שינאה מצד די קלויסטער־עלעמענטן. איך האָב קיינמאָל ניט געהערט עלטערע יידן זאָלן האָבן צו דערציילן וועגן שלעכטע גלחים; וועגן גוטע באַציאונגען צווישן יידן און גלחים, האָב איך, פאַרקערט, אַ סך געהערט. די גלחים זיינען חוץ דעם געווען ביי יידן זייער גוטע קונים. אין דעם פּרט האָט אפילו עקסיסטירט אַ מין חזקה. יעדער ייד אין פּיטשאַיעוו האָט געהאַט אַ חזקה אויף אַ באַשטימטן גלח... האָט זיך געמאַכט אַז אַ ייד האָט זיך אַריינגעכאַפּט צו אַ גלח פון אַ צווייטן יידן, פלעגט צווישןביידע יידן קומען צו אַ דין תורה ביים רב.

אַלץ וואָס איך דערצייל דאָ וועגן פּיטשאַיעוו, באַציט זיך אויף יענער צייט, ווען דאָס שטעטל האָט געהערט צו רוסלאַנד אונטער דער הערשאַפט פון די צאַרן. איך געדענק ווען דער צאַר ניקאָלאַי דער צווייטער האָט געמאַכט אַ וויזיט אין פּיטשאַיעווער קלויסטער. דאָס איז געווען סוף די 90ער יאָרן, נאָך דער קרוינונג. דער צאַר האָט דעמאָלט געמאַכט אַ רייזע איבער אַ ריי וויכטיקע שטעט פון זיין מלוכה און דער פּיטשאַיעווער קלויסטער איז געווען צווישן די וויכטיקסטע פּונקטן פון זיין רייזע. מיט חדשים פריער פאַרן צאַרס קומען, האָט מען דאָס שטעטל געראַמט און גערייניקט. האָט זיך אין שטעטל באַוויזן אַ פרעמדער, האָט מען אים ניט געלאָזט דאָרט פאַר־בלייבן צו לאַנג. דאָס שטעטל איז פול געווען מיט געהיים־פּאָליציי און זשאַנדאַרמען. אויך די שטעטלשע איינוואוינער האָבן זיך אויסגעהיט פון צו פיל אַרומגיין איבער די גאַסן. אין שטעטל האָט געהערשט אַ מורא. די יידן האָבן זיך צוגעגרייט באַגעגענען דעם צאַר מיט אַ ספר תורה און ברויט מיט זאַלץ. דער אויסגעקליבענער קאָמיטעט האָט איינגעחזרט די באַ־גריסונגס־רעדע, וואָס האָט באַדאַרפט באַשטיין פון עטלעכע געציילטע ווערטער. פאַר פּיטשאַיעווער יידן איז דעם צאַרס קומען באמת געווען אַ גרויס געשעעניש.

אין טאָג פון צאַרס וויזיט, איז פּיטשאַיעוו געווען איבערגעפולט מיט פּוי־ערים און מיעשטשאַנעס, וואָס זיינען געקומען פון דער גאַנצער סביבה מקבל פּנים זיין דעם צאַר. וויט, וויט פונעם וועג וואָס האָט געפירט קיין קרע־מעניץ ביז צום קלויסטער זיינען גויים און יידן געשטאַנען אויסגעשטעלט אין צוויי רייען. ווען דער צאַר, די צאַרינע און זייערע קינדער, זיינען פאַר־בייגעפאָרן אין זייערע שיינע קאַרעטעס, האָבן אַלע געהויבן די היטלען

און געשריגן „הורראַ!" דער צאַר און די צאַרינע האָבן געענטפערט דורך אַ נייג מיטן קאָפּ. די פּאָליציי איז מונדירן איז געשטאַנען הינטער די רייען. ס'האָט געהייסן, אַז אין פּיטשאַיעוו דאַרף דער צאַר ניט האָבן קיין מענטש־לעכע שוץ, אַז דאָ באַשיצט אים דער גייסט פון דער הייליקער יונגפרוי. איך האָב געזען דעם צאַר ניקאָלאַי מיט זיין גאַנצער סוויטע, מיט די מיניס־טאָרן און גענעראַלן. אַ האַלבע שעה נאָכן געבעט, וואָס מ'האָט לכבוד דעם צאַר און די הויכע געסט, געפּראַוועט אין קלויסטער, זיינען זיי אַלע צוריק־געפאָרן. די מענטשן־רייען האָבן זיך געבראָכן, מ'איז נאָכגעלאָפן די קאַ־רעטעס און געשריגן הורראַ!. איך געדענק ווי דער ייד אברהם דרוקער, איז געלאָפן אין פראַנט פאַר אַלעמען און האָט געהאַלטן אין איין פאָכן מיטן היטל און געשריגן הורראַ. די עלטערן האָבן אַנגעזאָגט זייערע קינדער זיי זאָלן געדענקען דעם טאָג, ווען דער צאַר איז געווען אין פּיטשאַיעוו. פּיטשאַ־יעווער יידן זיינען געווען שטאָלץ מיט דער זכיה, וואָס אַ סך גרעסערע שטעט האָבן ניט געהאַט.

## בעטלער

אין די טעג פון די „אָדפּוסטן", ווען פּיטשאַיעוו איז געווען פול מיט פּילגרימען און סתם באַזוכער, פלעגן אויך קומען אַ סך בעטלער: בלינדע, שטומע, כלערליי קאַליקעס. יעדער בעטלער האָט שוין געהאַט זיין פּלאַץ, וואו צו זיצן און בעטלען. טייל בעטלער פלעגן אויסזינגען אַלטע אוקראַינישע פאָלקס־לידער און פאָלקס־געבעטן. איניקע פלעגן זייער שיין זינגען און דערביי צושפּילן אויף דער לירע — אַזאַ היימיש־געמאַכטער אינסטרומענט. אויף גראָבע סטרונעס, וואָס מ'האָט געדרייט ביי אַ הענטל. דער אומגעהייער גרויסער טומל וואָס איז געשטאַנען אין דער לופט פון אַזוי פיל מענטשן, האָט דאָס געזאַנג פון די בעטלער פאַרט ניט געקאָנט פאַרטויבן. מיר, חדר־ייִנגלעך, האָבן שעהן־לאַנג געקאָנט אָפּשטיין און זיך איינהערן צו די בעטלערישע זינגער און שפּילער. זייער מוזיק איז פאַר אונדז געווען אַ גרויסער פאַרגעניגן. אַ סך בעטלער האָבן מיר גוט געקענט, ווייל זיי פלעגן זייער אָפט זיך באַווייזן אין פּיטשאַיעוו.

די בעטלער פלעגן אין פּיטשאַיעוו מאַכן אַ סך געלט. צום רוב זיינען זיי געווען גרויסע שיכורים. זיי פלעגן ביי אונדז אין שענק פרעסן און זויפן, דער עיקר טרינקען. צווישן זיך פלעגן זיי זיך אַלע מאָל אָרומקריגן און זיך שלאָגן מיט די קוליעס ווי אמתע רוצחים. ס'זיינען געווען בעטלער און בעטלערקעס, אפילו יונגע בלינדע מיידלעך, וואָס פלעגן האָבן אַ פירער. ביי די קריגערייען אין שענק פלעגן אָפט אַרויסקומען ליבע־סקאַנדאַלן, דאָס טאָקע פלעגט זיין די סיבה פון די געשלעגערייען. בכלל האָבן זיי געפירט אַ צעלאָזן לעבן און פלעגן פראַווען עקלדיקסטע אָרגיעס.

פון אַ דאָרף ניט ווייט פון פּיטשאַיעוו פלעגט תּמיד קומען אַ בעטלער מיט געליימטע הענט און זיין יונג שיקסל, אַ געליימטע אויף יעדע פיס, וואָס האָט ניט געקאָנט מאַכן די מינדסטע באַוועגונג און איז געלעגן אין אַ וועגעלע. ברענגען פלעגט זיי אויף אַ פור דעם בעטלערס זון. אָט דער בעטלער מיט זיין טעכטערל פלעגן באַזונדערס מאַכן אַ סך געלט. זיי פלעגן איינשטיין ביי אונדז. אַלע פּאָר שעה פלעגט ער זיך אַריינכאַפּן צו אונדז און אויס־ליידיקן דאָס געלט פון אַלע זיינע קעשענעס. ער האָט געטראָגן אויפן האַלדז אַ טאָרבעלע וואוהין גוטהערציקע מענטשן פלעגן אַריינוואַרפן זייער נדבה. דאָס מיידל פלעגט מאַכן נאָך מער געלט ווי איר פאָטער. אויך ער איז געווען אַ גרויסער שיכור. דעם גאַנצן טאָג פלעגט ער אָן אויפהער טרינקען. אָט דער בעטלער האָט אין זיין דאָרף געהאַט אַ פאַמיליע. זיין פרוי האָט קיינ־מאָל ניט געוואָלט קומען מיט אים קיין פּיטשאַיעוו. ווען זיין זון איז אונטער־געוואַקסן, האָט ער אויך מער ניט געוואָלט פירן דעם פאָטער קיין פּיטשאַיעוו. דער בעטלער פלעגט פון דעמאָלט־אָן דינגען אַ פויער, וואָס האָט אים געבראַכט צופירן אויף די „אַדפּוסטן". זיין משפּחה האָט זיך געשעמט מיט דער בעטלער־פּרנסה, ער אַליין פלעגט זיך חבֿרן מיט די פּראָפעסיאָנעלע בעטלער, אָבער ווייטער פון פּיטשאַיעוו פלעגט ער ניט פאָרן. די פּיטשאַ־יעווער „אַדפּוסטן" האָבן אים אַריינגעבראַכט מער ווי ער האָט באַדאַרפט.

## אַלט־פּיטשאַיעוו

אַלט־פּיטשאַיעוו איז געווען, ווי שוין אויבן דערמאָנט, אַ דאָרף ניט ווייט פונעם שטעטל. קיין יידן האָבן דאָרטן ניט געוואוינט. יעדער פויער אין אַלט־פּיטשאַיעוו האָט געהאַט אַ גרויסן סאָד מיט פרוכט־ביימער, באַזונדערס האָט דאָס דאָרף געשמט מיט זיינע קאַרשן און וויינשל. זומער־צייט פלעגט אַלט־פּיטשאַיעוו פאַרפלייצן פּיטשאַיעוו מיט פרוכטן.

מיין באַשרייבן פּיטשאַיעוו וויל איך פאַרענדיקן מיט אַן אָנגענעמער דער־מאָנונג פון מיינע קינדער־יאָרן. אין אַלט־פּיטשאַיעוו איז געווען אַ פויער, מיקאר האָט ער געהייסן. אין זיין גאָרטן איז געווען אַ קאַרשן־בוים, וואָס זיינע פרוכטן פלעגן צייטיק ווערן פריער פאַר אַלע אַנדערע. פונקט זונטיק, פּרשת קורח, פלעגט ער זיין אין אונדזער שטעטל דער ערשטער פויער, וואָס האָט געבראַכט קאַרשן צו פאַרקויפן. ער האָט געהאַט אַ קליין מעסטל — אַן ערדן קריגעלע. אַזאַ קריגעלע קאַרשן האָט געקאָסט אַ קאָפּיקע. איז שוין געווען ביי אונדז אַ מינהג, אַז זונטיק, פּרשת קורח, האָבן מיר, קינדער, געמאַכט שהחיינו אויף די רויטע קאַרשן, וואָס מיקאר האָט געבראַכט פון אַלט־פּיטשאַיעוו.

ה. געלערנט

# מכוח פיטשאַיעוו און דעם קלויסטער

## הוספות צו די אַרטיקלען פון ד"ר י. שאַצקי און חנא זאַלץ

דער אייגנטלעכער נאָמען פונעם שטעטל — פּאָטשעוו איז דאַטירט צום אָרט וואָס מען פלעגט רופן אַלט־פּיטשאַיעוו. הגם קיין גענויע דאַטע וועגן דעם אויפקום פון וואוין־אָרט איז ניט פאַראַן, אָבער סימנים וועגן דעם אָנהייב פון באַזעצן זיך דאָרט זיינען מרמז אויף אַ גאַר פריען אַלטער. לויט אייניקע לעגענדעס וואָס זיינען פיקסירט אין די „סקאַזאַניאַ אָ פּאָטשייעוו־סקאַי לאַוורע" — לעגענדעס וועגן דער פּיטשאַיעווער לאַווּרע, איז דאָס אָרט אויפגעקומען נאָך איידער וואַלין האָט זיך פאַרמירט. *)

אין 1855 האָט דער פירשט ניקאָלאַי אַלעקסאַנדראָוויטש גאַליצין באַזוכט פּיטשאַיעוו. ער האָט באַשריבן דעם פּראַכט פון דער לאַוורע און דערביי אָנגעוויזן אויף עטלעכע פאַקטן, וואָס גיבן אונדז אַ שליסל צו דערגיין דעם יאָרהונדערט פון דעם אויפקום פונעם אָרט.

אין אַן אָפּגעלייגטן קאַמער־ווינקל האָט ער געפונען הייגנען אויף אַ וואַנט צוויי גרויסע פּאָרטרעטן, געמאָלן גאַנצע פיגורן. איינער איז געווען פון ניקאָלאַי פּאָטאָצקי„ געוועזענער סטאַראָסטע פון קאַנעוו. י. שאַצקי וויל האָבן, לויט ניעמצעוויטשן, אַז ער איז געווען בעלזער וואָיעוואָדע. מעגלעך, אַז דאָס איז ער געווען אין אַן אַנדער צייט. ער, ניקאָלאַי פּאָטאָצקי האָט אין 1771 אויפגעבויט דעם סאָבאָר און מאָנאַסטיר; **) דער צווייטער פּאָר־טרעט איז געווען פון דער פאַמיליע פּיאַדאָר און זיין פרוי עוואַ און זייערע צוויי קינדער. אונטער דעם צווייטן פּאָרטרעט זיינען געווען אָנגעגעבן אויף פּויליש די אותיות: H.T.D.K.G.P.K. וואָס באַדייטן: Hryckiewcz Theodor Dumaszewski komornik granic powiatll Krzemienieckiego.

אַ צווייטער אויפשריפט אין פּויליש לייענט זיך אַזוי:
Fundatowie starei cerkwiw Poczaiowie W. W. (Wilmozni) P. R. 1649.

---

Н. А. Галицин — Почаевская Лавра
Киевская Старина 1882 Июнь, стр. 372/3

**) וועגן דעם קאָנעווער פּאָטאָצקי זע:
Вестник Западной России 1867 Стр. 145-54

מיר זעען דאָ קלאָר פאַרנאָטירט דאָס יאָר ווען די אַלטע קירכע איז געַ־גרינדעט געוואָרן (1649). און דאָס איז, על פּי מסורה באַקאַנט, אַז דער קלויסטער איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויפן באַרג, דאָרט זאָל אין 1240 זיך האָבן באַוויזן גאָטס מוטער. צווישן די פּולע וואונדער וואָס ס׳האָבן זיך געוועבט אין דער פאַנטאַזיע, איז איינער אַ „נס" געווען אַ „באַשיינפּער־„לעכער" — באשר, אויף אַ פעלז וואָס איר פוס האָט באַטראָטן איז אויף דעם אָרט אויפגעקומען אַ וואַסער־קוואַל. די לעגענדע וויל האָבן, אַז נאָר אויף אָט דעם פעלז...

דער פירשט נ. אַ. גאַליצין האָט אויך דאָרט געפונען, אין דער ביבליאָטעק־קאַמער צוויי גאָר אַלטע ביכער און אַ האַנט־מאַנוסקריפּט, יקר המציאותן, ווי ער רופט זיי. איין בוך מיטן טיטול — דער נייער הימל מיט נייע שטערן, געדרוקט אין לוואָוו (לעמבערג) אין 1665. דאָס צווייטע — פּיטשאַיעווער באַרג. דער מאַנוסקריפּט איז באַטיטלט: „זשיציע פּרעפּאַדאָווגאַוואַ יאָוואַ" — דאָס לעבן פונעם הייליקן יאָוואַ (יעהאָוואַ). דאָס זיינען אפנים די הויפּט־מקורים פון די לעגענדעס אַרום דעם באַרג, אויף וועלכן דאַמאַשעווסקי האָט אין 1644 אויסגעבויט די קירכע, און די לעגענדעס וואָס האָבן זיך דעמאָלט געוועבט אַרום דעם באַרג, זינט 1240. אין 1241 איז חרוב געוואָרן דורך דעם טאָטער באַטיאַ.

דאָס אָרט האָט אין 16טן יאָרהונדערט געהערט צו איינער אָרלאַ. דער גריכישער מיטראָפּאָליט, נעאָפיט האָט איר געשענקט אַ מתנה אין 1559, אַ איקאָנע, געבראַכט פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אַרום דער איקאָנע האָבן ציר־קולירט אַלערהאַנט לעגענדעס פון „ניסים". פון יענער צייט אָן האָבן זיך דאָרט אויפגעהאַלטן אַ צאָל גייסטלעכע, ביז 1720, ווען די אוניאַטן באַ־זיליאַנער האָבן דאָס אָרט פאַרנומען.

פון די דאָזיקע ידיעות זיינען, בכן, געדרונגען צוויי אויספירן, נעמלעך: דאָס אָרט אַלט־פּיטשאַיעוו איז, לפּחות, אַלט העכער זיבן־הונדערט יאָר. ערשט אין 1771 איז דער קלויסטער אויסגעבויט געוואָרן פון שטיינער, מיט אַלערהאַנט געביידעס אַרום, וואָס איז געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען — פּיטשאַיעווער לאַווּרע. דעמאָלט איז שוין דאָרט געווען אַ גרעסערער ישוב. דאָס פירט אונדז צו אַ השערה, אַז דעמאָלט האָט זיך אויך אָנגעהויבן דער יידישער ישוב. עס לייגט זיך ממש אויפן שכל, אַז עס האָט אַנדערש ניט געקאָנט זיין. אָט פאַרוואָס: פּיטשאַיעוו איז אינגאַנצן דערוויַיטערט פון קרעמעניץ אויף אַ מרחק פון 23 וויאָרסט. די יידן פון קרעמעניץ האָבן דעמאָלט פאַרנומען אַ גאָר חשובן אָרט אינעם ועד ארבע ארצות — פיר לענדער ראַט. פאַרשטייער זיינען געפאָרן אויף די אסיפות. אַ גאָר ענגער קאָנטאַקט איז דעמאָלט געווען מיט אנשי שם אין קראָקע

און אַנדערע אַנגעזעענע שטעט. אַ אָנגעזעענע צאָל יידישע שטעטלעך אַרום קרעמעניץ האָבן שוין געהאַט עקזיסטירט. עס איז לאַ ימלט, אַז דער וועג פון קרעמעניץ קיין גאַליציע, געפירט דורך פּיטשאַיעוו זאָל פון יידן איגנאָרירט זיין לידיק. נאָכמער — די אויסגעפונענע מציבה, דאַטירט 1804, וואָס דער יינגער יחיאל רודמאַן דערמאָנט, איז אויך געוועזן אין אַלט-פּיטשאַ-יעוו. מען דאַרף, בכן, רעכענען אַז סוף 18טן יאָרהונדערט האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן דער יידישער ישוב *).

*) זע: יחיאל רודמאַנס בריוו אויף זייט 126.

## הרב עקיבא אָזשעך (אגי)

# וואָס דער „אָדפּוסט" איז געווען פאַר פּיטשאַיעווער יידן

### (אַ ביסל זכרונות)

די פּיטשאַיעווער לאַווּרע האָט, ווי באַוואוסט, געהאַט אירע אייגענע חגא־טעג — די „אָדפּוסטן". לכבוד אַן „אָדפּוסט" פלעגן פון נאָענט און ווייט קריסטן עולה רגל זיין קיין פּיטשאַיעוו. אַלט און יונג, פון שטעט און דערפער, צופוס און אויף וועגענער, האָבן מחנות פּילגרימען, געשטראָמט אין שטעטל אַריין. די עלטערע זיינען געקומען תפילה טאָן אין דער לאַווּרע, זיך באַזאָרגן מיט אַ פּאָר פלעשער „היילִיק" וואַסער — „טרערן פון דער הייליקער מוטער" וואָס האָט געזאָלט דינען פאַר אַ רפואה צו אַלע קראַנקייטן... פאַר די יונגע איז דער „אָדפּוסט" געווען גיכער אַ געלעגנהייט אַ הוליע־טאָן, זיך וואַלגערן אין די שענקן, זיך אַמוזירן אויף די קאַרוסעלס און אין די צירקן. די כוונות, וואָס די פּילגרימען האָבן געהאַט מיט זייער קומען, זיינען די יידן ווייניק וואָס אָנגעגאַנגען. דער עיקר איז פאַר זיי געווען ס׳זאָלן קומען וואָס מער געסט. האָבן פּיטשאַיעווער יידן, ערב אַן „אָדפּוסט" טאָקע מתפלל געווען אויף אַ גינסטיק וועטער פאַר די וואַנדערער. יידן האָבן זיך אויסגעקוקט די אויגן אויף אַן „אָדפּוסט". פאַר זיי איז עס געווען אַ פראַגע פון אַ שטיקל ברויט פאַרן מאָרגנדיקן טאָג, אָפט איז דער „אָדפּוסט" אפילו געווען דער מקור פון פרנסה פאַרן גאַנצן ווינטער.

ניט געווען קיין ייד אין פּיטשאַיעוו, וואָס זאָל ניט געווען אַרויסקוקן אויפן „אָדפּוסט". די בעקער האָבן געבאַקן ברויט, ווייסע בולקעס און בייגל פאַרן „אָדפּוסט". די צוקערניקעס פלעגן וואָכנלאַנג פריער שוויצן ביים ציען פאַסן געפאַרבט צוקער־טייג, וואָס זיי פלעגן צעשניידן אויף קליינע שטיקלעך, זיי וויקלען אין קאָלירטע פאַפּירלעך און פאַרקויפן אין די חגא־טעג. די שפּייז־געוועלבער פלעגן אָנגרייטן פעסער געזאַלצענעם הערינג, דאָס באַליבטסטע מאכל ביי די פּויערים. זיי פלעגן דעם הערינג צוערשט וואַשן און טרינקען דאָס געזאַלצענע וואַסער, דערנאָך פלעגן זיי אים צערייסן אין דער לענג ,ווי להבדיל דער ייד דעם פּורים־קוילעטש, און מיט גרויס אַפּעטיט אים עסן מיט שוואַרץ דאַרפיש ברויט. עטלעכע טעג נאָכן „אָדפּוסט", פלעגט די לופט אין שטעטל נאָך זיין אָנגעזאָפּט מיטן ריח פון געזאַלצענעם הערינג, סיידן גאָט האָט זיך דערבאַרימט און אַראָפּגעשיקט אַ שטאַרקן גאָס רעגן, וואָס האָט

אָפּגעשווינקט די איבערבלייבעכץ און די לופט איז ווידער געוואָרן זומערדיק פריש. באַזונדערס פלעגן זיין פאַרהאַרעוועט די קוואָס־הענדלערביים מאַכן קוואָס. זיי פלעגן האַלטן אין איין פאַרזוכן דעם טעם, פול מיט שרעק די פויערים זאָלן חס חלילה ניט אויסבראַקירן זייער פאַבריקאַציע. ס׳איז אויך אויפגעקומען אַ נייער סאָרט קרעמער וואָס האָבן פאַרקויפט הייסע טיי פאַר־זיסט מיט געברענטן צוקער. אויב ס׳האָט זיך אַלץ ניט געשפּירט קיין זיסקייט אין דער טיי, פלעגן זיי עצהנען דעם גוי צו מישן מערער מיטן לעפעלע — און נאָך אַ צייט מישן, פלעגט ער טאַקע דערשפּירן אַ זיסקייט אין דער טיי... די סטאָליאַרעס, די שענקערס, די גאַלאַנטעריי געשעפטן — אַלץ איז געווען באַשעפטיקט פאַרן „אָדפּוסט" ביים צוגרייטן — און אין די „אָדפּוסט"־טעג ביים פאַרקויפן.

די וואָס האָבן קיין געשעפטן ניט געהאַט און קיין בעלי־מלאכות זיינען זיי אויך ניט געווען, האָבן אויך ניט אויפגעהערט צו בעטן אויף אַ גרויסן „אָד־פּוסט", וואָס זאָל ברענגען מיט זיך וואָס מער פּילגרימען און טאַקע פון דער וייט, וואָס זאָלן שטיין עטלעכע טעג, און מ׳זאָל זיי קאָנען אַריינבעמען צו זיך אין שטוב אויף נאַכטלעגער. אַזאַ שטיקל הכנסה קאָן מען צושטוקעווען צו די אַנדערע, קנאַפּע הכנסות, און פאַרדעקן עטלעכע חובות־לעכער. אָדער גאָר, (לאָמיר זיך ניט שעמען), צוזאַמענקלייבן אַ פּאָר גראָשן אויף שבת. אַלע האָבן געוואַרט אויפן „אָדפּוסט" און יעדער האָט געזוכט אויסנוצן דעם מאָמענט און די געלעגנהייט צו פאַרדינען ביי עפּעס עטלעכע גראָשן.

פאַרשיידן האָבן אויסגעזען די „האָטעלן" וואָס דער פּיטשאַיעווער ייד פלעגט צוגרייטן פאַר די „געסט"... פאַרן פּראָסטן „נאַראָד" האָט מען אויסגעראַמט די צימערן, אַרויסגעטראָגן יעדער שטיקל מעבל, מ׳האָט אויסגעשפּרייט שטרוי אויף די דילן און אַריינגעפּאַקט אין די צימערן „געסט" אַזוי געדיכט וויפל ס׳האָט נאָר געקאָנט אַריין.. ניט אַזוי לייכט איז עס אָנגעקומען דעם פּיטשאַ־יעווער ייד צו פאַרוואַנדלען די פּאָדלאָגע פון זיין הויז אין אַ בעט, וואָס זאָל האָבן אויף זיך אַ שטרוי־מאַטראַץ, ווייל ווי האָט דאָס אַ פּיטשאַיעווער ייד געקאָנט האָבן שטרוי, אַז קיין סטאַדאָלעס מיט היי און שטרוי איז ניט געווען בנמצא אין גאַנצן שטעטל. האָט זיך דער ייד אַן עצה געגעבן. ער האָט אַרויסגענומען די שטרוי פון אַלע בעטן וואָס האָבן זיך געפונען אין זיין שטוב און וואו ס׳האָט זיך נאָר געפונען אַ שטרוי אויפן בוידעם, אויפן הויף, ערגעץ וואו אין אַ פאַרגעסענעם קאָסטן אין קעלער — איז אויסגענוצט גע־וואָרן צום דינסט. מיטן צוזאַמענגענומענעם שטרוי, פלעגט מען „באַשטרויען" די דילן, וואו די געהויבענע געסט פלעגן האָבן זייער נאַכטלעגער. אמת, קיין גאָר ווייך געלעגער איז דאָס שטרוי ניט געווען. ס׳איז אָבער פּאָרט ניט געווען קיין נאַקעטער דיל... צומאָל פלעגט דער פויער אויפשטיין מיט טענות צום יידן, באשר ס׳איז געווען אַ ביסל צו האַרטלעך צו שלאָפן. דער

ייד פלעגט אויסהערן די טענות און געבן דעם פויער צו פאַרשטיין, אַז קיין פעלדער האָט ער דאָך ניט און קיין „פּאָמיעשטשיק", וואָס האָט סטאַדאָלעס מיט שטרוי איז ער אויך ניט, טאָ פון וואַנען זאָל ער נעמען שטרוי? ער אַליין, דער בעל־הבית, איז אויך ניט געשלאָפן אויף אַזאַ געהויבענעם ווייכן געלעגער. ס'איז דאָך אַן „אַדפּוסט"־טאָג און מ'דאַרף פאַרבייגן אויף באַקוועמלעכקייטן. דער פויער פלעגט אויסהערן די פאַרציע מוסר און ווייכער ווערן. קענטיק אַז ער האָט אַנגענומען דעם יידנס דערקלערונג; ער פלעגט פאַררוקן אויף דער פּאַטילניצע די פעלענע קוטשמע, וואָס ער פלעגט טראָגן סיי זומער סיי ווינטער, און פרעגן זיין שטענדיקע האַרבע קשיא: „יאַק טאָ שטאָב או זשידאָ נע בולאָ"? (ווי איז מעגלעך אַז ביי אַ יידן זאָל עפּעס פעלן?)

דאָס צוזאַמענקלייבן דאָס געלט פאַרן נאַכטלעגער, איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. אויב די פויערים געסט זיינען אַלע געווען פון איין דאָרף, פלעגן זיי אויסקלייבן אַ „נאַטשאַלניק", וואָס פלעגט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אויפפירונג פון זיינע דאָרפסלייט. ער פלעגט צוזאַמענקלייבן דאָס געלט פאַרן נאַכטלעגער און איבערגעבן דעם בעל־הבית. ווען די פויערים פלעגן אָבער זיין פון פאַרשיידענע דערפער, דאַן פלעגט דער ייד מוזן אַליין אויפמאָנען דאָס געלט פון יעדן פויער באַזונדער. פלעגט ער וואַרטן ביז שפּעט אין דער נאַכט, ווען אַלע פויערים האָבן זיך שוין צוזאַמענגעקליבן און ווען אַלע זיינען שוין געווען אויסגעלייגט יעדער אויף זיין „געלעגער", דעמאָלט ערשט פלעגט דער ייד נעמען שפּאַנען איבער די קעפּ פון די שלאָפנדיקע פויערים, זיי אויפוועקן און אַזוי צוזאַמענקלייבן די עטלעכע גראָשן.

עס זיינען אויך געווען „האָטעלן" פאַר בעסערע געסט. דאָס זיינען געווען די האָטעלן פאַר די גלחים וואָס פלעגן קומען מיט „פּראָצעסיעס". אָט די גלחים פלעגן זוכן אַן אָרט אויף איבערצונעכטיקן. זיי פלעגט מען שוין ניט לייגן אויפן דיל. פאַר זיי פלעגט מען אָפּגעבן אַ צימער, וואו ס'האָט זיך געפונען אַ בעט און אַ טיש מיט בענקלעך. ניט אַלע האָבן אָבער זוכה געווען צו קריגן אַזעלכע געהויבענע געסט. ניט אַלעמענס דירות זיינען געווען צוגעפּאַסט פאַר אַזעלכע „חשובע אורחים". אויך ניט אַלע האָבן געהאַט די „זכיה" אַריינקריגן אַ גלח אויף קוואַרטיר. נאָר די יידן וואָס זיינען געשטאַנען אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיטן קלויסטער, געפירט געשעפטן מיט די גלחים, געדונגען ביי דער לאַוורע סעדער, געקויפט ביי זיי האָניק, נאָר אַזעלכע האָבן געהאַט אַ שאַנס אַליין צו קריגן אַ גלח און אויך אַ מאָל רעקאָמענדירן אַזאַ אורח צו אַ צווייטן ייד, ווען ער אַליין האָט שוין ניט געהאַט קיין פּלאַץ פאַר אַזאַ מין גאַסט. די יידן וואָס האָבן אַליין קיין צוטריט צו דער לאַוורע ניט געהאַט און האָבן אויך געוואָלט אַ מאָל געניסן פון „עולם הזה" — האָבן ביי זיך אין שטוב אַזאַ טייערן גאַסט ווי אַ גלח, וואָס איז אַליין אַ סגולה צו פּרנסה — האָבן געזוכט פּראָטעקציע ביי די יידן וועלכע זיינען געווען גאָר נאָענטע

„מחותנים״ מיטן קלויסטער. געבעטן ביי זיי ניט צו פאַרגעסן אויך אין זיי און זיי צוצושיקן אַ גלח אויף נאָכטלעגער לעת מצוא.

וויפל פלעגט זיך דער פיטשאַיעווער ייד אָנמאַטערן ביי די גויאישע „אָדפּוסטן״. וואָס זיינען געווען די הויפּט קוואַלן פון וואַנען ער האָט געשעפּט זיין אָרעמע מאָגערע פרנסה! וויפל מי און האָרעוואַניע, פול מיט פחד און שרעק פאַר פּאָגראָמען, פלעגט דער פּיטשאַיעווער ייד איבערלעבן צווישן די טויזנטער ווילדע אוקראַינישע גויים, וואָס פלעגן דערצו נאָך געהעצט ווערן צו פּאָ־גראָמען. דאָס שטעטל האָט געלעבט מיט נסים ביז די גרויליקע, שוואַרצע מערדער האַנט האָט אויך ניט אויסגעמיטן דעם אייגנאַרטיקן יידישן ישוב אינעם קריסטלעך פאַרהייליקטן פּיטשאַיעוו.

# אין נעץ פון רישעות

ה. געלערנט

## אַ גיפטיקע צוואה אויסצוראָטן די יידן

אין זיין דערציילן וועגן דעם פיטשאַיעווער קלויסטער, דערמאָנט חנא זאַלץ דעם נאָמען פונעם אַרכימאַנדריט, וויטאַלי, וואָס האָט געהעצט די קריסט־לעכע באַפעלקערונג צו אַ פּאָגראָם אויף די יידן. ס'האָט זיך אים ניט איינ־געגעבן, מחמת דער שטעטל־אַדמיניסטראַטאָר האָט זיך אים געשטעלט אין וועג.

ווען מען באַקענט זיך אָבער מיט די פּרטים, סיי פון דער פּאָגראָם־העצע, סיי און בפרט פון דער גרויסער חשיבות פונעם אַרכימאַנדריט אינעם צאַרישן הויף, ווער שמועסט, ווען מען דערוויסט זיך פון דער אַלגעמיינער פּאָגראָם־קאַמפּאַניע וואָס די צאַרישע סאַטראַפּן האָבן דעמאָלט געפירט אין לאַנד, ווערט מען ממש פאַרחידושט פון דעם פאַקט, וואָס אַ קליינער נישטיקער באַאַמטער אינעם שטעטל זאָל עס האָבן געוואָגט און געקענט זיך אַנטקעגנצושטעלן, און אויספירן, אַז קיין פּאָגראָם זאָל דאָרט ניט זיין. ניט אַנדערש, אַז אינעם שטעטל האָט דער שלום בית צווישן יידן און קריסטן גובר געווען די דאָזיקע העצע. ניט נאָר אינעם שטעטל גופא, נאָר אויך די קריסטן פון די אַרומיקע דערפער זיינען געווען ממש צונויפגעלעבט מיט די יידן.

אַז די דאָזיקע ברידערלעכקייט איז עס געווען דער הויפּט פאַקטאָר, באַווייזן אונדז די ווייטערדיקע פּרטים, וואָס מיר ברענגען.

נאָך דער ליקווידאַציע פון דער רעוואָלוציע פון 1905 האָבן די צאַרישע סאַטראַפּן אויפגעהויבן אַ פּאָגראָם־אַגיטאַציע קעגן די יידן, ווי די איינציקע שולדיקע אין דער רעוואָלוציע, ווי די ערגסטע שונאים פונעם צאַרישן רעזשים. דער צאַרישער הויף האָט אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „סאָיוז רוסקאָוואָ נאַראָדאַ״ — פאַרבאַנד פונעם רוסישן פאָלק. באַזאָרגט מיט געלט און מיט אַ גרויסן אָנשפּאַר אויף דער אַנטיסעמיטישער צייטונג אין פּעטערבורג — „נאָוואָיע ווראַעמיאַ״ — די נייע צייט און אַנד. פון פּעטערבורג האָט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע פאַרפּלייצט פּאָגראָם שינאה אינעם גאַנצן געדיכטן יידישן וואוין־שטח, דעם „תחום״, ווי ער איז באַ־צייכנט אין דער געשיכטע. דער קלער אין דער קירכע האָט געשפּילט אַ

גרויסע ראָלע אין העצן די קריסטן, בעת דאָס פּראָוועזן די „מאַליטוועס״ (געבעטן) אין די קלויסטערס. דער אַרכימאַנדריט, וויטאַלי איז געווען דער „קאָפּ״ פונעם „סאָיוז רוסקאַווא נאַראָדאַ״ אין פּיטשאַיעוו און אין וואָלין בכלל. חוץ אין די זונטיקס, בעת די „מאַליטוועס״, האָט ער געפירט אַ פּאָגראָם־העצע אינעם פּיטשאַיעווער בלעטל („פּאָטשאַיעווסקי ליסטאָק״), וואָס האָט זיך געדרוקט אין דער דרוקעריי פון דער לאַווראַ. אונטערן לאָזונג „צאַר באַטיושקאַ אי מאַמושקאַ ראָססיאַ״ — צאַר פאָטערל און מאַמעלע רוסלאַנד — באַגלייט מיטן הייליקן פּראַוואָסלאַוונעם גאָט, אָט די דריי־אייניקייט האָט עס באַדאַרפט צעגליען די געבליטן פונעם המון נוקם זיין זיך אין די מורדים, די זשידעס, רעוואָלוציאָנערן. אין אייניקע ערטער פון וואָלין, בפרט אין דער גובערניאַלער שטאָט זשיטאָמיר, זיינען פאָרגעקומען פּאָגראָמען. דאָס האָט אוודאי געזאָלט האָבן אַ השפעה אויף פּיטשאַיעוו. ווען עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אויף דער אָרטיקער באַפעלקערונג קלעפּט זיך ניט צו די גיפט האָט וויטאַלי צוגעטראַכט אַ ממזריש שפּיצל. ער האָט אינעם דערמאָנטן בלעטל אָפּגעדרוקט אַ כלומרשט דערהאַלטענעם בריוו, אין וועלכן מען וואָרנט אים, אַז זיין אייגענער קאָפּ איז אין קאָן. אים, דעם הייליקן אַליין, ווילן די זשידעס אומבברענגען... אַז עס זאָל פּסיכאָלאָגיש ווירקן, האָט ער דעם דאָזיקן בריוו־טעקסט באַ־גלייט אינעם אָנשטעל פון אַ צוואה, אין וועלכער ער האָט זיך אַרויסגעשטעלט ווי דעם „גליקלעכסטן״ וואָס גאָט האָט אים מזכה געווען צו זיין דער קרבן פאַרן „פּראַוואָסלאַוונעם פאָלק״...

מיר ברענגען דאָ דעם גאַנצן טעקסט פונעם כלומרשטן בריוו און די צוואה זיינע. *)

„איך האָב דערהאַלטן די דריטע וואָרנונג פון די זשידעס־רעוואָלוציאָנערן. מ׳דאַרף הייסט עס, זיין גרייט אויפן טויט. דעריבער לאָז איך מיין צוואה דעם וואָלינער פּראַוואָסלאַוונעם פאָלק וועמען איך האָב געדינט.

„די זשידעס האָבן מיר צוגעשיקט אַזאַ בריוו, געשריבן מיט רויטן טינט:

„נמאסדיקע ברואים, וויטאַלי יאָסיף און אַנדערע הינט, געווג אייך צו פאַרפינצטערן די אויגן פונעם רוסישן פאָלק! געווג צו האַלטן עס אונטערן חושכדיקן דאַך! געווג אונדז אָפּצונאַרן, געווג! מיר קריסטן האָבן זיך שוין באַדענקט, דאָס לעבן אונזערס פירט אונדז צו אַן אַנדער „סאָיוז״ (פאַרבאַנד). ס׳איז געקומען די צייט אויף אייך הינט און אויף אייער מענטשנמערדערלעכע דרוקעריי. איר וועט שוין לאַנג מער דאַרט ניט דרוקן. איר וועט אַרויסגעטראָגן ווערן דורך „באַמבעס״ אין דער לופטן אַרויף, ווי

*) דעם רוסישן אָריגינאַל ברענגען מיר באַזונדער אויף ז. 91־92.

אליהו איז אַהין אַרויף אויף אַ גאָלדענער קאַרעטע. דרוקט וואָס מער, ווייל איר וועט מער קיין צייט ניט האָבן. די צייט (אויף אייך) איז שוין געקומען. דאָס רוסישע פאָלק קען מער ניט ליידן (פון אייך).

פאַרן צענטראַל קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי ס. ר. (סאָציאַליסטן רעוואָלוציאָנערן) דער וואָלינער ס. ר.ישער געגנט־קאָמיטעט".

„אָט דאָס איז ניט קיין אַרבעט פון די פּויערים. זיי קענען ניט (די אַרבעט) פון דרוקן, און דער בריוו איז אַ געדרוקטער. געדרוקט דורך די זשידעס אָדער זייערע נאָכלויפער.

„איך האָב גאַרנישט קעגן זייער אורטייל. די בעלנים אויף מענטשלעך בלוט קענען דאָס דערגרייכן שטענדיק. די דרוקעריי איז ניט פאַרשפּאַרט און ניט באַוואָפנט. דער צוטריט אין מיין ווינקל איז פאַר קיינעם ניט פאַרשפּאַרט. יעדער איינער וואָס וויל עפּעס קומט אַהין. אין די טעג ווען דאָס פאָלק פאַרזאַמלט זיך, בין איך כמעט שטענדיק אויפן הויף מיט די מענטשן. בכן, ווען די פאַרכעוואַטע רעוואָלוציאָנערן אויסצופירן זייער אורטייל, אויף קיין מניעות זיך ניט אָנשטויסן. אויב גאָט האָט מיר באַשערט אַוועקצוגעבן דאָס לעבן פאַרן פּראַוואָסלאַווגעם פאָלק, וועל איך זיך האַלטן פאַרן גליקלעכסטן. אָבער מחמת מיין מיטלייד צו מיין פאָטערלאַנדס נעבעכדיק פאָלק, וואָס איז אַרומגענומען דורך זשידעס, וויל איך, אַז מיין לעצטער קרבן זאָל כאָטש ברענגען אַ נוץ מיין פאָלק. דעריבער פאַרזאָג איך:

„זאָל דאָס פאַרגאָסענע בלוט מיינס אָפּרייניקן פון רוסלאַנד די זשיד־קרענק, זאָל דער הייליקער באַרג אָפּגערייניקט ווערן פון די אַרומגעלייגטע פּיאַווקעס (זויגער), די פאַרכעוואַטע זאַלצעס, יאַקיר, וואָס שפּייען אויף דער הייליקער איקאָנע. די טשערניאַקס אָדער פּינחסעס, וואָס פאַרקויפן אין דער לאַווּרע די געמיינע בילדלעך און אַנדערע מינים זשידאָווסקי אומריינקייטן. זאָל אין רוסלאַנד ניט בלייבן קיין סימן פון זיי."

„זיי, די זשידעס, דורך זייער ווען דערגרייכן אַ קאָנסטיטוציע מיט גלייכבאַרעכטיקונג פאַר זיי, האָבן עס פאַרקאָכט ביי אונדז די בלוטיקע צערודערונגען. איז זאָלן זיי דאָס אַליין אויסזויפן. דאָס פאַרגאָסענע בלוט דאַרף אויפגעמאָנט ווערן פון זיי."

7טער יוני, 1907. ארכימאַנדריט וויטאַלי *)

ווי שוין געזאָגט, אין אָנהייב, האָט די פּאָגראָם־העצע זיינע אָנגעטראָפן אויף טויבע אויערן ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אין שטעטל און אין דערפער אַרום.

---

*) „רוסקי אַרכיוו", 1914, ב' 3 זייטן 424־426.

די דערמאָנטע „נאָוואָיע ווערעמיאַ" האָט דעמאָלט דערציילט, אַז „מיט עטלעכע טעג שפּעטער, דעם 15טן יוני, אַ דאַנק דעם, וואָס די פּאָליציי האָט באַ־צייטנס זיך אַריינגעמישט, זי האָט אַרעסטירט אין אַ יידיש הויז איין יידן און איין קריסט (דער דריטער האָט זיך אויסבאַהאַלטן) מיט 7 באָמבעס... האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרהיטן דאָס אויפרייסן פון דער פּיטשאַיעווער לאַוורע, וועלכע די יידן האָבן געדראָט. דאָס האָט באַוויזן די וואָלינער פּרומע קריסטן צו בעטן אין אַ טעלעגראַמע דעם צאַר, אַז ער זאָל פאַר־אָרדענען — „צו באַזייטיקן פון דעם הייליקן באַרג די פּיטשאַיעווער יידן, וואָס האַלטן אויף ביי זיך די באָמבען־וואָרפער, אַנדערש דראָט אַן אומקום דער הייליקייט פונעם פאָלק" („נאָוואָיע ווערעמיאַ" נומ' 11277, 1907).

נאָך אַזאַ סענסאַציע־ציפער פון געפינען אַזש זיבן באָמבעס, און דערצו נאָך, אין הויז פון אַ יידן, וואָלט מען באַדאַרפט כאָטש אָנרופן דעם נאָמען פון יענעם יידן, אָבער אפילו די „נ. וור." האָט פון אַזעלכן ניט געוווּסט. די אויסטראַכטעניש האָט באַדאַרפט דינען פאַר אַ מאַסקע צו פאַרשטעלן דעם דורכפאַל פון וויטאַלין, וועמענס פּאָגראָם־העצע עס האָט אָנגעטראָפן אויף פאַרשטאָפּטע אויערן ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, אין שטעטל, ווי אין די אַרומיקע דערפער.

דערפאַר אָבער, האָט מען זיך פאַרקירעוועט אויף אַן אַנדער וועג אין קאַמף קעגן די יידן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן עקאָנאָמישער קאַמף. אין דער־זעלבער צייטונג „נאָוואָיע ווערעמיאַ" ווערט דערציילט וועגן דער פּראָפּאַ־גאַנדע וואָס וויטאַלי האָט געפירט אויף די שפּאַלטן פונעם „פּאָטשאַיעווסקי ליסטאָק" צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, פאַר אַרויסשטויסן דעם יידישן קרעמער פונעם קלייטל. אינאיינעם מיט דער ווערביר־קאָמפּאַניע פאַר אָנשליסן זיך אין דער צאַרישער אָרגאַניזאַציע „סאָיוז רוסקאָוואָ נאַראָדאַ" האָט מען אָנגעהויבן אָרגאַניזירן קאָנסום־אַרטעלן, אין די שטעטלעך און אין די דערפער. דעם אָנהייב האָט געמאַכט דער אַרכימאַנדריט וויטאַלי. דעם 16טן אויגוסט 1906 האָט ער אַזאַ פאַרקויף־אַרטעל דאָרט געעפנט. דער לאָזונג, אַז די יידן, די פּראָצענטניקעס רואינירן דעם פּויער, אפילו די פאַרטיידיקער אין געריכט זיינען די פּריוואַט־אַדוואָקאַטן — יידן, איז קיין אַנדער מיטל קעגן זיי ניטאָ, נאָר צו עפענען אייגענע אַזעלכע פאַרקויף־אַרטעלן.

דער עקאָנאָמישער קאַמף איז געווען געשטיצט דורך דער רעגירונג. די רעגירונגס־באַנק האָט געעפנט אַן אָפּטייל אין וואָלין פאַר געבן קרעדיטן צו אַזעלכע אונטערנעמונגען אין די קלענערע ערטער און אין די דערפער. ביי די קירכס זיינען געעפנט געוואָרן קאָנסום־קלייטן מיט לאַגערן פון פּראָוויאַנט אויף צו באַזייטיקן דעם יידישן קרעמער. דאָס כשרן האַנדל ביי דער קירכע איז אונטערגעטראָגן געוואָרן ווי אַ טראַדיציע פון אַמאָל. אונטערן

נאָמען „בראָטי״, ווי עס האָט געהייסן אינעם 18טן יאָרהונדערט די לייַ־און שפּאָר־קאַסעס ביי דער קירכע. האָט מען געכשרט דעם נייעם נאָמען „בראָטס־טוואָ״ פֿאַר געניסן פֿון דער קירכע־היעראַרכיע. מיט דער דאָזיקער אַרבעט האָט מען דערקלערט דעם פּויער, איז געפּעסטיקט געוואָרן דער מצב פֿון דער קירכע און אירע דינערשאַפֿטן.

אין זייער אַ קורצער צייט, אין מאַי פֿון 1907, האָט די מיטגלידערשאַפֿט אין וואָלין באַטראָפֿן 127.000, נאָר די קעפּ פֿון די משפחות. דאָס הייסט, אַ קאָרגער האַלבער מיליאָן נפשות זיינען געווען אַנגעשלאָסן אין דעם „פּאַר־באַנד פֿון רוסישן פֿאָלק״, וואָס איז געשפּייזט געוואָרן מיט גיפטיקער שינאה צו יידן.

דער גענעראַל קראַסילניקאָוו, וואָס האָט רעפּערירט וועגן דער אַקציע, אויפֿן ספּעציעלן צענויפֿפֿאָר אין פּעטערבורג, אין 1908, האָט שטאַרק אַרויסגע־רוקט אין פֿראָנט פֿון דער אַקציע, דעם אַרכימאַנדריט וויטאַלי, ווי דער פּיאָנער אירער, וואָס אַ דאַנק אים זיינען אין דער אָרגאַניזאַציע, נאָר אין וואָלין אַליין, געווען שוין אַנגעשלאָסן 1.700.000 מיטגלידער.

אָבער יידן אין פּיטשאַיעוו האָבן גובר געווען אויך דעם דאָזיקן קאַמף פֿונעם צורר זייערן. דאָס איז צו זען דערפֿון, וואָס נאָך גאַנצע פֿיר יאָר אַרבעט, געשטיצט מיט ביליקע קרעדיטן פֿון דער רעגירונגס־קאַסע. איז אין גאַנץ וואָלין אין 1910 קוים דערגרייכט געוואָרן אַ צאָל פֿון 110 אַזעלכע קלייטלעך און אַרטעלן אין די שטעט, שטעטלעך און דערפֿער. אין די דאָזיקע יאָרן האָט וויטאַלי נאָך געהאַט צו זיך פֿאַר אַ שותּף דעם עלטסטן „הייליקן״ אין רוס־לאַנד, דעם יעראָמאָנאַך איליאָדאָר. ווען ער פֿלעגט זיך לאָזן קיין פּיטשאַיעוו פֿון פּעטערבורג, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט עטלעכע מייל ווייטער פֿון שטעטל, אויף דער באַן־סטאַנציע. פֿון דאָרט איז ער געגאַנגען צופֿוס און אויפֿן וועג מיטגעריסן מיט זיך די פּויערים פֿון די דערפֿער, וואָס האָבן אים באַגלייט צו דעם הייליקן אָרט. בעת יעדן שפּאַן זיינעם האָט ער פֿון זיך אַרויסגע־ברומט די אויסגעצויגענע צוויי ווערטער: ר־ו־ס־ס־ס־ס־ אי־י־ד־י־י־אַ־ט! אַלע האָבן איבערגעחזרט די ווערטער: דער רוס גייט! דער רוס גייט!

יידישער אויסדויער, עקשנותדיקייט, יידישע ביטול־באַציאונג האָט ביי די פּיטשאַיעווער יידן, וואָס זיינען געווען מער אַרומגערינגלט מיט דער טומאה פֿון רישעות און טיפּשות גאָר שטאַרק אויסגענומען. און ווי מיר זעען פֿון די באַשרייבונגען פֿון די פּיטשאַיעווער אין דעם בוך, האָבן שכנים זייערע, די קריסטן מער זיך געבערידערט אינעם לעבן מיט די יידן איידער מיט זייערע שונאים.

ה. געלערנט

# פּיטשאַיעוו — דער צאַרישער ציטאַדעל פאַר פּאָגראָם־העצע

די צעשמעטערטע צאַרישע אַרמייען אויפן ווייטן מיזרח דורך די יאַפּאַנישע קרעפטן אין דער מלחמה פון 1904־1905, וואָס האָבן אָוועקגענומען פּאָרט אַרטור, מאַנדזשוריע, און באַדראָט צו פאַרכאַפּן אפילו סיבירער ווייטע שטחים, ווען ניט דאָס אַריינמישן זיך פון אַמעריקע פאַר אַ גיכן שלום; דער אויפברויז פון די מאַסן קעגן דעם צאַרישן רעזשים אינעם לאַנד, און די רעוואָלוציע פון 1905, האָבן אַרויסגעבראַכט אַ נייעם קער אין דער פּאָליטישער אָריענטאַציע פון דער געזעלשאַפטלעכער עפנטלעכקייט, ווי אין דער לאַנד־פּאָליטיק בכלל. דער צאַר איז געצוואונגען געווען צו איינפירן אַ געזעצגעבערישע פאָלקס־פאַרטרעטונג דורך אַ פאַרלאַמענט. אין אָקטאָבער פון 1905 האָט ער אַרויס־געבראַכט אַ מאַניפעסט פאַר צענויפרופן דעם פאַרלאַמענט, די „דומאַ", גע־קליבן פון פאָלק.

דאָס האָט אָבער נאָר געצילט ווי אַ בליץ־אָפּציער פאַרן מאַסן־אויפברויז אינעם לאַנד, וואָס איז ווירטשאַפטלעך און נאָכמער — פינאַנציעל געווען רואינירט. די רעגירונגס־קאַסע האָט זיך דעמאָלט געניטיקט אין אויסלענדישע הלוואות און מ'האָט באַדאַרפט נושא־חן זיין ביי דער עפנטלעכער מיינונג.

דער פלירט מיט דעמאָקראַטיע האָט לאַנג ניט געדויערט. די רעאַקציע איז גיך געקומען צו זיך. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן די שוואַרצע כוחות אינעם לאַנד. דער פּרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין מיטן אָנשפּאַר אויף דעם יוסטיץ־מיניסטער, שטשעגלאָוויטאָוו, האָבן באַלד נאָכן צענויפקום פון דער ערשטער „דומאַ" צערונען די אילוזיע פון איינפירן אַ פּאַרלאַמענטאַרישע אָרדנונג אין לאַנד. אין פּעטערבורג און אין מאָסקווע זיינען טאָג־טעגלעך געפלאָסן אין די צייטונגען גיפטיקע רייד קעגן די שונאים פון דעם „פאָטערל צאַר און מאַמעלע רוסלאַנד". דובראָווינס „רוסקאָיע זנאַמיאַ" אין פּעטערבורג און גרינגמוטס „מאָסקאָווסקיא וויעדאָמאָסטי" האָבן געזאַמלט אַרום דעם צאַר אַלע פינצטערע כוחות אין לאַנד, אָנגעפירט דורך די גובערנאַטאָרן און מיליטערישע קרעפטן. ווידער די מוזשיקעס, דער המון איז געהעצט געוואָרן דורך דעם קלער אין די קלויסטערס צו באַשיצן דאָס לאַנד פון די שונאים, די פּאָליאַקן, אַרמענער,

ליטווינער, לעטן און די זשידעס, וואָס אַלע זיי האָבן אין דער „דומאַ" געהאַט 130 דעפּוטאַטן.

אין רעזולטאַט דערפון, איז דאָס יאָר 1906 געווען דאָס בלוטיקסטע פאַר יידן. אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען. אין יידישע שטעט ווי ביאַליסטאָק, שעדלעץ, לאָדזש, אָדעס האָט זיך געגאָסן יידיש בלוט ווי וואַסער. די אָנגעשיכורטע קריסטלעכע מאַסן, געשטיצט פון פּאָליציי און מיליטערישע קרעפטן אויף די ערטער האָבן גערויבט יידיש גוטס און געמאָרדעט אויף רעכטס און לינקס. די „דומאַ" איז צעטריבן געוואָרן און די דעפּוטאַטן, געקליבענע, פון די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און פּויערים זיינען פאַרשיקט געוואָרן, ווער קיין סיביר, ווער אין טורמעס פאַרזיגלט. די יוסטיץ האָט געאַרבעט דורך תליות און קאַטאָרגע.

אונטער אַזאַ רעזשים איז געקליבן געוואָרן די צווייטע „דומאַ" וואָס האָט געהאַט די זעלבע מערכה פון דער ערשטער, וואָס איז אויף דעם באַפעל פון צאַר, אין יוני 1907, צעטריבן געוואָרן. דאָס מאָל אָבער שוין מיט אַ כלומרשטער דעמאָנסטראַציע פונעם „פאָלקס ווילן".

דער דאָזיקער „פאָלקס ווילן" איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון דער פּיטשאַיעווער לאַווורע. ס'האָט דער גייסטיק צעדרייטער מאָנאַך איליאָדאָר און דער אַרכימאַנדריט וויטאַלי, פאַרשפּרייט אין וואָלין און אין פּאָדאָליער גובערניע די „פּאָטשאַיעווסקאַיאַ איזוועסטיאַ" וואָס איליאָדאָר האָט אַרויסגעגעבן, וואָס האָט „אויפגעקלערט" די גלחים אין די שטעט און דערפער ווי אַזוי צו אָנציען די מוזשיקעס קעגן די זשידעס. אויך דאָס ספּעציעלע פּאָגראָם־בלעטל „פּאָטשאַיעווסקי ליסטאָק", אַרויסגעגעבן פון וויטאַלין, איז וויט פאַרשפּרייט געוואָרן. און אין רעזולטאַט דערפון, איז אין יוני פון 1907, דווקא אין יענער צייט, ווען דער פּויער איז געווען פאַרטאָן גאַנצע טעג אויפן פעלד, זיינען די מוזשיקעס צונויפגערופן געוואָרן פון די דערפער אין וואָלין, און אַזאַ מין דעפּוטאַציע, בראש מיטן מאָניאַק איליאָדאָר, איז געקומען קיין פּעטערבורג, געבעטן זיך ביים צאַר אין „צאַרסקאָיע סעלאָ" אַן אוידיענץ צו באַשיצן דאָס פאָטערלאַנד פון די „אינאָראָדצעס" (פרעמדע), די זשידעס.

איליאָדאָר און וויטאַלי האָבן צווישן זיך פאַרטיילט די פונקציע פון העצעריי. דער ערשטער האָט געהאַט דעם אָנשפּאַר אין די דערמאָנטע צוויי צייטונגען, מיט דער סוואָרינישער „נאָוואָיע וורעמיאַ". מ'האָט געוואָרנט די רוסישע עפנטלעכקייט פון דער מערכה וואָס עס האָט מערב אייראָפּע און אַמעריקע, וואָס זיינען באַהערשט און „אונטערגעוואָרפן די זשידעס". איליאָדאָר האָט פאַרשפּרייט אַ בילבול, אַז גאַנצע זיבן באַמבעס האָבן די יידן געבראַכט קיין פּיטשאַיעוו אונטערצורייסן די לאַוורע. וויטאַלי ווידער האָט אַרויסגעלאָזט

אַ מין געזעגענונגס־וואָרט, אַ צוואה, אַז מען וויל אים אומברענגען, אָבער ער איז גרייט צו זיין אַ קרבן פאַרן הייליקן פאָטערלאַנד... (זע: טעקסט פון זיין, כלומרשטער, צוואה).

אין וואָלין אָבער האָבן זיך די רייד ניט געקלעפּט אין די מוחות פונעם פּראָסטן המון. אין פּיטשאַיעוו גופא האָט זיך וויטאַלין ניט איינגעגעבן צו צערייסן די פריינדשאַפטלעכע פעדעם וואָס האָבן דורותדיק באַהאַפטן די יידישע מיטן דער קריסטלעכער מאַסע. דער פּאָגראָם אין זשיטאָמיר האָט קיין אויסוויר־קונג ניט געהאַט אויף אַנדערע ערטער פון וואָלין. אין גאַנצן לאַנד, ווי עס האָט דעמאָלט געשריבן פיליפּ קראַנץ („מאָרגן־זשורנאַל" 28סטער יוני, 1907), איז „די שטימונג ביי די יידן געווען ניט נאָר אַ געדריקטע נאָר אַ דערשלאָגענע". אַנדערש אָבער אין וואָלין און אין פּיטשאַיעוו גופא.

פיליפּ קראַנץ האָט זיך אַליין וועגן דעם איבערצייגט בעת זיין אויפהאַלט אין זשיטאָמיר, די גובערניאַלע הויפּט־שטאָט. ער האָט דאָרט זיך געטראָפן מיטן זקן, דעם וויסנשאַפטלער איסר קולישער, וואָס איז געווען גראָד פאַרנומען מיטן פּראָצעס איבער די פּאָגראָמשטשיקעס. *) קולישער האָט אים דערציילט וועגן דער אַבסאָלוט פרידלעכער לעבנס־אַטמאָספערע צווישן אַלע איינוואוינער, ביזן פּאָגראָם.

ווען פיליפּ קראַנץ האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי די יידן, וואו ער קען קויפן דאָס פּיטשאַיעווער בלעטל, האָט קיינער אפילו קיין השגה ניט געהאַט וועגן דער עקזיסטענץ פון אַזאַ זאַך... ווען ער האָט זיך שפּעטער דערשלאָגן צו אַ שטעלכל פון ציַיטונגען, האָט אים דער קריסט דערקלערט, אַז דאָס פּיטשאַיעווער בלעטל ווערט ניט פאַרקויפט. מען צעטיילט עס ערגעץ וואו אומזיסט. קיינער פרעגט זיך ניט נאָך דעם נאָך...

די צאַרישע מאַשין האָט געאַרבעט דורך דער „שוואַרצער מאה" פון דעם תליון סטאָליפּין און זיינע סאַטראַפּן. די סטאָליפּין־מאַשין האָט דעמאָלט דערשטיקט דאָס פרייע וואָרט. פיליפּ קראַנץ אַליין האָט זיין נאָמען פאַרהוילט, ווי נאָר ער איז פון מיזרח־גאַליציע אָנגעקומען קיין וואַרשע, און פון דאָרט אינפאָרמירט

---

*) איסר קולישער איז אַ שטיק צייט געווען דער ראַבינער אין זשיטאָמיר. אין יענע יאָרן האָט די רעגירונג פאַראָרדנט אַז יידן טאָרן ניט באַנוצן קיין רוסישע נעמען פאַר זייערע קינדער, און דער ראַבינער וואָס וועט פאַררעגיס־טרירן אַזאַ נאָמען אינעם געבורטסבוך וועט ווערן באַשטראָפט. איסר קולישער האָט אויפגעשטעלט אַ בוך מיט נעמען, וואו ער האָט באַוויזן, אַז אַ סך „ריין רוסישע" דינען גאָר יידישע. עס איז דערשינען אין זשיטאָמיר אין 1911. פון דער גאַנצער פאַראָרדענונג איז געבליבן אַ חוזק.

דעם יידישן לייענער אין אַמעריקע. האָט ער געשריבן אונטערן פּסעוודאָנים —יאַנקל נעלם (פֿאַרהוילענער). אפֿנים, אַז מ׳האָט זיך דערפֿון דערוואוסט, ווייל ער איז פֿון וואַרשע אינקאָגניטאָ אַוועק קיין זשיטאָמיר. פֿון דאָרט — קיין קרעמעניץ און קיין פּיטשאַיעוו.

אין אַ סעריע אַרטיקלען האָט ער באַשריבן פּיטשאַיעוו פֿאַר יענער צייט, וועלכע ווערן דאָ, נאָך אַ פּופֿציק יאָריקן אַפּלויף איבערגעדרוקט, ווי אַ צו־שטייער צום דעמאָלטיקן לעבן אין פּיטשאַיעוו און יידישן ביטחון אין זיך.

דער יידישער ווידערשטאַנד־כוח איז אַרויסצוזען פֿון די ציפֿערן וועגן יידישע האַנדלס־פֿאַ־זיציעס אין פּיטשאַיעוו, וואָס זיינען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אינעם רעגירונגס־אָרגאַן פֿאַרן גאַנצן דרום־מערדיקן געגנט, אין 1911 *).

אַחוץ דער שטעטלשער אַדמיניסטראַציע און די פּאָטשט, זיינען פֿאַר דער קריסטלעכער באַ־פֿעלקער געווען קאָנצענטרירט אין דער לאַווּרע אַלע אינסטיטוציעס פֿון דערציאונג, פֿי־נאַנץ־קרעדיט־באַנק וואָס וויטאַלי האָט אויפֿגעשטעלט, דער סחורה־לאַגער פֿאַר דער קאָנסום קאָאָפּעראַציע, ליכטגיסעריי פֿאַרן ליכט פֿאַרקויף צו דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג.

אין דער לאַווּרע האָבן עקזיסטירט צוויי עלעמענטאַרע שולן, צוויי־קלאַסיקע. איינע האָט געגרייט תּלמידים פֿאַר העכערע גלחישע שולן, די צווייטע — פֿאַר אַלגעמיינע קענטענישן. די לאַווּרע האָט אויך אָנגעפֿירט מיט אַ דאָרפֿישער שול, וואו ס׳האָט געלערנט אירע אַ לע־רערין. דאָרט איז אויך געווען אַ מין הייל־אַנשטאַלט פֿאַר די קריסטן, מיט אַ דאָקטער, מאַלינאָווסקי, אַ פֿעלדשער — דרעמאָוו, און אַן אָקושערין — ליטווינאָוויטש. מיטן אַפּטייק האָט פֿאַרוואַלטעט אַ פּראָוויזאָר, חיים בערלס באַט.

אָבער דער האַנדל אין שטעטל איז געווען כמעט אינגאַנצן אין יידישע הענט. אינגאַנצן דריי קריסטן האָבן געהאַט קראָמען. אָט איז די רשימה פֿון די יידן, רעגיסטרירטע ביים אַרויסבאַקומען אַ ליסט—האַנדלס־דאָקומענט פֿאַר וועלכן מ׳האָט באַדאַרפֿט אָפּצאָלן אַ רעגירונגס־שטייער. קראָמען פֿון באַקאַליי — שפּייז און הויזווירטשאַפֿטלעכע אַרטיקלען — האָבן געהאַט: ארביט אברהם, בריק פּסח, וואַלדבוים וואָלף, טשערניאַק אידעס (יהודית), טשערניאַק פּערל, לאַנדע צפּורה, יאַקיר חיים, לערער חנה, מאַנדעל שינדל, פּורש הענעך, קאַגאַן צאלי (בצלאל), קאַץ שראָל (ישראל), קינבערג בינע, קופּער יאָסל, קליגמאַן חנה, קראַסנאָפּאָר עטל, קרוסמאַן פּייגע, ראָווקע נאָטע, שובער הערש, שמוך אברהם און שראַב־שטיין לייזער.

אייזנקרעמער — גרינבלאַט משה, קרוסמאַן הערש און ראַבין מרים.

מאַנופֿאַקטור (שניט־קראָמען): בריק שלמה, גייסטער זעלדע, גאַנדל לייב, דרוקער הינדע, וועדענסקי בלומע, זבאר שמואל, טשערניאַק משה, לערער מרדכי, נירענבערג ראובן, צורף מ., קליגער חיים, קערזשנער גאָלדע און קערזשנער איצי (יצחק).

געהילץ — זעלצער איציק, לערער חיים און רידיקער אברהם. חוץ דעם זיינען געווען צוויי יידישע קרעמער מיט וויין און איינער וואָס האָט געהאַט אַ דאַמף־מיל — קאָטשער וו.

אַחוץ די „אָדפּוסטן״ און גרויסע יאַרידים האָבן יידן געצויגן פּרנסה פֿון די מאַרק־טעג וואָס זיינען פֿאָרגעקומען צוויי מאָל אין חודש, דעם 1טן און דעם 15טן.

מיר זעען, בכן, אַז די יידן האָבן באַהערשט דעם גאַנצן האַנדל אינעם שטעטל להכעיס דעם פֿאַרמעסט מצד דער צאַרישער שוואַרצער מאה״.

---

Весь Югозападный Край 1913

**פיליפ קראַנץ *)**

# די פּיטשאַיעווער לאַווורע

**ווי דאָס שטעטל זעט אויס, ווי די טשעכן זיינען געוואָרן די יורשים פון יידן, וואָס איליאַדאָרס שילוחים טוען און ווי די פּיטשאַיעווער יידן לעבן איצט.**

אין פּיטשאַיעוו בין איך אַריינגעפאָרן אין אַ יאַריד־טאָג נאָכמיטאָג. עס האָט זיך דאָרטן „געקערט אַ וועלט" אויף דעם שטויביקן מאַרק, וועלכער מוז זיין אַ גרויסער זומפּ אין רעגנדיקע טעג. דער דאָזיקער מאַרק געפינט זיך גראָד קעגנאיבער דעם באַרג, אויף וועלכן עס גלימצערט די לאַווורע. מאַלאָרוסישע וואַגאָנעס מיט פּויערים און פּויערטעס האָבן זיך דאָרט אויסגעשטעלט ווי זיי האָבן געוואָלט, און מען האָט געהאַנדלט און געליאַרעמט ווי דער שטייגער איז אויף אַ יאַריד, אַזוי ווי עס וואָלט גאָר קיין „הייליקטום" ניט געווען דערביי, אַ „הייליקטום", וואָס איז נאָך איליאַדאָרס טענות, איינע פון די עלטסטע און גרעסטע אין „הייליקן" רוסלאַנד.

אפילו אין די בודקעס, וואָס זיינען אויסגעשטעלט ביי די זייטן פון דעם מאַרק אין עטלעכע אומרעגלמעסיקע און צעוואָרפענע רייען, האָב איך באַמערקט גאַנץ ווייניק יידן און יידענעס. אויך האָב איך געפונען אַ סך קריסטלעכע קראָמען. פון שענקען איז שוין אָפּגערעדט — מען גיט פּשוט ניט אַ יידן אַ דערלויבעניש צו האַלטן אפילו אַ ביר־הויז. אויף די שילדן פון אייניקע קראָמען, באַזונדערס אין די אַרומיקע געביידעס פון דעם קלויסטער, איז פאַרציכנט, אַז זיי געהערן צום „סאָיוז פון רוסישן פאָלק". זיי זיינען אַ מין קאָאָפּעראַטיווע קראָם נאָך דעם מוסטער פון די תלמידים פון די נייע „פּאָלקסרעטער", די עכטע רוסן, וועלכע מאַכן נאָך די פּוילישע און דייטשישע אַנטיסעמיטן און ווילן אויך פירן אַן עקאָנאָמישן קאַמף קעגן די יידן.

איליאָדאָר און וויטאלי האָבן שוין איינגעפירט אַ סך אַזעלכע „פּאַטריאָטישע" קרעמלעך אין די דערפער און זיי אַרבעטן אויף דעם וועג זייער

*) איבערגעדרוקט פונעם „מאָרגן־זשורנאַל", 1907, געשריבן אונטערן פּסעוודאָנים — יאַנקל נעלם. די אָרטאָגראַפיע איז געענדערט.

שטאַרק, דענקענדיק, אַז דערמיט וועלן זיי שליסלעך פּאַריאָגן די יידן. פון אַ סך דערפער אין וואָלינער גובערניע האָט מען שוין אַרויסגעיאָגט די אָרעמע יידישע קרעמערס און קרעטשמערס, די טעג פון די נאָך פאַר־בליבענע ישובניקעס אין וואָלין זיינען געציילטע . . . מען האָט אונטער־געהעצט די מוזשיקעס, אַז זיי זאָלן אויף זייערע סכאָדן (מיטינגען) אָננעמען פריגאָוואָרן אָדער באַשלוסן, אַז מען דאַרף די יידישע קרעמערס אַרויסיאָגן פון דאָרף. הונדערטער אָרעמע יידישע פאַמיליעס זיינען שוין אַזוי אין גאַנצן רואינירט געוואָרן אין וואָלינער און אויך פאָדאָליער גובערניעס, וואו די „עכטע רוסן" פירן באַזונדערס דאָס רעדל.

אינטערעסאַנט איז, אַז אין אַ סך דערפער און מעסטעטשקעס 1), פון וואַנען מען האָט פאַריאָגט די יידישע „עקספּלואַטאַטאָרס", זיינען זייערע פּלעצער פאַרנומען געוואָרן ניט פון רוסן, נאָר פון „פּאַטריאָטישע" טשעכן. די „סלאַווישע ברידער", וועלכע זיינען איצט דאָס קולטורסטע סלאַווישע פאָלק, מאַכן אין אַלגעמיין אויסגעצייכנטע געשעפטן אין וואָלין. זיי זיינען אויך זייער הייסע „עכטע רוסן" געוואָרן און שטיצן די טשאַרנאָסאָטניקעס 2) נאָך מער, ווי די דייטשישע קאָלאָניסטן אין אייניקע ערטער. עס זיינען דאָ דערפער, וואו די גאַנצע פירערס פון די „פּאַטריאָטן" זיינען די טשעכן, וועלכע האַלטן דאָרטן געוויינלעך קרעמלעך און שענקלעך און נעמען אויך גרעסערע פרייזן, ווי יידן, ווייל זיי האָבן גאָר ניט מורא פאַר קאָנקורענץ.

אין פיטשאַיעוו זיינען אויך דאָ אַזעלכע „פּאַטריאָטישע" טשעכן, וועלכע ווערן זייער רייך. מען דערלויבט זיי צו האַלטן שענקען און טראַקטירן, וויפיל זיי ווילן נאָר. איינער פון זיי איז מיט אַ יאָר פינף צוריק געקומען אין פיטשאַיעוו און האָט געאַרבעט ביי אַ יידן אַלס אַ טרעגער. איצט האָט ער דעם גרעסטן שענק אין פיטשאַיעוו, און מען זאָגט, אַז ער פאַרמאָגט שוין איבער 20 טויזנט רובל...

מען מאַכט אַלזאָ שנעל רייכטום אַפילו אין פיטשאַיעוו; אָבער אַזאַ מזל האָבן דאָ טאַקע איצט די טשעכן. יידן האָבן קיינמאָל ניט געקענט אַזוי זיך „אַרויפאַרבעטן" אין אַזעלכע שטעטלעך אפילו אין די בעסטע צייטן. געוויינלעך זיינען די יידישע „עקספּלואַטאַטאָרס" געבליבן זייער גאַנצן לעבן ביטערע אביונים. יאָ, די נייע יורשים פון די יידן אין דערפער, די טשעכן, פאַרשטייען אַן עסק אויסגעצייכנט.

---

1) שטעטלעך.

2) טשאַרנאָסאָטניעקס איז דאָס זעלבע ווי „טשאַרנאָסאָטענצעס": דער טייטש איז — שוואַרץ־מאהניקעס.

איך האָב ספּעציעל באַזוכט דעם גרויסן שענק פון דעם שנעל אויפגעקו־מענעם טשעך. מען איז דאָרטן פּשוט געשטאַנען אויף די קעפּ. שמוציק, אַ געדיכטער רויך פון מאַכאַרקע 3), אַ געפּילדער פון פויערים און פויער־טעס, וועלכע האָבן געגאָסן אין זיך שנאַפּס און אויך ביר (דאָס איז שוין אַ פּראָגרעס), דאָ זיך געריסן, געשאָלטן, דאָרטן זיך געוואַלגערט, און אין אַן אַנדער ווינקל, גאָר אַ געזאַנג און אַ טרעפּאַק (טענצל) אין מיטן דערינען; און אַרום און אַרום אַ געשטאַנק, אַז עס אַ וואונדער ווי מענטשן קענען עס לאַנג אויסהאַלטן. איך האָב עס קוים אויסגעהאַלטן די קאַבאַצקע 4) אַט־מאָספערע צען מינוט און בין אַרויסגעלאָפן כאַפּן פרישע לופט אַזוי ווי דער „הייליקער גייסט" פון דער פּיטשאַיעווער לאַווּרע וואָלט מיך געיאָגט.

און די שענק געפינט זיך אין אַ הויז, וואָס געהערט צו דער לאַווּרע, עט־לעכע שריט פון דער לאַווּרע... אַזוי זאָרגן עס די מאָנאַכן — פאַר דער מאָראַל און ניכטערקייט פון די מוזשיקעס, וועלכע פאַרטרינקען דאָרטן זייערע לעצטע פּאָר גראָשן.

וויניקסטנס, איצט קען מען ניט זאָגן, אַז יידן באַזויפן די מוזשיקעס. אפילו איליאָדאָר אַליין זאָגט עס ניט אין זיינע בלעטלעך, אין וועלכע ער הערט ניט אויף צו אַגיטירן פאַר „פּאַטריאָטישע קראָמען" און צו פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל די יידן פאַריאָגן אין אַלדע רוחות און וויניקסטנס „אָפּרייניקן" פון די כריסטאָפּראָדאָוועצעס (פאַרקויפערס פון יעזוס) דעם „הייליקן" פּי־טשאַיעווער באַרג... שילוחים פון דער לאַווּרע פאָרן אַרום איבער די דער־פער מיט אויפרופן פון איליאָדאָר אונטער קעפּלעך מיט גרויסע בוכשטאַבן: „פּראַוואָסלאַווּנע קריסטן! גיט אָן פּראָשעניעס און מאַכט פּריגאָוואָרן 5), אַז מען זאָל אַרויסטרייבן די יידן פון פּיטשאַיעוו".

באַזונדערס צייכנט זיך אויס אין דער אַגיטאַציע אַן אַלטער מוזשיק מיט אַ גרויסער באָרד מיט פייערדיקע אויגן, וועלכער איז ניט לאַנג צוריק אַרומ־געפאָרן איבער בערדיטשעווער אויעזד. ער האָט געהאַט „קרעדענשלס" פון דעם ארכימאַנדריט וויטאַלי מיט אַ זיגל פון דער לאַווּרע און פלעגט אויך צושטיין צו די פּאָפּעס 6) און פאַרלאַנגען פון זיי ניט אַנדערש, אַז זיי זאָלן גרינדן אָפּטיילונגען פון דעם „סאָיוז פון רוסישן פאָלק" אין זייערע דערפער. ער פלעגט זאָגאַר סטראַשען מיט אַרעסטן, אויב מען וועט אים ניט פאָלגן. פאַר דער אַרבעט קריגט ער 25 רובל אַ חודש, אויסער אַ פאַר־שפּראָכענעם פאַרטיקן אָרט אין פּראַוואָסלאַוונעם גן־עדן.

---

3) אַ געמיינער סאָרט טאַבאַק, וואָס פאַר'אווירט די לופט.

4) דאָס זעלבע ווי טראַקטיר, נאָר שמוציקער, ענגער.

5) אורטייל — דאָ איז געמיינט — באַשלוסן, רעזאָלוציעס.

6) גלחים.

די לעצטע פּאָר חדשים מאַכן איליאַדאָר און וויטאַלי אַליין אָפּטע אַגיטאַ־ציע־רייזעס איבער די דערפער צו גרינדן אָפּטיילונגען פון „סאַיוז", „פּאַט־ריאָטישע קראַמען" און איבערהויפּט צו העצן אויף יידן. מען רופט גע־וויינלעך צוזאַמען מוזשיקעס פון דערפער אַרום צו קומען הערן די ווילדע דרשות, וועלכע די צווי געפּערלעכע גלחים האַלטן געוויינלעך לעבן אַ קירכע נאָך אַ גאָטעס־דינסט און אַרום די איקאָנעס 7), וואָס מען טראָגט אַרויס פון דער קירכע.

אין די קירכעס גופא האָבן די פינצטערע אַגיטאַטאָרס מורא צו האַלטן זייערע מענטשנפרעסערישע דרשות, ווייל עס איז פאַרבאָטן פון סינאָד צו באַנוצן קירכעס פאַר פּאָליטישע צוועקן, אָבער לעבן דער קירכע מאַכן זיי עס מיט אַזעלכע רעליגיעזע צערעמאָניעס פּונקט ווי אינעווייניק. די מו־זשיקעס וויסן יעדנפאַלס ניט דעם אונטערשייד, און מען זאָגט זיי נאָך, אַז מען האַלט די דרשה דרויסן, אום מער מענטשן זאָלן זיך קענען צוזאַ־מענקלייבן.

קורץ, די גלחים באַנוצן זיך פּאַקטיש מיט די קירכעס און אפילו מיט דער לאַווּרע זעלבסט אַלס פאַרזאַמלונגס־פּלעצער פאַר זייערע פּאָליטישע צוועקן, און די רעגירונג וויס דערפון גאַנץ גוט, נאָר קוקט דערויף צווישן די פינגער, ווי איך וועל עס באַווייזן אין אַן אַנדער בריוו, אין וועלכן איך וועל אויך ספּעציעל שילדערן די רעדנער־קונסט און די שוואַרצע גבורה פון איליאַדאָר צוווירקן מיט זיינע דרשות אויף די בלינדע מוזשיצקע מאַסן.

איצט וועל איך נאָר זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן די יידן אין פּיטשאַיעוו. לויט נאָך די בעסטע באַריכטן, געפינען זיך אין פּיטשאַיעוו ביז 600 יידישע פאַמיליעס, וואָס עס מאַכט אויס אַ 3000 נפשות. די גאַנצע באַפעלקערונג פון פּיטשאַיעוו איז געוויינלעך אַ 7,000 נפשות. יעדנפאַלס איז די קריסט־לעכע שטענדיקע באַפעלקערונג דאָרט גרעסער, ווי די יידישע. ביז מיט אַ חודש 10 צוריק, איידער איליאַדאָר איז אַריבערגעשיקט געוואָרן אין דער לאַווּרע, האָבן די פּיטשאַיעווער יידן געלעבט ניט נאָר רואיק, נאָר אויך צופרידן. זיי האָבן אַלע אויסשליסלעך געלעבט פון דער לאַווּרע און האָבן גאָר ניט שלעכט פאַרדינט. זיי האָבן ניט געהאַט קיין שטערונגען ניט נאָר צו האַנדלען מיט די פּויערים און צו האַלטן אין זייערע הייזער באַגאַמאַלצעס 8), נאָר אויך צוצושטעלן פּראָוויאַנט 9) און אַלע נויטיקע זאַכן פאַר דער לאַווּרע זעלבסט, אפילו דעם „הייליקן" בוימל.
אויך זיינען יידן צושטעלערס פון מעל, קאָלאָניאַל־אַרטיקלען א. אַז. וו.

---

7) הייליקייט בילדער.
8) אייגנטלעכער טייטש — מתפללים, דאָ אָבער — געמיינט די פּילגרימען.
9) אַלערליי סחורות, קאָנסום־אַרטיקלען.
*) אַ גוזמא צאָל. רעדאַקציע.

פאַר דער לאַוורע, אָבער אַ סך זאַכן האָט מען ביי זיי אָוועקגענומען. אַ דאַנק דער אַגיטאַציע פון איליאָדאָר און וויטאַלי, און מען וואָלט זיי שוין אין גאַנצן אַרויסגעשטופּט פון דער לאַוורע, ווען דער הויפּט אַמבראָסי,*) וועגן וועמען איך האָב שוין געשריבן אין מיין לעצטן בריוו, וואָלט ניט געשטאַנען פאַר יידישע צושטעלערס ניט נאָר אויס מיטלייד, נאָר אויס עקאָנאָמישע רעכענונגען. ער האָט פּשוט דערקלערט, אַז די יידן שטעלן אַלץ צו אי ביליקער אי ערלעכער, ווי די פּאַטריאָטישע שמשים פון איליאָדאָרס „סאָיוז״.

אין אַלגעמיין איז אפילו איצט די עקאָנאָמישע לאַגע פון די פּיטשאַיעווער יידן פאַרהעלטנסמעסיק אַ בעסערע, ווי אין אַנדערע שטעטלעך פון וואָלין; אָבער דערפאַר לעבן זיי, מעג מען זאָגן, אויף אַ ווּאולקאַן, און דער חלף פון די ווילדסטע יידנפרעסערס הענגט איבער זייערע קעפּ.

## די „געטלעכע״ פּאָר, איליאָדאָר און וויטאַלי

איליאָדאָר און די פּיטשאַיעווער לאַוורע זיינען צוויי נעמען, וואָס זיינען איצט באַרימט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט און וואָס וועלן בלייבן ענג פאַר־בונדן אין דער געשיכטע פון דעם איצטיקן פּאָליטישן קריזיס אין רוסלאַנד.

נאָך מיט אַ 10 חדשים צוריק האָט מען גאָר ניט געהערט פון דעם מאָנאַך, וועלכער וויל שפּילן די ראָלע פון אַ המן; און די לאַוורע, וועלכע ליגט אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל פון וואָלין, ניט ווייט פון גאַליציאַנער גרענעץ (אַ פּאָר צענדליק ווירסט פון ראַדזיווילאָוו), איז נאָר געווען באַקאַנט אין די אַרומיקע גובערניעס צווישן די פּראַוואָסלאַווּנע פּויערים. אַזעלכע לאַווּרעס מיט וואונדערמאַכנדיקע איקאָנעס געפינען זיך ניט ווייניק אין צאַרנלאַנד, און זיי ווערן אַלע נאַטירלעך באַטראַכט פאַר הייליקע ערטער, וואוהין בלינדע מאַסן קריכן אויף אַלע פיר לשם שמים.

יעדע לאַוורע האָט זיך איר באַשטימטע געגנט, אירע באַשטימטע הייליקע, איר „געטלעכע מוטער״, אירע ניסים, אירע באַשטימטע טעג, ווען די גאָטס־פאַרכטיקע פּילגרימען קומען זיך צוזאַמען אין גרויסע מאַסן און ברענגען נאַטירלעך אַ גרויסן פּדיון. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז צווישן אַזעלכע קלויסטערס עקזיסטירט אַ געוויסע קאָנקורענץ, כדי צוצוציען וואָס מער באַגאָמאָלצעס (פּילגרימען) אויך פון וויטערע געגנטן און צו קריגן אַ גרעסערן שם אין גאַנץ רוסלאַנד. דאָס איז דאָך אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך און שטרעבונג. דער קרעמערשער אינטערעס הערשט אויך אין די „הייליקע ערטער״.

*) הימלברויט, אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע — געטשפּע — שפּייזערין.

דאָס איז אַ פּונקט, וועלכן קיינער האָט נאָך ביז איצט ניט באַרירט, ווי וויט איך ווייס, אין די אַלע אַרטיקלען, וואָס זיינען שוין אָנגעשריבן געוואָרן איבער דער פּיטשאַיעווער לאַוורע און איבער דער ווילדער יידנפרעסערישער טעטיקייט פון דער „געטלעכער פּאָר" איליאָדאָר און וויטאַלי. איך דענק, אַז איליאָדאָרס אַמביציע איז ניט נאָר צו קריגן אַ גרויסן נאָמען אין רוס־לאַנד און צו שפּילן אַ פּאָליטישע ראָלע, נאָך אויך צו פאַרגרעסערן די איינקונפטן פון דער פּיטשאַיווער לאַוורע דורך זיין קאַניבאַלישע אַגיטאַציע קעגן יידן און אויך קעגן פּאָליאַקן.

אין זיינע בלעטלעך און אַרטיקלען שטעלט ער שטענדיק פאַר די פּיטשאַ־יעווער לאַוורע אַלס אַ מין ספּעציעלן בית־המקדש פון פּראַוואָסלאַוויע, אַלס איינעם פון די הייליקסטע, אויב ניט דעם סאַמע הייליקסטן קלויסטער אין רוסלאַנד. דאָס איז אָבער ניט מער ווי אַ רעקלאַמע, פּונקט ווי אַ פּאַב־ריקאַנט פון וואַקס דערקלערט, אַז זיינע וואַקס איז די בעסטע אויף גאָטס ערד. אים ווילט זיך נאַטירלעך איבערשטייגן אַלע אַנדערע מאָנאַכן און טאַקע אומוואַנדלען דעם אַמאָליקן אוניאַטסקען קלויסטער אין אַ צענטראַל־פּונקט פון פּאַנישע פּראַוואָסלאַוויע, אַפילו איבערשטייגן דעם קיעווער פּעטשערסקע לאַוורע און דעם טראָאיצקי מאָנאַסטיר אין מאָסקווע.

דאָס דענקט ער אָמבעסטן צו דערגרייכן דורך יידנפרעסעריי, דורך אַזעלכע העצעס אויף יידן, וואָס קענען זיך טאַקע נאָר פאַרגלייכן מיט די שווידער־לעכע בלבולים אין די פינצטערע צייטן אין מיטלאַלטער. דערצו נאָך איז ער אַ וויסטער פאַנאַטיקער און אויך אַ פאַרריקטער 10).

די יידן אין פּיטשאַיעוו און אין דער אומגעגנט, וועלכע האָבן אים געזען און אויך געהערט זיינע דרשות אין די דערפער און אפילו לעבן דעם איצט־באַרימטן גלאָקן־טורעם אין דער לאַוורע גופא, — זיי רעכענען, אַז ער איז אַ פאַנאַטיקער און אַ משוגענער. פון זיין חבר וויטאַלי האָבן זיי ניט אַזאַ מיינונג. ווי איך האָב איך שוין געשריבן, האַלטן זיי, אַז וויטאַלי איז אַן אינטריגאַנט און אַ שווינדלער. איינער פון די פּיטשאַיעווער יידן האָט מיר געזאָגט, אַז וויטאַלי איז דער גאַנצער מאַכער, דער קאָפּ פון אַלע קאָנספּי־ראַציעס און העצעס קעגן די יידן, און אַז איליאָדאָר איז נאָר דער מויל און די פעדער.

נאָר דאָס שיקט זיך ניט, ווייל וויטאַלי איז שוין זייט יאָרן אין דער פּי־טשאַיעווער לאַוורע און האָט זיך נאָך אויסגעצייכנט אין דער צייט, ווען די וויבאָרשטשיקעס 11) פון די פּויערים פון וואָלינער גובערניע זיינען זיך

---

10) צעטראָגענער, ניט ביים זינען.

11) אויסגעקליבענע דעלעגאַטן.

צוזאַמענגעקומען אין זשיטאָמיר צו ווילן דעפּוטאַטן. דאַן איז ער פון זיי ניט אָפּגעטראָטן, האָט זיי באַוואַכט און ניט צוגעלאָזן, אַז זיי זאָלן זיך קענען זעען מיט יידישע אָדער פּוילישע וויבאָרשטשיקעס. ווי באַוואוסט, האָט ער איינגעפירט, אַז די פּויערים האָבן טאַקע אויסגעקליבן פינצטערע פאַר־טרעטער, וועלכע האָבן געשטיצט דעם „סאָיוז פון די עכטע רוסן", צו וועלכן ער, וויטאַלי, האָט אַפּנים פון אַנהויב אָן געהערט. דאַן האָבן אים יידן אויך געזען אין זשיטאָמיר, און זייער מיינונג וועגן אים איז, אַז ער איז אַ גרויסער אינטריגאַנט.

זיכער איז עס יעדנפאַלס, אַז וויטאַלי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און פאַנאַנדערגעלאָזט זיינע פליגלען, ווען איליאָדאָר איז מיט אַ חדשים 10 צוריק איבערגעשיקט געוואָרן פון אַ קלויסטער לעבן יאַראָסלאַוו אין דער פיטשאַיעווער לאַווריע. מען זאָגט, אַז מען האָט איליאָדאָרן אַרויסגעשיקט פון יאַראָסלאַוו פאַר זיינע משוגעתן און פאַר ניט פאָלגן די עלטסטע אין קלויסטער.

דאָס איז וואַרשיינלעך אַזוי, ווייל ער וויל איבערהויפּט ניט פאָלגן און בראַ־ווירט זאָגאַר, ווי באַוואוסט, דעם הייליקן סינאָד, וועלכער קלייבט זיך אים אָלץ צו באַשטראָפן, וואָס שרייבט נאָך אַלץ אַרטיקלען אין דער מאָסקווער טשאָרנאָסאָטיענער צייטונג „וויעטשע" (די שמוציקסטע פון אַלע אַנטי־סעמיטישע בלעטלעך אין צאַרנרוסלאַנד), טראָץ דעם אָפיציעלן פאַרבאָט פון די „הייליקע" פאָטערס פון „הייליקן סינאָד".

אַז ער איז אַ משוגענער, האָט ער אַליין צוגעגעבן אין אַ זייער זאָנדערבאַרן אַרטיקל אַלס אַן ענטפער אויף דער אַטאַקע פון פורישקעוויטש 12), אַז מען דאַרף אים איינשפּאַרן אין דולהויז. פורישקעוויטש האָט אים דערקלערט פאַר אַ משוגענעם אין דער „רוסקאָיע זנאַמיאַ", דעם צענטראַל־אָרגאַן פון דובראָווינס „סאָיוז פון עכטע רוסן" אונטער דער רעדאַקציע פון דעם טשאָרנאָסיאָטענעם אַדוואָקאַט בולאצעל, און איליאָדאָר האָט זיך מודה געווען אין אַן אַרטיקל אין דער „וויעטשע", אַז נאָך אַלס ייִנגל און אויך אין דעם סעמינאַר האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ משוגענעם...

דער פאַקט בלייבט יעדנפאַלס, אַז ווי נאָר איליאָדאָר האָט אַריינגע־שטעקט אַ פוס אין דער פיטשאַיעווער לאַווריע, האָט ער זיך פאַראייניקט מיט דעם ארכימאַנדריט וויטאַלי, כדי ניט נאָר צו גרינדן וואָס מער אָפּטיי־לונגען פון „סאָיוז" אין וואָלין און אין פּאָדאָל, נאָר אויך אויסצוראָטן די יידן און פּאָליאַקן. זיי האָבן געוויס אַ מעכטיקן העלפער גאָר „אויבנאָן"

12) דער הויפּט אַנטיסעמיטישער פּאָליטיקער אין דער „דומאַ" (פּאַרלאַמענט).

אין פעטערבורג, ווייל זאָנסט וואָלטן זיי ניט געוואָגט אַרויסצוטרעטן קעגן דעם „נאַמיעסטניק" אמבראָסי, דעם הויפּט פון דער פּיטשאַיעווער לאַווּרע, און אפילו קעגן דעם וואָלינער אַרכיערעי אַנטאָני. ווי באַקאַנט, איז די דיסציפּלין אין אַ קלויסטער זייער אַ שטרענגע, פּליכט נאָך אַ שטרענגערע ווי אין אַ קאַזאַרמע, און די ערשטע פליכט פון אַ מאָנאַך איז צו פאָלגן בלינד די עלטערע אין גייסטלעכן ראַנג.

דער „נאַמיעסטניק" אמבראָסי איז קעגן זיינע צווי „אונטערטעניקע" מאָנאַכן, האָב איך שוין געשריבן אין מיין פריערדיקן בריוו. וואָס אָנבאַ־לאַנגט צום אַרכיערעי אַנטאָני, ווייסט מען אויך פּאָזיטיוו, אַז ער איז קעגן זיי. נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם האָט ער אָפן אויסגעדריקט סימפּאַטיע צו יידן און פאַרדאַמט די אָנפאַלן אויף יידן אַלס אַ גרויסע זינד און אַנטי־קריסטלעכע האַנדלונג. אָבער איצט, זאָגט מען, איז ער אויך איינפאַך געוואָרן אַ טשאָרנאָסאָטעניק. יעדנפאַלס דערוואַרטן די וואָלינער יידן קיין שטיצע פון זיין זייט אין פאַל פון פּאָגראָמען, וועלכע זיינען, מעג מען זאָגן, אומפאַרמיידלעך, אויב די איצטיקע רעאַקציע וועט ניט געבראָכן ווערן, אָדער וויניקסטנס, אויב מען וועט ווייטער דערלויבן צו דרוקן איליאָדאָרס בלעטלעך אין דער פּיטשאַיעווער לאַווּרע גופא און לאָזן גלחים אַרומפאָרן איבער דערפער און העצן אויף יידן אַלס די גרעסטע פיינט פון אפילו דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן.

דאָך קען קיין שום צווייפל ניט זיין, אַז דער ארכיערעי אַנטאָני וואָלט מיט פאַרגעניגן פּטור געוואָרן פוןביידע גלחים, וועלכע פאָלגן אים גאָרניט און קריטיקירן אים אפילו אָפן; אָבער ער ווייס, אַז זיי זיינען שטאַרקער פאַר אים, און ער שווייגט און לאָזט זיי פאָרזעצן זייער פאַרוויסטנדיקע אַרבעט. מען זאָגט, אַז ער האָט געבעטן אין סינאָד, אַז מען זאָל כאָטש איליאָדאָרן אַריבערשיקן אין אַן אַנדער קלויסטער, אָבער ער האָט געקראָגן אַן ענטפער, אַז ער זאָל אים צורו לאָזן דערווײַלע...

קורץ, איליאָדאָר צוזאַמען מיט וויטאַליען זיינען די פּאָליטישע הערשער אין דער פּיטשאַיעווער לאַווּרע און טוען וואָס זיי ווילן.

אין דעם נומער 138 פון די פּיטשאַיעווסקאַיאַ איזוועסטיאַ", וועלכע ווערט פאַרשפּרייט מערסטנס צווישן פּויערים, שרייבט איליאָדאָר: „וואָלינער פאָלק! אונדזער סאָיוז איז דער גרעסטער. מיר האָבן אין וואָלין ביז 1500 אָפּטיילונגען פון דעם פּיטשאַיעווער סאָיוז פון רוסישן פאָלק, אָבער פאָנען האָבן מיר גאָרניט".

נאָכדעם פאָלגט אַן אַגיטאַציע, אַז יעדע אָפּטיילונג פון סאָיוז, יעדער דאָרף

זאָל זיך באַזאָרגן מיט אַ פאָן, וואָס די לאַוורע וועט צושטעלן פאַר 52 קערבֿ־לעך. „זאָל יעדער געבן פאַר דער „הייליקער זאַך", וויפל ער קען, שרייבט ער. אין פיטשאַיעוו וועלן מיר אַלע פאָלגן בענטשן אין דעם יום־טוב „אויס־פּעניע".*) דאַרום איר, לייטע, סטאַרעט זיך און אײַלט זיך צו באַשטעלן די פאָנען וויניקסטנס ניט שפּעטער, ווי דעם 10־15טן יולי (רוסישן סטיל). ווי נאָר איר וועט איבערלייענער די דאָזיקע אײַנלאַדונג מײַנע, זאָלט איר גלײַך אָנהויבן צו זאַמלען געלט און צו שיקן נאָך פיטשאַיעוו... אין די דערפער זאָלט איר אויפנעמען די פאָנען מיט באַזונדערע פײַערלעכקייט; שטעלט זיי אַריין אין די קירכען און אויף דעם בעסטן אָרט; רינגלט זיי אַרום מיט אַן אײַזערנער אָדער הילצערנער גראַטע, אַז קיינער זאָל זיך צו זיי ניט צורירן"...

אָט אַזוי רעדט ער צו די פּויערים, ווי אַ רבי צו תּלמידים, אָדער ווי אַ פאָ־טער צו קינדער. זײַן שפּראַך איז אײנפאַך, זייער פּאָפּולער. מען זעט, אַז ער שטרענגט זיך אָן צו שרײַבן אַזוי, אַז די פּויערים זאָלן אים לײַכט קענען פאַרשטיין. ער נוצט אויך קירכלעכע ווערטער, אָבער כּמעט גאָר קיין פּסוקים ניט.

אין איין אָרט פון דעם זעלבן אַגיטאַציאָנס־אַרטיקל דערקלערט ער: „גע־וויס וועלן די זשידעס, פּאָליאַקן און רוסישע פאַררעטער, פאַרשיידענע פּיאַניצעס 13) און אויסגעלאַסענע מענטשן, לאַכן פון אײַך און זאָגן: „צו וואָס דאַרפט איר פאָנען, איז דען איצט אַ מלחמה?" זאָלט איר זיי טאַקע ענטפערן: יאָ, עס איז טאַקע אַ מלחמה, און פיל־לײַכט וועט נאָך אונדז אויס־קומען צו פירן אַ שלאַכט... ניט אומזיסט האָבן מיר זיך דאָך פאַרבונדן אין סאַיוזן און זיך אויפגעהויבן פאַרן גלויבן, דעם צאַר און דאָס פאָטער־לאַנד!"

„ווי וועט עס זיין? אָט אַזוי וועט עס זיין. צום בײַשפּיל, דער צאַר האָט איצט פאַנאַנדערגעיאָגט די רויבערישע דומאַ, גוט, וואָס אַלץ האָט זיך גע־ענדיקט בשלום. אָבער די בונטאָווטשיקעס האָבן דאָך געקענט אַרויס־רופן אַן אויפשטאַנד. דערצו שטרעבן זיי דאָך פון לאַנג אָן. ווען עס וואָלט זיך ביי אונדז אָנגעהויבן אַן אויפשטאַנד, וואָלטן זיך אין אונדזער לאַנד אַריינגעריכן אַרמייען פון אַנדערע פעלקער, צום בײַשפּיל דײַטשן אין עסטרייכער. באַרעכנט איצט: וואָלטן אונדזערע סאָלדאַטן געקענט זיך ספּראַווען מיט אַזוי פיל אויסלענדישע און אינלענדישע שונאים? געוויס ניט. דאַן וואָלט די גאַנצע באַפעלקערונג געמוזט זיך אויפהייבן אַזוי ווי עס

---

13) שיכורים.

*) דערמאָנען די געשטאָרבענע.

איז געווען אין 1612, ווען די פּאָליאַקן האָבן געוואָלט אַרויפזעצן אויף דעם מאָסקווער טראָן זייער קרוינפּרינץ וולאַדיסלוואַוו, און אין 1812, ווען די פראַנצויזן זיינען געווען אין מאָסקווע. דאַן האָבן זיך אפילו ווייבער געשלאָגן מיט די פראַנצויזן.

„דאָרום, פּראַוואָסלאַוונע, אויב אונדז וועט אויסקומען צו לעבן אין אַזאַ צייט, וועלן מיר זיך אויפהייבן, פאַנאַנדערשפּרייטן אונדזערע פאָנען און צוזאַמען מיט די סאָלדאַטן וועלן מיר אַרויסטרעטן קעגן אונדזערע שונאים — קעגן די איינערלעכע, ד. ה. פאַרשיידענע קראַמאָלניקעס (מרידי במלכות) און סאָציאַליסטן, און קעגן די אויסלענדישע, וואָס וועלן אָנפאַלן אויף אונדזער לאַנד״.

דאָס איז אַ ביישפּיל פון איליאָדאָרס סטיל און פּאָליטישע אַגיטאַציע. ביישפּילן פון זיינע ספּעציעלע העצעס אויף יידן וועל איך ברענגען אין מיינע קומענדיקע בריוו.

## אַ רוסישער יידנפריינד אין איליאָדאָרס נעסט

זענענדיק אַז זיין יידנפרעסנדיקע אַגיטאַציע גייט דאָך לאַנגזאַם, טראָגט די אומצוויפּלהאַפטע שטיצע פון „אויבן״ אין פּעטערבורג און טראָגט דעם גרויסן אָנזען פון דער לאַוורע צווישן דער פּראַוואָסלאַוונער באַפעלקערונג אין די אַרומיקע גובערניעס, האָט זיך איליאָדאָר גענומען צו פּראַוואָקאַציעס טאַקע ווי אַן עכטער קאָמוניסט־אַנאַרכיסט אָדער מאַקסימאַליסט. ניט אומזיסט רופט מען איצט די „סאַיוזניקעס״ און „דרוזשניקעס״ און די אַלע פּאָגראָמשטשיקעס, וואָס פאַר אַ כשרע נעמען זיי זאָלן ניט טראָגן און ווי זאָלן ניט געשטיצט ווערן פון דער ביוראָקראַטיע — שוואַרצע אָדער רעכטע רעוואָלוציאָנערן. — זייער וויכטיקסטער קאַמף־מיטל איז יעדנפאַלס — טעראָר.

מיט ווילדע דרשות, מיט שוידערלעכע בלבולים איז איליאָדאָר באַזונדערס אַרויסגעטראָטן אין דער צייט פון דער רוסישער טראַאיציע (גרין תגא) ווען עס קומען זיך צוזאַמען מאַסן פּויערים און אויך באַגאַמאָלצעס פון ווייטערע ערטער אין דער לאַוורע. דאַן האָט ער עס געמאַכט פאַר זיין טריבונע דעם הויכן גלאָקן־טורעם, כדי אויף דער ווייזע אומצוגייען דעם ציווילן און קירכלעכן געזעץ, אַז קירכעס, טאָר מען ניט באַנוצן פאַר פּאָליטישע צוועקן.

יעדן טאָג פלעגט ער דאָרטן דרשענען שעהנלאַנג און שרייען אַזוי לאַנג ביז ער פלעגט הייזעריק ווערן — אַלץ דעם זעלביקן פּזמון, אַז יידן מאַכן

אומגליקלעך גאַנץ רוסלאַנד, אַז מען דאַרף זיי אויסראָטן און יעדנפאַלס פאַריאָגן פון „הייליקן" פּיטשאַיעווער באַרג.

צו יענער צייט האָט זיך אין דער לאַווראַ געפונען אַן אינטערעסאַנטער גאַסט. דאָס איז אַ געוויסער קינסטלער־מאָלער מיטן נאָמען ס. זשיוואָטאָווסקי. ער האָט באַזוכט עטלעכע רוסישער קלויסטערס מיטן צוועק זיי צו באַ־שרייבן אין די רוסישע צייטונגען. אין דער פּיטשאַיעווער לאַווראַ איז ער אַוועקגעפאָרן מיט רעקאָמענדאַציאָנס־בריוו פון באַוואוסטע גלחים. מען האָט אים דאַרום אויפגענומען זייער פריינטלעך, געהאַלטן אין דער לאַווראַ גופא. איליאָדאָר און וויטאַלי האָבן גערעכנט, אַז ער געהערט צו די רעכטע פּאַרטייען (יעדנפאַלס איז ער אַ פרומער פּראַוואָסלאַוונער), און האָבן דאַרום מיט אים גאַנץ אָפן גערעדט וועגן זייערע אַנטיסעמיטישע פּלענער.

ער איז אָבער ניט אַ „סאָיוזניק" אויך ניט אַ רעאַקציאָנער, נאָר אַ ליבעראַל און יעדנפאַלס אַן ערלעכער און אויך יידנפריינטלעכער מאַן. אַז ער איז אַ ליבעראַל באַוויזט ער איצט מיט זיינע זייער אינטערעסאַנטע באַשריי־בונגען אין די צייטונגען „רוס" און „פּעטערבורסקי ליסטאָק", און אַז ער איז אַ מענטש מיט געפיל און סימפּאַטיע צו די אומגליקלעכע יידן אין צאַרנלאַנד, דאָס האָט ער באַוויזן אין פּיטשאַיעוו גופא, ווען ער איז געקומען וואָרענען די יידן, אַז אין דער לאַווראַ קלייבט מען זיך צו אָרגאַניזירן אַ שוידערלעכן פּאָגראָם.

ווי די יידן אין פּיטשאַיעוו האָבן מיר דערציילט, האָבן זיי זיך דורך איינעם פון זייערע ברידער, וועלכע שטעלן צו זאַכן אין דער לאַווראַ, דערוואוסט, אַז עפּעס אַ פרעמדער קריסט אין דער לאַווראַ וויל ניט אַנדערש, נאָר זיך זען מיט דעם פּיטשאַיעווער רב, כדי אים עפּעס וויכטיקס איבערצוגעבן. ער האָט זיך געבעטן רחמים מען זאָלט אים אַוועקפירן צום רב און האָט דערקלערט, אַז ער וויל עס טאָן אויס רחמנות צו די אָרעמע און אומשולדיקע יידן. דערביי האָט ער אויך געבעטן, אַז מען זאָל עס האַלטן אין שטרענגסטן סעקרעט, ווייל אין דער לאַווראַ קען מען זיך דערוויף מיט אים אָפּרעכענען.

ווען די פּאַרשטייער פון די פּיטשאַיעווער יידן האָבן דאָס דערהערט האָבן זיי באַשלאָסן אים אויפצונעמען און אויסצוהערן אין אַ שטוב ביינאַכט אין געהיים. אַזוי ווי דער פּיטשאַיעווער רב פאַרשטייט ניט רוסיש, האָט מען אים צו דער „קאָנספּיראַטיווער זיצונג" גאָר ניט גערופן. עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען עטלעכע בעלי־בתים ווען מען האָט אין סעקרעט געבראַכט זשיוואָטאָווסקין אין דעם באַשטימטן אָרט.

אין אָנהויב האָבן די יידן געקוקט פאַרדעכטיק אויף אים, און ער אויף זיי.

זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס קען זיין אַ פּראָוואָקאַטאָר, איינער וואָס די „סאַיוזניקעס" האָבן אונטערגעשיקט, כדי עפּעס צו מאַכן אַ בלבול אויף זיי, און ער האָט פּשוט מורא געהאַט, אַז די יידן וועלן אים... אומברענגען! זוכנדיק אַלץ אַ וועג, ווי צוזאַמענצוטרעפן זיך מיטן פּיטשאַיעווער רב, האָט ער אין דער לאַווריע געזאָגט, אַז ער וואָלט וועלן זען וואָס די יידן טוען אַזוינס אין פּיטשאַיעוו, ווי זיי לעבן א. אַז. וו., כדי דאָס צו באַשרייבן.

ווען איליאָדאָר האָט דאָס דערהערט, האָט ער גענומען אָפּריידן זשיוואָטאָווסקין דערפון און האָט אים נאָך אָנגעשראָקן, אַז די יידן וועלן אים געוויס שיקן אויף יענער וועלט, ווי נאָר זיי וועלן זיך דערוויסן, אַז ער קומט פון דער לאַווריע. איליאָדאָר האָט אים אויך דערציילט, אַז די יידן האָבן אָנגעשטעלט מערדערס צו טויטן אים, איליאָדאָרן, און וויטאַליען און איבערהויפּט אָנמאַכן אַ חורבן אין דער לאַווריע.

די פּיטשאַיעווער יידן האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז זשיוואָטאָווסקי אַליין האָט זיי דאָס דערציילט, ווען ער האָט זיך מער באַקענט מיט זיי. ווייטער האָבן זיי מיר איבערגעגעבן, אַז אין דעם זעלבן אָוונט, ווען זיי האָבן זיך צום ערשטן מאָל צוזאַמענגעטראָפן מיט זשיוואָטאָווסקין, האָט גראָד פּאַסירט, אַז זעקס געזונטע און אָפּגעריסענע דייטשישע אַרבעטער זיינען אַריין צום בעל־הבית אין שטוב, כדי צו קריגן זייער לוין. ווי זשיטאָווסקי האָט זיי דערזען און דערהערט ווי זיי ריידן אין אַן אומבאַאַקנטע פּאַר אים שפּראַך, איז ער געוואָרן אַ צעציטערטער, בלייך ווי די וואַנט. ער האָט אָפּנים געמיינט אַז אָט קומט שוין זיין סוף, אַז אָט ווילן אים די שרעקלעך־אויסזעענדיקע געזונטע מענטשן אַוועקשלעפּן און אים דערהרגענען, ווי איליאָדאָר האָט עס אים פאַראויסגעזאָגט.

די יידן האָבן באַמערקט, אַז זשיוואָטאָווסקי קוקט מיט שרעק אויף די דייטשישע אַרבעטער און האָבן זיי שנעל באַפרידיקט און אַוועקגעשיקט. דאַן האָט זשיוואָטאָווסקי געעפנט זיין מויל און מיט טרערן אין די אויגן דערציילט, ווי מען אַגיטירט און מען קאָנספּירירט קעגן יידן אין דער לאַווריע, ווי מען קלייבט זיך זיי אויסצושעכטן, ווי איליאָדאָר זוכט נאָר עפּעס אַן אויסרייד, כדי אַ לאָז צו טאָן פּאַגראָמשטשיקעס אויף דעם שטעטל. ער האָט געשוואָרן, אַז ער טראַכט עס ניט אויס, אַז ער האָט מיטלייד מיט זיי, אַז ער וויל זיי וואָרענען, אַז זיי זאָלן זיך היטן און זען ווי עס איז צו ראַטעווען זיך באַצייטנס.

ער האָט געמאַכט אַ גוטן איינדרוק אויף זיי און האָט גערעדט אַזוי אויפריכטיק, אַז זיי האָבן קיין שום צווייפל ניט געהאַט אין זיינע ווערטער. ער האָט אייגנטלעך נאָר באַשטעטיקט דאָס, וואָס זיי האָבן שוין געוואוסט פון

אַנדערע קוואַלן, ווי, צום ביישפּיל, פון שיכורע מוזשיקעס, וועלכע פלעגן דערציילן וואָס זיי האָבן געהערט אין דער לאַווקע און אין די שענקען און קראָמען פון די „סאַיוזניקעס".

ווי באַוואוסט, האָבן די פּיטשאַיעווער יידן געשיקט פּאָר שבועות אַ דעפּו־טאַציע צום אַרכיערעי אַנטאָני אין זשיטאָמיר, אַז ער זאָל זיי העלפן קעגן די העצעס פון איליאָדאָר און וויטאלי. זיי האָבן אים אויך געבעטן, אַז ער זאָל איליאָדאָרן אַוועקשיקן אין אַן אַנדער קלויסטער, אָבער ער האָט זיי ניט געענטפערט, אַז ער קען דאָס ניט טאָן און אַז ער דער גלח הערט אים ניט און האָט אים אַליין אַטאַקירט אין דער צייטונג „וויעטשע".

זשיוואָטאָווסקי האָט געקראָגן אַן ערלעכן ענטפער פון דעם אַרכיערעי, וועלכער האָט אַמאָל געקלאָגט אויפן חורבן קישיניעוו. איך וועל דאָ ברענ־גען אַן אויסצוג פון זיינע אַ באַשרייבונג אין „פּעטערבורסקי ליסטאָק":

„איך בין געוועזן, שרייבט ער, אויף עטלעכע מיטינגען, וואָס דער יעראָמאָ־נאָך איליאָדאָר האָט צוזאַמענגערופן לעבן דער קאַלאָקאָלניע (גלאָקן־טורעם). די מיטינגען אונטערשיידן זיך פון אַלע אַנדערע, וועלכע מיר איז אויסגעקו־מען צו זען, נאָר דערמיט, וואָס אויף אַנדערע פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען ריידן עטלעכע אָראַטאָרס, ווערנד דאָ געהערט אַזאַ רעכט נאָר די גלחים איליאָדאָר און וויטאלי. די פּיטשאַיעווער מיטינגען אונטערשיידן זיך נאָך פון אַנדערע אויך דערמיט, וואָס אין ערגעץ האָב איך ניט געהערט פון דעם מויל פון אַ רעדנער פון דער סאַמע רעוואָלוציאָנערסטער פּאַרטיי אַזוי פיל שנאה, צאָרן און האַס צו מיטמענטשן, ווי דאָ.

„אינטערעסאַנטער פון אַלץ איז, אַז דער נאָמעסטניק פון דער לאַווראַ, דער אַרכימאַנדריט אַמבראָסי, און דער וואָלינער אַרכיערעי אַנטאָני, מיט וועל־כע מיר איז אויסגעקומען צו שמועסן וועגן דעם, סימפּאַטיזירן אויך ניט מיט דער קריגערישער טעטיקייט פון די צו הייסע יונגע מאָנאַכן. נאָך מער, ביידע, אי דער נאָמעסטניק, אי דער אַרכיערעי, וויסן ניט ווי פּטור צו ווערן פון איליאָדאָרן.

„—— נו, וואָס זאָל מען טאָן מיט אַ משוגענעם? האָט מיר דער אַרכיערעי געזאָגט. אָט האָט ער מיך אויסגעזידלט אין דער „וויעטשע". אַוועקשיקן אים, פאַרבאָטן אים צו ריידן צום פאָלק? דאָס וועט אים נאָך מאַכן פאַר אַ מאַרטירער אין די אויגן פון פאָלק, און דאָן ווירקלעך אויסברעכן אַן אויפשטאַנד אין וואָלין...

„—— אָט מיר, און דער נאָסמעסטניק, האָט דער אַרכיערעי צוגעזעצט

מיט אַ שמייכל, וואַרטן אַלץ, אַז איליאָדאָר וועט פּלאַצן שרייענדיק, וועט הייזעריק ווערן פון זיינע דרשות, און דאַן וועט ער אַליין אויפהערן...

„איליאָדאָר הערט טאָקע אויף צו ריידן, ווען ער פאַרלירט זיין שטים. איך האָב ניט געקענט הערן זיינע דרשות מער ווי אַ האַלבע שעה. עס איז מיר שווער געווען צו הערן אַזעלכע רייד פון דעם מויל פון אַ פּראַוואָסלאַווער־נעם גייסטלעכן. און איך פלעג אַוועקגיין באַטראַכטן די לאַווּרע און די אומגעגנט. קומען פלעגט איך צוריק אין אַ שעה צוויי און אַ האַלב, און איליאָדאָר פלעגט נאָך אַלץ ריידן. אייניקע אויסגעמאַטערטע צוהערער פלעגן שוין ניט שטיין, נאָר זיצן אָדער ליגן אויף דער ערד. עס זיינען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געכראָפּעט, אָבער איליאָדאָר האָט אַלץ געדרשנט ביז די לעצטע כוחות. ער פלעגט קומען אין זיין צימערל אַן אויסגעמאַטערטער, אַן אויסגעמוטשעטער.

— פאַר וואָס האָט איר אויסגעזידלט דעם אַרכיערעי אַנטאָני אין „וויעטשע”? האָב איך איינמאָל געפרעגט.

— ווי, ער האָט עס איך אַליין געזאָגט? — האָט איליאָדאָר אַ פרעג געטאָן.

— זאָנדערבאַר, איך האָב זיך דאָך ניט אונטערגעשריבן מיין נאָמען, פון וואַנען האָט ער זיך דערוואוסט?

— איז דען דער אַרכיערעי אַ שלעכטער מענטש? — האָב איך אים ווייטער געפרעגט.

— יאָ, אַ שלעכטער מענטש.

— מיט וואָס?

— ערשטנס, סימפּאַטיזירט ער ניט מיט אונדז, מיט אונדזער זאַך, צווייטנס, איז ער אַ פּאָליטיקער, אַ קאַריעריסט”.

ווייטער דערציילט זשיוואָטאָווסקי, אַז דער נאַמעסטניק און אויך אַ סך מאָנאַכן זיינען קעגן איליאָדאָרן, נאָך איליאָדאָרס מיינונג, און ער ענדיקט זיין אַרטיקל, ווי אַ פרומער קריסט, מיט אַ קלאָגע, אַז מען האָט אומגעוואַנדלט אַ הייליקן אָרט אין אַ נעסט פון ברודער־מערדערלעכע און אַנטי־קריסטלעכע אַגיטאַציע.

וואָס וועלן איצט די באַגאָמאָלצעס אַרויסברענגען פון דער הייליקער לאַווּרע? פרעגט ער.

אַז מען דאַרף שלאָגן אַלע פּריוויליגירטע-קעמפּער און באַזונדערס יידן וועל איך ענטפערן.

איליאָדאָר וואַרט אויף דעם קומענדיקן האַרבסט אין זיין לאַווראַ, ווי אַ ווילדע חיה אין אַ הייל אויף אַ קרבן... ער זיצט געוויס און טראַכט איצט, ווי עפּעס צו מאַכן נאָך אַ בלבול אויף יידן, אַ געשיקטערן, ווי די מעשה מיט די באָמבעס, וועלכע איך וועל אויספירלעך באַשרייבן.

## דער בלבול מיט איליאָדאָרס שטיין און די מעשה מיט הערצענשטיינס מערדער טאָפּאָלעוו אין דער לאַווראַ אונטער וויטאַליס שוץ

ניט איין מאָל האָט איליאָדאָר געזוכט צו מאַכן אַ „קרעסטני כאָד" (קרייץ-צוג) איבער דעם שטעטל פּיטשאַיעוו מיט איקאָנעס און די פאָנען פון די פאַרפינצטערטע פּויערים, וואָס מען האָט פאַרשריבן אין „סאָיוז פון רוסישן פאָלק" צוליב פאַלשע פאַרשפּרעכנס, אַז מען וועט נאָר סאָיוזניקעס געבן לאַנד, אָבער ער האָט עס ניט געקענט אויספירן. דער נאַמעסטניק פון דער לאַווראַ איז געווען קעגן דעם, ווייל אין דער לאַווראַ גופא און אַרום די ווענט איז דאָ גענוג פּלאַץ פאַר די ריזיקסטע פּראָצעסיעס. איספּראַווניק 14) און די פּאָליציי פון דעם שטעטל בכלל זיינען אויך געווען קעגן אַזעלכע פּראָצעסיעס, ווייל זיי האָבן נאַטירלעך מורא געהאַט, אַז דאָס קען פירן צו אומרוען און אַז דער קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר סוכאָמלינאָוו, וועלכער האָט שטרענג אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל ניט דערלאָזן צו פּאָגראָמען, וועט זיך דערפאַר אָפּרעכענען מיט די אָרדענונגס-היטער.

ווי די פּיטשאַיעווער יידן האָבן מיר עס איבערגעגעבן, איז דער „נאַדזיר-ראַטעל" (דער פּאָליציי-הויפּט פון דעם שטעטל) גראָד ניט קיין שלעכטער מענטש. ער זוכט צו האַלטן אָרדענונג און דאַרום זעט ער, אַז מען זאָל ניט אָנפאַלן אויף יידן, וועלכע רירן נאַטירלעך ניט אָן אַ פליג אין פּיטשאַיעוו. איליאָדאָר איז דערפאַר אין גרימצאָרן אויף דעם אָרדענונגס-היטער. ער רופט אים „שבת-גוי", ווי אַלע רוסישע אַנטיסעמיטישע אין „טשאַרנאָסאָטענע" צייטונגען טיטולירן געוויינלעך יעדן קריסט, וואָס ווייזט זיך ניט

---

14) פּ. ק. האָט דאָ אַ טעות געהאַט. דער טיטול פון דעם הויפּט פון דער שטעטל-שער פּאָליציי איז געווען — פּריסטאַוו, וואָס איז געווען אונטערגעאָרדנט דעם איספּראַווניק, פון קרעמעניץ, דער הויפּט איבערן גאַנצן אויעזד (קרייז) פון קרעמעניץ. — רעדאַקציע.

אַרויס פֿאַר אַ יידנפֿרעסער, און ער שרייט אויך, אַז די יידן האָבן אונטער־געקויפֿט די גאַנצע פּאָליציי אין פּיטשאַיעוו.

עס איז יעדנפֿאַלס זיכער, אַז ווען ניט דער נאַמעסטניק פֿון דער לאַווראַ פֿון איין זייט און דער פּאָליציי־הויפּט פֿון דער אַנדער זייט, וואָלט שוין לאַנג געווען אַ שוידערלעכער פּאָגראָם אין פּיטשאַיעוו און איליאָדאָר וואָלט אויסגעפֿירט זיין „פֿרומען קריסטלעכן" וואונטש צו פֿאַרטיליקן אַלע יידן אין דעם שטעטל, אַזוי דענקען אַלע פּיטשאַיעווער יידן, וועלכע ציטערן פֿאַר זייער אייגענעם שאָטן, ווייל זיי זעען און ווייסן, אַז איליאָדאָר און וויטאלי וועלן דאָך שליסלעך אויספֿירן זייער טייוולאָנישן פּלאַן, אויב די איצטיקע וויסטע רעאַקציע וועט ניט געבראָכן ווערן אין גיכן.

אַז די בײדע „גאָטספּאָרכטיקע" מאָנאַכן, וועלכע שטאָלצירן נאָך דערמיט, וואָס זיי זיינען געבילדעטע און האָבן געענדיקט די דוכאָוונע (גייסטלעכע) אַקאַדעמיע (געוויינלעך זיינען די מאָנאַכן פֿון רוסישע קלויסטערס גראָבע יונגען, אומוויסנדיקע קערלען, וואָס קענען קוים לייענען און שרייבן) — אַז זיי האָבן ניט געמיינט די הגדה מיט זייערע „קרעסטני כאָדען", נאָר די קנײדלעך, געמלעך: טאָקע צו רואינירן, אויסצושעכטן און ווייניקסטנס צו פֿאַריאָגן די יידן פֿון „הייליקן" פּיטשאַיעווער באַרג, דאָס איז קלאָר, אַז דאָס וואַרפֿט זיך אין די אויגן, ווען מען לייענט נאָר איבער עטלעכע שורות אומעטום אין וועלכן נומער פֿון איליאָדאָרס „ליטעראַטור" — די „פּיטשאַ־יעווסקאַיאַ איזוועסטיאַ". דער צוועק פֿון די צווײ שוואַרצע טעראָריסטן איז צו פּראָוואָצירן אַ פּאָגראָם אין דער צייט פֿון אַזאַ פּראָצעסיע.

אַ פֿאַרשפּיל פֿון אַזאַ פּראָוואָקאַטאָרסקע רעליגיעזע פּראָצעסיע האָבן די יידן געהאַט אין דער צייט פֿון דער רוסישער „טראָאיציע", ווען איליאָדאָר האָט אָרגאַניזירט אַ „קרעסטני כאָד" לעבן די טויערן פֿון דער לאַווראַ. צוזאַמען מיט פֿאַרשיידענע איקאָנעס און הייליקע פֿאָנען האָט מען אויך געטראָגן אַ פּאָרטרעט פֿון צאַר, וואָס עס האָט געגעבן דער פּראָצעסיע אַן אָפֿענעם פּאָליטישן כאַראַקטער.

ווען די דאָזיקע דעמאָנסטראַציע פֿון די בלינדע און פֿאַרפֿירטע „סאָיוזני־קעס" (כמעט אַלע זיינען געווען פּויערים פֿון וואָלינער גובערניע) איז געווען צו ענדע, האָט איליאָדאָר פּלוצעם אויפֿגעהויבן אַ שטיין און אויסגעשריגן, אַז דאָס האָבן די זשידעס געוואָרפֿן אויף דעם פּאָרטרעט פֿון צאַר. די מו־זשיקעס האָבן אים אָנגעקוקט מיט פֿאַרוואונדערטע אויגן, ווייל קיינער האָט גאָרניט געזען, פֿון וואַנען דער שטיין האָט זיך גענומען. נאָר אייניקע שמשים פֿון דעם ווילדן מאָנאָך האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן אויך געזען, ווי מען האָט געשליידערט דעם שטיין, און אַזוי ווי די פּויערים גלויבן איליאָדאָרן אויפֿן

וואַרט, האַלטנדיק אים פאַר אַ מין הייליקן, האָבן זיי זיך געלאָזט איינריידן, אַז ווירקלעך די יידן האָבן געוואָרפן דעם שטיין, און האָבן זיך שטאַרק געפּ־קאָכט בשעת מעשה.

עס האָט דאַן ניט פיל געפעלט, אַז די אויפגערעגטע פויערים, וועלכע האָבן לכבוד אַזאַ יום־טוב אויך געכאַפּט דעם ביטערן טראָפּן אין די שענקען פון די „סאַיוזניקעס״, זאָלן זיך אַראָפּלאָזן פון באַרג און מאַכן אַ חורבן אין שטעטל. נאָר איליאָדאָר האָט אַפּנים גערעכנט, אַז דאָס איז נאָך ניט גענוג צו מאַכן דעם פּאָגראָם, און איז יעדנפאַלס אַריין, האַלטנדיק דעם שטיין אין האַנט, אין דער לאַווורע, און דער המון איז אים נאָכגעגאַנגען און דאָרטן פאַרבליבן. נאָכדעם האָבן זיך די פויערים באַרואיקט, אָבער מען האָט וואָכן־לאַנג אַלץ געסטראַשעט, אַז מען וועט זיך אָפּרעכענען דערפאַר מיט די יידן.

איליאָדאָר סטראַשעט נאָך איצט אויך מיט דעם דאָזיקן שטיין, וועלכער איז אַפּנים פונקט אַראָפּגעפאַלן פון הימל, ווען ער האָט עס באַדאַרפט. אין איינע פון זיינע בלעטלעך, וואו ער שרייט, אַז די יידן האָבן נאָך אפילו די „חוצפה״ אָפּצולייקענען זיין מעשה מיט די באָמבעס — ביז היינט צו טאָג זיין לעצטע טעראָריסטישע פּראָוואָקאַציע — ענדיקט ער אַזוי:

„הערט אויף זשידעס צו זאָגן ליגנס און צו פאַרטומלען די קעפּ פון פאָלק! מיר וועלן זען, ווי איר וועט זיך באַנעמען און מיט וואָס פאַר — אַ אויגן איר וועט קוקן אויף דעם פּראַוואָסלאַוונעם פאָלק, ווען איך וועל אים מיט גאָטס הילף, דערציילן דעם קומענדיקן האַרבסט, וואָס איר האָט געוואָלט טאָן מיט דער הייליקער לאַווורע און ווי איר האָט געוואָרפן אַ שטיין אין פאָלק... דער דאָזיקער שטיין ליגט באַהאַלטן אין מיין קעליע (צעלע). טראָגט זיך אָפּ, איר ווילדע חוצפּהניקעס, פאַגאַני (מיאוסע) פאַרכאַטע זשידעס, פון דעם הייליקן פּיטשאַיעווער באַרג! דערעסט ניט דעם פּראַוואָסלאַוונעם פאָלק״ (נומ. 138 פון פּיטשאַיעווסקאַיאַ איזוועסטיאַ״).

אַלזאָ, איליאָדאָר גרייט זיך צו זיין יידנפרעסערישער סעודה אין אַ חודש אַרום, ווען די באַגאָמאָלצעס וועלן זיך אָנהייבן צונויפקומען צו קלייבן אין דער לאַווורע, און ער האַלט דערצו אויך אַ שטיין מיט וועלכן ער האָפט צו שפּאַלטן די קעפּ פון די אומגליקלעכע פּיטשאַיעווער יידן... ווען דער דאָזיקער שטיין וואָלט ווירקלעך געוואָרפן געוואָרן פון יידן, וואָלט ער זיך געוויס געפונען אין די הענט פון דער פּאָליציי אָדער פון סליעדאָוואַטעל 15).

15) אויספאָרשער.

אַלס אַ באַווייז פון אַ פאַרברעכן, און ניט ביי איליאַדאָרן, כדי זיך דערמיט צו באַנוצן אין זיינע ווילדע און אומגעלומפּערטע העצעס...

די פּיטשאַיעווער יידן האָבן מיך פאַרזיכערט, אַז ביי דער דאָזיקער פּראָצעסיע האָט זיך קיין איינציקער ייד גאָר ניט געפונען. מען קען עס גאַנץ לייכט גלויבן, וויל עס פאַרשטייט זיך, אַז אַ ייד האָט מורא אַפילו אַ נאָז צו ווייזן ביי אַזעלכע „קריסטלעכע" צערעמאָניעס. יעדנפאַלס, דאַרף מען איינפאַך זיין משוגע צו גלויבן, אַז צווישן די פּיטשאַיעווער יידן — און פרעמדע יידן זיינען איבערהויפּט אַ זעלטנהייט אין דעם פאַרוואָרפענעם שטעטל — האָט זיך געקענט געפינען איינער, וואָס זאָל וואַרפן אַ שטיין אין אַזאַ פּראָצעסיע. דער אָרט, וואו די פּראָצעסיע איז דורכגעגאַנגען בשעת איליאָדאָר האָט געוויזן דעם שטיין, איז אַזאַ שמאָלער, פאַרשטעלט פוןביידע זייטן מיט הויכע שטיינערנע געביידעס (איינע פון זיי איז אַ ריזיקער האָטעל פאַר באַגאָמאָלצעס), אַז אַזאַ וואַרפער וואָלט מען גלייך געכאַפּט און וואַרשיינלעך צעריסן אויף שטיקער אויפן אָרט.

אין אַ גרויסער שטאָט, ווען אַ פּראָצעסיע ציט זיך אויף אַ לאַנגן וועג, קען עס פּאַסירן, אַז ווען איינער זאָל וואַרפן אַ שטיין אָדער וואָס ניט איז, זאָל מען אים ניט קענען כאַפּן, אָבער אין אַזאַ קליין שטעטל, ווי פּיטשאַיעוו, אויף אַ שמאָלן וועג באַרג־אַרויף לעבן אַ מויער פון אַ לאַווּרע, וואָס איז געבויט, ווי אַ פעסטונג אויף אַ באַרג, איז עס איינפאַך אַן אוממעגלעכקייט ניט צו כאַפּן דעם שולדיקן.

איך דענק דערפאַר, ווי די מערסטע יידן פון פּיטשאַיעוו, אַז די גאַנצע מעשה מיטן שטיין איז אַן אויסגעטראַכטע, אַז איליאָדאָר האָט פּשוט אויפגעהויבן אַ שטיין אויפן וועג, כדי צו מאַכן אַ בלבול אויף יידן. נאָר איניקע יידן מיינען, אַז אַ פּראָוואָקאַטאָר פון די „סאָיוזניקעס" האָט קונציק אונטערגעוואָרפן דעם שטיין. זיי ווייזן אָן, אַז אין דער לאַווּרע געפינען זיך אפילו אַזעלכע סאָיוזניקעס, וואָס באַהאַלטן זיך פון דער פּאָליציי און די געריכטן... אַלס אַ ביישפּיל ברענגען זיי דעם פאַל מיט די שוואַרצע חברהניקעס טאָפּאָלעוו און לאַריטשקין, וועלכע ווערן אָנגעקלאָגט אַלס די מערדער פון דעם באַרימטן דעפּוטאַט הערצענשטיין.

יאָ, די דאָזיקע צווי ווילדע ברואים האָבן זיך ווירקלעך געפונען אונטער וויטאַליס שוץ אין דער לאַווּרע אין דער צייט, ווען די פּאָליציי האָט זיי כלומרשט געזוכט אין גאַנץ רוסלאַנד... אַזעלכע באַנדיטן געפינען זיך דאָרטן וואַרשיינלעך איצט אויך.

וועגן טאָפּאָלעוון, וועלכער איז אויך באַקאַנט צווישן די שוואַרצע מאה־

ניקעס אונטער דעם נאָמען „גאמזעי גאמזעאיטש" און וועלכער איז וואַר־שיינלעך טאַקע הערצענשטיינס מערדער, האָבן מיר די פּיטשאַיעווער יידן דערציילט, אַז זייענדיק אין דער לאַווּרע אין פעברואַר פון דעם יאָר, האָט ער זיך אַלץ געריסן צו שלאָגן יידן און האָט איין מאָל, ווען ער האָט זיך אָנ־געשיכורט, גענומען וואַרפן שטיינער אין אַ יידיש הויז. דערפאַר האָט אים די פּאָליציי אַרעסטירט. נאָר באַלד איז געקומען וויטאלי צום פּריסטאַוו און גוט געזאָגט פאַר אים און געבעטן אים אַרויסלאָזן.

ניט די יידן, ניט די פּאָליציי האָבן גאָרניט געוואוסט, וואָס פאַר אַ חברה־מאַן דער דאָזיקער טאָפּאָלעוו איז, און אַז מען זוכט אים פאַר הערצענשטיינס דערמאָרדונג. אָבער וויטאַלי, וועלכער האָט איינגערעדט דעם פּריסטאַוו אַרויסצולאָזן טאָפּאָלעוון און האָט פאַרזיכערט, אַז מער וועט דער דאָזיקער שוואַרצער באַנדיט קיין סקאַנדאַלן ניט מאַכן, האָט נאַטירלעך גאַנץ גוט געוואוסט, ווער דאָס איז.

פאַר טאָפּאָלעוון איז די לאַווּרע נאַטירלעך געווען אַ זיכערער אָרט. עס קען קיין צווייפל ניט זיין, אַז מען האָט אים ספּעציעל געשיקט אַהין, כדי וויטאלי זאָל אויף אים אויפפּאַסן און אים ניט לאָזן אַריינפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי.

אָבער נאָך דעם צופעליקן אַרעסט אין פּיטשאַיעוו האָט וויטאַלי באַשלאָסן אים שטילערהייט אַרויסשיקן פון דער לאַווּרע. יעדנפאַלס איז טאָפּאָלעוו, ווי באַוואוסט, שפּעטער אַרעסטירט געוואָרן אין פּינסק, און דאַן ערשט האָבן זיך די פּיטשאַיעווער יידן דערוואוסט, וואָס פאַר אַ חברהמאַן דאָס איז.

פּירושים צו דעם דאָזיקן פאַקט זיינען איבריק. עס איז קלאָר, אַז די לאַווּרע האָט באַשיצט הערצענשטיינס מערדער און אַז זי איז אַ נעסט פון די ערגסטע איסוואורפן פון די שוואַרצע באַנדעס, וועלכע מאָרדן פריזהייטס־קעמפער.

## איליאָדאָרס מעשה מכוח די פּיטשאַיעווער באָמבעס און דער פאַרשוואונדענער פּראָוואָקאַטאָר

ווען דער בלבול מיטן שטיין, וועגן וועלכן איך האָב אייך געשריבן אין מיין פריערדיקן בריוו, האָט זיך ניט איינגעגעבן, ווי איליאָדאָר און וויטאַלי האָבן עס געוואונטשן, האָבן זיי גענומען זוכן עפּעס אַזאַ בלבול, וואָס זאָל שוין זיכער ברענגען זייערע געווינטשטע פּרוכטן — די אויסראָטונג אָדער ווייניקסטנס די פאַריאָגונג פון די פּיטשאַיעווער יידן און פאַר איין גאַנג פּאָגראָמען אין דער גאַנצער אומגעגנט.

אַז מען זוכט געפינט מען, בפרט נאָך, אַז מען שטעלט זיך ניט אָפּ צו זוכן אין פרעמדע קעשענעס און דערביי עפּעס אונטערוואַרפן. באַלד נאָך דער רוסישער „טראַאיציע", ווען ביידע „גאָטספּאַרכטיקע" גלחים האָבן גערעכנט אויסצופירן זייער „קריסטלעכן" וואונטש צו מאַכן אַ תל פון אַלע יידן אין פּיטשאַיעוו, און זיי זיינען דורכגעפאַלן, האָט איליאָדאָר אָנגעהויבן צו העצן אין זיינע „פּיטשאַיעווסקאַיאַ איזוועסטיאַ" און אין די דרשות, וואָס ער האָט געהאַלטן אין פאַרשיידענע דערפער פון וואָלינער און פּאָדאָליער גו־בערניעס, אַז די יידן ווילן ניט נאָר אים אַליין אומברענגען, נאָר אויך חרוב צו מאַכן די גאַנצע „הייליקע" לאַווריע. דאָס זעלבע האָט אויך געטאָן ווי־טאלי, וועלכער האָט זיך זאָגאַר „פאַרזאָרגט", ווי באַוואוסט, מיט אַ צוואה אין פאַל די יידן וועלן אים דערמאָרדן.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיי אויך ניט געדרימלט צו דענקען, אַז זיי ריידן ניט סתם אין דער וועלט אַריין, אַז די לאַווריע געפינט זיך טאַקע אין געפאַר, אַז דאָס וואָס יידן געפינען זיך אין פּיטשאַיעוו, איז די גרעסטע סכנה פאַר דער לאַווריע און דעם גאַנצן פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן, און דער רעזולטאַט דערפון איז די מעשה מיט די באָמבעס, וועלכע איך וועל אויס־פירלעך דערקלערן אויף דעם גרונט פון פאַקטן, וואָס איך האָב צוזאַמענ־געקליבן אין פּיטשאַיעוו גופא.

עס איז אַ זייער פאַרפּלאָנטערטע און געהיימיספּולע מעשה, אָבער אירע פּראָוואָקאַטאָרסקע פעדים זעען זיך אַרויס ביים ערשטן בליק, און איליי־אָדאָר האָט מער חוצפה, ווי שכל צו באַהאַלטן די שפּורן פון זיינע אייגענע באָמבעס. ער איז נאָך ניט געניט אין קאָנספּיראַציעס, דער דאָזיקער ווילדער צורר היהודים, נאָר אויב מען וועט אים לאָזן ווייטער העצן און מאַכן בלבולים פּראַנק און פריי, וועט ער זיכער „זיך פאַרבעסערן" אין זיינע פּראָוואָקאַטאָרסקע שטיק. די מעשה מיט די באָמבעס איז יעדנפאַלס ניט דער ערך געשיקטער און קונציקער צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן, ווי די מעשה מיטן שטיין.

ווען איליאָדאָר איז אַרויס מיט זיין לאַנגער טעלעגראַמע צום צאַר, אַז יידן האָבן געוואָלט אויפרייסן די פּיטשאַיעווער לאַווריע, האָבן אַלע ליבע־ראַלע צייטונגען געמאַכט חוזק דערפון. מען האָט געמיינט אַז דער משוגע־נער גלח רעדט פּשוט פון היץ, אַז ער פאַנטאַזירט. קיין פאַרנונפטיקער מענטש האָט ניט געגלויבט און קען ניט גלויבן, אַז עס זאָלן זיך געפינען אַזעלכע יידן, וואָס זאָלן גאָר גיין אויפרייסן אַ לאַווריע, וועלכע איז אַזוי שטאַרק, ווי אַ פעסטונג. מיט עטלעכע באָמבעס איז עס איבערהויפּט אוממעגלעך צו צעשטערן אַזעלכע ריזיקע און שטאַרק געבויטע קלויסטערס.

עס איז אָבער יידער ניט געווען אַ פּראָדוקט פון איליאַדאָרס פאַנטאַזיע, נאָר פון אַ לאַנג־געפּלאַנטער פאַרשווערונג. מען האָט ניט נאָר געפונען באַמבעס און יעדנפאַלס באַמבעוואַטע אַרטיקלען אין פּיטשאַיעוו, אָבער אויך אַ פּאָר יידן, וואָס זיינען אַריינגעשלעפּט און פאַרנאַרט געוואָרן אין דער פאַרשווערונג...
אַ יידישער בחור און אַ יידישע טאָכטער זיצן איצט אין קרעמעניצער תפיסה צוליב דער דאָזיקער מעשה מיט די פּיטשאַיעווער באַמבעס! דאָס איז, צום גרעסטן באַדויערן, אַ פאַקט, וואָס איליאַדאָר פאַרשטייט גאַנץ גוט, ווי אויס־צונוצן און וואָס קען האָבן זייער טרויעריקע רעזולטאַטן פאַר אַלע יידן אין דרום־רוסלאַנד.

די געשיכטע איז אַ סך ערנסטער און געפערלעכער, ווי מען שטעלט זיך עס פאָר פון דער ווייטן, און סתם אַ מאַך צו טאָן מיט דער האַנט און אָפּקומען מיט דעם תירוץ, אַז דאָס איז אַ פּראָוואָקאַציע, איז אַן אומזין. עס איז אמת, דאָס איז טאַקע אַ פּראָוואָקאַציע, אָבער מען דאַרף עס באַווייזן, מען דאַרף האָבן פאַקטן צו איבערצייגן אין דעם.

איך מוז אייך זאָגן, אַז טאַקע נאָך צוליב דעם, וואָס יידן זיינען פאַרמישט אין דער פאַרשווערונג, האָב איך געמאַכט די רייזע קיין פּיטשאַיעוו. אפילו ווען איך בין געווען אין זשיטאָמיר האָב איך ניט געקענט דערגיין אויף ריכטיק, אויב צווישן די אַרעסטירטע מכח די פּיטשאַיעווער באַמבעס געפינען זיך ווירקלעך יידן. אייניקע האָבן גאָר אין גאַנצן געלייקנט דעם פאַקט. אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן עפּעס געהערט וועגן דעם אַרעסט פון אַ יידישן יונגנמאַן. נאָר געווייינלעך האָב איך געקראָגן דעם געוויינלעכן ענטפער: „אַ, דאָס איז אַ בלבול, אַ נייע העצע פון איליאַדאָר און חברותא“.

אַזעלכע ענטפערס האָבן מיך בכלל ניט באַפרידיקט. אין בערדיטשעוו האָב איך אויך גאָר ניט געקענט אויסגעפינען מכוח די פּיטשאַיעווער צרות, אין יעדע שטאָט האָבן יידן גענוג אייגענע צרות, און מען אינטערעסירט זיך דעריבער גאַנץ ווייניק מיט די צרות פון ווייטע שכנים.

ערשט ווען איך בין אָנגעקומען קיין קרעמעניץ, און נאָכדעם אין פּיטשאַיעוו, בין איך דערגאַנגען אויף ריכטיק, ווי די מעשה מיט די באַמבעס האָט פּאַסירט און ווי אַזוי אַ ייד איז אַריינגעפאַלן אין דעם געפערלעכן נעץ.

איך וועל עס אייך איצט דאָס אַלץ איבערגעבן מיט דער פאַרזיכערונג, אַז איך האָב די גאַנצע מעשה זייער פאַרזיכטיק נאָכגעפאָרשט און אַז איך שרייב נאָר דאָס, וואָס איך האָב געהערט און געזען אויפן אָרט.

אין נומער 135 פון די „פּיטשאַיעווער איזוועסטיאַ“, אין וועלכן איליאַדאָר האָט

אַרויסגעלאָזן די קאַץ פון זאַק און האָט אויך אָפּגעדרוקט זיין טעלעגראַמע צום צאַר, איז די מעשה אַזוי איבערגעגעבן:

„הערט פּראַוואָסלאַוונע מענטשן! אָקערשט האָט דער אַרכימאַנדריט וויטאַלי אַנגעשריבן צו אַלע פּאַרעטער און זשידעס זיין צוואה אויף דעם פאַל, אויב זיי וועלן אים דערמאָרדן, ווי זיי האָבן דאָס געסטראַשעט — און אָט זיינען אין פּיטשאַיעוו אָנגעקומען זשידי־מערדער. געקומען זיינען זיי דאָנערשטאָג דעם 14טן (27טן) יוני, און האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין דעם הויז פון דער זשידאָווקע רויטבורט לעבן דער סאַמע לאַווּרע *). ביי דער זשידאָווקע וואוינט דער זייגערמאַכער גייסלער און דער זשיד ראַווקאַ, וואָס פּאַרקויפט סאָדע־וואַסער. צו דעם ראַווקאַ זיינען דאָס די זשידעס־מערדער געגאַנגען פרייטאָג טרינקען וואַסער״.

„גלייכצייטיק מיט די מערדער זיינען פון לוצק געקומען צופאָרן דער געהילף פון דעם נאַטשאַלניק פון דער „זשאַנדאַרמסקי אופּראַוולעניע״ מיט אַן איבער־געקליידטן זשאַנדאַר און האָבן איבערגעגעבן דעם נאַדזיראַטעל, אַז פון אויס־לאַנד האָט מען געגעבן צו וויסן, אַז די טעג וועלן די זשידעס צעשטערן די לאַוו־רע״.. (איך מאַך דאָ אויפמערקזאַם די לעזער אויף די ווערטער, וואָס איך האָב אונטערגעשטראָכן, ווייל דערמיט גיט זיך איליאָדאָר אַליין אַרויס, ווי איך וועל דאָס באַווייזן — י. נ.).

„מען האָט נאָכגעשפּירט די זלאָדעיעס 16), דערציילט ווייטער איליאָדאָר, פריי־טאָג דעם גאַנצן טאָג, זיינען יידן געגאַנגען אַרום דער לאַווּרע און האָבן באַזונדערס אַרומגעקוקט די טיפּאָגראַפיע. פון דעם פענצטער פון זיין קעליע האָט זיי דער יעראָמאָנאַך איליאָדאָר דריי מאָל געזען און האָט ביי זיך געטראַכט: „פון וואַנען האָבן זיך דאָס גענומען אין אַ וואָכעדיקן טאָג אינטעליגענטע געסט?״

„עס איז געקומען די נאַכט. דער ראָטמיסטער, דער נאַדזיראַטעל און דער זשאַנדאַרם האָבן זיך באַוואָפנט און אַרום 12 ביינאַכט זיינען זיי אַריין אין דער נעסט פון די מערדער. איין זלאָדעי־זשיד איז אַנטלאָפן, און צוויי, אַ זשיד און אַ רוסישן, האָט מען געפונען און געפאָדערט, אַז זיי זאָלן עפענען די טשעמאָדאַנען. אין אַ טשעמאָדאַן האָט מען צווישן די פּאַפּירן געפונען אַזאַ בריוו: „טייערע טאָוואַרישטשי (חברים) — קומט צופאָרן. די פאַבריק איז פאַרטיק. העלענע״.

---

*) איך מוז דאָ גלייך באַמערקן, אַז לעבן דער סאַמע לאַווּרע געפינען זיך נישט קיינע יידישע הייזער. די לאַווּרע געפינט זיך אויפן באַרג און איז אַרומגערינגלט מיט שטאַרקע ווענט לעבן אַריינגאַנג — י. נ.

16) אויסוואורפן.

נאָכדעם האָבן זיך דער ראַטמיסטער מיט דער פּאָליציי גענומען צו „דער פּאַרטיקער פֿאַבריק". מען האָט גענומען אָן אַנדער טשעמאָדאַן, וועלכער איז געווען זייער אַ שווערער. מען האָט אים געעפֿנט, און וואָס האָט מען געפֿונען? דאָרטן זיינען געווען זייער זאָרגפֿלטיק איינגעפּאַקט זיבן גרויסע באָמבעס מיט אַ שרעקלעכער אויפֿרייס־קראַפֿט, אַ גרויסער זאַפּאַס פּולווער, אויפֿרייסנדיקע קוועקזילבער און שטיקלעך אייזן צום אָנפֿילן באָמבעס."

„ווען מען האָט געפֿרעגט די זלאָדיעיעס: „צו וואָס האָבן זיי געבראַכט אַהער באָמבעס?" האָבן זיי, נאַטירלעך, אָנגעהויבן צו זאָגן ליגנס און האָבן געענטפֿערט, אַז אימיצער האָט זיי דערלאַנגט די באָמבעס, כדי זיי איבערצוגעבן אַ געוויסן קאָלקאָ, וועלכער איז שוין אַנטלאָפֿן. די מערדער האָט מען גלייך אַרעסטירט און אָוועקגעפֿירט מיט דער פֿאַבריק קיין קרעמענעץ. איצט זוכט די פּאָליציי די „טייערע טאָוואַרישטשעס".

אַזוי דערציילט די מעשה איליאַדאָר אין זיין בלעטל. איך האָב איבערזעצט זיין נוסח וואָרט פֿאַר וואָרט. ווי אַ באַווייז קאָן איך ברענגען דעם נומער 135, אין וועלכן ער לאָזט זיך אויך פֿונאַנדער מיט אַ ווילדן אויפֿרוף קעגן יידן. אין זיין טעלעגראַמע צום צאַר, טרעט ער אַרויס קעגן דעם הייליקן סינאָד און דעם אָבער־פּראָקוראָר איזוואָלסקי, ווייל מען האָט אים ניט געגלויבט, ווען ער האָט געטענהט, אַז מען וויל אויפֿרייסן די לאַוורע, און ער ענדיקט אַזוי: „דאָס גאַנצע וואָלינער פֿאָלק בעט דיך רחמים אין הונדערטער פּריגאָוואָרן, אַז דו זאָלסט הייסן פֿאַריאָגן די זשידעס פֿון דעם הייליקן פּיטשאַיעווער באַרג, וועלכע האַלטן ביי זיך באַמביסטן, אין קעגנפֿאַל איז די פֿאַרניכטונג פֿון אונדזער הייליקטום אומפֿאַרמיידלעך".

נו, דערווייל שטייט נאָך די לאַוורע גאַנץ פֿעסט און זי וועט זיך האַלטן אַזוי לאַנג, ביז עס וועלן זיך געפֿינען נאַרישע און פֿאַרפֿינצטערטע „באַגאָמאָלצעס" צו בוקן זיך צו געטשקעס.

וואָס אַנבאַלאַנגט צו דער פּאָליציי, וועלכע זוכט די „טייערע טאָוואַרישטשעס", האָט זי זיי פֿון אָנהייב אָן געהאַט אין אירע הענט. מען דאַרף זיי גאָרניט זוכן. איינעם וועט זי זיכער ניט געפֿינען, ווייל דאָס וועט ניט לוינען ניט דער פּאָליציי און ניט דער גאָטספֿאַרכטיקער פֿאָר, איליאַדאָר און וויטאַלי. דאָס איז טאַקע דער „קאָלקאָ", וואָס איז ניט אַנטלאָפֿן, ווי איליאַדאָר דערציילט, נאָר איז אָוועקגעפֿאָרן צוזאַמען מיט דעם איבערגעקליידעטן זשאַנדאַר נאָכדעם, ווי ער האָט געבראַכט די באָמבעס. דאָס איז דער פּראָוואָקאַטאָר, וועלכער געהערט צו די שוואַרצע באַנדיטן, ווי טאָפּאָליעוו, לאַרישקין און קאַזאַנצעוו.

וועגן דעם „קאָלקאָ" און וועגן די גאַנצע פּראָוואָקאַציע וועל איך שרייבן אין מיין קומענדיקן בריוו.

## ווי די פראָוואָקאַטאָרסקע פאַרשווערונג איז אויסגעפירט געוואָרן און ווי דער אמת ווייזט זיך אַרויס

איליאַדאָרס „גנעסט פון מערדער" וואו מען האָט געכאַפּט די „באָמביסטן", איז אַ געווײנלעכע אכסניה ביי אַן אלמנה מיטן נאָמען רויטבורט. דעם 14טן (24טן) יוני זיינען טאַקע אַהין אָנגעקומען דריי יונגע לייט, פון וועלכע צוויי האָבן דערלאַנגט זייערע פּאַספּאָרטן, און דער דריטער האָט זיך אָנטזאָגט, דערקלערנ־דיק, אַז מען קען אים אין דער פּאָליציי, אַז דער נאַדזיראַטעל [פּאָליציי־הויפּ) איז זיינער אַ פריינד און אַז ער וועט סיי ווי סיי באַלד אָפּפאָרן.

דער דריטער איז עס „קאָלקאָ", וואָס — ווער ווייסט? —ליגט אפשר איצט באַהאַלטן אין דער לאַווורע אַזוי ווי טאַפּאָלעוו און אַנדערע דרוזשיניקעס וואָס האָבן דאָרטן געפונען אַ מקום מנוחה.

אין פּיטשאַיעוו איז מען ניט געוואוינט געווען צו אַזעלכע געסט, און ווען איינער פון די דריי האָט ניט געוואָלט ווייזן זיין פּאַספּאָרט האָט זיך די אלמנה רויטבורט דערשראָקן און איז אַוועק צום יידישן סטאַראָסטע דערציילן די מעשה און פרעגן אַן עצה, וואָס זי זאָל טאָן. דער סטאַראָסטע איז אַוועק מיט איר צום נאַדזיראַטעל און אים געמאָלדן אַז די דריי יונגעלייט זיינען ניט קיין כשרע, אָבער דער נאַדזיראַטעל האָט זיך אויסגעלאַכט דערפון. די אַלמנה האָט זיך דאַן נאַטירלעך באַרואיקט.

נאָר אויף מאָרגן 12 אַזייגער ביינאַכט, האָבן זיך אין איר אַכסניה אַריינגעריסן זשאַנדאַרמען און פּאָליציי צו מאַכן אַן אָביסק 17) אין דעם צימער וואו די דריי יונגעלייט האָבן זיך אָפּגעשטעלט. געפונען האָט מען דאָרטן איינעם מיטן נאָמען וולאַדימיר, אַ רוס, און איינעם מיטן נאָמען טעלער, אַ ייד פון אַ יאָר 18. „קאָלקאָ" (אַ פאַרקירצונג פון דעם נאָמען ניקאָלאַי), וועלכער האָט דאָרטן איבערגעלאָזן אַ טשעמאָדאַן, האָט זיך באַצייטנס אָפּגעטראָגן.

אין דעם דאָזיקן טשעמאָדאַן האָט מען דאָס געפונען דריי בריוו, אַלע אונטער־געשריבן „העלענע" און ענלעכע מאַטעריאַלן, וואָס קענען דינען צו פאַבריצירן באָמבעס. פאַרטיקע באָמבעס, ווי דער נאַדזיראַטעל האָט עס אַליין נאָך דעם דערציילט די יידן אין פּיטשאַיעוו, האָט מען דאָרטן ניט געפונען. די באַ־הויפּטונג פון איליאַדאָרס בלעטל, אַז מען האָט געפונען גאַנצע 7 גרויסע באָמבעס מיט אַ שרעקלעכער אויפרייס־קראַפט איז אַלזאָ איינע פון די ליגנס מיט וועלכע דער יידנפרעסערישער גלח באַפּוצט זיינע בלבולים.

ווי ווייט די צוויי אַרעסטירטע זיינען איינפאַך פאַרפירט און פאַרנאַרט געוואָרן

17) זוכעניש.

אין דער קאָנספּיראַציע, וויזט אויך דער פאַקט, אַז זיי האָבן אָנגעגעבן זייערע ריכטיקע פאַספּאָרטן. איינער, דער רוס, איז דער זון פון אַ שוסטער אין לוצק און האָט קיין שום אידעע נישט פון פּאָליטיק. דער אַנדערער דער ייִד, קומט פון דעם שטעטל גאָראָכאָוו, וולאַדימיר־וואָלינער אויעזד, 18) און פאַרשטייט אויך גאַנץ ווייניק אין פּאָליטישע פראַגן. ער איז סך הכל אַלט 18 יאָר. ווען מען האָט געפונען די בריוו מיט דער אונטערשריפט „העלענע" און געפרעגט, ווער זי איז, האָט טעלער באַלד געענטפערט, אַז דאָס איז זיין שוועסטער, וואָס עס ווייזט ווידער, אַז ער האָט גאָרניט געוואוסט אין וואָס פאַר אַ געפערלעכער פאַרשווערונג מען האָט אים אַריינגעשלעפּט.

זיין שוועסטער וועלכע איליאַדאָר רופט אין זיין בלעטל „די שיינע העלענע", איז אַן אַקושערקע אין גאָראָכאָוו און זיצט איצט אויך אין קרעמעניצער תפיסה. וועגן איר ווייסן די פּיטשאַיעווער ייִדן גאָר ניט. מען רעכנט, אַז זי איז פאַר־פירט געוואָרן פון דעם פּראַוואָקאַטאָר „קאָלקאָ" און האָט אויך אַריינגעשלעפּט איר ברודער. אין נומער 139 פון די „פּאָטשאַיעווסקאַיאַ איזוועסטיאַ" האָב איך געפונען פאָלגנדיקע איינצלהייטן:

„העלענע האָט געדונגען אין גאָראָכאָוו דעם פּאָסט־וואָגן, וואָס האָט געבראַכט די „באָמביסטן" אין פּיטשאַיעוו. זי אַליין האָט זיך געקליבן צו קומען „אַרבעטן אויף דער פאַבריק" אין 2 אָדער 3 טעג אַרום. די „שיינע העלענע" און אַנדערע קאָליגאַנעס (ווי געפעלט אייך דער אויסדרוק אין איליאַדאָרס מויל?) פון דעם שטעטל גאָראָכאָוו, ווי עס ווייזט אויס אויך אַ רוסישער סטודענט, האָבן שוין לאַנג געשאַרפט די ציינער אויף דער לאַוורע, אויף דער דרוקעריי, אויף דעם אַרכימאַנדריט וויטאַלי און אויף דעם יעראָמאָנאַך איליאַדאָר. איין מאָל האָט דער אַרכימאַנדריט וויטאַלי דערהאַלטן פון גאָראָכאָוו אַן אַנאָנימען בריוו, אין וועלכן מען האָט אים אָנגעזאָגט וועגן דער געפאַר, וואָס די זשידעס און רוסישע קאָליגאַנעס גרייטן צו פאַר דער לאַוורע. און ווירקלעך, היינט דעם 22טן יוני, האָט דער זשאַנדאַרם מיטגעטיילט, אַז די מערדער האָבן געוואָלט צעשטערן די טיפּאָגראַפיע 19) און טויטן דעם אַרכימאַנדריט וויטאַלי און דעם יעראָמאָנאַך איליאָדאָר"...

נאָר, פאַרכאַפּט זיך באַלד דער צוקערזיסער גלח, די לאַוורע וואָלט אויך ניט גאַנץ געבליבן, ווייל די באָמבעס האָבן דאָך געהאַט אַ שרעקלעך צעשטערנדיקע קראַפט.

---

18) אויף יידיש האָט מען די שטאָט גערופן לודמיר. באַקאַנט אויך מיטן נאָמען פון דער פאַרשמטער צדקת — די „לודמירער מויד", וואָס האָט געטראָגן ארבע כנפות און געדאַוונט אין טלית ותפילין. דערביי צוויי פּאָר רש״ס און רבינו תמס תפילין" — רעדאַקציע.

19) דרוקעריי.

אַלזאָ, אַלץ שטאַמט פון אַ קליין שטעטל פון וועלכער נאָר די אַרומיקע איינ־וואוינער וויסן, אַלץ איז אַרויסגעשפּרונגען פון דעם פאַרוואָרפענעם ווינקל גאַראַכאַוו — אין דער בריוו, וואָס האָט אַרויסגערופן וויטאַליס באַרימטע צוואה, אין די „באָמבעס", אין דער פּראָוואָקאַטאָר, אין די דריי קרבנות.

מער קרבנות האָט די פּאָליציי נישט געקענט אויסגעפינען. איליאָדאָר דער־ציילט אַלץ שרעקן וועגן יידן און פאַרעטער, וואָס זאָלן האָבן געזוכט אויפצו־רייסן די לאַוורע; אָבער ווען עס קומט אים אויס צו שרייבן דייטלעכער און איבערצוגעבן איינצלהייטן, ווייזט ער ניט־ווילנדיק אַליין, אַז דער פּיטשאַיעווער באַרג האָט געבאָרן אַ פּראָוואָקאַטאָרישע מויז. מער ווי 2 יידישע קינדער, אַ ברודער און אַ שוועסטער, וועלכע האָבן קיינע פאַרבינדונגען ניט מיט קיין שום רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, זייענען ניט פאַרמישט אין דער באָמבעוואָטער פּראָוואָקאַציע. די פּיטשאַיעווער יידן האָבן יעדנפאַלס קיין שום שייכות ניט דערמיט, דאָס וואָגט אפילו איליאָדאָר ניט אָפּצולייקענען אָפן. אין אַ נאָטיץ אין זיין בלעטל מאַכט ער שפּאַס פון די „יערוסאַלימסקיע דוואָריאַניע" (אָדע־ליגע), און נאָך דער מעשה מיט די באָמבעס האָבן זיי זיך אַזוי איבערגעשראָקן, אַז זיי האָבן זיך אַלע פאַרשריבן אין „דער געהיימער פּיטשאַיעווער פּאָליציי", כדי צו באַשיצן די לאַוורע און אויפצופּאַסן אויף אַלע פרעמדע, וועלכע קומען אָן אין דעם שטעטל.

„אָט האָט עס די רעגירונג געכאַפּט אַ מציאה!" מאַכט ער זיך לוסטיק. „מיר האָבן איצט אַ פּריוויליקע נישט־באַצאָלטע געהיימע פּאָליציי! אָבער זעט נאָר זי זאָל נישט אַריינפירן באָמביסטן אין דער לאַוורע... זשידעס זיינען דאָך אויף אַלעם פּייאיק! עס וואָלט שוין גלייכער געווען, אַז זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון דער דינסט און זאָלן זיך אָפּטראָגן פון פּיטשאַיעווער באַרג וואָס ווייטער ..."

וועגן „קאָלקען" דערמאָנט איליאָדאָר גאָר ניט. ער האָט איין מאָל געזאָגט, דער חברהמאַן איז פאַרשוואונדן, און פאַר אים איז דאָס גענוג, כדי די גאַנצע שולד איצט אַרויפצוואַרפן אויף אַלע יידן. אָבער דער פּראָוואָקאַטאָר לעבט ערגעץ, און די פּאָליציי ווייס צו גוט, וואו ער געפינט זיך. ווען עס וועט קומען צו אַ פּראָצעס, וועט זיך אַרויסווייזן, ווער עס איז דער אמתער שולדיקער אין דער מעשה מיט די באָמבעס און וויפל ווילדע ליגנס איליאָדאָר האָט דערביי אויסגעטראַכט.

עס לעבט אויך אַ ייד אין ראַדזיווילאָוו וואָס קען גאַנץ גוט דעם איבערגע־קליידעטן זשאַנדאַרם און וואָס האָט אים געזען אויף מאָרגן נאָך דעם אָביסק19) אין רויטבורטס שטוב צוזאַמען מיט נאָך איינעם טאָקע אין ראַדזיווילאָוו, דער נאָמען פון דעם זשאַנדאַר וועלכער איז אָנגעקומען אין פּיטשאַיעוו פאַר די

19) הויז־זוכעניש.

קרבנות פון דער פראָוואָקאַציע איז סקאַראַכאַדאָוו. דאָס איז זייער אַ געניטער זשאַנדאַר. דער יונגערמאַן, מיט וועמען ער איז געקומען פון פיטשאַיעוו קיין ראַדזיווילאָוו, איז געלעגן באַהאַלטן דעם גאַנצן טאָג אין אַ האָטעל. ביינאַכט זיינען זיי בײדע ערגעץ אַוועקגעפאָרן מיטן אײַזנבאַן. דער ייד וואָס האָט זיי געזען און דערקענט סקאַראַכאַדאָוון, הייסט אַלטער בריזגאַל. ער האָט קיין מורא ניט צו זאָגן דעם אמת, און ווען מען וועט עס דאַרפן, וועט ער אַרויסטרעטן אַלס עדות אין געריכט.

דאָס באַשטעטיקן די באַריכטן, אַז דער פראָוואָקאַטאָר „קאַלקאַ" האָט אַלץ אַראַנזשירט, אַז דער זשאַנדאַר סקאַראַכאַדאָוו זאָל זיין אין פיטשאַיעוו באַצייטנס און זאָל אים, נאָך דעם אַרעסט פון די צווײ קרבנות, אַוועקפירן אין אַ זיכערן אָרט.

אין מיין פאַריקן בריוו האָב איך געבראַכט איליאַדאָרס אייגענע באַשרייבונג פון דער מעשה מיט די באָמבעס. דער גלח האָט זיך אַליין דאָרטן אַרויסגעגעבן דערמיט, וואָס ער האָט צוגעגעבן, אַז ניט נאָר דער איבערגעקליידעטער זשאַנ־דאַר, נאָר אויך דער זשאַנדאַרמסקער ראַטמיסטער פון לוצק איז אָנגעקומען „גלייכצייטיק" מיט די „באָמביסטן".

פרעגט זיך, פון וואַנען האָבן זיי עס געקענט וויסן? קיינער פון די דריי אַרעס־טירטע קרבנות האָט זיך אין קיין רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פריער ניט געמישט. זיי האָבן זיך מיט גאָר נישט אויסגעצייכנט, אַז מען זאָל זיי חושד זיין אין פאָליטישע פאַרברעכנס און בפרט נאָך אין אַזאַ שווערער זאַך, ווי די פאַבריקאַציע פון באָמבעס. ווי אַזוי זשע איז עס די קליינשטעטלדיקע זשאַנ־דערמעריע געפאַלן אַזוי „קונציק" אויף דעם סליאַד 20) פון די „פאַרברעכער" און האָט דערמיט איבערגעטראָפן אַפילו די געניטסטע פעטערבורגער געהיים־פאָליציי?

גאַנץ פשוט, דער געהיימניספולער „קאַלקאַ" האָט וועגן דעם צו וויסן געגעבן באַצייטנס די זשאַנדאַרמען, און זיי זיינען געקומען אויף אַ פאַרטיקע שטיקל אַרבעט, וועלכע איז באַשטעלט געוואָרן פון איליאַדאָרן, כדי צו באַווייזן אַז זיינע בלבולים אַז יידן ווילן אויפרייסן די לאַוורע, האָבן דאָך אַ שטיקל גרונט.

איצט קען ער שוין שרייען אין יעדן נומער פון זיינע בלעטלעך, וויפל זיין טריפה האַרץ געלוסט, און קלאָגן מיט קראָקאָדיל־טרערן, אַז די יידן האָבן געוואָלט אויפרייסן מיט באָמבעס די לאַוורע. נאָר ער טוט עס אָפט אַזוי אומ־געלומפערט, אַז מען זעט גלייך, ווי ער פאַרדרייט דעם אמת און טראַכט אויס ליגנס.

צום בײַשפּיל, אין איין אָרט שרייבט ער אַזוי:

---

20) שפּור.

„איצט האָבן די פּיטשאַיעווער יידן קלאָר באַוויזן, ווי געפערלעך עס איז זיי צו לאָזן לעבן דער לאַוורע. זיי האָבן אַריינגענומען אין זייער (?) הויז באָמביסטן... אמת, די זשידאָווקע, ביי וועלכע די זלאָדיעיעס האָבן זיך אָפּגעשטעלט, איז אַליין מיט אַ צוויי שטונדן פאַר דעם אָנקומען פון דער פּאָליציי אַוועקגעלאָפן און האָט געמעלדעט, אַז ביי איר געפינען זיך שלעכטע מענטשן, וואָס האָבן געזאָגט: „מיר האָבן באָמבעס!" נאָר דאָס האָט זי געטאָן, כדי צו שיטן זאַמד אין די אויגן. זי איז געלאָפן אָנזאָגן ערשט דאַן, ווען דער גאַנצער „פּיטשאַיע־ווער קאַהאַל" האָט זיך דערוואוסט, דאָס מען שפּירט נאָך די מערדער, און אַז מען וועט זיי באַלד פאַנגען. ווען עס וואָלט אַזוי ניט געווען, וואָלטן זיי מיט פריידיקע הערצער געוואַרט, אַז די גרויסע פאָלקס־הייליקטום זאָל אויפגעריסן ווערן, און ווען די לאַוורע וואָלט זיך אויפגעהויבן אין דער לופטן, וואָלטן זיי זיך געזאָגט: „מיר וויסן גאָר ניט!" ניין, זשידעס! איר ווייסט! איר האָט געוויזן אייערע רויבערישע נעגל. דעריבער טראָגט זיך אָפּ מיט גוטן פון דעם הייליקן פּיטשאַיעווער באַרג ביז איר וועט ניט פאַריאָגט ווערן אויף דעם באַפעל פון צאַר".

דאָ האָט דער ווילדער גלח אַליין צוגעגעבן, אַז די אלמנה רויטבורט האָט אָנגע־זאָגט אין דער פּאָליציי וועגן די פאַרדעכטיקע געסט, אָבער ער האָט דערביי פאַרדרייט דעם פאַקט אַזוי, אַז עס זאָל זיך דוכטן, דאָס ניט נאָר די אָרעמע יידענע, נאָר אַויך אַלע יידן אין פּיטשאַיעוו האָבן געוואוסט, אַז די פאַרדעכטיקע זיינען געקומען אויפרייסן די לאַוורע מיט באָמבעס. וואָס פאַר אַ משונהדיקער ליגן. די באָמביסטן, זאָגט ער, האָבן כלומרשט אַליין דערקלערט, אַז זיי האָבן באָמבעס. וואָס פאַר אַן אומזין! טאַקע נאָר אַזאַ צעדולטער קאָפּ, ווי איליאָדאָרס קען אַזאַ בלבול אויסטראַכטן.

נאָר ער קען זיינע פּאַפּענהיימער, ער ווייס, מיט וואָס פאַר אַ פינצטערע פויערים ער האָט צו טאָן און אַז מען וועט גלויבן דעם גרעסטן אומזין, וואָס ער וועט זאָגן און שרייבן. ער שרייבט דעריבער, וואָס עס פאַלט אים אין קאָפּ אַריין, און אָפּט ווייס ער אַליין ניט, וואָס עס רייסט זיך אַרויס פון זיין פּראָוואָקאַטאָרסקער פעדער.

אַלס מוסטער פון זיינע היסטערישע און ווילדע געשרייען קעגן יידן, שיק איך אייך צו דעם 135טן נומער פון „פּאָטשאַיעווסקע איזוועסטיאַ", וואָס איז אָנ־געפילט מיט איין אַרטיקל: „די פּיטשאַיעווער לאַוורע איז געראַטעוועט" און וואָס ענדיקט זיך מיט די ווערטער: „גאָט, דערוויטער פון אונדז די יידן".

דער צלם איז פונקט, ווי דער באַרימטער צלם, וואָס די „רוסקאָיע זנאַמיאַ" האָט אַרויסגעלאָזן מיט אַ טאָג פאַר יאָלאָסעס *) דערמאָרדונג. דאָס איז געווינלעך אַ סיגנאַל צו פּאָגראָמען...

*) אַ באַרימטער פּראָגרעסיווער קעמפער קעגן צאַרישן רעזשים.

## ЗАВЕЩАНИЕ АРХИМАНДРИТА ВИТАЛИЙ*

Архимандрит Виталий был главным деятелем в Почаевском отделе «Союза Русскаго Народа».

В Июне 1907 г. было напечатано в «Почаевских Известиях» его завещание, где говорилось следующее:

«Мною получено третье предупреждение от жидо-революционеров. Нужно, значить, быть готовым е смерти. Поэтому я и оставляю это мое завещание Волынскому православному народу, которому служил.

«Жиды прислали такое письмо, написано красными чернилами:

Мерзавцы! Виталий Иосиф и прочия собаки, довольно затемнять глаза Русскаго народа! довольно держать их под черной крышей! довольно нас обманывать, Довольно! Мы крестьяне уже обдумались, нас жизнь довела до другого «союза». Пришла пора на вас собаки и на Вашу человекоубийственную типографию. Не долго еще будете печатать. Вы вознесетесь на воздух «бамбами» как Илья на золотой колеснице. Печатайте побольше, потому что Вам некогда. Пора уже! Русский народ больше терпеть не может».

За Ц. К. партий С. Р. Волынский Районный С. Р-ский Комитет

«Это дело не крестьян. Крестьяне не умеют печатать, а это письмо напечатано. Оно напечатано жидами или их прихвостнями.

---

*) Русский архив, Т. 3, стр. 424/26, 1914 г.

«Против приговора я ничего не имею. Исполнить его легко могут охотники до человеческой крови всегда. Запоров и стражи особой при типографий нет. Доступ в мою колею никому не возвранен. Идут все кому нужно. В дни собраний народа я, почти всегда, бываю с ним во дворе. Так что особых препятствий к исполнению приговора, парахаты революционеры, не встретят никаких. И если Бог удостоит меня положить жизнь за Православный народ, буду считать себя счастливейшим. Но желая свою родину и бедный, окутанный жидами, народ, желаю, чтобы хотя эта последняя возможность от меня жертва принесла пользу народу, поэтому завещаю: «Пусть тогда политою моею кровью смоется жидовская болячка с Россий, пусть очистится Святая гора от облепивших ее пявок в роде парахатых Зальцев или Пинхасов сбывающих в Лавру все дряное Батей, Якир, Черняк плюющих на святыя иконы и речей жидовской нечисти. Пусть не останется и духу их в Россий»; они — жиды — добиваясь конституций и равноправия заварили у нас все это кровавое беснование, пусть же они его расхлебывают. С них да взыщется пролитая кровь».

Архимандрит Виталий

Через несколько дней после напечатания этого завещания, только своевременным арестом полицией, 15го Июня 1907 г. в м. Почаеве в еврейском доме, еврея и одного русскаго (третий злоумышленник скрылся) с семью бомбами, было предупреждено исполнение угрозы евреев взорвать Почаевскую Лавру. Это неудавшийся их злодения попоудило волынских богомольцев послать Государю телеграмму в которой они просили его повеления — «удалить с Святой горы Почаевских жидов, дающих приют бомбовщикам, иначе — гибель народной Святыни неизбежна».

Новое Время, Петербург, 1907 № 11277.

---

*) באַמערקונג: דער גאַנצער ענד־טייל וואָס די „נאָוואָיע וורעמיאַ״ שרייבט איז אויספירלעך אויפגעקלערט ביי פיליפ קראַנצן.

# בעת און נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה

חיים גענזעלמאַן

## עת לדבר...

(איבערלעבונגען בעת דער עסטרייכישער אָקופּאַציע פון 1915)

ס׳איז שוין צייט פּיטשאַיעווער יידן זאָלן זיך אַ ביסל אָראָפּרעדן פונעם האַרצן פאַר זייערע ברידער אין אַמעריקע. אויב ניט דירעקט, איז לפּחות דורך באַשרייבן די געשעענישן, איבערלעבענישן פאַר די יאָרן פון דער וועלט־מלחמה און אין דער נאָך־מלחמה צייט ביז איצט. אַז איין ברודער קאָן פילן דעם צווייטן ברודערס שמערצן און שטרעבן מיט אַלע מעגלעכקייטן אים צו פאַרלייכטערן אַרויסצוהעלפן פון דער שלעכטער לאַגע, — דערצו קאָן דינען ווי אַ באַווייז דאָס באַגיין זיך פון אונדזערע אַמעריקאַנער ברידער מיט זייערע ברידער אין גאַנץ אייראָפּע. די אַמעריקאַנער שטיצע האָט אַ סך געראַטעוועט פון אונטערגאַנג. ביי אונדז אין פּיטשאַיעוו האָבן אַ סך תושבים געקריגן הילף פון זייערע קרובים אין אַמעריקע. מיט אַזעלכע מיטפילנדיקע ברידער איז זייער אָנגענעם צו רעדן דורך שרייבן. פיל איך זיך טאַקע באַרעכטיקט, אין נאָמען פון מיינע שטאָטלייט, באַשרייבן אַ טייל פון די איבערגעלעבטע פּאַסירונגען, אַלץ באַשרייבן איז גאָרניט מעגלעך.

ווי ס׳איז יעדן באַקאַנט, האָט די מלחמה געטראָפן מיליאָנען מענטשן. אין אונדזער געגנט איז גאָר שלעכט געווען. ביים אָנהייב פון דער מלחמה זיינען מיר מיט אַ מאָל אַראָפּ פון גוטס צו שלעכטס. ביז דער קאַטאַסטראָפע האָט יעדער, נאָך זיין שטאַנד נאָך, געצויגן חיונה. מיטן אויסברוך פון דער מלחמה איז אַלץ חרוב געוואָרן.

פון פּיטשאַיעוו איז דער רוב איינוואוינער ניט אַנטלאָפן טיף אין לאַנד; מ׳האָט געוואַרט ס׳זאָל קומען דאָס מלכות של חסד, די עסטרייכישע אַרמיי. און נאָך אַ סך שרעקן האָט מען זיך דאָס דערוואַרט. די רוסן האָבן אָפּגעצויגן און זיי, די עסטרייכער זיינען אַריינגעקומען. תחילת האָט זיך אויסגעוויזן אַז ס׳וועט זיך לעבן ניט שלעכט מיט די עסטרייכער. אָבער — אָן אומזיסטיקע האָפענונג. די נייע הערשער האָבן רעקווירירט אַלע לעבנסמיטלען און

געקומען אויף צוואַנג־אַרבעט, אַלטע ווי יונגע. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיי אונדז אַרויסגעפירט קיין גאַליציע. פון אונדזער האָב און גוטס איז כמעט גאָרניט געבליבן. וואָס מ׳האָט געקאָנט מיטנעמען, האָט מען נאָך מציל געווען — דאָס איבעריקע, לרוב דאָס וויכטיקסטע, איז פאַר־ניכטעט געוואָרן.

ווי שרעקלעך! שטעלט זיך פאָר אַזאַ לאַגע: מענטשן, לאַנגיאָריק פאַר־פעסטיקטע בעלי־בתים מיט גרויסע ווירטשאַפטן זיינען אין געציילטע טעג געוואָרן וואַנדערער אויף דער וועלט, איבער פרעמדע הייזער. מיר זיינען געקומען קיין גאַליציע אויפן באַפעל פון דער רעגירונג. קעגן ווילן פון די אָרטיקע איינוואוינער האָט מען אונדז איינגעקוואַרטירט אין זייערע וואוינונגען. ווי ביטער דאָס איז געווען צו לעבן לאַנגע חדשים אין פרעמדע הייזער, וואו די בעלי־הבתים האָבן אונדז ניט געוואָלט האָבן.

האָט מען אונדז נאָכדעם אַוועקגעפירט קיין מעהרן. דאָרט איז אויך ניט געווען צו דערוואַרטן קיין נחת; מ׳האָט אונדז באַזעצט אין באַראַקן, דאָס עסן איז גיכער געווען צום הונגער ווי צו דער זאַט: ברויט איז געווען זייער ווייניק. די לאַגע האָט אונדז שוין געהאַט אַזוי פאַרביטערט, אַז מ׳האָט גאָר פאַרגעסן צי מ׳איז אַמאָל געווען מיט מענטשן גלייך און געלעבט ווי מענטשן דאַרפן לעבן. מ׳איז אַריין אין אַזאַ יאוש, אַז מ׳האָט שוין ניט געגלויבט אין אַן אויס־גאַנג פון די צרות.

אַזאַ לעבן האָט געדויערט צוויי יאָר. נאָכדעם אַז מען האָט אונדז געבראַכט אין פאַרשיידענע שטעט אויף דער פריי, און יעדן צוגעטיילט אַ טעגלעכע רעגי־רונגס־שטיצע, האָט מען אַ ביסל אָפּגעאָטעמט, דערפילט אַ קליינע פאַרלייכטע־רונג. יעדער האָט געקאָנט זוכן אייגענע מיטלען זיין לאַגע צו פאַרבעסערן. און איניקע האָבן טאַקע אָנגעהויבן לעבן בעסער. אָבער ביי די אַלע גליקן, האָט זיך יעדער איינער געוואונטשן וואָס גיכער קומען אַהיים.

נאָך דער מלחמה, ווען ס׳איז געקומען דער באַפעל אונדז אָפּשיקן אַהיים, איז ניט צו באַשרייבן די פרייד ווי גרויס זי איז געווען. נאָך לאַנגע און אומאויפּער־לעכע מאַטערנישן אין דער פרעמד, זענען מיר ענדלעך געקומען אַהיים. קיין פאַרגעניגן פונעם לעבן האָט נאָך קיינער ניט געקאָנט האָבן, ווייל נאָך אַזאַ חורבן און אויסראָטונג, פון דער מלחמה, איז שווער געווען זיך איינ־איינאָרדענען מער־ווייניקער נאָרמאַל. די אייגענע היים־שטאָט, דאָס זיין ביי זיך, ניט ווערן מער געשליידערט פון איין אָרט אויפן צווייטן, — דאָס אַלץ האָט אונדז דערמוטיקט און צוגעגעבן געדולד צו זוכן מיטלען ווי בעסער זיך איינאָרדנען, יעדער באַזונדער נאָך זיין שטאַנד נאָך. און מ׳האָט אַלץ אָנגעהויבן פונסניי. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט כמעט יעדער באַקומען

פרנסה. אָבער צו גוטס האָבן מיר נאָך ניט געקאָנט קומען, ווייל ס'זיינען ווידער געקומען אומרואיקע צייטן. ס'איז ניט געווען קיין פעסטע מאַכט, וואָס זאָל רעגירן. ס'האָט געשוועבט די מורא פאַר דער שווערד, די שרעק פאַר אַ בירגער־קריג...

ס'האָט געדויערט אַ שטיקל צייט ביז ס'האָט זיך ביי אונדז איינגעשטעלט די געהעריקע מאַכט, וואָס אונטער איר שוץ לעבן מיר איצט. אין אַזעלכע ניסיונות און איבערלעבונגען, איז יעדער פון אונדז ניט איינמאָל שוין גע־וואָרן מוטלאָז און פאַרלוירן דעם ווילן און דעם גוסט צום לעבן. איצט, אַז דאָס לעבן איז שוין זיכער, האָט אונדז זייער שווער געטראָפן דער קריזיס. דער גרעסטער טייל יידן אין אונדזער שטעטל האָבן ניט קיין פרנסה. די נויט איז גרויס. מיט איין וואָרט — דאָס לעבן אין שלעכטע צייטן איז ניט אָנגענעם.

(געשריבן אין פיטשאַיעוו, אין 1932)

יחיאל רודמאַן

# דער איצטיקער מצב פון פיטשאַיעווער יידן נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה

היסטאָרישע געשעענישן וואָס אונדזערע עלטער־זיידעס האָבן אַדורכגעמאַכט אין פאַרשיידענע צייטן, קענען קוים פאַרגליכן ווערן מיט אונדזערע שווערע איבערלעבונגען זינט אָנהייב דער וועלט־מלחמה ביז די נאָך־מלחמה־יאָרן, וואָס מיר, פיטשאַיעווער יידן, האָבן אַדורכגעמאַכט.

במשך פון פיר מלחמה יאָרן (1914־18) איז מען דורכגעגאַנגען אַלע שבעה מדורי גהינום. אָנשטאָט ברויט האָבן מיר זיך אָנגעגעסן אין דער פרעמד מיט צרות און פּיין. מיט גרויסע צרות און יסורים זיך צוריקגעקערט אַהיים — און געטראָפן בלויז די חורבות פון אונדזערע הייזער.

אָט אין וועלכע שווערע באַדינגונגען און אומשטענדן האָבן זיך אין פאַר־לויף פון זעקסט יאָר נאָכן היימקער געפונען פינף־און־פערציק פּראָצענט פון דער פּיטשאַיעווער יידישער באַפעלקערונג: כמעט אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, מחמת גרויס אָרעמקייט און דחקות איז מען ניט געווען אימשטאַנד אויפצובויען די חורבות, וואָס די מלחמה האָט איבערגעלאָזט. אפילו ביי היינטיקן טאָג געפינען זיך נאָך צווישן אונדז אַכט פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס זיינען ניט בכוח אויפצובויען זייערע רואינעס אָדער סתם צעשטערטע הייזער און דער טויט לאָקערט אויף די בני־בית יעדע רגע.

דער אַמט פון מלוכהשע בוי־הלוואות קומט אין זעלטענע פאַלן אַקעגן די, וואָס נייטיקן זיך אין אַ בוי־הלוואה. דערצו איז אונטערגעקומען דער קריזיס, וואָס איז אַ מכת מדינה, וואָס האָט אַלעמען געטראָפן. ס'איז ממש נישט צום איבערטראָגן. ער מאַכט אונדז אומברחמנותדיקע חשבונות.

זיבעציק פּראָצענט פון דער פּיטשאַיעווער יידישער יוגנט גייט אַרום פאַר־כמורעט און טרויעריק. ניטאָ קיינע פּערספּעקטיוון אויף אַ בעסער לעבן.

(געשריבן אין 1924)

דער עקאָנאָמישער מצב פאַרערגערט זיך אַלץ מער פון טאָג צו טאָג. אומעטום — נאָר פינצטערניש, אומעט, שרעק.

די יידישע באַפעלקערונג אין פיטשאַיעוו וואָס ציילט בערך 260 פאַמיליעס, באַשטייט פון אַכט־און־אַכציק פּראָצענט קרעמער, הענדלער און צוועלף פּראָצענט בעלי־מלאכות. פון זיי איז מער ווי אַ העלפט אַרבעטסלאָז. דער קרעמער איז דער שומר פון די ליידיקע פּאָליצעס און דער בעל מלאכה נעמט נישט קיין געצייג אין דער האַנט אַריין. די צאָל יורדים פאַרגרעסערט זיך יעדן טאָג. ס'איז גאָר קיין חידוש ניט, וואָס די לאַגע איז אַזוי מוראדיק. ווייל לייען אַ הלוואה, אַ גמילות־חסד אויף אַ טאָג, דאָס איז שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע. די פּאָר צענטליק גבירים אין שטעטל ליגן אויפן געלט ווי אַ הונט אויף דער סטערווע (נבלה־פליישׁ). כל־זמן זיי האָבן געפילט, אַז פון אַ „הלוואהלע״ קען מען אָפּלעקן אַ פעט ביינדל ביי די בּאַרגער — האָבן זיי געגעבן! אַצינד, אַז ס'איז שוין ניטאָ פון וואָס צו לעקן — טאָ צו וואָס זאָלן זיי אויסבאָרגן זייער געלט.

די פּריוואַטע גמילות־חסדים זיינען אונטערגעגאַנגען מיטן מענטשן גופא. אַמאָל — דאָס הייסט מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק — האָבן די עטלעכע דעמאָלסטיקע גבירים ביי אונדז אין שטעטל תמיד געזאָרגט טאָן אַ מצווה מיט לייען אַ גמילות־חסד אָ נויטבאַדערפטיקן. זיי האָבן דערויף געהאַט ספּעציעל אַסיגנירטע געלטער פאַר עולם־הבא וועגן. איצט איז גאַנץ אַנדערש. היינטיקע גבירים ווילן בלויז עולם הזה. חוץ דעם האָט אין יענער צייט אַ ייד אַן אָרעמאַן געקאָנט קריגן אַ הלוואה אויף אַ משכון, ביז — אולי ירחם. היינט אָבער וויל מען אפילו אויפן גרעסטן משכון ניט געבן די קלענסטע הלוואה. נישט דערפאַר ווייל ס'איז אפשר קיין געלט ניטאָ, נאָר דערפאַר ווייל איבערן געלט זיינען קיין מענטשן נישטאָ!... זייער זעלטן אַז דאָס געלט זאָל זיך געפינען ביי היינטיקער צייט ביי אַ ווערטפולן מענטשן. דער איצטיקער געלט מענטש, באַהאַלט עס, צום גרויסן באַדויערן, פאַרבונדן אין זאָקן... אין שמאַטעס... דערפאַר הערשט ביי אונדז אַ תוהו ובוהו.

אַ ספּעציעלן אויפזען פאַרדינט דעריבער די „גמילות־חסדים קאַסע״ אין פיטשאַיעוו. אַ דאַנק דער הילף פון „דזשאָינט״ און די באַמיאונגען פון אַ פּאָר בעלי־בתים, וואָס האָבן מיט אַ יאָר צוריק איבערגענומען די פירונג פון אָט דער אינסטיטוציע. אַ שטיקל צייט האָט אויך אין דער גמילות־חסדים קאַסע געהערשט אַ כאַאָס, אַ דאַנק איינעם אַ פיינעם בעל־הבית אין דער פאַרוואַלטונג וואָס זיין אַקטיוויטעט איז געווען אַ שטרויכלונג פאַר די קאָנסומענטן פון דער גמילות־חסדים קאַסע. איצט איז שוין אַ ביסל מער אָרדנונג. דאָס איז דער איינציקער אַנשטאַלט וואָס זאָרגט פאַרן נויטבאַדערפטיקן, ס'איז

פאַרט אַ שטיקל ישועה צו באַקומען אַ הלוואה פון פופציק ביז פינף־און־זיבעציק זלאָטעס אויף אויסצאָלן אין גאַר קליינע ראַטעס, אָן שום פּראָצענטן.

ס'איז אויך ניטאָ װער ס'זאָל זאָרגן פאַר אָרעמע לייט. די וואָס פלעגן זאָרגן פאַרן אָרעמאַן, דאַרף מען אויסגראָבן. צווישן די לעבעדיקע איז אַזעלכע לעת עתה ניט פאַראַן.

די זאָרג פאַר דערציען דעם יונגן דור איז ביי אונדז אין שטאָט זייער שוואַך. אמת, די יוגנט זיצט ניט מער אין די פינצטערער נאַרעס באַהאַלטן. אָבער מחמת מאַנגל אין מיטלען האָט זיך אונדזער קולטור אַרבעט ניט געקאָנט אַנטוויקלען נאָרמאַל. דערצו איז די איצטיקע יוגנט ניט ווייניקער באַלאַסטעט מיטן עול פרנסה ווי דער עלטערער.

דער ליבסטער אוצר אונדזערער ניט אָפּצושאַצן — דאָס איז די ביבליאָטעק. זי ציילט אַ 400 ביכער, יידישע און העברעאישע און עקזיסטירט אַ דאַנק דער מי פון אַ קליין הייפעלע מענטשן. אונדזערע פּיטשאַיעווער ברידער אין אַמעריקע האָבן אין איר דעם גרעסטן חלק. דורך דער ביבליאָטעק איז פאַרט אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ ביסל ליכט צווישן דער יוגנט. צייטונגען ווערן ביי אונדז זייער ווייניק אַבאָנירט. איין צייטונג ווערט דורכגעשטאָכן פון פופציק פּאָר אויגן.

(דער סוף איז פאַרלוירן געגאַנגען)

## יצחק נתן לערער

# די גמילות־חסדים־קאַסע אין פּיטשאַיעוו

בעת דער וועלט־מלחמה (1914־1918) האָט די עסטרייכישע אַרמיי פאַרנומען פּיטשאַיעוו אין אויגוסט, 1915. דאָס שטעטל האָט זיך דעמאָלט געפונען אינגאַנצן אַ דריי־פיר קילאָמעטער פון די פאָדערשטע פּאָזיציעס. מיטן אַריינקום פון די עסטרייכער, איז פּיטשאַיעוו עקאָנאָמיש פולקום רואינירט געוואָרן. דער צופיר פון לעבנס־מיטלען האָט זיך מיט אַ מאָל אָפּגעשטעלט, די רעזערוון זיינען אויסגעגאַנגען, אַ טאָטאַלער הונגער האָט אָנגעהויבן מאַטערן די באַפעלקערונג. די אָקופּאַציע־אַרמיי איז געווען דער איינציקער פלאַץ, וואו מ׳האָט נאָך געקאָנט קריגן אַ שטיקל ברויט, און ס׳איז אַוועק אַן אויס־טויש־מסחר ביי סאָלדאַטן און אָפיצירן. די דעמאָראַליזאַציע איז געוואָרן אַן אַלגעמיינע. כדי צו קריגן פּראָטעקציע צו אָפיצירן־אינטענדאַנטן, האָבן זייער אַ סך יוסטע בעלי־בתים אפילו אויסגענוצט זייערע שיינע טעכטער...

אַ זעקס וואָכן נאָכדעם ווי די עסטרייכישע אַרמיי האָט באַזעצט פּיטשאַיעוו, האָט די גאַנצע ציווילע באַפעלקערונג באַקומען דעם באַפעל זיך צו עוואַ־קואירן קיין ראַדזיוויל און אין די אַרומיקע דערפער, וואו ס׳האָבן זיך גע־פונען אַרויסגעשיקטע אויך פון אַנדערע שטעטלעך. די עוואַקואירטע זיינען ניט ווילנדיק געוואָרן קעסט־קינדער ביי דער רעגירונג. אין ראַדזיוויל האָבן זיי באַקומען צעטלען אויף לעבנס־מיטלען, אין די דערפער פלעגט אַ פעלד־קיך יעדן טאָג ברענגען פאַר די געצוואונגענע פליטים וואַרעמען קאַפע, ברויט און אַ ביסל געקעכץ. אַזוי האָבן מענטשן ביסלעכווייז זיך צוגעוואוינט ניט צו אַרבעטן און לעבן פון גרייטן, פון דעם וואָס זיי באַקומען.

אין 1918, ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָבן אַלע עוואַקואירטע גע־קאָנט זיך צוריקקערן אַהיים, דאָס בעטלערישע לעבן איז פאַר אַ סך געוואָרן אַ געוואוינהייט, וואָס שיידן זיך מיט איר, האָט מען קיין איבעריקן חשק ניט געהאַט. אָבער באַין ברירה, האָט מען אָנגעהויבן זוכן עפּעס טאָן, כדי צו דערנערן זיך און די פאַמיליע. אין דער ערשטער צייט האָט יעדער איינער זיך געוואָרפן אויף מיסחר. דאָס האָבן אין די ערשטע פאָר חדשים, געטאָן אפילו גוטע בעלי־מלאכות און קוואַליפיצירטע אַרבעטער. אַזוי לאַנג ווי ס׳איז געווען אַ מאַנגל אין אַלץ, האָט יעדער איינער ווי־ס׳ניט־איז געמאַכט „געשעפטן". מיטן מאָמענט וואָס דאָס לעבן האָט אָנגעהויבן ווערן מער־

וויניקער נאָרמאַל, זיינען די ניי־געבאַקענע סוחרים על פּי רוב דורכגעפאַלן און אָנגעוואוירן זייער לעצטן גראָשן.

מיט דער צייט האָט זיך איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט מיט אַמעריקע. פּיטשאַ־יעווער יידן האָבן אָנגעהויבן בעטן שטיצע ביי זייערע אַמעריקאַנער קרובים. אַ סך פון זיי, וואָס האָבן זיך געוואָנדן צום אַמעריקאַנער „רייכן פעטער", זיינען טאַקע געווען יורדים, וואָס די מלחמה האָט זיי רואינירט און זיי האָבן באמת זיך געניויטיקט אין שטיצע. אַנדערע אָבער האָבן דאָס געטאָן וויל, די צייט האָט זיי אויסגעלערנט בעטן... צווישן די, וואָס האָבן זיך געניויטיקט אין הילף, זיינען אויך געווען ניט וויניק אַזעלכע, וואָס אַמעריקע איז פאַר זיי געוואָרן אַ צווייטע עסטרייכישע רעגירונג פון דער מלחמה־צייט: — זי שטיצט... אָט די מענטשן האָבן די אַמעריקאַנער הילף ניט אויסגענוצט אויף פּראָדוקטיווע צוועקן, זיי האָבן גאַנץ פּשוט זיך איינגעשטעלט צו לעבן פון פּענסיע... געווען אפילו אַזעלכע, וואָס זיינען אַ דאַנק דער אַמעריקאַנער שטיצע געוואָרן וואוכערניקעס.

צום גליק האָט אין פּיטשאַיעוו זיך געפונען אַ גרופּע כלל־טוער, וואָס האָבן איינגעזען, אַז אייביק וועט אַמעריקע קיין דאָלאַרן ניט שיקן און אַז, פון דער אַנדער זייט, פאַלט דער קליינער סוחר אָדער בעלי־מלאכה אַ קרבן צו די פּראָצענטניקעס. אַזוי אַרום איז נאָך אין יאָר 1919 אויפגעקומען דער געדאַנק צו שאַפן אַ גמילות־חסדים־קאַסע. די אידייע איז געווען, אַז אַזאַ קאַסע זאָל אויסבאָרגן געלט אויף פּראָדוקטיווע צוועקן מיט דער התחייבות דעם חוב צו צאָלן ראַטעסווייז. אַזעלכע הלוואות האָבן געדאַרפט זיין קאָנסטרוקטיוו און העלפן די באַדערפטיקע אָנהייבן פונסניי אַ נאָרמאַל לעבן.

אין אָנהייב האָבן מיר מחמת מאַנגל אין מיטלען קיין סך ניט געקאָנט אויפטאָן. אין 1920 האָבן אונדזערע אַמעריקאַנער לאַנדסלייט צוגעשיקט די סומע פון 2.000 דאָלאַר פאַר אַלע מעגלעכע שטאָטישע הצטרכותן. ס'האָט זיך געשאַפן אַ קאָמיטעט, וואָס זיין אויפגאַבע איז געווען ראַציאָנעל פאַרווענדן די אַמערי־קאַנער געלטער. אָט דער קאָמיטעט האָט אויך אַסיגנירט אַ סומע פון 300 דאָלאַר פאַר דער גמילות־חסדים־קאַסע, מיטן תנאי די קאַסע זאָל אַרויס־געבן אָן פּראָצענט קלענערע, קורצטערמיניקע הלוואות, וואָס דאַרפן אויס־געצאָלט ווערן אין וואָכנטלעכע ראַטעס. די ערשטע צייט איז עס אָנגעקומען זייער שווער צוגעוואוינען די דעביטאָרן, אַז זיי מוזן צוריקצאָלן זייער חוב. אַ קריטישע לאַגע אין דער ליי־קאַסע האָט זיך גאָר גיך געשאַפן איבער אַן אַנדער סיבה:

אַרום 1922 האָט די פּוילישע רעגירונג דורכגעפירט די דעוואַלואַציע פון איר וואַליוטע. דאָס געלט, וואָס די בעלי־חובות האָבן צוריקגעצאָלט דער קאַסע

האָט שוין קיין ווערט ניט געהאַט, און די אונטערנעמונג איז פון זיך אַליין צעפאַלן. אין 1926 האָבן מיר ווידער באַקומען פון אונדזערע אַמעריקאַנער ברידער די סומע פון 500 דאָלאַר פאַר פאַרשיידענע אינסטיטוציעס. מיט 200 דאָלאַר פון אָט דער סומע האָבן מיר באַנייט די טעטיקייט פון דער גמילות־חסדים־קאַסע. אַ דאַנק דער הילף פון אַמעריקע און דער ענערגישער אַרבעט פון דער פאַרוואַלטונג איז די איצטיקע גמילות־חסדים־קאַסע אין פיטשאַיעוו אַנגעשלאָסן זינט נאָוועמבער 1926, אין פאַרבאַנד פון אַלע ליי־קאַסעס אין פוילן. דער פאַרבאַנד גופא שטייט אונטערן קאָנטראָל פונעם „דזשאָינט". דעם 18טן מערץ, 1927 איז אונדזער גמילות־חסדים־קאַסע לעגאַליזירט געוואָרן דורך דער פוילישער מאַכט.

ביי היינטיקן טאָג פאַרמאָגט די קאַסע קרוב 9.000 זלאָטעס (1.000 דאָלאַר). זי גיט אַרויס הלוואות אין דורכשניט צו 200 פאַמיליעס, אַרבעטער, בעלי־מלאכות און קליינהענדלער. דער באַטרעף פון יעדער הלוואה איז פון 25 ביז 100 זלאָטעס, דער טערמין פון אויסצאָלן איז פון דריי ביז צוועלף חדשים.

די שטיצע פון פיטשאַיעווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָט דערמעגלעכט, אַז דאָס שטעטל זאָל האָבן אַ פינאַנציעלע אינסטיטוציע, וואָס איז אין איצטיקן עקאָנאָמישן קריזיס אין פוילן, דער איינציקער אָרט וואו אַ נויט־באַדערפטיקער פיטשאַיעווער ייד קאָן קריגן הילף אין דער פאָרם פון אַ הלוואה אָן פראָצענט. פיטשאַיעווער יידן וועלן אָט דעם אויפטו פון אונדזערע אַמעריקאַנער ברידער לאַנג ניט פאַרגעסן.

פיטשיעוו, איגוסט, 1932.

# טעטיקייטן אין פיטשאַיעוו *)

ב״ה ב׳ במדבר, 10טען מאַי 1926
לאָחי אהובי יקר הערך מוה״ר חנא נר״י זאַלץ.

דיין לעטער פין 6טען אַפּרעל האָב איך ערהאַלטין אין (און) דעם 2טען לעטער פין 15טען אַפּרעל ג״כ קבלתי אין (און) די לעטערס וואָס צים (צום) קאָמיטעט איבערגיגיבין צי (צום) קאָמיטעט, אין (און) דעם לעטער וואָס לאחותי מינציאַ איבער גיגיבין לאחותינו מינציא תחי׳.

דיא 300 דאָלאַר מינויאָרק קבלנו: על שמי — 150 ד׳ אין אויף שם אליעזר האנדיל — 150 ד׳. קיין ענפיר האָב איך ניט גיקענט שרייבין, ווייל איך האָב גיוואָרט צים לעצטין באַשלוס פין ציזאַמען שטעלין דעם קאָמיטעט. דען רעינען אמת שרייב איך דיר פערזיענליך, אַז דער גרעסטער שאָהדין וואָלט גי־וועהין פאַר דעם קאָמיטעט, ווען ס זאָהל גיוועהין אַריין טרעטין הר׳ יצחק באר... ווייל ער איז דער פערזאָהן וואָס נעמט גיצאָהלטס פאַר יעדין טראָד (טרוד) — ער וואָלט שוין גיוועהין גיפאָדערט מאָנאַטלייכע זאַלאָוואַניאַ (שכירות), נאָר אַזוי. ער ב. האָט אַליין ערהאַלטין אַ לעטער פין נויאָרק פין ק׳ גראב. מיט דער נייער ציגיזעצטאַר קאָמיטע. האָבין מיר אויסגיקליבין דיא פיר פערזאָן צי זיך אין נעמין זיך צי דער האַרביט. נאָר פאַר באר׳ן האָט דאָס ניט גילוינט צי קומען אין קאָמיטע נאָר מיט 3 גאַלאָסין (שטימען), ער האָט גיוואָלט קומען מיט 6 גאַלאָסין, אין וויא וועט ער ניט באַקומען נאָך 1 גאַלאָס פין די אַנדירי טשלעניס, (מיטגלידער) וועט ער בעשטענדיק האָבין פערעוועס (איבערוואג) אין בעל באתיווין אויף דעם קאָמיטע, און קענין דער פין סמאָקין (געניסן). נאָר יוסף פלאַקסמאַן מיט צבי לייבער וועיסין (ווייסן) דערפין זענין זייא גלייך גיקומען, צבי לייב שאָבאַר וויסט אויך דערפין, נאָר ער האָט ניט גיקעהנט גייהעין אָקעגין באַר׳ן. ער האָט דאָס מיר פערזיינלעך אַרויסגי־זאָגט. אין ער שאָבאַר וועט קיין נויאָרק קיין שלעכץ ניט שרייבין. אין אַז עס וועט אַוועק אַ שטיקל צייט וועט ער זיך צי איים קערין (אומקערן) צי האַרבעטין צי זאַמען אין קאָמיטע.

יעצט וועל איך שרייבין פאַר וואָס מיר האָט דיא 3 פערזאָנען גענצליך ניט גיוואָלט פריגלאַשין (פאַרבעטן).

---

*) דעם ווייטן געדרוקטן בריוו לאָזן מיר אין דעם נוסח און אויסלייג פונעם שרייבער. דאָס איז דער נוסח פון בערך הונדערט יאָר צוריק.

1. אלעזר קירדניס — פאַר דעם מסירה לעטער; 2. יחיאל פאַרשט — פאַר חי' ראַציס קאָפּ: ער קען זיך ניט גלייכין (ניט אויסקומען) מיט מענטשינס גידאַנקין; מיט זיין עגינעם פּאַטער הר' היינאַך איז בכל יום בעיזילאָוויעס (צוניפגעלאָפּערייען) אין 3. הר' צבי צוויק איז שוין איין עלטאַראַר מענטש, דיא גידאַנקין טראָגין שוין ניט זיך צי באַשעפטיקין מיט אַזוני זאַכין, אין וואָס עס וועט זיין גלייך וועט ער זאָגין קרים און אַזוי — פאַרקערט. על כן האָט דאָס אַזוי גימוזט בלייבין. מיר ווען טאָהן אַללעס בעסטיס פאַר דעם שטעטיל מיר פאָהדערין ניט קיין כבוד אין ניט קיין גיצאַלטס. אין אויב עס וועט זיך גיפינין פין אַ צוועיטאַר צד מענטשין וואָס ווילען טאָהן שלעכץ פאַר דעם שטעטיל, האָף איך אַז עס וועט זיי ניט גילינגין. ווייל דער אמת וועט צי ברעכין דעם שקר. איך האָב גיפרעגט הר' אל' קירדינאַר פאַר וואָס ער האָט אַזוי גישריבין, שווערט ער זיך מיט כל השבועות אַז ער האָט ניט גישריבין אין ווייסט ניט פין גאָהר ניט, אין ער וועט תיכף אַוועק שרייבין קיין נויאָרק צי דיא ברידער אין שוואָגאָרס אַז עס איז שקר אין דער קאָמיטעט האַנדילט האָרינטליך.

נאָר דיר שרייב איך, אַז דיא זאָלסט ניט האָבין קיין שום איבער טראַכט. דיא וועסט חלילה פאַר מיר אינדאַר (אין דער) קאָמיטע ניט קראַסנעיון (פאַר־שעמט ווערן) באַ אייך אויף איין פאַרזאַמלונג. דיא געלדער וואָס ווערין צי גישיקט וועט איהר אויף זייא באַקומען פּאָקוויטאַוואַניס (קבלות) מח' (מחותמים).

105 ד' האָט איר באַקומען אַ ליסט — 30 ביטאָנעס צימענטאָוואַניאַ האָט מען גימאַכט אויף דעם פלאַץ לעבין מרחץ וואָס דער פאַבריקאַנט מיט דער מאַשין אין מאַטריאַל האָט אין (אַהין) גיבראַכט פין קרעמעניץ אין דאָס אויסגיה־אַרביט, אַז עס קאָסט יעדיס שטיק 2.50 ד', ס"ה קאָסטין דיא 30 ביטאָניס 75 ד', אַחוץ די האַרביט ביי דער קרעניצאַ אין נאָך מאַטריאַלן וואָס עס פאָהדערט דאַ קרעניצאַ. פין די ביטאָניס איז פאַראַן אין קרעמעניץ פאַבריקיס וואָס מיא קויפט דאָרט גרעטי (גרייטע). איז ווען מיר קויפין אין קרעמעניץ גרעיטאַ וואָלט אינז גיוועין בדאָרפט מיט דער שכר עגלה קאָסטין יעדאַר ביטאָן 4.50 ד', אין זייא זענין פיל שוואַכאַר אָפּגי־האַרביט, אין דאַ בייא אינץ אויף דעם פלאַץ האָב איך אַכטונג גיגיבין אַז עס זאָהל אין זייא אַריין גיגיבין ווערין צימענט נאָך יותר פין דער נאָרמאַלער פּאָהצעיו (פּאָרציע) וואָס מיר האָבן אָפּגישמיסט מיט דעם פאַבריקאַנט. אינץ (אונדז) קאָסט ביטאָניס ווינציקאַר מיט 60 ד' וואָס זיי וואָלטין גיוועין גיקאָסט מיא זאָהל גיוועהין קויפן גרעיט אין קרעמעניץ. דאָס שרייב איך דיר, בכדי זאָלסט וויסען וויא עס ווערט באַ אינץ (אונדז) גיהיט דער סענט...

איך האָב דיר שוין פיל גישריבין, אַז איך שרייב דיר עפּיס פין אַ זאַך, סאַי ווענין מיר סאַי וועגין יענים, זאָהלסטי וויסען אַז וואָס עס ווערט גישריבין

איז דאָס אמת אין ריכטיג. איך האָב דיר גישריבין אַז דער ביבליאָטעק האַרביט ניט, בדאַרפסטי וויסען אַז עס איז ריכטיג. אַז יעדער שרייבט דיר אַז ער האַרביט אין פאָדערט געלט, בדאַרפסטי יענים ענפאַרין ער האַרביט ניט, נאָך וואָס טוג אייך מעות. זאָלסט וויסען אַז דער ביבליטעק מיט דער לעזיא זאָל האָבין עקסיסטירט אַז כל זמן בני צבי איז גיוועהין אין דער היים אין ער האָט גיהאָט צי זיך נאָך איין פאָהר יונגליך וואָס זייא דינען יעצט זעלנאַר (זעלנער) אין 1 בחור, בן צבי צוויק איז יעצט אין פאַלעסטיני, וואָס ער האָט פיל מיטגיהאָלפין. אַז דיא פאָהר פערזענין זענט ניטאָ, איז דאָס גישעפט איבער גיגאַנגין צים ניזשניא נאָראָד (המון מענטש) האָבין זייא גימאַכט איין טעל. חאַטשי הר׳ חיים קראַסמאַן האָט אָנן גישטרעינקט אַללע כוחות אין ציגיהאַלטין דיא ביבליטעק. היינו, ער פלעגט זייא בייטין, דען יוגענד, זאָהלין אַללע נאַכט קומען אין לעזין פאַר איסטאַריוס מיט גאַזעטין אין אַזוי פיל חדשות אין גאַנץ האָלטס (אַלץ) זייא באַוויסיג מאַכין וואָס עס טיט זיך אויף דער וועלט, אין עס האָט גאָהר ניט גיהאָלפין. פיל פין דעם עלטאָרין יוגענד וועיסן אַז מיא קומט זיך צי נויף בדאַרפין מאַכין גראָבי זאַכין.

ענדיא קען איך דיר שרייבין, אַז מיא האָט אפילו דער יוגענד אויף גיערט צי צאָהלין דירה געלט פאַר דער לעזיא זאָל אין דיא שאַפי מיט דעם ביסל ביחאַר (ביכער) שטעהין יעצט באַ אברהם רידיקער אין קאַמאַר פאַרשלאָסין, פאַר איין משכון וואָס ער מאָהנט 5 דאָלאַר דירה געלט. קענסטי דיר אויסמאָלין דעם יעצטיגין פיטשייעווער יוגענד. נאָהר אַזוי וויא עס איז אָהן גיקומען פין דיר דער לעטער, האָבען מיר תיכף אָסעגנירט דיא 25 ד׳ פאַרין ביבליטעק. נאָר אַרויסגיבען די 25 ד׳ האָבין מיר ניט ווען צי גיבען. מיר וועלין אָפּ צאָהלין לרידיקער דיא 5 ד׳ אין איבער נעמין דיא ביחאַר צי זיך, אין מיר וועלין זעהין, אַז דיא יוגענד זאָהל זיך האַרגאַניזירין נאָהר דיא קלעני יוגענד איז שוין אַדערכגיפאַליני. נאָהר דאָס קען ערשט זיין שפּעטאַר מיט אַ שטיקיל צייט.

יותר פין קאָמיטע וועט דיר באַשרייבין אינזאַר סעקריטאַר הר׳ חיים קראַסמאַן. דיא 200 ד׳ פין דער לאַי׳ קאַססי ווערין ציטעילט פאַר 20 פערזאָן, צי 10 ד׳ אין זייא בידאַרפין אָפּ צאָהלין אַללע וואָך צי דאָלאַר, בכדי מיא זאָהל קענין אַלע וואָך באַפרידיקין נאָך פערזאָנען. לעידאָר (ליידער) איז זייער ניט גיט. ווייל עס איז דאָ פיל מענטשין צים לייען נאָר וואָס קענין מיר בעסיר מאַכן. מיר בעטין אייך אויב עס איז נאָהר מעגליך, וואָס גיכאַר אינטער צי שטיצין דיא לאַי׳ קאָססי, בכדי צו העלפין דיא מענטשין וואָס בדאַרפין הילף.

זאָלסט ניט מעינין אַז עס איז באַ מיר אַזוי שטאַרק איין־גינעמין צי זיין אין קאָמיטעט. ראשית איז מיר דער קאָפּ פאַר דרעהיט מיט מיין פרנסה, וואָס פאַרדין ניט, אין אַ צוועיטינס באַקומט מען נאָך פיל שונאים. על כן, איז

אויב נויאָרקאַר לאַנדסלייטע, האָדער פילאַדעלפיער לאַנדסלייטע וועלין אויס גיפינען אַ פעלאַר (פעלער) אויף מיר, זאָהלסטי מיך ניט פאַרטעדיקין נאָר בין גירעיט יעדאַר צייט אַרויס צי געהין פין קאָמיטעט, נאָך מיט פיל דאַנבערקייט.

איין פראַקטיקאַל מיט אַ לעטער האָבין מיר גלייך צי גישיקט צי הערי קאָרט־מאַן אין דעם צוועיטין — צי דיר.

אחיך בנימין



פיטאַיעווו, דעם 10טן יוני, 1926

טייערער און ניט פאַרגעסענער חבר חנא זאַלץ

אייער בריוו פון 16טן אַפּריל האָבן מיר דערהאַלטן און מיר באַדאַנקען אייך זייער פאַר די 25, וואָס איר האָט געשריבן צום קאָמיטעט, אַז זיי זאָלן אונדז געבן. מיר האָבן דערווייל פון זיי באַקומען 10 דאָלאַר, די איבעריקע 15 דאָלאַר האָבן זיי אונדז פאַרשפּראָכן צו געבן שפּעטער מיט אַ פּאָר וואָכן. מיר נייטיקן זיך זייער אין דעם גאַנצן געלט, ווייל מיר ווילן איינקויפן אַ ביסל ביכער פאַר דער ביבליאָטעק, אָבער מיר ווייסן גוט, אַז דער קאָמיטעט האָט איצט ניט קיין מזומן געלט, זיי האָבן געגעבן הלוואות פאַר נויטבאַדערפטיקע מענטשן, און מיר וועלן מיט די 15 דאָלאַר אויסוואַרטן אַ פּאָר וואָכן, ביז ס׳וועט אין רעליף איינפליסן געלט.

איצט, חבר לעבן, בעטן מיר פון אייך אַנטשולדיקונג פאַר דעם וואָס מיר האָבן אייך באַלד ניט געענטפערט. ערשטנס, האָט אונדז אָפּגעהאַלטן פון שרייבן דאָס וואָס מיר האָבן ניט געוואוסט צי מ׳וועט עס אונדז געבן ס׳געלט. דעם 6טן יוני האָבן מיר ערשט באַקומען די אויבנדערמאָנטע 10 דאָלאַר. צווייטנס, האָבן מיר געהאַט אַ גרויסע אַרבעט מיטן איינאָרדענען די ביבליאָטעק. און אַזוי אַרום האָבן מיר דורכגעלאָזט אַ שטיקל צייט און אייך ניט געשריבן. פון איצט אָן האָפן מיר אַז עס וועט זיך איינשטעלן אַן אָפּט איבערשרייבן זיך צווישן פּיטשאַיעווער יוגנט־ביבליאָטעק מיט אונדזערע פּיטשאַיעווער אין אַמעריקע.

מיר דריקן אייך אויס, אין נאָמען פון דער גאַנצער פּיטשאַיעווער יוגנט, אַ דאַנק פאַר אייערע באַמיאונגען און אינטערעסירן זיך מיט אונדזער וויכטיקן קולטור־אַנשטאַלט. מיר האָפן, אַז איר וועט אויך אויף ווייטער ניט פאַרגעסן אין אונדז. מיר, די אָנפירער פון דער יוגנט, זיינען שוין געווען אָפּהענטיק פון אָנגעשטרענגטער אַרבעט פאַר דער אויפלעבונג אין פּיטשאַיעוו. מיט אייער שטיצע און נאָך מער מיט אייער בריוו, וואָס איז פול מיט לעבן, האָט איר אונדז געגעבן מוט און קראַפט ווייטער פירן די קולטור־אַרבעט. איר האָט אונדז

מיט אייער מוטיקן בריוו געגעבן שטאָף צום רעדן דעם 19טן מאַי, ווען מיר האָבן איינגעאָרדנט אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. די גרויסע שול איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן, יונג און אַלט, מאַנסביל און פרויען.

ביי דער געלעגנהייט, וועלן מיר אייך איבערגעבן די נעמען פון די הויפּט־רעדנער: יחיאל רודמאַן, שמואל טויבער — לערער פון לעמבערג, ישעיהו גרינבערג — לערער פון קרעמעניץ אין דער היגער פּויליש־העברעאישער שולע. די רעדנער האָבן אָנגעוויזן ווי נייטיק ס'איז בילדונג און קולטורעלע אַנטוויקלונג.

די אַקטיווסטע חברים וואָס שטייען בראש פון אַלע אינסטיטוציעס אין פּיטשאַ־יעוו, האָבן די לעצטע צייט שוין געוואָלט אָוועק קוקן פון דער יוגנט מיט זייערע אינסטיטוציעס. אויף וויפל איר קענט פּיטשאַיעוו, ווייסט איר גוט, אַז די אָנפירער האָבן תמיד ניעפּריאַטנאָסט (אומאַנגענעמלעכקייטן). מיר האָבן זיך אָבער באַלד אַרומגעזען, אַז קוים קוקן מיר אַוועק פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָלט אַלץ, דער עיקר די ביבליאָטעק, געוויס אונטערגעגאַנגען. און דערפאַר מוזן מיר נאָך אַ שטיק צייט קולטיווירן דעם דאָזיקן אַנשטאַלט, ביז די יונגע, וואָס אויף זיי לייגן מיר אונדזערע בעסטע האָפענונגען, וועלן זיין בכוח אַליין אָנ־פירן מיט דעם אַנשטאַלט.

אין פּיטשאַיעוו געפינען זיך נאָך ביי אַ 50 פּראָצענט פון דער יוגנט, וואָס איז געבליבן קולטורעל אָפּגעשטאַנען און נויטיקט זיך אין אויפקלערונג. דערפאַר אָבער האָבן מיר אין דער צווייטער העלפט אַ גוט אַנטוויקלטע און אָרגאַניזירטע יוגנט. אַלע ריכטונגען זיינען קאָנצענטרירט לעגאַל אונטערן נאָמען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און זיינען מער־ווייניקער דורכגעדרונגען מיט דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק.

מיר שרייבן זייער אָפט וועגן פּיטשאַיעוו אין דער ציייטונג „וואָלינער לעבן" און מיר וואָלטן אפילו מיט אייגענע כוחות געקענט אַרויסגעבן אַן אייגענע ציייטונג, ווען ניט דער דלות.

ביי אונדזער ליטעראַרישן עסקן געפינט זיך אַ כתב־יד „די געשיכטע פון פּיטשאַיעווער געשעענישן 1914־1920". דאָס איז אַ רייך מאַטעריאַל, באַ־זונדערס אינטערעסאַנט פאַר אונדזערע פּיטשאַיעווער חברים אין אַמעריקע. דאָס דאַרף זיין אַ בוך פון אַ 200 זייטן. מיר האָבן אָנגעפרעגט אין וואַרשע וועגן דרוקן דאָס בוך. מהאָט דערפאַר פאַרלאַנגט 850 זלאָטעס. אויב איר וועט עס פאַרלאַנגען, וועלן מיר אייך צושיקן אַ קאָפּיע פון דעם מאַנוסקריפּט. כאָטש מיר ווייסן ניט, ווי אַזוי מען קען אַזאַ פּאַקעט איבערשיקן.

מיר בעטן אַז איר זאָלט אונדז באַלד ענטפערן, זיין מיט אונדז אין אָפּטער

פאַרבינדונג, ווייל אייערע בריוו באַלויכטן אונדזער פּראָווינציעל לעבן. מיר פילן אין אייך אַן איין־און־איינציקן איבערגעגעבענעם חבר, וואָס מיר וועלן תמיד דערמאָנען פאַר דעם אויפקלערונגס־אַנשטאַלט, וואָס מיר האָבן דער־וואָרבן אַ דאַנק אייך.

אייערע ניט פאַרגעסענע חברים,

יחיאל רודמאַן, פּ. טשערניאַק



## קאָפּיע פון פּראָטאָקאָל

### פון אַ ספּעציעלער פאַרזאַמלונג צו גרינדן אַ קאָמיטעט ביי דער „לינת הצדק" אין פּיטשאַיעוו, 1טער יולי 1928

לויט אַ מעלדונג פון (די) אַמעריקאַנער קאָמיטעטן און לויטן פאַרלאַנג פון די מיטגלידער וועלכע האָבן באַקומען די (דאָזיקע) מעלדונגען פון אַמעריקע, איז לויטן (אין הסכם) ערלויבעניש פונעם פּרעזעס פון „לינת הצדק" צו־זאַמענגערופן געוואָרן 25 פּערזאָן אין לאָקאַל פון דער אָרגאַניזאַציע „לינת הצדק", וואו עס איז (זיינען) באַהאַנדלט געוואָרן זייער וויכטיקע פראַגעס:

1) ווי אַזוי צו פאַרענדיקן דעם (בנין פונעם) לאָקאַל פאַר וויכטיקע צוועקן;

2) וועגן אויסוויילן אַ קאָמיטעט וועלכע זאָלן (וואָס זאָל) מיטאַרבעטן מיטן פּרעזידיום פון „לינת הצדק" צו פאַרענדיקן דעם לאָקאַל אויף (פאַר) וויכטיקע צוועקן;

3) אויף וועמענס נאָמען עס באַדאַרף (זאָל) אָנקומען די (דאָס) געלט פון די אַמעריקאַנער קאָמיטעטן.

באַשלוסינג (ס'איז באַשלאָסן געוואָרן):

1) דער לאָקאַל דאַרף זיין געבויט אויפן מאָדערנעם פּלאַן.

2) אין (אינעם) קאָמיטעט זיינען אויסגעווײלט (געוואָרן) פאָלגנדע פּערזאָנען: יעקב זאַליץ, הערש צוויק, חיים קראַסניפּער, צבי ארי' שאַבער, יוסף פלאַקס־מאַן, הערש זאַליץ, יחיאל פאַרשט, נחום זעלצער, פּנחס טשערניאַק, זאב ווייצמאַן, יעקב לערער — פּרעזעס פון „לינת הצדק", יהושע לאַנדע, שכר גריק, אפרים צוויק, יחזקאל ווייסבערג, שמואל זאַלצמאַן.

3) דאָס געלט באַדאַרף געשיקט ווערן אויף (די נעמען) צבי ארי׳ שאבער און ה׳ יעקב זאַלץ.

דערמיט ווערט דער פּראָטאָקאָל פאַרענדיקט (באַשטעטיקט).

חתימות: הערש לאַנג, סעקרעטאַר     יעקב זאַלץ, פּרעזעס

---

## דער בריוו צום פּראָטאָקאָל

פּיטשאַיעוו, 16טער יולי, 1928

געערטער הער חנא זאַלץ און אַלע פּיטשאַיעווער לאַנדסלייט אין פילאַדעלפיע,

דערוויסנדיק זיך פון פאַרשיידענע בריוו, וועלכע זיינען דערהאַלטן געוואָרן פון קרובים אין אַמעריקע וואָס פרעגן זיך אָן ווי אַזוי מען וועט פאַרטאָן די געלט־שטיצע אייערע, פאַר וועלכע צוועקן, איז צוליב דעם גערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג אויף וועלכער ס׳איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון זעכצן מענטשן ביי דער געזעלשאַפט „לינת הצדק״.

דער געשאַפענער קאָמיטעט באַשטייט פון דער פּראָגרעסיווער יוגנט און פון אַנדערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. דער דאָזיקער קאָמיטעט וועט זיין אין קאָנטאַקט מיט די אַמעריקאַנער קאָמיטעטן און אינפאָרמירן זיי וועגן אַלע ענינים.

מיר ווילן איצט צוטרעטן צו פאַרענדיקן דעם בנין אין וועלכן עס זאָלן זיך אויפהאַלטן אַלע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעך פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן. עס וועט אויפגעבויט ווערן אַ מאָדערנע שול פאַר יידיש־וועלטלעכער דער־ציאונג פון די יידישע קינדער, זיי זאָלן ניט דאַרפן שעפּן פון אַ פרעמדן קוואַל, ניט זיין אין אַ פרעמדער סביבה; איינריכטן די ביבליאָטעק מיט אַ לייען־זאַל פאַר דערוואַקסענע און אַנדערע נויטיקע אַנשטאַלטן, וואָס זיינען אייך שוין באַקאַנט.

שוין ניט איין מאָל האָבן מיר געפּרוּווט מיט אייגענע כוחות אַזאַ לאָקאַל אויפצובויען אָבער ס׳האָט זיך ניט איינגעגעבן מחמת מאַנגל אין פינאַנצן. איצט דאַרף מען פאַרענדיקן דעם אָנגעהויבענעם בנין. מיר ווענדן זיך דעריבער צו אייך, חשובע לאַנדסלייט מיט דעם רוף: העלפט אונדז פאַר־ענדיקן דעם בנין, שטיצט אונדז, אַז מיר זאָלן האָבן אַ מעגלעכקייט, וואו צו

דערציען אונדזערע קינדער, זיי זאָלן ניט אויסוואַקסן עמי הארצים ; אונדזער יוגנט זאָל ניט פאַרגרעבט ווערן, אָפּשטייען פון אַנדערע שטעט.

איר, געערטע לאַנדסלייט, ווען ס'איז נאָך טייער דער נאָמען פון אייער געבוירן־שטעטל, שאַפט אונדז די מיטלען, אַז מיר זאָלן כאָטש גייסטיק ניט צעבראָכן ווערן.

מיר גלויבן אין אייער אויפריכטיקער אָפּפערוויליקייט צו טאָן פאַר אונדז און העלפן אונדז. מיר האָפן, אַז איר וועט איצט פאַרשטיין די וויכטיקייט און נויטיקייט פון אַזאַ לאָקאַל פאַרן שטעטל און אונדז שיצן.

אַלע קאָמיטעט־מיטגלידער האָבן באַשלאָסן, אַז געלט זאָל געשיקט ווערן אויף די דאָ אָנגעגעבענע אַדרעסן, פון יאַנקל זאַליק און הערש לייב שובער.

געחתמה'ט זיינען 15 מיטגלידער פון דעם קאָמיטעט.



## פינאַנץ־באַריכט

### פון די פאַרטאָענע געלטער פאַר פאַרשיידענע הילפס־צוועקן

דער דאָזיקער באַריכט איז פאַר דער צייט פון דעם 5טן מאַרט 1926 ביזן 25טן יאַנואַר 1927. די אונטן געבראַכטע סומע וואָס איז געגעבן געוואָרן פון די פּיטשאַיעווער אין אַמעריקע, האָט סטימולירט און באַקרעפטיקט ביי די יידן אין פּיטשאַיעוו די איניציאַטיווע פאַר אַן אייגענעם לעבנס־אויפבוי. די צענטראַלע פיגור פון די רעליף־קאָמיטעטן אין פילאַדעלפיע און ניו־יאָרק, חנא זאַליק באַמערקט, אַז ביז 1914, דאָס ערשטע מלחמה־יאָר, האָבן די פּיטשאַיעווער אין אַמעריקע קיינמאָל ניט געהאַט קיין דאגות פאַר זייער שטעטל. די יידן דאָרט האָבן געהאַט פרנסה בשפע. פּיטשאַיעוו איז שטענדיק געווען אַ צענויפפאַר־אָרט פון מרגלים צום „גאָט" אין דער לאַווריע, און יידן האָבן געהאַט פון זיי פדיון בריווות. חוץ דעם האָט זיך אין דער לאַווריע אויסגעהאַלטן אַ שטענדיקע גרויסע צאָל, העכער טויזנט גלחים קאַנדידאַטן, זיי זיינען געווען דער שטענדיקער מקור פאַר פרנסה דאָס גאַנצע יאָר. אין פּיטשאַיעוו איז געווען אַ גרויסע פּראָדוקציע פון צלמים, און פּיטשאַיעוו איז געווען אַ רעזערוואואַר פאַר עקספּאָרט פון תבואה, פּרוכטן וואָס זיינען טראַנס־פּאָרטירט געוואָרן אין אַנדערע שטעט. דער עקספּאָרט, ווי דער אויפקויף פון דער פּראָדוקציע איז געווען אין יידישע הענט. ערשט די מלחמה־יאָרן, די גירושים פון דער באַפעלקערונג און די חורבנות־ירושה נאָך דער מלחמה,

האָבן געבראַכט די אומגעקערטע יידן צו אַ שיפלותדיקער מדריגה, צו זיין אָנגעוויזן אויף דרויסנדיקער הילף. הילף סיי פאַר יחידים, סיי פאַרן ציבור; סיי ריין עקאָנאָמישע, סיי רעקאָנסטרוקטיוו־קולטורעלע.

די דאָזיקע הילף פון די פּיטשאַיעווער אין אַמעריקע ווערט געגעבן אין די צוויי פינאַנץ־באַריכטן. איינער פאַרן ערשטן יאָר פון דער גרינדונג דעם קאָמיטעט אין פּיטשאַיעוו, דער צווייטער — פון דער טעטיקייט פון דער ליי־קאַסע פאַרן אָפּשניט פון 6 יאָר, נעמלעך די יאָרן 1926־1932.

צו די פינאַנץ־באַריכטן איז אויך צוגעלעגט אַ רשימה נעמען, די געניסער פון הלוואות. די ליי־קאַסע האָט פאַרביטן די אַלטע יידישע טראַדיציע פון נדבות אויף הלוואות; זי האָט אינעם יסוד פון אַ אָנפּראָצענטיקער הלוואה דער־מעגלעכט דעם יחיד צו שטעלן זיך אויף אייגענע פיס, ניט זיין אָנגעוויזן אויף קהלשער פילאַנטראָפּיע. די הלוואה האָט געדאַרפט אויסגעצאָלט ווערן אין דער קאַסע. צו פאַרלייכטערן דעם בעל־חוב האָט מען איינגעפירט, אַז יעדע וואָך זאָל ער פון זיין פּדיון אויסצאָלן אין משך פון וואָכן. דערמיט איז באַצוועקט געוואָרן אַ דאָפּלטע טובה: אָפּשפּאָרן דעם באַטרעף פון אָפּצאָל; און — די קאַסע זאָל פון די אָפּגעצאָלטע וואָכן־געלטער קענען געבן אַ הלוואה צו אַנדערע אַזעלכע באַדערפטיקע.

דער פּערמאַנענטער עקאָנאָמישער קריזיס אין פּוילן און ספּעציעל די אַנטי־סעמיטישע פּאָליטיק פון דער היסטאָריש באַצייכנטער גראַבסקי־רעגירונג, אַרויסצושטויסן די יידן פון די האַנדלס־פּאָזיציעס דורך אויפשטעלן אַ נעץ פון קריסטלעכע האַנדלס־קאָאָפּעראַטיוון, דורך געבן זיי לאַנג־טערמיניקע קרעדיטן, האָט דאָס יידישע לעבן געהאַלטן אין קלעם. זיי זיינען דעריבער געווען אָנגעוויזן נאָר אויף ברידערלעכער הילף פון דרויסן.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן די פּיטשאַיעווער רעליף־קאָמיטעטן אין אַמעריקע זיך אָפּגעגעבן מיט הילף פאַר יחידים, די געבליבענע רעשטן, וואָס זיינען געווען צעוואָרפן אין אייראָפּעאישע לאַגערן, בעיקר אין דייטש־לאַנד, אין די ערשטע פאַר יאָר. דער רוב בנין ומנין פון די יידן איז פאַר־טיליקט געוואָרן אין שטעטל דורכן דייטשן עמלק און זיינע אוקראַינער מיט־העלפער. אַ קליינער טייל פון די אַנטלאָפענע אין דער נאָענטער שטאָט קרעמעניץ, איז דאָרט דערמאָרדעט און פאַרקאַלכט געוואָרן אין די ברידער־קברים פון קרעמעניצער יידן.

—•—

## באריכט

## פאַר דער צייט פונעם 5טן מאַרט 1926 ביזן 25טן יאַנואַר 1927

### הכנסה

פון פילאַדעלפּיער רעליף־קאָמיטעט

| | |
|---|---|
| 5טער מערץ, 1926 — — — — — — | $200.00 |
| 5טער מאַי, 1926 — — — — — | 300.00 |
| 15טער אויגוסט, 1926 — — — — | 200.00 |
| פון צינזן פאַר דער לייקאַסע — — — — | 48.00 |
| פּריוואַטע זאַמלונגען — — — — — — | 58.00 |
| סך־הכל הכנסה — | $806.00 |

### הוצאה

פאַרטיילט מעות־חיטים

| | |
|---|---|
| מאַרט 12, 1926 — — — — — | $105.00 |
| בתי־מדרשים מאַי 10, 1926 — — — | 55.00 |
| תלמוד־תורה — — — — — — — — — | 75.00 |
| ביבליאָטעק — — — — — — — — | 40.00 |
| באָד און קרענעצע — — — — — — | 260.00 |
| מזומן אין דער ליי־קאַסע — — — — | 271.00 |
| סך־הכל הוצאה — | $806.00 |

| | |
|---|---|
| אויסגעצאָלט מלוכה־שטייער — — — — — — — — — — — — — | $ 20.75 |
| רעשט אין דער ליי־קאַסע — — — — — — — — — — — — — — — | 250.25 |
| פון דער סומע געגעבן הלוואות צו 41 פּערזאָן (רשימה בייגעלייגט) — | 249.50 |
| געבליבן אין דער ליי־קאַסע — — — — — — — — — — — — | 0.75 |
| סך־הכל — | $250.25 |

אונטערשריפטן:

מ. קרוסמאַן, פּרעזעס      בנימין זאַלץ, קאַסיר
גדליה זאַלץ, יוסף פלאַקסמאַן, ש. זאַלצמאַן, י. לידעכאָוועד,
מיטגלידער פון דער רעווידיר־קאָמיסיע.

## באַריכט
### פון דער גמילות־חסד־קאַסע אין פּיטשאַיעוו פאַר די יאָרן 1931-1926

אינעם בריוו פון דער פאַרוואַלטונג, געחתמעט פון 11 פּערזאָן, שרייבט זיך צו דעם רעליף־קאָמיטעט אין פילאַדעלפיע, אַז דער אונטערגעפירטער סך־הכל פאַר צען יאָר באַצוועקט צו געבן די טוער פונעם קאָמיטעט אַ דאַנק פאַר זייער אַרבעט, אין שייכות מיט דעם יובל־זשורנאַל, וואָס פּראָיעקטירט זיך אַרויסצוגעבן. אינעם באַריכט פיגורירן העכער טויזנט הלוואות צו יחידים. ווען מען האָט אין זין די באַשיידענע צאָל פון דער יידישער באַ־פעלקערונג אין פּיטשאַיעוו, סוף 1931, בערך 1,500 נפשות פון וועלכער העכער טויזנט זיינען אָנגעקומען נאָך הלוואות, דערקענט מען דעם קלאָגע־דיקן מצב פון די יידן. עס קומט איינציייטיק צום אויסדרוק די גרויסע חשיבות פון דער טעטיקייט דורך דעם פּיטשאַיעווער הילפס־קאָמיטעט אין אַמעריקע.

עס איז ווערט צו באַטאָנען, אַז אָט די הילף פון דרויסן האָט סטימולירט די אָרטיקע פּיטשאַיעווער, בעסער סיטואירטע יידן, צוצוטראָגן זייער חלק פון הילף אין דער קאַסע, וואָס גרייכט בערך צו 15 פּראָצענט, ווי עס באַווייזן די ציפערן, נעמלעך: אינמיטן 1932 האָט די קאַסע אָפּערירט מיט אַ סומע פון 8.926.20 דאָלאַר. דערפון האָט דער אַמעריקאַנער „דזשאָינט" קרעדי־טירט מיט 4.605.50 דאָלאַר, דער רעליף־קאָמיטעט — 2.829.20 דאָלאַר און יחידים ביישטייערער אויפן אָרט — 1.491.50 דאָלאַר.

מען דאַרף דערביי געדענקען אויך די פּריוואַטע הילף פון קרובים צו קרובים. די דאָזיקע גרויס קען נאַטירלעך ניט קאָנטראָלירט ווערן, אָבער צום שבח פון די פּיטשאַיעווער אין אַמעריקע דאַרף געזאָגט ווערן, אַז זיי האָבן דעם אָפּשטאַם־דופּק פון זייער געבוירן־שטעטל מיט געטריישאַפט אָפּגעהיט ער זאָל נאָרמאַל פולסירן.

די געגעבענע הלוואות פאַר די יאָרן 1926 (ביז אַפּריל) 1932 (אין זלאָטעס):

| יאָר | וויפל הלוואות | סך־הכל סומע |
|---|---|---|
| 1926 | 120 | 11.340 זלאָט. |
| 1927 | 263 | 26.625 |
| 1928 | 193 | 21.390 |
| 1929 | 67 | 8.824 |
| 1930 | 176 | 13.285 |
| 1932-1931 | 192 | 16.800 |
| סך־הכל: | 1.008 הלוואות | 98.264 זלאָט. |

פון „דזשאָינט", קרעדיט אין דאָלאַרן $4.605.50
פונעם פּיטשאַיעווער רעליף־מתנה 2.820.20
פון אָרטיקע באַשטייערער 1.491.50

# נאָכווייענישן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

**ב״ה ג׳ קורח, דעם 8טען יוני, 1926**

**לאָחי אהובי יקר הערך מוהר׳ טשאַרליס נר״י זאָלץ *)**

**תהלה לאל בעד החיים ושלום זה מזה אך טוב אָמן סלה.**

ראשית באָתי להודיעך כי וועגן הקאָמיטע, איז עד היום הזה פירט זיך אַלץ אין בעסטן אָרדנונג. יעדעס געלט וואָס עס איז נאָזנאַטשעט (באַשטימט) געוואָרן אויף זיין אַנשטאַלט, געבן מיר דאָס אַנדערש ניט אַרויס, ביז מיר זעען, עס זאָל ריכטיק פאַרטאָן ווערן אויפן פרעדמעט (צוועק) וואָס עס איז נאַזנאַטשעט. היינו: די 20 דאָלאַר וואָס זיינען באַשטימט פאַר דער גרויסער שול, געפונען זיי זיך נאָך ביי אונז אין לייַ־קאַסע, ווייל די בעה״ב (בעלי־בתים) מיט דעם גבאי פאַרטראָגן זיך ניט — דער הייסט קויפן ברעטער, דער הייסט דאָס אַרויסגעבן דעם גבאי. נאָר אויב זיי וועלן זיך ניט אויסגלייכן, וועלן מיר אַליין אַריינשיקן אונזערן אַ מענטשן קיין קרעמעניץ און אָנקויפן ברעטער מיט עטלעכע בלעכן וואָס עס פעלט צום פאַרריכטן די שול.

ווייטער שיקן מיר דיר צו 1 קוויטאַנציע פון דעם בה״מ (בית־המדרש) אויף 20 דאָלאַר. פון דער קלויז — אויף 15 דאָלאַר; פון דער באָד־קרענעצע — אויף 75 דאָלאַר, מיט קאָפּיעס פון די קוויטן, זאָלסט זיי איבערשיקן קיין ניו־יאָרק. דאָס נאָך מעות וואָס די באָד־קרענעצע וועט קאָסטן, וועלן מיר צושיקן אַ קוויט נאָך דעם ענדיקן די קרענעצע. ווייל מען האָט געטראָפן אויף אַ שטיין און קאָסט פיל דעם שטיין אויסקלאַפּן. מיר האַלטן ערשט ביי 20 מעטער אויסגראָבן, און מיר וועלן נאָך באַדאַרפן גראָבן אַ 10 מעטער. דער שטיין מעדליעט (פאַרציט) די אַרבעט און נעמט צו (פאַרנוצט) געלט. השי״ת זאָל אונדז העלפן מיר זאָלן דאָס שוין גיך קאָנטשין (ענדיקן), און בשלום.

יעצט האָט איר אַלע פאַר זיך איין אויפגאַבע פאַר אונדז, אַ כלל טובה: נאָר די לייַ־קאַסע. דו אַליין ווייסט זיך, אַז איך בין געווען דער גרעסטער געגנער וועגן דעם, נאָר יעצט, אַז איך זע און קוק וויאַזוי יעדער פּערזאָן וואָס לייעט געלט אין קאַסע האַנדלט די זאַך אָרנטלעך און צאָלט (צוריק) דעם וואָך־געלט צייטיק, איז אונז נאָר לײדער וואָס מיר קענען נישט באַפרידיקן דאָס נויטיקייט פון דער זאַך. דאָס הייסט עס פעלט געלט. איך דאַרף דיר זאָגן, אַז מיט דער לייַ־קאַסע ווערט יעדער איינציקער ייד דורכגעדרונגען און עס וועט שוין נעמען אַ סוף צו די אָנקלאָג־בריוועלעך, כאַטשע ווערליק

---

*) דאָס וואָרט נר״י איז די אָפּקירצונג פון נרו יאיר. דער נוסח איז אָפּגעהיט ווי אין אָריגינאַל. עס זיינען נאָר אין קלאַמערן ( ) צוגעגעבן פאַרטייטשונגען פון סלאַווישע אויסדרוקן. — די רעדאַקציע.

איך פאַרשטיי זיינען זיי שוין צו פיל אַוועק (געמיינט: מיט פאַרקלאָגן זיך). נאָר עס איז ווי אַ שלאָקס רעגן פון אַ גרויסער כמאַרע, עס האָט געמוזט איבער־גיין. נאָר יעצט האָף איך, אַז עס וועט שוין זיין אויסגעלייטערט מיט אַ גוטער פּאַגאָדע( וועטער). ווייל טאַקע די לייט וואָס האָבן שלעכט געווירקט אויף אונדזער אַרבעט זיינען יעצט געקומען צום גערדאַנק און צייגן אונדז אַרויס, אַז זיי האָבן געטון אומרעכט. ווייל די־ייעניקע ווערן יעצט אַליין געהאָלפן מיט אַ הלוואה, און די (יענע) וואָס נאָך ניט, וועלן ביי אונדז אויך באַקומען הלוואות. נאָר אַזוי ווי דאָס פּאָדערונג פון די לייט איז זער פיל (גרויס), טרייסט איך זיי דערמיט, וואָס צום גיכסטן וועט אָנקומען געלט פון אַמעריקע און איר וועט אַלע באַפרידיקט ווערן.

מיר שיקן אייך צו דעם באַריכט פון דער קאַסע און מיר אַלע בעטן דיך זאָלסט דאָס אַלעס איבערגעבן די לייט קיין ניו־יאָרק. צו שריפטלעך, צי ביי אַ געלעגנהייט. עס איז געשיקט פון יעדער קוויט (קוויטאַנציע) קאָפּיעס, בכדי זאָלסט איבערשיקן קיין ניו יאָרק די פּאָדליניקס (אָריגינאַלן) נאָר דער קוויט פון דער קלויז איז אָן אַ קאָפּיע.

דעם (דער) ביבליאָטעק האָבן מיר אַרויסגעגעבן 10 דאָלאַר אויף צו דינגן אַ לאָקאַל. קענסטו דיר שוין געבן צו פאַרשטייען, לײדער, ביי וואָס די פּיטשאַיעווער יוגנט האַלט. די שאַפע מיט די ביכער האָבן זיך געפונען אויף דעם מקום, ווי איך האָב דיר געשריבן. איך האָף אַז די 15 דאָלאַר (פון די 25) וועט מען אויף קומענדיגן משך אויך באַדאַרפן פאַר דעם לאָקאַל איינצאָלן, און דערנאָך וועלן די ביכער צוריקגיין אויף דעם מקום וואָס זיינען געשטאַנען עד היום. דאָס איז אונזער פּיטשאַיעווער יוגנט.

אויף אייך אַלע אונזערע לאַנדסלייט ליגט יעצט אַ חוב און אַ אַרבעט פאַר פּיטשאַיעוו שפּענדן געלט פאַר דער לײי־קאַסע. אַז אונזער קאַסע וועט האָבן מיטוואָס צו אַרבעטן, וועלן מיר שוין אַליין קענען אַלע נויטן פון שטאָט צו הילף קומען.

דאָס אַלעס איז וועגן שטעטיקע (זאַכן). יעצט שרייב איך דיר פון זעלבסט זיך.

די 50 דאָלאַר האָב איך יום ו׳, דעם 4טן יוני ערהאַלטן בשלימות און איך דאַנק דיר מיט דיין סעמעיסטווא (פאַמיליע) וואָס דו ביזט פּראָסט מחי׳ *)

---

*) אַמאָליקע יידן האָבן שטענדיק אַרויסגעלאָזט דעם אות „ה״ נאָך דעם אות „י״ ביים סוף וואָרט, און דאָס פאַרביטן מיט אַ אויבערשטריכעלע ׳, ווייל די צוויי אותיות אינאיינעם באַצייכענען דעם נאָמען גאָט — יה, וואָס מען טאָר ניט אַרויסריידן: דאָס וואָרט — השי״ת איז די אָפּקירצונג פון צוויי ווערטער — השם יתברך, וואָס אין יידיש מיינט עס — זיין ליבער נאָמען.

די רעדאַקציע

מתים. זאָלסט וויסן, אַז ווען איך האָב ניט קיין הילף פון דיר וואָלט מיר מיט מיין פאַמיליע חלילה אויסגעקומען אויסצוגיין, ווייל וואָס איך טו אויף אין מיסחר איז ניט בשום אופן צו פאַרדינען פרנסה. השי״ת זאָל שוין אויף אונז רחמנות האָבן, אַז מיר זאָלן זיך קענען אַליין פרנסה פאַרדינען. עפּעס פון נאָך דער מלחמה אָן, זיינען מיר פאַרשאָלטן אין דעם וויסטיקן מקום. מ׳אַרבעט ווי די פערד און מען לעבט ניט. היינו: מ׳גייט נאַקעט און באָרוועס, מ׳קען אויף זיך ניט פאַרשפּענדן אויף אַ מלבוש, און מ׳עסט אַבי־„קישקי נאַפּכייטי״ (דעם מאָגן אָנשטאָפּן), אַבי ניט הונגערן און מען ווערט פאַרשוואַרצט אויף דער גרויסער מאָס. און ווען עס וועט זיך ענדיקן די צרות, ווייסט מען ניט. השי״ת זאָל העלפן, עס זאָל זיך ווי צום גיכסטן פאַרבעסערן מיין לאַגע, איך זאָל קענען לעבן ווי איך האָב געלעבט ביז צו דער אומגליקלעכער מלחמה.

ממני אחיך המצפה על תשובתך, בינימין זאַלץ

פּיטשאַיעווער לייט, אי״ה (אם ירצה השם) יום א׳ מטומ׳ (מטות ומסעי), 22טאָג בחודש תמוז, 4טער יולי איז הינדעס ברודערס, יעקבס יאָרצייט, ער זאָל זיין פאַר אונדז אַ מליץ יושר. הינדעס ברודערס, ראובנס פאַמיליע לעבט זיך גאַנץ פיין. ווי איז צום פאַרשטאַרבענעם, אונדזער שוועגערן חי׳ שתחי׳.



(געדרוקט מיט קיצורים)

פּיטשאַיעוו, דעם 5טן יוני, 1926

געערטער קאָמיטעט און סעקרעטאַר חנא זאַלץ,

הגם מיר האָבן נאָך ניט קיין ענטפער פון אייך, ווילן מיר אָבער ניט פאַרציען מיט אונדזער באַריכט צו אייך, ווי אַזוי דאָס געלט איז פאַרטיילט געוואָרן און דער נוץ דערפון. מיר גלויבן אַז דאָס וועט אייך באַמוטיקן אין אייער ווייטערדיקער אַרבעט. ס׳וועלן אויך ממילא פאַרענטפערט אַלערליי קשיות וואָס ווערן אייך געשטעלט.

פון די הוצאות אויף דער באָד־קרענעצע שיקן מיר אייך דערווייל אַ חשבון נאָר אויף די בעטאָנס. פאַר דער גאַנצער אַרבעט אַרום דעם גראָבן וועלן מיר אייך צושיקן אין עטלעכע (וואָכן ? ) אַרום, ווען די גאַנצע אַרבעט וועט שוין פאַרטיק זיין.

וועגן דער ביבליאָטעק. מיר האָבן זי צוריק באַנייט, געדונגען אַ לאָקאַל, אָפּ־געצאָלט דירה געלט 10 דאָלאַר. פאַר די איבעריקע 15 דאָלאַר האָבן מיר באַשטעלט ביכער. דאָס וועט אַ ביסל דערפרישן די פּיטשאַיעווער יוגנט.

לייַ־קאַסע. גאָר גוט אַרבעט ביי אונדז די לייַ־קאַסע. די צוריקצאָלונגען ווערן אויסגעפירט יעדע וואָך רעגולער. עס געניסן שוין פון איר, היינט צו טאָג, 27 מענטשן. צום גרויסן באַדויערן קענען מיר ניט באַפרידיקן דעם גרויסן עולם מיט הלוואות. מיר האָבן ניט קיין גרעסערן גרונט־קאַפּיטאַל. דער בייגעלייגטער באַריכט באַווייזט דאָס קלאָר.

מיר ווילן דאָ באַטאָנען דאָס, וואָס איר ווייסט שוין פון פריער, אַז דער גרויסער קריזיס ביי אונדז איז בעיקר דער מאַנגל אין קרעדיטס. פון דער פרעסע ווייסט איר, אַז אויך דער „דזשאָינט" האָט אין זיין הילפס־אַרבעט אויפגענומען קרעדיט־הילף, דורך גרינדן לייַ־קאַסעס. לײדער איז דערווייל דער הויפּט־געניסער דערפון, די גרויסע שטאָט. מיר די פּאַרוואָרפענע פּראָווינץ איז דערווייל אויסערן אויג.

ברידער, ברידער! מיר וואָלטן אייך געווינטשן אַז איר זאָלט פון ווייטנס קאָנען דערזען די מענטשן, געוועזענע בעלי־בתים, ביי וועמען פאַר דער מלחמה האָט קיין ראָלע ניט געשפּילט הונדערט רובל. היינט שטייען זיי אין דער רייע אויף צו באַקומען אַ הלוואה פון 10 דאָלאַר. דאָס האַרץ ווערט צעגאַנגען פאַר ווייטיק. און מיר, די „גליקלעכע קאָמיטעטשיקעס" דאַרפן עס באַשליסן: דעם יאָ, יענעם — ניט. פאַר אַ ספּעציעלן גראַד אידייאישע מענטשן איז עס פּיינלעך.

אַלזאָ, גוטע און געטרייע ברידער, אויב איר ווילט אַז די אויפגאַבע פון אייער שווערער אַרבעט זאָל אייך באמת צופרידן שטעלן, איר זאָלט, ווי מ'זאָגט, באמת באַשאַפן מענטשן, דערביי זאָל אייער געלט בלייבן אַ קרן קימת, איז קיין אַנדער אויסוועג ניטאָ, ווי צו שאַפן אַ גרעסערע באַדייטנדיקע סומע פאַר דער לייַ־קאַסע. מיר אונטערגעשריבענע גאַראַנטירן אייך, אַז צו יעדער צייט, ווען איר וועט פון אונדז דאָס צוריק פאַרלאַנגען, וועלן מיר דאָס אייך מיט פיל דאַנק אָפּשיקן. מיר האָפן אַז עס זאָל זיך איינשטעלן אַ מער רואיקע צייט, ווען מיר וועלן קענען קומען צוריק צו אונדזערע אייגענע כוחות... אייער געלט איז געזיכערט. אונדזער עקסיסטענץ ליגט אין אייערע הענט. די וואָס שרייבן צו זייערע פריינד און טענהן אַז מען זאָל בעסער צו זיי דירעקט שיקן געלט, זיינען נעבעך גרויסע שוטים. פאַרקערט, מיר דערקלערן זיי, אַז ווען די אַלע פריינד אין אַמעריקע שפּאָרן אָפּ עטלעכע דאָלאַר און שיקן דאָס דירעקט צום קאָמיטעט איז די הילף זייערע אַ געזונטערע, אַ קאָנט־ראָלירטע. אָבער מיר קאָנען דאָך ניט אַ יעדן זאָגן אַ דעה. צו אייך אָבער, געערטער קאָמיטעט, ווענדן מיר זיך, מיט דער פולער זיכערקייט, אַז אונ־דזערע ווערטער וועלן געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג. מיר דערוואַרטן אייער גיכע תשובה. מיר בלייבן אַלע אייערע בעסטע פריינד,

חיים קרוסמאַן, נאָום־בנימין זאַלץ, ישראל נתן לערער, ישראל לידיכאָווער, הערש לינדער און אליעזר האַנדל.

# די פּיטשאַיעווער יוגנט פאַר אַמעריקע *)

יום ג׳ חקת בלק, דעם 23טן יוני 1931

אל כבוד דודי יקירי מר חנא זאַלץ

ערהאַלטן אייער בריעף דעם 19טען. באַלד שבת גיהאַט איין פאַרזאַמלונג אין (און) זונטוג דאַס צווייטע זיצונג. די בעריכטן וועט איר שוין לייזען (לעזן) אין די 2 פּראָטאָקאָלען וואָס ווירען (ווערן) אייך צו געשיקט. דאָ וויל איך אַביסעל מעהר בעשרייבען וויגען דעם ענין. אין (און) האָט וואָס (אָטוואָס): צייט האָבען מיר דאָך גינוג (גענוג), נעמען מיר זיך שוין צו דער אַרבייט. שרייבערס האָבען מיר גיטע (גוטע) היינע עס לייבט (לעבט) עפּיס (עפּעס) אונטער. נאָהר איין זאָך וועט אונז פיילען (פעלן) — געלד. איז דאָס האָבען מיר נאָך צייט. געלד ווערלען מיהר נאָהר בדאַרפען פיר איין פאָטאָגראַף וויגין (וועגן), ווייל מיר מוזן אַראָפּ ברייננגין פין (פון) קרעמעניץ איין גיטן פאָטאָגראַף. מיר האָבין וואָס אַרונטער צו נעמין, סיי גיוויינטלעכע שטיבער, עפּיס פון לאַוורע, נאָ (נו) אין היינט עפּיס אַזוינע טיפען. איהר מיינט, אַז פּיטשייעוו האָט קיין טיפען ניט, פינקט וויא אין אייערע צייטען? נאָהר דער ווייל ווערלען מיר אַזוי מאַכין מאַטריאַל. מיר ווערלען שוין הערען פין אייך אַללעס געענוי, ווערלען מיר שוין וויסען וואָס מיר האָבען צו טוהן. ווייטער גייט אונז נאָהר צו אונפאָרמירען (אינפאָרמירן) וויגען אַלעס. איך וועל אייך דאָ שרייבען וויא אַזוי עס זאָהל זיין וויגען ווערטער אויס טייטשען: עס קומען אַמאָהל פערשיידענע ווערטער אין שרייבען. איך וועל דאָס ספּעציעל אויף בעזינדער פּאַפּיר אייך דאָס מאַכען, ווייל מיר מוזען דאָס וויסען וויא אַזוי אויס צי אַרבייטען. איז נאָך איין זאַך: עס איז פאַראַן 3 חברים וואָס קענען גיט אַרבייטען און ווילען אַרבייטען, נאָהר מען מיז (מוז) זייא בעצאָהלען. נאָ (נו) וויס איך ניט. איז בדאַרפט איר שוין וויסען וויפיל איהר וועט קענין פין אייערער אָרגאַניזאַציע שפענדען דערפאַר. ווייל

---

*) חוץ יחיאל רודמאַן, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט געשיכטע פון פּיטשאַיעוו, האָבן עטלעכע יוגנטלעכע זיך פאַרנומען מיט זאַמלען אַנדערע מאַטעריאַלן. די פּיטשאַיעווער אין אַמעריקע האָבן געגרייט אַ יובל־שריפט. פאַר דעם צוועק האָט חנא זאַלצמאַן אינספּירירט די יוגנט דאָרט.

מיר ברענגען דאָ זייער באַגייסטערטן אָפּרוף, וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט אין זייערע בריוו, וועלכע מיר גיבן איבער אין זייער לשון און אויסלייג.

די רעדאַקציע

פשוט די 3 חברים זענין אָרעמע און ווילען חאָטש עפּיס פערדינען. זייא ווילען שטאַרק מיט עלפין. מיר אַלע וויסען און פילען אַז פין אַמעריקאַ האָבען מיר קיין שלעכטס ניט גיהאַט, איז דאַרום זענען מיר שטאַרק צי פרידען וואָס מיר קענין אייך מיט עפּיס אָפּ דאַנקען. נאָהר לײדער ווײגין געלד ענינים װעלען מיר אויך זעהען אַז עס זאָהל קיין סך נישט קאָסטען, אין עס זאָהל דער ווערט האָבען געלד. אויף וויפיל מיר ווערלען קענען אויס לייגען עפּיס געלד, וועלען מיר דאָס טוהן.

געוויינליך איך בין דער פּאָרזיצענדער איז די פּאָסט שיקט אויף מיין אַדרעס. איך גיב זייא שוין אַלעס איבער. נאָך איין זאַך: איהר זאָלט דאַרטען זיך זעהין מיט ישראל קופער, ע ר זאָהל שרייבען צו זיין פלימעניק משה קופער, ער זאָל זיך אונשטריינגין מיט אַלע כוחות אין אַרבייטען אין דער זאַך, פּינקט ווי איך, וויל מבאַדאַרף דאָ האָבען, ווי געזאָגט, אינטער־טרייבערס. חאָטש ער איז גיטריי דער זאַך נאָהר פין דעסט ווייגין זאָהל איהם ישראל קיפּער שרייבין. האָט דאָס (אָט דאָס) איז ווייגין דעם אַלעמען. אַז מיר וועלען קריגין פין אייך ענפער וועלען מיר באַלד אייך ווידער שרייבען. עס איז דאָ פּין וואָס צי שרייבען, אַיעדער האָט דאָ גינוג אַדורך גימאַכט. מייגליך אַז ביז 3 מאָנאַט וועט איהר שוין דאַרט האָבין עפּיס מאַטעריאַל פין אונז. אין מיר וועלען שרייבען שעהען אין גין (און גוט)א ון אויך זעהר אינטערעסאַנט. בייט אונז אונפאָרמירען, פּאַרלויפּיג גינוג.

אייער הערש זאַלץ



פּיטשאַיעוו, 28טער מאַרט, 1932

געערטער הער חנא זאַלץ,

שוין 8 טעג זינט מיר האָבן דערהאַלטן אייער טייערן בריוו אויף וועלכן מיר האָבן מיט גרויס אומגעדולד אַרויסגעקוקט. מיר זיינען צופרידן אייך צו באַהילפיק זיין מיט אונדזערע אַרטיקלען פאַר אייער יובילײ־זשורנאַל. עס וואָלט גוט געווען ווען איר, הער זאַלץ, וואָלט אונדז געשיינקט אַ ביסל צייט און אונדז אָנגעשריבן מער פּרטים וועגן אַלץ, וועגן די אַלע וואָס באַטייליקן זיך אינעם זשורנאַל. פון אונדזער זייט וועלן מיר אַלץ טאָן אייער באַגער צו באַפרידיקן. מיר שיקן אייך איצט אַ גאַנצע צאָל אַרטיקלען, אָנגעשריבן — מיט אַ זייער ערנסטן כאַראַקטער — פון: הערש באַרענבליט, כאַפּעניש (דער פּסעוודאָנים פון בצלאל רייסמאַן), שלמה סקולסקי, חיים גענזעלמאַן, שמואל סקולסקי, הערש זאַלץ, אברהם בערעזין. *)

*) באַמערקונג פון רעדאַקציע: חוץ די דערמאָנטע אינעם בריוו: הערש באַרענ־בליט און בצלאל רייסמאַן, איז אויך צוגעצויגן געוואָרן יחיאל רודמאַן, וואָס איז געוואָרן דער הויפּט־טוער.

פון די אַלע אַרטיקלען וועט איר געוויס קענען אַרויסבאַקומען אַ בילד וועגן אויסזען פון אונדזער און אייער היימאַט־שטעטל — פּיטשאַיעוו.

הערש באַרענבליט האָט ספּעציעל אַראָפּגעצייכנט ערטער אינעם שטעטל, פאַר דער אויסגאַבע פונעם יובילײ־זשורנאַל. ער וויל צוגעבן אַ קינסט־לערישן טעם פון פּיטשאַיעוו. מיר דריי: הערש באַרענבליט, בצלאל רייסמאַן און הערש זאַלץ האָבן זיך אָפּגעגעבן אַלץ צו באַזאָרגן פאַר אייך און אַליין צוגעטראָגן אונדזערע אַרבעטן פאַרן יובילײ־נומער.

מיר וואָלטן געוואָלט, אַז איר זאָלט אונדז שרייבן ווען דער זשורנאַל גייט אַרויס פון דעם דרוק און אייער מיינונג וועגן די צוגעשטעלטע אַרבעטן אונדזערע. עס קען זיין, אַז עס וועלן נאָך צוקומען נאָך אַ פּאָר אַרטיקלען פאַר אייך. יעדנפאַלס רעכענען מיר, אַז מיר האָבן אונדזערס געטאָן און בשלימות דער־פילט אייער באַגער.
עס בלייבט פאַר אייער גוטן ווילן, ווי אַזוי אונדז, די דריי מענטשן, צו באַלוינען.

געחתמהט: הערש זאַלץ, הערש באַרענבליט און בצלאל רייסמאַן.



## צווייטער בריוו וועגן דעם זעלבן ענין

פּיטשאַיעוו, 1ער אַפּריל 1932

אַל כבוד דודי יקירי מר׳ חנא זאַלץ,

נאָך צוריק מיט 2 וואָכן האָבן מיר אייער בריוו דערהאַלטן. זייט ניט ברוגז פאַרוואָס מיר האָבן אייך באַלד ניט געענטפערט. ס׳איז אַלץ דערפאַר, וואָס מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט באַזאָרגן די אַרטיקלען וועלכע מיר שיקן אייך איצט. מעגלעך, אַז עס וועט נאָך עפּעס צוקומען. איז אַזוי: אויב ביז דעם ערשטן מאַי וועט איר ניט אַריינקריגן עפּעס מער, וועט דערמיט זיין פאַר־ענדיקט אונדזער אַרבעט. איך וועל זיך סטאַרען (באַמיען) אַז עפּעס נאָך זאָל געמאַכט ווערן.

איך האָב אייך צוריק מיט אַ חודש געשיקט 2 פּאַקעטן. שרייבט אייער ענטפער און אויך אויף דעם איצטיקן אַרויסגעשיקטן פּאַקעט, ווייל מיר טראַכטן איבער, צי איר קריגט זיי אַריין.

נאָך אייער וואונטש נאָך, האָב איך מיין אַרטיקל אָנגעשריבן. איך לאָז איבער צו אייך פאַר אויסבעסערן. איך בעט אייך, אַז איר זאָלט שיינקען אייער

אינטערעס דערצו ווייל אין דעם אַרטיקל האָט איר געגוג מאַטעריאַל צו קענען אויסנוצן ווי עס באַדאַרף צו זיין. עס זאָל אָבער גיין אונטער מיין נאָמען. איך וואָלט נאָך עפּעס געוועזן געמאַכט, נאָר דער קאָפּ איז אַזוי פאַרדרייט, אַז עס גלוסט זיך ניט עפּעס צו טאָן.

איך האָב געהאַט אַרבעט מיט די איבעריקע, אַז זיי זאָלן עפּעס באַזאָרגן פאַר דעם זשורנאַל. איך האָב געשריבן קיין ווילנע צו שלמה סקולסקי. ער לערנט דאָרט אין סעמינאַר, גרייט זיך אויף אַ לערער. זיין ברודער שמואל סקולסקי איז עלטער פון אים. זיי זיינען ביידע ישראל סקולסקיס יינגלעך. גאַנץ וואוילע יינגלעך. מעגלעך אַז שלמה סקולסקי וועט צושיקן נאָך עפּעס אַן אַרטיקל פון ווילנע. איך האָב אים געשריבן, ווי געזאָגט.

איצט זעט — ניעפּרימיענאָ (אומבאַדינגט), צו דרוקן ב. רייסמאַנס אַרטיקל — דאָס לאָטעריי חזירל (דער גליקלעכער געווינער). עס גייט אונטערן נאָמען „כאַפּעניש". עס איז אַ בילדל, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן מיט עטלעכע וואָכן צוריק, אין פּיטשאַיעוו, ווען אַ יונגערמאַן האָט געוואונען אַ חזירל. דעם יונגנמאַן, אַז מען האָט צו אים אַ געשריי געגעבן — „פּאַראַסאַ ז־ז־ז־ז," איז געוואָרן חושך אין די אויגן. דער יונגערמאַן איז ניט קיין אַנדערער ווי לייב איציס זון, יענקל האָפּשטיין, אַ לעדער קרעמער. דער נאָמען איז אויס־געמיטן אין דעם אַרטיקל, ווייל רייסמאַן האָט מורא געהאַט אַז ער זאָל אויף אים ניט אָנפאַלן. מחמת דעם, האָט אויך בצלאל רייסמאַן זיין נאָמען פאַר־הוילט אונטער „כאַפּעניש".

מיר וואַרטן פון אייך די צייטן אַ בריוו, כאָטש ווערליק אין אייער שרייבן זע איך, אַז דער קאָפּ איז אייך ניט דערביי איצט.

אָט דאָס איז וועגן קהלשע אָנגעלעגנהייטן.

אייער הערש זאַלץ

איצט וועגן זיך. עס איז זייער ניט גוט. און ווי איך פאַרשטיי פון אייער לעצטן בריוו, איז ביי אייך אויך איצט ערגער געוואָרן. (געמיינט דעם קריזיס אין אַמעריקע). אַזוי אַז מיר זיינען דאָ פאַרצווייפלט. עס גייט דער ערב פּסח. עס איז ניטאָ אַזוי אויך מיט וואָס אַ וואָך איבערצוקומען, ובפרט נאָך — פּסח. כאָטש פאַסט אָפּ דעם גאַנצן יום־טוב. איך האָב גערעכנט, אַז ביז איצט וועט שוין זיין עפּעס פון אייך. עס איז שוין באַלד אַ יאָר אַוועק. טאָמער האָט איר טאָקע ביז איצט ניט אַרויסגעשיקט עפּעס, ווייס איך ניט וואָס מיר וועלן טאָן. עס איז מיר שוין אַזוי אויך נמאס דאָס לעבן, אַז עס ווילט זיך דאָס לעבן נעמען. איך האָב נאָר אַ רחמנות אויף מיינע עלטערן און שוועסטער. עס איז בכלל שלעכט, נאָר בפרט אונדז, איז שוין ניט אַריבערצוטראָגן. עס איז איצט 5 פאַרנאַכט. דאָס קלעמעניש פון האַרץ איז געפערלעך. כאָטש מען איז שוין דערצו צוגעוואוינט. עסן איז ניטאָ וואָס. איך האָב נאָר 8 אינדער־

פרי געטרונקען אַ גלאָז הוילע (געמיינט — בלאָסע) טיי מיט אַ שטיקל טרוקן ברויט. אויף קיין איבערבייסן איז ניטאָ. קיין געזונטער מענטש בין איך אויך ניט. נאָר אַז איך גיב אַ קוק אויף דעם טאַטן און דער מאַמען, דער שוועסטער, ווער איך שוין זאָט. עס גלוסט זיך מיר ניט דעמאָלט קיין עסן. אָט דאָס איז אין קורצן. טוט וואָס איר ווילט *).

פאַרלויפיק איז דאָס אַלץ. טוט דאָס בעסטע פאַר אונדז און נעמט אַרויס פון דער נויט.

אייער פלימעניק הערש זאַלץ



נאָך אַ בריוו וואָס באַהאַנדלט דעם שווערן עקאָנאָמישן מצב.

געערטער פריינד חנא זאַלץ,

אַנטשולדיקט, וואָס איך האָב אייך שוין אַ לאַנגע צייט ניט געשריבן, ניט געענטפערט אפילו אויף אייער בריוו פון 31טן מאַרט 1932. גלויבט מיר, אַז די סיבה דערפון זיינען די איצטיקע אומשטענדן פון מיין לאַגע. דער מענטש פילט אפילו ניט אויף וועלכן עולם ער גייט אַרום. אין אַזאַ מאָמענט איז שווער צו קאָנצענטרירן די געדאַנקען. די לעצטע פאַר וואָכן בין איך געווען אין ווישנעוויץ. מ'האָט מיר דאָרט פאַרגעלייגט אַ פּאָסטן אַלס אַ בוך־פירער אין דער פאָלקס־באַנק און אין דאָרטיקן סוחרים־פאַראיין. אָבער דער געהאַלט וואָס איז מיר פאַרגעלייגט געוואָרן איז אַזאַ קליינער, וואָס קען מיר ניט געבן אויפן לעבן מיט מיין פאַמיליע. האָב איך זיך גע־מוזט אָפּזאָגן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, ווען אין פּאָטשאַיעוו וואָלט איך געהאַט אַזאַ פּאָסטן, אפילו מיט נאָך אַ ווייניקערן געהאַלט, וואָלט איך דאָס מיט פאַרגעניגן אָנגענומען, ווייל ס'איז אויפן אָרט.

איך דאַנק אייך בעסטענס פאַר די דריי דאָלאַר. זיי זיינען מיר גוט צונוץ געקומען. אייער ברודער האָט זיי מיר אויסגעצאָלט. אים איז אויך ניט גוט. אמת, לעצטנס „דרייט ער זיך" ביים טראַפיק, היט אָפּ אַ געשעפט פון טאַבאַק, אָבער שווער צו גלויבן, צי ער קען דערפון ציען פרנסה.

לויט אייער לעצטן בריוו, דענקט איר אַז אין פּיטשאַיעוו האָבן מיר סימ־פּאַטיקער, אַנטיפּאַטיקער, מען רעכנט זיך נאָר מיט יחוס. אָבער ניין. דאָס גראָדע — נישט. אין פּיטשאַיעוו איז היינט דער הויפּט יחוס — בלויז קולטור־

---

*) עס שיינט אָבער אַרויס דער גלאַנץ פון די באַגערן ביי די יונגע מענטשן, ביי וועמען די גייסטיקע באַדערפענישן פאַרשטעלן די מאַטעריעלע נויט.

די רעדאַקציע

דערציאונג. ווער ס׳איז היינטוועלטיק, מיט בילדונג דערצו, יענער האָט אָנזען, סימפּאַטיקער און אַנטיפּאַטיקער איז נאָר אין שייכות צו פּאַרטייען. ווייטער בויגט זיך אפילו געלט־יחוס פאַרן קולטורעל־גייסטיקן.

דאָס, וואָס אין אָנהייב, בעת איר האָט זיך געווענדט אַהער נאָך שריפטלעכער אַרבעט, בין איך דערביי ניט געווען, איז נאָר דערפאַר, וואָס זינט איך האָב חתונה געהאָט שטיי איך צוריק פון געזעלשאַפטלעכער אַקטיווקייט. האָט מען מיר דעריבער דערפון ניט מודיע געווען. און אפשר איז דאָס געווען אויך אַ ביסל דער געפיל פון קינאה, ווייל אין פּיטשאַיעוו וויסן אַלע, פון קליין ביז גרויס, אַז איך בין, ווי מ׳זאָגט, אַ „יודע בגן” אין שרייבעריי. איך וויל זיך דערמיט ניט לויבן. איך גיב זיך אָפּ דערמיט. דערפאַר בין איך טאַקע רואינירט מאַטעריעל.

חבר זאַלץ, ווען איך וואָלט געקענט פאַרעפנטלעכן מיינע מאַנוסקריפּטן, וואָלט איך, אפילו ביים איצטיקן קריזיס מיר פאַרשאַפט אַ שיינע פּאָר הונדערט דאָלאַר. אָפּגערעדט פון די 2 טיילן „מלחמה געשיכטע” וועגן פּיטשאַיעוו אַליין. איך פיל זיך גליקלעך, וואָס איך האָב דעם זכות נאָך זעקס דורות פון פּיטשאַיעווער לעבן, צו שאַפן דאָס ווערק, וואָס וועט פאַר יעדן איינעם זיין וויכטיק. איך האָב אין די מלחמה־יאָרן אַלץ נאָטירט. איצט וואָלט עס פאַר מיר ניט מעגלעך געווען צו אויפשטעלן. שוין 1 יאָר ווי איך גריבל זיך אין דעם.

וועגן א משומדת, וואָס איר שרייבט מיר, אַז מ׳האָט זי אַמאָל אַריבערגעפירט קיין גאַליציע, מיינט איר, מסתמא, שמחה יקירס שוועגערין. דאָס איז ביי מיר פאַרנאָטירט געניי. אויך וועגן דעם ווישנעוויצער משומד. פונקט אַזוי וועגן די „מיאַטעזשנע” ביכלעך (געמיינט 1863), וואָס מ׳האָט אַמאָל אונטער־געוואָרפן אויפן בוידעם פונעם בית־מדרש.

דאָס וואָס איר האָט אַמאָל, יינגלוויז, געלייענט אין דעם שטאָטישן פנקס וועגן אַ שבועה פון עטלעכע פּיטשאַיעווער בעלי־בתים, איז מיר דערפון באַקאַנט. דאָס איז פאָרגעקומען נאָכן פּוילישן אויפשטאַנד, אין 1831. אין פּיטשאַיעוו איז פאָרגעקומען אַ גרויסע שלאַכט צווישן די רוסן און פּאָליאַקן. די רוסישע מאַכט האָט נאָכדעם חושד געווען דריי בעלי־בתים, אַז זיי זאָלן האָבן ביי זיך אויסבאַהאַלטן פּאָליאַקן. היות אָבער זיי האָבן ניט געקענט פעסטשטעלן ווער די דריי זיינען, האָט מען פאַרנומען (אַרעסטירט) פינף אָנגעזעענסע בעלי־בתים. פון קרעמעניץ איז געקומען אַ ספּעציעלער מאַכט־פאַרשטייער, וואָס האָט געפאָדערט פונעם רב, אַז ער זאָל אָנהענגען אַ שבועה אויף די אַרעס־טירטע, לויטן נוסח פון כל נדרי. דערנאָך האָט מען אַלעמען באַפרייט.

לעצטנס האָט מיך געבעטן די חברה „חסד של אמת” אַז איך זאָל מיט זייער

הילף, אויפשטעלן אַ „פנקס של בית החיים" — פאַר די געשטאָרבענע. איך האָב זיי דאָס צוגעזאָגט צו טאָן.

דער טויט פון הערשל קאַרטמאַן האָט מיך דערשיטערט. אַ וואַרעמער טייערער ייד, וואָס האָט אַ לאַנגע צייט געטריי געאַרבעט אין דעם אַמעריקאַנער הילפס־פאַראיין, צום דינסט פאַר זיין געבוירן־שטעטל פּיטשאַיעוו. איך וועל זען צו פאַראייביקן זיין נאָמען אינעם שטעטלדיקן פּנקס.

שרייבט מיר אָפטער. רעכנט זיך ניט דערמיט, וואָס איך בין הינטערשטעליק. ס'איז פּשוט אָפט ניטאָ אויף קיין פּאָסט־מאַרקע.

אייער פריינד יחיאל רודמאַן

—•—

פּיטשאַיעוו, 4ער סעפּטעמבער, 1932

בעסטער פריינד חנא זאַלץ,

אייער בריוו דורך באַרנבליטן האָב איך דערהאַלטן און איך ענטפער באַלד. בייגעלייגט — אַ קורצן איבערבליק וועגן איצטיקן פּיטשאַיעווער לעבן. ווי איך זע, געפעלט אייך מיין אַרבעט וועגן די מלחמה־יאָרן. דאָס אָבער איז בלויז דער ערשטער טייל. דער צווייטער און דריטער זיינען נאָך מער אינטערעסאַנטער. זיי פאַרנעמען בערך 92 זייטן, און גיבן אַ בילד וועגן דעם לעבן פון די יידן אין זייער צעוואָרפנקייט, וואַגלענישן קיין בעמען און אַנדערע ערטער פאַר די מלחמה־יאָרן און דער רוסישער רעוואָלוציע, ביזן אויפקום פון אַ זעלבסטשטענדיק פּוילן, ווי אויך וועגן די אויפגעקומענע פאַרשיידענע פּאַרטייען.

עס איז באַשערט, אַז דורך דער אַרבעט, זאָלן די פּלאָגענישן אונדזערע ניט גיין לאיבוד, נאָר עס זאָל בלייבן אַ געדעכעניש פאַר אונדזערע קינדער, נאָך אונדז.

מיר ווייזט זיך אויס, אַז אַט ערשט נעכטן איז דאָס געשען; ערשט נעכטן האָט מען געטראָגן די קינדער אויף די הענט, בעתן אַרויסטרייבן אונדז פון פּיטשאַיעוו. די דאָזיקע קינדער זיינען שוין היינט, גאָט צו דאַנקען, זעלבסט־שטענדיקע, אינעם עלטער פון 17־20 יאָר.

איך ווייס נישט, ווי אַזוי ביי אַנדערע איז דער אינטערעס לגבי געשיכטע. ביי מיר איז עס אַ זייער טייערע, ווערטפולע זאַך. איך האָב געטאָן דאָס, וואָס איך בין נאָר אומשטאַנד געווען. דורכגעמאַכט אַ שטורמיש לעבן אין דער צייט פון דער מלחמה און נאָך איר; אונטערן פייער פון גראַנאַטן, שראַפּנעלן, באָמבעס,

וואָס האָבן געשפּרייט טוים, האָב איך טאָג־טעגלעך פאַרנאָטירט יעדע געשעעניש, אַליין דורכגעלעבט און די אַרומיקע. איך פיל אָבער, אַז עס איז נאָר אַ טראָפּן אין ים.

איצט אַרבעט איך איבער דער געשיכטע וועגן פּיטשאַיעוו, זינט דעם אויפקום. דאָס איז זינט דער צווייטער העלפט פונעם 18טן י״ה. ס׳קומט מיר אפילו אָן זייער שווער, אָבער איך האָף מיין ציל צו דערגרייכן. דאָס שווערסטע איז — צו דערגיין וויפל פאַמיליעס, יידישע, ס׳האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין אַלט־פּיטשאַיעוו, וועלכע האָבן זיך אַריבערגעצויגן קיין ניי־פּיטשאַיעוו. לויט מיין השערה זיינען זיי געווען סך־הכל עטלעכע געציילטע. איך וויל אָבער דערגיין זייערע נעמען. אויף דעם אַלטן בית־עולם האָב איך געפונען אַן אַלטע מצבה, וועלכע זאָל זיין די ערשטע. זי איז אַלט 126 יאָר. איך האָב אָבער נישט געקענט פעסטשטעלן דעם נאָמען. ווען דער שטאָטישער פּנקס וואָלט געווען, וואָלט מען זיך אַלץ דערוואוסט. איז ער אָבער,ליידער, פאַרפאַלן געוואָרן. אפשר געפינט ער זיך גאָר אין אַמעריקע ביי די קינדער פון הערש לייב מלמד פורמאַן. לויט איך הער, זאָל הערש לייב האָבן אים מיטגענומען מיט זיך בעתן אַנטלויפן פון פּיטשאַיעוו און אים געבראַכט צוריק, בעתן אומקערן זיך. בכן איז אפשר מעגלעך, אַז ער האָט אים ווידער מיטגענומען קיין אַמעריקע, אין 1920.

איך האַלט איצט אין סאַמע מיטן פון באַאַרבעטן דאָס קאַפּיטל „רבנים קריג״. ס׳איז אַ זייער אינטערעסאַנטער מאַטעריאַל וועגן פּיטשאַיעוו פאַר די פאַרגאַנגענע פופציק יאָר. מיר איז גרינגער דאָס צו באַאַרבעטן, ווייל איך האָב נאָך פאַר זיך לעבעדיקע מענטשן פון יענע יאָרן און אַלץ איז קלאָר גענוג. איך וויל אַרומנעמען פּיטשאַיעווער לעבן אַלזייטיק.

אַ שאָד וואָס אין אייער יובליי־זשורנאַל קען ניט געדרוקט ווערן די אַרבעט פון די מלחמה־יאָרן ביז פוילנס אויפקום. נאַטירלעך איז בעסער עס זאָל אַרויס אין אַ בוך־פאָרם, אָבער צי האָט איר דען אַזאַ מעגלעכקייט?

אויב איר געדענקט, האָב איך נאָך אין 1926 וועגן דעם געשריבן און איר האָט דעמאָלט אַרויסגעבראַכט אייער באַגער דערפאַר. מעגלעך, אַז די מניעה דערפאַר איז דאָס, וואָס ביי אייך קאָסט אַלץ טייער. אין לעמבערג האָט מען ביי מיר געוואָלט 60 זלאָטעס דאָס אַרויסצוגעבן אין אַ בוך־פאָרם. איך טראַכט צו דרוקן די מלחמה־געשיכטע דערוויל אין דער „קרעמעניצער שטימע״. איך וועל זיך וועגן דעם צענויפרעדן מיט דער רעדאַקציע.

דאָס וואָס איר שרייבט, אַז איר האָט זיך נישט געריכט, אַז פון דעם שורש זאָל אַרויסקומען אַזאַ איניקל, בין איך שטאַלץ דערמיט. ווייל אינדעראמתן, אויב מיין זיידע ע״ה איז געווען אַן עם־הארץ, איז דאָס קיין חידוש ניט

ביי מיר. ווייל מיין זיידע האָט געלעבט אין 19טן י״ה און איך לעב אינעם צוואַנציקסטן. נאָך קינדוויז האָב איך מיך געריסן צו דערגרייכן אין לערנען וואָס מער קענטעניש און האָב טאַקע דערגרייכט מער ווי מיינע קאָלעגן, כאָטש זייערע זיידעס זיינען אפשר געוועזן תלמידי־חכמים. מסתמא געדענקט איר דאָס תורה ווערטל: אל תסתכל בקנקן, אלא במה שיש בו.

פריינד חנא. „פּאָסטאַרעט״ — (באַמיט) זיך בעסער, אַז פאַר מיין אַרבעט זאָל איך קריגן אַ פּריז, אַ געלט־נאַגראַדע (מתנה), אַזוי אַז פאַר מיין מי זאָל איך האָבן אַ אָנדענק. מיין אַרבעט גיב איך איבער אין אייערע הענט און גלויב, אַז איר וועט זיך דערמיט פאַראינטערעסירן. איך וועל אייך זיין זייער דאַנקבאַר דערפאַר, דען אין מיין איצטיקער עקאָנאָמישער לאַגע וועט דאָס מיר זייער צו נוצן קומען.

אייער פריינד יחיאל רודמאַן *)



פּיטשאַיעוו, דעם 11טן יולי, 1932

הויכגעשעצטער קאָמיטעט און סעקרעטאַר חנא זאַלץ,

אייער ווערטן בריוו וואָס איז אָנגעקומען גלייכצייטיק מיט דעם בריוו פון דעם ניו־יאָרקער קאָמיטעט אינאיינעם מיט די 300 דאָלאַר, האָבן מיר ריכטיק דערהאַלטן. מיר האָבן די צוויי בריוו גוט דורכגעלייענט. מיר פאַרשטייען גאַנץ גוט די סיטואַציע. מיר האָבן באַלד גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון אונדזער קאָמיטעט און מיר זיינען געקומען צום באַשלוס, אַז מיר זאָלן קאָאָפּטירן בלויז פיר פּערזאָן פון די, וואָס דער ניו־יאָרקער קאָמיטעט ווייזט אונדז אָן, די פיר זיינען: הר׳ יצחק קאָרנבליט, הר׳ יוסף פלאַקסמאַן, הר׳ הירש לערנער, הר׳ הירש לייב שאַבער. מיר זיינען זייער געערגערט, וואָס צו אייך זיינען פון דאָנען דערגאַנגען בריוו מיט אַלערליי רכילות. מיר

*) דער ד״ר יעקב שאַצקי פאַררופט זיך אין זיין אַרטיקל וועגן דעם יידישן פּיטשאַיעוו, אויף דעם יונגן יחיאל רודמאַן. מיר זעען אַרויס פון די בריוו זיינע, וואָס מיר פאַרעפנטלעכן, אַז מיר האָבן דורך די דייטשע עמלקים, י״ש, פאַרלוירן אַ פריש צאַפּלדיקן כוח אויפן פעלד פון געשיכטע־פאָרשונג. זיין ערנסטקייט, באַהעפט מיט תמימותדיקן באַגער אַז „עס זאָל בלייבן אַ געדעכעניש פאַר אונדזערע קינדער נאָך אונדז״, ווי ער דריקט זיך אויס וועגן זיין אַרבעט מכוח דעם יידישן ישוב אין פּיטשאַיעוו, רעפלעקטירן די חנעוודיקייט פון זיין גייסטיק געשטאַלט. זאָלן די פאַר ווערטער נאָך אים דינען פאַר אַ חסד של אמת. מען זאָגט אונדז אַז דער געשיקטער מאַנוסקריפּט זיינער איז פאַרפאַלן געוואָרן. — די רעדאַקציע.

פון אונדזער זייט אַרבעטן אין דעם קאָמיטעט ערלעך און געטריי פאַר דעם וואויל פון שטאָט. קיין כבוד פאַרלאַנגען מיר חלילה ניט, אָבער קיין אומכבוד קומט דאָך אונדז אויך ניט...

פאַר אונדז איז זייער, זייער טרויעריק מיטצואַרבעטן מיט מענטשן וואָס קומען צו אייך מיט אַזעלכע פּוסטע און נאַרישע אינטריגעס. מיר באַשולדיקן טאָקע די ניו־יאָרקער קאָמיטעטשיקעס. צי האָבן זיי אונדז שוין אַריינגעשיקט אַזאַ גרויסע סומע, וואָס לויט זייער פאַרשטאַנד וועלן 8 פּערזאָן ניט קאָנען שאַפן די ריכטיקע פאַרטיילונג? צי דען פאַרשטייען זיי ניט, אַז וואָס מער מענטשן עס זיינען דאָ, מער חלוקי דעות איז דאָ! ובפרט נאָך, ביי אונדז אין פּיטשאַיעוו! אלא (איילע) וואָס? זיי ווילן פאַרשאַפן נחת זייערע פריינד, איז דאָס דאָך פון די אלו דברים שאין להם שיעור, ווען דאָך מיט דער צייט די גאַנצע שטאָט אַריין אין קאָמיטעט ווייל איעדער האָט זיך זיינע פריינד אין אַמעריקע. היינט פאַרוואָס זשע זאָל איעדער ניט פאַרזאָרגן זיין פריינד מיט אַ דעה אין קאָמיטעט... ניין, ברידער! ניט דאָס איז דער אמתער אמת. אַ מענטש דאַרף תמיד דענקען עפּעס אויסצובעסערן, אָבער צעברעכן איז קיין קונץ ניט.

איצט וועגן פּראַקטישע זאַכן: מיר האָבן פאַרטיילט די געלטער אויף פאָלגנדיקן אופן: 55 דאָלאַר די בתי־מדרשים; 75 ד׳ דער תלמוד־תורה; 25 ד׳ דער ביבליאָטעק; 100 ד׳ אויף הלוואות; 45 ד׳ צו ענדיקן די קרעניצע פון דער באָד. אינגיכן וועלן מיר צושיקן אַ פּינקטלעכן חשבון. גלייכצייטיק דערמיט שיקן מיר אייך צו דעם פּראָטאָקאָל פון דער פאַרזאַמלונג.

בנוגע די ביבליאָטעק. איך בין געווען דער איניציאַטאָר פון דעם לייען־זאַל. איך האָב געפּטרט אַ סך מי אָרגאַניזירן די יוגנט. דאָס וואָלט אייך געקאָנט באַשטעטיקן הערשל הושאַ. ער איז איצט ביי אונדז, אין פּיטשאַיעוו. איך האָב אים פאַרבעטן אַ פּאָר מאָל צו אונדז אין זאַל אויף ליטעראַרישע אָוונטן און איך האָב אים טאַקע געבעטן אַז מען זאָל עפּעס טאָן אין אַמעריקע, אַז די ביבליאָטעק זאָל ניט גיין צו גרונט. אָבער לײדער איז מיין גאַנצע מי און אַרבעט פאַרלוירן געגאַנגען, ווייל אונדזער יוגנט איז נאָך שטאַרק אָנגעשטעקט מיט קנעכטשאַפט און פאַנאַטיזם פונעם אַלטן דור. די ערשטע צייט האָט זיך דאָס צוגעקלעפּט, מ׳האָט געמאַכט פאַרלעזונגען, מ׳האָט געשטעלט ספּעקטאַקלען. אייניקע האָבן טאַקע עפּעס געגאָסן, אָבער די לעצטע צייט איז דאָס געענצלעך רואינירט געוואָרן. די 350 געזאַמלטע ביכער מיט דעם מעבל זיינען פאַרשפּאַרט ביי דעם בע״ב (בעל הבית) פונעם זאָל פאַר דירה געלט. די עטלעכע פאַראינטערעסירטע פון דער יוגנט זיינען זיך צעפאָרן. אייניקע צום מיליטער, אייניקע האָבן אויסגעוואַנדערט, אייניקע האָבן חתונה געהאַט, און די איבעריקע זיינען במחילה גראָבע יונגען. נאָר איין האָפענונג איז נאָך געבליבן: עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ קינדער־ביבליאָטעק, נאָר פון די דערמאָנטע ביכער קאָנען זיי נאָך ניט געניסן. אויב זיי וועלן זיך אַזוי ווייטער

אַנטוויקלען, קאָנען מיר האָפן אויף אַ גוטער צוקונפט. דערפאַר האָבן מיר אַסיגנירט 25 דאָלאַר. ראשית זאָל מען אויסקויפן די ביכער מיט דעם מעבל און ווען די קינדער וועלן שוין דאָס קענען פאַרברויכן, וועלן מיר זיי דאָס אַלץ איבערגעגעבן. דאָס זעלביקע איז אויך מיט דער ת"ת (תלמוד תורה). מיר נייטיקן זיך זייער אין אַ מאָדערנער ת"ת און האָפנטלעך וועלן מיר זי מיט דער צייט שאַפן. נאָר ביז דעמאָלט, כדי דאָס געלט זאָל ניט בלייבן ליגן אָן נוצן, האָבן מיר געפונען פאַר נייטיק עס אַריינגעבן אין דער ליי־קאַסע. הכלל, אַלץ איז אין אָרדנונג, נאָר איין זאַך איז נעבעך זייער ניט גוט. דער עולם האָט זיך דער־וואוסט אַז מען גיט הלוואות, האָבן זיך איצט אַוועק אַ סדרה פאָדערונגען וואָס מיר האָבן ניט געקאָנט צופרידנשטעלן אפילו צען פראָצענט. געוויס פאַר־שאַפט דאָס גרויסע שמערצן און אומצופרדנקייט.

ליבע ברידער, באם (בעאים — אויב) איר האָט שוין יאָ עפּעס אָנגעהויבן טאָן פאַר דער זאַך, זאָלט איר זען ווי ווי ווייט מעגלעך דאָס אַוועקצושטעלן אויף אַ פעסטן פונדאַמענט. מיר זאָלן קאָנען טריי אַרבעטן. מיר האָבן פאַרטיילט 200 דאָלאַר טראָגט דאָס איין 20 דאָלאַר אַ וואָך. קאָנען מיר צופרידנשטעלן בלויז צוויי פערזאָן. אין דער צייט ווען עס ליגן פאָדערונגען פון צענטליקער פערזאָנען. פאַרשטייט זיך, אַז קיין נחת פון דעם האָבן מיר ניט. מיר הערן אַלץ טענות פאַרוואָס דעם יאָ און דעם ניט? היינט אַז מען וועט נאָך דאַרפן אָפּציען אויף אַנשטאַלטן... דאַן וועלן מיר בלייבן שטיין אין דער מיט... לכן, שטאַרקט זיך ברידער און השי"ת זאָל אייך העלפן איר זאָלט בנקל (בעניקל) אויספירן. דאָס וועט זיין איינע פון די צדקות, וואָס אדם אוכל פירותיהם והקרן קימת... האָפנטלעך אַז איר וועט ניט מיד בלייבן אין אייער טיכטיקער אַרבעט און וועט אינגיכן שאַפן פאַר אונדז די נייטיקע מיטלען, בלייבן מיר אַלע אייערע איבערגעגעבענע, הערצלעכע פריינד.

גלייכצייטיק שיק איך אַוועק אַ בריוו צו דעם ניו־יאָרקער קאָמיטעט.

מיט אַכטונג, סעקרעטאַר חיים גראָסמאַן. (דאָ קומען 5 אונטערשריפטן).



פיטשאַיעוו, 13 יולי, 1932

חברים און פריינד, *)

נאָך לאַנגען שוויגן איז יעצט געקומען די צייט מיר זאָלען זיך יעצט אויך אַרויס זאָגען אונזערע מיינונגען בנוגע שיקאַנירען אונזער מאָראַל. ווי עס

*) דעם אויסלייג ניט געענדערט צוליבן פאָנעטישן כאַראַקטער, וואָס איז אייגנטלעך פאַר גאַנץ וואָלין. — די רעדאַקציע

איז אייך בעוויסט, ליעבע פריינד, איז צוריק מיט צוויי יאָהר אַרויס געשיקט געוואָרען פאַר אונזער שטיידטעל 150 דאָלאַר אויף ציענדיקען (צו ענדיקן) דעם בנין, וועלכס ווירט געבויט אויסדריקליך פיר איין שולע. וויל מען מאַכען נאָהר איין „תלמוד תורה" און איין „הקדש". און טאַקע דערוויסענדיג זיך דעם סוד, ווענדען מיר זיך צו אייך, ליעבע פריינד, איהר זאָלט אונז די זאַך אויפקליירן: צי איז טאַקע דאָס געלד געשיקט געוואָרען אויף דעם אויבען דערמאָנטען ציל? ווייל ווי עס איז אונז בעוויסט, אין (און) אויף וויפיעל אונז האָט איבערגיגייבען דער הער גודמאַן, איז דער ציעל פון אייך, קרובים און פריינד געוואָרען באַשלאָסען אַזוי וויא אייער היימאַט שטאָדט איז אין דער מאַטעריעלער זייט, וויא אויך אין דער קולטורעלער זייט אָפּגעשטאַנען גענצ־ליך פון דעם היינטיגען לייבען, לכן, איז נישט רעכנענדיק זיך מיט דער יעצטיגער עקאָנאָמישער לאַגע, האָט איר פון אייער שוועהר, מיט בליט פעראָרעוועט געלד אָפּגעשפּאָרט אין אונז געוואָלט מיטעלפען, אין שאַפען אַזאַ אַנשטאַלט, וועלכעס זאָל פאַרנעמען אַלע שיכטען און (אָן) איין אויסנאַמע פון רעליגיעזען זין, ד. ה. מיר גלויבען, אַז איהר האָט בפירוש ניט געשיקט קיין געלד אויף קיין „תלמוד תורה" וויא אויך ניט אויף קיין „הקדש", ווייל איין „הקדש" האָבן מיר גיאָט (געהאַט). האָבען טאַקע די יעניגע וואָס ווילען יעצט בויען דעם נייעם הקדש פערקויפט, אין יעצט וויל מען בויען איין נייעם. מיר זיינען ניט קיין גייגנער פיר אַזעלכעס. זאָל מען בויען. אַזעלכע אינ־סטיטוציעס זיינען וויכטיג פאַר איין שטאָד, האָבער אַזאַ בנין קען מען ניט בויען אין דער צייט ווען מענשען זיצען און (אָן) פרנסה, ווען מענשען געהען אַרום ליידיג און קענען ניט פרדינן אויף קיין טריקן שטיקעל ברויט. אין דער צייט ווען אונזער שטאָדט איז איין אוסנאַמע פון דער גאַנצער וועלט אין קולטורעלען זין... נאָהר עס וויזט אויס, אַז אויף יענעמס פּלייצעס איז גיט (גוט) צו שמייסען, ד. ה. אַמעריקע זאָל לייבען (לעבן) וועט שיקען געלד. אין (און) דערצי (דערצו) ערשט (הערשט) נאָך בייא אונז די אַמאָליגע „קליקע". בייא אונז זענען נאָך ניט אָפּגימעקט געוואָרען די סיפּאַקעס מיט זעהערע (זייערע) מחלוקתן. עס גליסט (גלוסט) זיך נאָך זעה (זיי), אין איר קענט זיך ערינערען, טייערע פריינד, וויא צוריק מיט 30־40 יאָהר גרינדען איין „האָלע מיט איין באָסע", וואָס בייא היינטיגע צייטען קלינגט דאָס מיט העקעל. די פריערדיקע יאָהרען זענען פאָריבער. מיר אַלטען (האַלטן) יעצט ביים 20טען יאָהראונדערט. מיר טורן (טאָרן) די זאַך ניט פערשווייגען. מיר יוגענד ווילען שטעהן אויף דער וואַך אין (און) קעמפען, מיט וואָס נאָר מייגליך (מעגלעך) איז. אין מיר וועלען ניט דערלאָזען צי(צו) אַזעלכע שי־קאַנעס, וויא אויך טעמפּען דעם מאָראַל. אין איר חברים אונד פריינד, קריס־טאַלעזירט אַדורך דעם ענין אין זאָגט זיך אַרויס איין מיינונג בנוגע דער זאַך, צי האָבען מיר רעכט. מיר ערוואַרטען אומגעדולדיג אויף אייער דעצידי־רענדען בעשלוס, ווייל נאָהר איהר, חשובה פריינד, האָט דאָס רעכט צו זאָגין אויף וואָס אין (און) ווימען מין (מען) בעדאַרף אַרויסגעבען דאָס געלד וואָס איהר האָט פין (פון) אייער שווער פעראָרעוועט געלד אָפּגעשפּאָרט פאַר

אונזערטרוויגען... מיר פיעלען אין גידענקען אַז דאָס ביסעלע קולטור וואָס מיר פערמאָגען איז נאָהר אַדאַנק אייך. ליעבע פריינד, אין (און) איבער אויבט (איבערהויפט) דעם הערען חנא זאַלץ, אין וועלכען זיין נאָמען וועט אונז בלייבען איין געקריצט אין אַיעדענס האַרצען. נאָהר וויגען דעם וועלען מיר ריידען אין די נעכסטע בריעף. אונזער געוויסען וועט ניט ריין זיין, ווען מיר וועלען די זאַך פערשוויגען. מען טאָר ניט וואַרפען קיין שמוץ פיר (פאַר) מענטשען וואָס האָט דאָס ניט פערדינט. עס איז אונז אַוואַדע איין בישה (בושה) מיר זאָלען זיך אַלעהן (אַליין) שמוצען. נאָהר מיר מוזען איין מאָהל אויפדעקען די קאַרט. וויא אַזוי אַרום האָט זיך גענעמען, וואָס דער הער יעקב זאַלץ האָט גיאַלטען (געהאַלטען) דאָס געלד צייט 2 יאָהר? פאַר וואָס האָבען מיר יעצט אַרויפגיליייגט איין פּראָטעסט אויף דעם געלד מען זאָל דאָס ניט אַרויס גייבען די יעניגע, וועלכע ווילען דאָס כאַפּען וויא איין אַבן טוב?

האָט די (אָט די) צוויא פראַגען מיזן (מוזן) יעצט פריי אויפגעקלערט ווערען:

1) אין דער צייט ווען ה' יעקב זאַלץ האָט ערהאַלטען פון אַמעריקאַ דאָס געלד האָט ער תיכף ומיד מודיע געוועהן דעם פאַרוואַלטונג פין לינת הצדק, אַז עס איז אונגעקומען פין אַמעריקא 150 דאָלאַר פאַר דעם בנין וועלכעס ווירט (ווערט) געבויעט אויף איין שולע. געוויס האָט דער הערר יעקב זאַלץ פין זיין זייט אויך גיוואָלט עפּעס אויפטון. ער האָט פאָרגעלייגט אַזוי וויא מען קען זאָ-וויאזאָ (סיי-ווי) מיט דעם געלד וואָס ס'איז אונגעקומען פין אַמעריקאַ ניט ענדיגען דעם בנין, זאָל זיך אַיעדער איינער אויף וויפיעל ער איז אימ־שטאַנד זיך בעשטייערען אין (און) צי (צו) זאַמען דעם בנין ענדיגען. זענען טאַקע אַלע מסכים געוועהן. נאָהר דער סוף ווייזט דעם אמת. וויא זאָגט מען — לשקר אין רגלים. ווייסט (ווייזט) זיך אַרויס, אַז דאָס געלד האָבן זיי ניט גענעמען, די פערוואַלטונג פין לינת הצדק. ווייל זעה (זיי) זענען געוועהען פערשמירט מיט אַנדערע זאַכען, ביז עס איז געוואָרען טענות. אין די טענה איז — מיר ווילען ניט קיין וועלטליכע שולע נאָהר אַזאַ שולע וויא אונזערע זיידעס האָבען גילייערענט, אין אַזוי וויטער...

2) האָט (אָט) טאַקע דער פאַר האָבען מיר אַרויף גילייגט איין פּראָטעסט אויף דעם געלד. ווייל היינטיגע קינדער זענען ניט אומשטאַנד אין קענען ניט לייענען אין קיין חדר, וויא (וואו) די פּאָמניצע (פּאָמויניצע) אין די הינער, וויא אויך די קאַץ דרעיין (דרייען) זיך אַרום אין שטיב, אין קיין פענסטער קען מען ניט עפנען, ווייל עס פאַלט אַראָפּ: אין די רבצין קריגט זיך מיטן רבין אין לאָסט (לאָזט) אויס דעם כעס צים קינד. היינטיגע קינדער זענען שוואַך. מען מיז האָבען אַ סאַך לופט. מען קען ניט לערנען פון 7 אַזייגער פרי ביז 9 אַזייגער אָוועגד. היינטיגע קינדער וועט די רבצין ניט שיקען נאָך קיין וואַסער אין סטראַשען מיטן קאַנטשיק.

בעקענענדיג זיך מיט האָט די (אָט די) 2 פראַגען וועט איהר זיך אַרויסזאָגען אייער מיינונג, צי האָבען מיר רעכט. מיר ערוואַרטען אייער באַלדיגען ענטפער, מיט דער האָפנונג אַז איהר וועט די זאַך ערליידיגען על צד היותר טוב.

פ. ס. ענדענדיג דעם בריעף איז מען אונז גיקומען זאָגען אַז דערוויסענדיג זיך פין אונזער פראָטעסט, שרייבט מען שוין פין דער קליקע צד דעם 2טען פראָטעסט, אין עס פערשטעהט זיך מאַכען פאַר די לייטישע מענשען. זאָלט איהר זיין אַזוי פיל גוט, וועט איהר זעהען, אַז די זעלבע וועלכע האָבען זיך געחתמעט אויף דעם פריערדיגען פראָטעסט, זענען געחתמעט אויף דעם בריעף צי אייך, אין דאָס וועט דינען אַלס פאַקט, אַז מען מיינט ניט די אגודה (הגדה) נאָהר די קניידלעך.

מיר שיקן דעם בריעף אויף אייער אַדרעס, ווייל קיין אַנדער אַדרעס האָבען מיר ניט, אין מיר בייטען (בעטן) אייך דעם בריעף פאַרעפנטליכען, בכדי אַלע אונזערע לאַנדסלייט זאָלען זיך אַרויס זאָגען זעהר (זייער) מיינונג. דאָס איז זעהר איין וויכטיגער אינטערעס. מיר גיבען נאָך צי, אַז די פערטרעטונגס מענטשן וועלכע מען האָט ביי אונז אויסגעקליבען פאַראונטערעסירען זיך מיט דעם בנין זיינען:

1) שמואל זאַלצמאַן, 2) חיים צבי מאַנדעל, 3) יחיאל רודמאַן, 4) נחום זעלצער, 5) פנחס טשערניאַק, 6) שמואל טויבער, 7) ישראל נתן לערער, 8) אייזיק מוטשניק, 9) צבי באַרענבליט, 10) אליה האַדוואַן.

ערוואַרטנדיק אייער תשובה צייכנען מיר זיך מיט אַכטונג

פנחס טשערניאַק, נחום זעלצער, יחיאל רודמאַן, חיים צבי מאַנדעל.

---

## אַ קאָרעספּאָנדענץ אין דער „קרעמעניצער שטימע" נומער 3, 1931

ביי אונז עקסיסטירט ביי דער געזעלשאַפט „תרבות" אַ העברעאיש־יידישע יוגנט־ביבליאָטעק, אַ דאַנק אונדזערע אַמעריקאַנער לאַנדסלייט, וועלכע האָבן געגעבן דערויף אַ גרעסערע סומע געלט. די ביבליאָטעק האָט זיך גאַנץ גוט אַנטוויקלט. זי פאַרמאָגט אַ סך נייע ביכער. די אַרבעט פון דער ביבליאָטעק איז לעצטנס זייער שוואַך געוואָרן. עס האָט אפילו געהאַלטן ביי ליקווידאַציע, מחמת מאַנגל אין מיטלען אויסצוהאַלטן דעם דעם לאָקאַל. אַ דאַנק דעם, וואָס מיט אַ יאָר צוריק זיינען ביי אונדז געוועזן געסט פון אַמעריקע, די פריינד גוטמאַן, וואָס האָבן זיך זייער פאַראינטערעסירט מיט דער ביבליאָטעק, איז

דורך זיי געלונגען דעם מצב צו פֿאַרבעסערן. די אַרבעט איז מוסטערהאַפֿט אָװעקגעשטעלט. אין זייער ביידיין איז דעמאָלט אויסגעװיילט געװאָרן אַ פֿאַרװאַלטונג, אויך אַ רעװידיר־קאָמיסיע פֿון די עלטערע בעלי־בתים.

עס זיינען אַ דאַנק די געסט, באַשטעלט געװאָרן נייע ביכער אויף אַ גרעסערער טומע. װי אַן אויסדרוק פֿון דאַנקבאַרקייט צו זיי, זיינען אַלע אָנגעקומענע װערק פֿון י. י. זינגער באַצייכנט געװאָרן מיט זייער נאָמען.

היינטיקס יאָר פֿאַלט אויס צען יאָר זינט די ביבליאָטעק איז געגרינדעט געװאָרן. די פֿאַרװאַלטונג גרייט אַ יום־טוב מיט אַ ספּעציעלער יובל־אויסגאַבע, פֿאַרן צװעק צו קויפֿן נייע ביכער.

די פֿאַרװאַלטונג האָפֿט, נישט געקוקט אויפֿן איצטיקן שװערן מצב, װעלן דאָך די פּיטשאַיעװער יוגנט־פֿריינד און אַלע סימפּאַטיקער פֿון דעם אַנשטאַלט זיך װאַרעם אָפּרופֿן מיט זייער שטיצע לטובת דער איינציקער קולטורעלער אינסטיטוציע ביי אונדז.

ש. סקולסקי

## שמואל טאַובער

# פּיטשאַיעוו אין די צוואַנציקער יאָרן

פון מיין שטעטל באָרשטשעוו אין מיזרח־גאַליציע, וואָס איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אַריבער קיין פּוילן, בין איך אין 1925 פאַרבעטן געוואָרן פאַר אַ לערער אין דער פּיטשאַיעווער פאָלקשול. אָנגעקומען אין שטעטל בין איך אין אַ ווינטערדיקן פרימאָרגן, ווען דער געקלאַנג פונעם מאַסיוון קלויסטער־גלאָק האָט זיך נאָך געהערט אינעם קייקלדיקן האַמעטנעם ווידער־קול. נאָך אויפן וועג קיין פּיטשאַיעוו האָט מען פאַר מיילן ווייט דערזען דעם דאָזיקן קלויסטער, דעם גלאַנץ פון דעם אָפּגעגילדטן דאַך זיינעם. דער געברום פון דעם גלאָק האָט ווי צעוויגט אין דעם פרימאָרגן דאָס גאַנצע שטעטל.

מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט האָב איך געשלאָסן מיט דער משפּחה פון משה טשערניאַקס זון, נחמן, וואו איך בין איינגעשטאַנען. נחמן איז געווען פאַר־רעכנט פאַרן גביר אין שטעטל. האָט באַוואוינט אַ שיינע מעבלירטע דירה פון פינף חדרים מיט אַ קיך. דאָס שטעטל איז געהאַט געקומען אַ ביסל צו זיך נאָך דעם מלחמה־חורבן. האָט פאַרמאָגט אַ פּוילישע פאָלקשול, וואָס איז געווען דער איינציקער אָרט פאַר עלעמענטאַרע בילדונג. ביי יידן האָט דאָ־מינירט דער אַלטער חדר. דער „קאָפּ" פאַר דערציונג פונעם יידישן קינד איז געווען דער מלמד, הערש דער בראָדער.

אַ דאַנק דער גאָר וואַרעמער באַציאונג פון די פּיטשאַיעווער אין פילאַדעלפיע, בפרט דעם געטרייען דינער פון זיין געבוירן־שטעטל, חנא זאַלץ, איז אויפ־געקומען אַ נייער קולטור־אַנשטאַלט, אַ ביבליאָטעק. חנאס וואָרט האָט גע־מונטערט די יינגעלייט אין דער דאָזיקער ריכטונג. מיט ברען האָבן די יינגע מענטשן זיך אָפּגעגעבן דער ביבליאָטעק פאַר וועלכער עס זיינען איינגעקויפט געוואָרן עטלעכע הונדערט ביכער. דאָס אָרט איז געוואָרן דער צענטער פון קולטור און דערציונג.

דאָס נייע וואָרט האָט אויך אַרויסגערופן אַ באַגער פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אַזוי זיינען אויפגעקומען די אָרגאַניזאַציעס, ווי: החלוץ, וואו עס האָבן זיך גרופּירט די יוגנטלעכע; די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון מיטליאָריקע און עלטערע עלעמענטן; דער קרן קימת לישראל. מיט דער אַרבעט האָבן זיך אָפּגעגעבן אַלע ציוניסטישע שאַטירונגען. אַ דאַנק דער האַרמאָניע צווישן יונג און אַלט איז די טעטיקייט אַרום ק.ק.ל. געווען אַ געראָטענע. דורך דער הילף פון די פּיטשאַיעווער אין אַמעריקע איז געגרינדעט געוואָרן אַ גמילת־חסדים־קאַסע. ס'איז אויפגעקומען אַ סוחרים־באַנק, דער ערשטער יידישער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוו, וועלכן עס האָבן געשאַפן: יעקב

ישראל זאַליץ, דוד ראָזענטאַל, דער איידעם פון שמעון יוסף מיטשניק, פנחס טשערניאַק, משהס צווייטער זון. עס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט הילפּס־אַרבעט אין אַ נויט־פאַל די חברה „לינת הצדיק". דאָס שטעטל איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון יידישער אַקטיווקייט. טשיקאַווע איז אפילו דער דאָזיקער פאַקט, וואָס אפילו די פייערלעשער, וואָס דער רוב מיטגלידער אירע איז באַשטאַנען פון קריסטן, אָבער בראש איז געווען דער ייד חיים טשערניאַק. באַזאָרגט פון דער אַדמיניסטראַציע מיט אַלע נויטיקע מכשירים האָט מען נאָר באַדאַרפט האָבן אַ פייאיקן מענטשן, אַ גוטן אָרגאַניזאַטאָר און אָנפירער מיט דער לעש־אַרבעט בעת אַ שריפה. האָט טאַקע חיים טשערניאַק באַוויזן אָפּצוראַטעווען האָב און גוטס. איצט לעבט ער אין ישראל.

אין מיין זיכרון האָבן זיך איינגעקריצט אַ רייע געשטאַלטן, וואָס זיינען געווען דאָס האַרץ און די נשמה פונעם לעבן אין דעם שטעטל, וואו איך בין, מיט אַ צייט שפּעטער, געוואָרן איינגאַנצן באַהאָפטן מיט זיי אין דער געזעלשאַפט־לעכער אַרבעט. צווישן די ערשטע שיינט ארויס דער רב, ר' אליעזר אורעצקי זיכרונו לברכה.

ער איז געווען פאַרן שטעטל ממש אַ גליק. שוין זיין הדרת פנים האָט צו זיך געלאָקט דעם מענטשן. אַ גרויסער למדן, אָרטאָדאָקסיש פרום אָבער מיט אַן אָפן אויג און מוח אויף דער צייט, האָט ער פאַרשטאַנען צו אימפּאָנירן דעם יוגנטלעכן, וואָס האָט געצויגן אין אַן אַנדער וועלט. אַזוי, למשל, בעת אַ הזכרה נאָך טרומפּעלדאָרן, ווען די יוגנט האָט געהאַט צו זאָגן איבער דעם אינהאַלט, האָט אויך ער זיך באַוויזן אין בית־מדרש אויף דער אסיפה צו הערן אַ ניי וואָרט און אפילו צו זאָגן אַ יישר־כוח פאַרן אַריינפלעכטן אַ מאמר חז"ל בעתן רעדן וועגן די מעשים טובים פונעם נפטר. מיט דער מיטהילף פון צוויי ברידער, יודל און משה, ראובן נירענבערגערס זין, וואָס זיינען צוריק־געקומען פון דער באַראַנאָוויטשער ישיבה, האָט דער רב געגרינדעט אַ ישיבה אין שטעטל. ער איז געווען אַ מדריך אינעם שטעטל פאַר גרויס און קליין, שטאַרק באַליבט ביי אַלעמען.

צווישן די אומגעבראַכטע יידן איז אַוועק אַ נייער אויפקומענדיקער היס־טאָריקער, דער יונגער יחיאל רודמאַן. ער איז אפילו נאָך געווען באַגרענעצט אין אַלגעמיינע קענטעניש, אָבער ער האָט פאַרמאָגט אַ שאַרפע אינטואיציע פאַר היסטאָרישע ווערטן, פאַר וועלכע ער האָט זיך אָפּגעגעבן. די נטיה צו פאָרשן און זאַמלען ידיעות און זיין וואונדערלעכער זיכרון,ביידע אייגנשאַפטן זיינען אים בייגעשטאַנען אין זיינע אַרבעטן וועגן דעם אויפקום פונעם יידישן ישוב אין פּיטשאַיעוו און זיין אַנטוויקלונג. אויך אים האָט געשטאַרקט און געמוטיקט דער דערמאָנטער חנא זאַליץ. זיין אויפריט אויף יענער הזכרה נאָך יוסף טרומפּעלדאָר האָט אויסגענומען אינעם ביאָגראַפישן כאַראַקטער. ער האָט שטענדיק אין זיינע אַרויסטרעטונגען געגלאַנצט מיט מקורות פון געשיכטע.

צווישן די כלל־טוער האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט דער דערמאָנטער יעקב זאַלץ. לויט זיין נאַטור אַ זייער פּינקטלעכער מענטש, פלעגט ער שטענדיק מקפיד זיין דערויף, אַז די צדקה־געלטער זאָלן פאַרטאָן ווערן נאָר פאַרן באַשטימטן צוועק. דאָס האָט אפילו אים פאַרשאַפט עגמת נפש, פון אומזיסטן חשד מצד אַזעלכע וואָס האָבן געליטן פון קינאה ושינאה. אָבער ער, יעקב זאַלץ, האָט צוליב שלום בית אַלץ אַראָפּגעשלונגען, אַבי די אַרבעט לטובת הכלל זאָל ניט ליידן. ביי אים אין הויז פלעגט שמחת תורה זיין מנינים פון ציוניסטישע קרייזן, וואָס פלעגן מנדב זיין פאַר די ציוניסטישע פאָנדן.

אַ יחיד במינו פון אַ בעל־צדקה און מכניס־אורח איז געווען אליעזר שרייבשטיין. אַרויסגעקומען פון אַן אָרעמער פאַמיליע, יונגערהייט איז ער געוואָרן אַ יתום. זיין מאַמע האָט געשפּאָרט דעם ביסן פון מויל אַבי צו צאָלן שכר־לימוד און דער ייִנגל האָט גוט געלערנט. צו צוועלף יאָר האָט ער שוין אַליין געלערנט פאַר זיך אין קלויז. חתונה געהאַט, האָט די מאַמע זיינע, זיך אָנ־געבאָרגט און אים געעפנט אַ קלייטל פאַר פרנסה. מיט דער צייט איז ער געוואָרן איינער פון די גרעסטע תבואה־סוחרים. ווי פאַרטאָן ער איז ניט געווען אין מיסחר האָט ער יעדן טאָג געמוזט חוץ דאַוונען אויך לערנען אין בית־המדרש. געווען אַ גרויסער בעל־צדקה, און דאָס — פון מתן בסתר. געגעבן אַ סך גמילת־חסדים, אויף רעכטס און לינקס, ווען נאָר איינער איז געווען אַ נצרך. האָט איינער אַזאַ זיך געשעמט צו פאַרטרויען זיין שווערן מצב, איז ווי נאָר אליעזר האָט זיך דערפון דערוואוסט, איז יענער געהאָלפן געוואָרן. זיינען געקומען אין שטעטל אורחים, וואָס זיינען געגאַנגען איבער די הייזער, האָט אליעזר שוין געזאָרגט פאַר זיי, אַריינגענומען אַזאַ איינעם צו זיך אין הויז אויף אַלעם גרייטן, און אַ צווייטן באַזאָרגט ערגעץ אַנדערש מיט עסן און נאַכטלעגער. אויך באַזאָרגט מיט צידה לדרך.

הגם ניט אַזאַ גרויסער למדן, פלעגט ער אָבער, לויט זיינע קענטעניש, לערנען אַ שיעור גמרא מיט די יידן אין בית־המדרש. דער ייד האָט געטראָגן אין זיך אַ גרויסע נשמה, וואָס האָט אים אויך אין דער געטאָ ניט געלאָזט רוען. ווען די היטלער־דייטשן האָבן די יידן פאַרשפּאַרט אין געטאָ, אין בית־מדרש־געסל, זיי אויסגעמוטשעט אין הונגער און דורשט, איז ער געווען דער רודער און וועקער צווישן אַנדערע, ניט צו לאָזן די יידן אויסגיין פון הונגער און האָט אַלץ געטאָן דאָס זייניקע צו דערגרייכן. ווי געלעבט אַזוי אויך איז ער אומגעקומען אינאיינעם מיט זיינע יידן.

אויף אַזאַ אופן פון העלפן נויטבאַדערפטיקע איז אויך געווען דער באַשיידענער און פשוטער פאָלקס־מענטש, עזרא קופערמאַן (יהושע דעם געלנס זון). קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט אין אַ נדבה. האָט פאַרמאָגט אַן אָפענע האַנט פאַר נויטבאַדערפטיקטע. אויך געווען אַ מכניס־אורח אָנצוזעטיק אַ הונגעריקן.

שטאַרק איינגעבאַקן אין האַרצן האָט זיך דער חזן פון בית־המדרש, קהת. ער איז ניט געווען סתם קיין הוליע קבצן. ער פלעגט פשוט מחיה זיין די מענטשן מיט זיין שטענדיקן חסידישן ברען. זיין התלהבות האָט אָנגעצונדן די מענטשן אַרום אים בעת אַ יומא דפּגרא, ווען מ׳האָט געגומען אַ ביסל משקה אויף די ליפּן. ווען ער, קהת, האָט זיך דערוואָרעמט פון אַזאַ טרונק, פלעגט זיך שיטן פון אים פשטלעך, חסידישע תורה אָן אויפהער. אַז ער איז געוואָרן גאָר מבושמדיק, פלעגט ער גאָר רופן צו משיחן. „איך וואָלט געוואָלט, אַז משיח זאָל שוין קומען. איך וויל אַז משיח זאָל באַלד קומען, בכדי איך זאָל קענען באַווייזן די הולטייעס, די אַפּיקורסים, ווער עס איז גערעכט״.

קהת האָט אין זינען געהאַט די יוגנט, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט ציוניס־טישער און אַלגעמיינער קולטור־טעטיקייט. די יוגנט, וואָס האָט געצויגן צו אַן אַנדער וועלט דורך מעשים. זי, די יוגנט, האָט טאַקע געהאַט אויסצושטיין אַ ווידערשטאַנד אין איר טעטיקייט מצד די עלטערע קאָנסערוואַטיווע בעלי־בתים אין שטעטל.

צווישן דער יוגנט האָבן זיך שטאַרק אויסגעצייכנט פּנחס און חיים טשערניאַק, יצחק יקירא, משה קופּער, הערש קרוסמאַן, יוטע קוסמאַן, חייקע קרוסמאַן, ראָזע קופּערמאַן, אסתר קירזשנער (לאָזערס טאָכטער), משה קרעמער, סאָניע שאַץ־באַרנבליט, הערש זאַלץ (בנימיםס זון), די טאָכטער פון גדליה זאַלץ, פייגע אבנער, נחמיה קאַרטמאַנס קינדער, אברהם זאַלצמאַן (יונתנס זון), יענטע שטיינבאַרג, מאַניע קראַסנאָפּיאָר, שלמה רודמאַן און אַ סך אַנדערע. פון די מיטליאָריקע און עלטערע מענטשן זיינען געווען פאַרטאָן אין קהלשער אַרבעט: יעקב זאַלץ, הערש דער בראָדער, אליה אַדוואַק, יחיאל פאַרשט, שמעון יוסף מוטשניק און אַ רייע אַנדערע, וועלכע זיינען מיר אַרויס פון זיכרון.

די יוגנט האָט אַריינגעטראָגן אַ נייעם שטראָם פון לעבן אינעם שטעטל. פאַר־שפּרייט דאָס יידישע וואָרט דורך דער ביבליאָטעק, האָט זי אויך פון־צייט צו־צייט דורכגעפירט אַזעלכע אונטערנעמונגען פון דעם כאַראַקטער, דורך אָפּטע ליטעראַרישע אָוונטן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, דיסקוסיעס וכדומה.

דאָס שטעטל, וואו איך בין געוואָרן אַ תושב, האָט געאָטעמט מיט אַ פולזאַפטיקן יידישן לעבן. דער גרויסער קלויסטער איז איינגאַנצן בטל געוואָרן אינעם אימפּעט פון יידישקייט. גאָר באַזונדערס, אין אַ שימחת תורה, ווען דער רב ר׳ אליעזר אורעצקי ז״ל פלעגט פון שול אַרויס מיט די מתפללים אין גאַס און דאָס גאַנצע שטעטל פלעגט פאַרהילכט ווערן פון די געזאַנגען און טענץ, פון די פריילעכע חסידישע ניגונים, באַגלייט מיטן אויסגעשריי: זכרתי לך חסד נעוריך. נאָך אָט דעם לעבעדיק־פריילעכן שטעטל, אויף אַ מאַרטירער אופן פאַרטיליקט, זאָלן די געדעכעניש־שורות זיין אַ קדיש־געבעט.

## זאב ווייצמאַן

# דער רב ר׳ אליעזר אורעצקי *)

ווען דער אַלטער רב, ווען מען האָט גערופן דער יאַרמעלינעצער רב, אין 1910 געשטאָרבן, האָט זיך געשאַפן אין שטעטל צוויי צדדים ווען צו פאַרבעטן אויף זיין אָרט קיין פיטשאַיעוו. דער צד וואָס האָט ניט געוואָלט דעם אַלעקסעניצער רב, האָט אַראָפּגעבראַכט דעם רב אליעזר אורעצקי פון פיעטריקאָוו. אַ יונגערמאַן, אַ הדרת־פּנים און אַ פייערדיקער בעל־דרשן, אַ צונג — אַ חרב חדה. זיינע דרשות אין בית־המדרש האָבן שטאַרק אויס־גענומען ביים עולם. אַזאַ רב, האָט מען גערעדט, האָט נאָך פיטשאַיעוו ניט געהאַט. ניט נאָר האָט זיך זיין צד מיט אים געגרויסט, נאָר אויך דער צווייטער צד שכנגד איז געווען צופרידן, ווען זיי האָבן געהערט זיינע דרשות. דער רב האָט אויך שפּעטער, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אויס־גענומען ביי עסטרייכישן מלכות. געווען איז אַזאַ מעשה:

פיטשאַיעוו איז אויסגעקומען צוויי מאָל צו זיין אונטערן פייער צווישן די עסטרייך־רוסישע אַרמייען. ביים אָנהייב, ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, אין 1914, און די עסטרייכישע אַרמיי האָט זיך אויף אַ וויל אַריינגעריסן אין שטעטל, אָבער איז פאַרטריבן געוואָרן אינגיכן, און אין אַ יאָר אַרום, ערב ראש השנה, 1915, ווען זי איז צום צווייטן מאָל אַריין און דאָס שטעטל אָקופּירט. אין מיטן דעם דאַווענען, ראש השנה, האָבן די סאָלדאַטן זיך אַריינגעוואָרפן אין די שולן, אַרויסגעטריבן אַלע יידן אין דרויסן, צו רייניקן די בלאָטעס וואָס דער קאַלטער האַרבסט־רעגן האָט אָנגעמאַכט. מיט וואָכן שפּעטער איז אויפן פראָנט, ניט ווייט פונעם שטעטל געפאַלן אַן עסטרייכי־שער אָפיציר, אַ ייד פון אונגאַרן. מ׳האָט דעם מת געבראַכט אין שטעטל און אים מקבר געווען אויפן ידישן בית־עולם. דער רב האָט דעמאָלט, אין אַ יידיש־דייטש, אים מספּיד געווען. די אָפיצירן וואָס זיינען דערביי געווען האָבן פאַרשטאַנען אַלץ און געווען צופרידן פון די רייד.

אין אַ צייט אַרום איז צו דעם רב אָנגעקומען אַ דאַנק־בריוו פונעם אָפיצירס עלטערן און אויך פון דער עסטרייכישער רעגירונג.

---

*) מיר גיבן דאָ די צוגאָב־כאַראַקטעריסטיק פון ז. ווייצמאַן, וואָס דערגאַנצט די אַנדערע ידיעות וועגן דעם זעלבן רב, וואָס זיינען געבראַכט פון אַנדערע עדות.

אויפן באַפעל פונעם גענעראַל־שטאַב, זיינען די יידן פאַרטריבן געוואָרן פונעם שטעטל, אַריבערגעפירט געוואָרן קיין בעמען, טשעכיע. נאָך דריי יאָר גלות, זיינען די יידן נאָך דער מלחמה, צוריקגעקומען מיט זייער רב קיין פיטשאַיעוו, וואָס האָט אויסגעזען איין גרויסע חורבה. כאָטש וועגן פּרנסה האָבן דעמאָלט אַלע נאָר געחלומט, איז דער רב ביי זיך ניט אַראָפּ־געפאַלן. ער האָט נאָר געבעטן, אַז אַלע זאָלן ביי אים קויפן היווון פאַר די חלות אויף שבת. די אלמנה מיט די קינדער פונעם אַלעקסעניצער רב האָט ער באַוויזן צו באַרואיקן אין זייערע טענות וועגן חזקה־לוין. אַזוי האָט זיך דער רב איינגעפעסטיקט אינעם שטעטל אויפן גאַנצן לעבן זיינעם, ביז ער איז אומגעבראַכט געוואָרן אינעם אומקום פון אַלע יידן.

זיינע דרשות וואָס זיינען געווען דורכגעפלאָכטן מיט מאמרים פון תלמוד, מדרש, פלעגן פאַרשטאַנען ווערן ניט נאָר פון קענערס, נאָר אויך דורכן געוויינטלעכן צוהערער, ווייל ער פלעגט זיין פּלפּול אַרויסברענגען זייער פּאָפּולער. דערצו נאָך איז ער געווען אַ גוטער בעל־מסביר, אויסטייטשער. ער איז אויך געווען באַהאַוונט אין וועלטלעכע ענינים. אָבער ווי אַ טיף רעליגיעזער מענטש האָט ער אַלע אַזעלכע שמועסן מיט יונגע, זיי צוגעשפּיצט צו זיין וועלט־באַנעם. מיך פלעגט ער, אין מיינע אָפטע שמועסן מיט אים, און אין די געפירטע וויכוחים, שטענדיק מוסרן, פאַרוואָס איך בין אַראָפּ פונעם דרך־הישר. אויפן אָרט פון זיצן אין בית־המדרש און לערנען לייען איך גאָר זשאַרגאָנישע ביכלעך; גיב אַוועק די צייט אין דער ביבליאָטעק, וואָס דאָס פּאַסט פאַר בעלי־מלאכות, פּראָסטאַקעס, אָבער ניט פאַר אַ בן־תורה ווי איך...

פונקט ווי ער איז געווען שטאַרק פרום, פונקט אַזוי שטאַרק איז אויך געווען זיין קעגנערשאַפט צום ציוניזם. געווען אפילו אַ צייט, ווען ער האָט געהייסן אַרויסוואַרפן די פושקעס פאַרן זאַמלען אויף דעם קרן קימת לישראל און זיי פאַרבייטן אויף פושקעס פאַר דער ישיבה. אָבער ווי אַ זייער קלוגער מענטש האָט ער פאַרשטאַנען, מיט דער צייט, ניט איינצערייסן זיך מיט דעם יונגן דור וואָס איז געווען ציוניסטיש געשטימט, ווי אויך אַ טייל פונעם עלטערן דור. ער האָט אפילו שפּעטער־צו אַליין אויך געגעבן פאַרן קרן קימת. די פרוי זיינע, די רביצין, אַ יפת־תואר, איז אויך געווען אַ אינטעלעגענטע. האָט געקענט גוט רוסיש.

זיין נאָמען האָט געשמט ווייט איבער פיטשאַיעוו. ווען עס איז געשטאָרבן דער רב אין קרעמעניץ, איז ער געווען דער פּאָפּולערסטער קאַנדידאַט צו זיין דער ממלא־מקום. מער ניט, די דאָרטיקע ציוניסטן האָבן דערצו ניט דער־לאָזט און אַוועקגעזעצט אויפן כסא־הרבנות אַ ציוניסטישן רב, אַ „מיזרחיסט".

ווי זיינער אַ קאָרעספּאָנדענט פאַר אַ געוויסער צייט, ווייס איך, פון זיינע גרויסע פאַרבינדונגען אין דער רבנישער וועלט. אויף אַלע וויכטיקע

רבנישע באַראַטונגען אין פּוילן איז ער פאַרבעטן געוואָרן.

אין פּיטשאַיעוו איז ער געווען טעטיק אין אַלע אָרטיקע אינסטיטוציעס. ער האָט פאַרן שטעטל געזאָרגט מער ווי פאַר זיך אַליין. געלעבט מיט זיין עדה יידן און אינאיינעם מיט זיי אומגעקומען.

## נאָך וועגן הרב ר׳ אליעזר אורעצקי

דער פּיטשאַיעווער רב, ר׳ אליעזר אורעצקי איז געווען די קרוין פון שטעטל. אַ מיטלוואוקסיקער האָט אים די שוואַרצע פּאַטריאַכאַלישע באָרד, דורכגע־וואָרפן מיט זילבערנע פעדעם צוגעגעבן חן צום הדרת פּנים. ר׳ אליעזר איז געווען דער מדריך, דער מנהיג אין שטעטל, אַ גרויסער עוסק בצרכי הצבור. ער איז שטענדיק געווען פאַרטאָן אין קהלשע ענינים, געזאָרגט פאַר זייערע גייסטיקע און מאַטעריעלע באַדערפענישן.

דאָס שטעטל האָט אין די ערשטע יאָרן נאָך דער וועלט מלחמה געלעבט אין אַ מהומה צושטאַנד. ווי אַ סך אַנדערע ערטער האָבן זיך דאָרט געביטן די מאַכט־רעזשימען, אָפט מאָל, נאָך פּאָגראָמען. פּיטשאַיעוו איז געווען אָפט אין די הענט פון די אָפּגעטראָטענע פּעטליוראָווצעס דורך די באָלשעוויסטישע אָנגריפן, אָט ביי די באָלשעוויקעס, און גאָר ביי די פּאָליאַקן. ווי עס דערציילט דער זון פונעם רב, איז זיין פאָטער שטענדיק, אין דער מהומה צייט גע־צוואונגען געווען זיך אויסצובאַהאַלטן פון אַ לעבנס־סכנה. ווייל „ווי אַ רב פלעגט יעדע נייע מאַכט אים זוכן, ווי דעם ערובניק פאַר דער עדה. עס איז אַמאָל אַרעסטירט געוואָרן אַ גאַנצע גרופּע פון עטלעכע און צוואַנציק מענטשן פאַר ערובניקעס, צו צאָלן די געפאָדערטע אויסקויף־סומע, אַ מין קאָנטריבוציע־רויב ביי יידן. צווישן די אַרעסטירטע זיינען געווען די חשובע פּני ווי ישראל סקולסקי, יוסף לערער, הערשל זאַלץ און בנימין זאַלץ. דער רב מיט נאָך עטלעכע בעלי בתים האָבן זיך דעמאָלט איינגעשטעלט פאַר זיי באַפרייט צו ווערן, כאָטש זייער אייגענער גורל איז געהאַנגען אויף אַ האָר״...

כאָטש ער איז געווען אַ גרויסער קנאי פאַר זיין אידייען־וועלט, ער פלעגט שטענדיק שטראָפן און מוסרן די יידן, איז ער אָבער ביי אַלעמען געווען שטאַרק באַליבט. מיט זיין קלוגשאַפט, מיט זיין איידעלן באַנעמען זיך צו מענטשן. ער האָט ביי אַלעמען נושא־חן געווען, אַרויסגערופן צו זיך גרויס דרך־ארץ.

אַ בן־תורה, אַ למדן פון ליטווישן שניט, אַ פייערדיקער רעדנער, פלעגט ער בעת זיין דרשענען האַלטן די עדה יידן געשפּאַנט שעהן לאַנג. ווי אַ געניטער בעל־דרשן האָט ער געשעמט ווייט אַריבער פּיטשאַיעוו. אַז ער פלעגט

קומען אויף אַן אסיפה קיין ראָווגע צו רעדן פאַרן עולם, איז די שול געווען איבערגעפּאַקט פון מענטשן.

ווען מען רעדט פונעם פּיטשאַיעווער רב, דערזעט מען, ממש מיט די אויגן, פאַר זיך דאָס גאַנצע שטעטל, די אַלע יידישע געשטאַלטן, זייער לעבן, מעשים, דעם גאַנצן פאַרשניטענעם „אַמאָל".

דאָס צונופגיסן זיך פונעם רב מיט זיין עדה איז באַזונדערס שטאַרק אַרויס־געוויזן געוואָרן אין די ימים־נוראים־טעג. דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען איינגעהילט אין אַ הייליקער שטילקייט. די שול מתפללים האָבן פון זיך אַרויסגעבראַכט אַ שטילן איבעווייניקסטן ציטער. אין אַזאַ שטימונג, האָט דער רב, פאַרן שופר בלאָזן זיך באַוויזן אויף דער בימה. איינגעהילט אין ברייטן לאַנגן טלית מיט דער גרויסער זילבערנער עטרה און מיט פּאָרכטיקן ערנסט געמאָלן פאַר דער עדה דעם גורל פון קיום, ווען יעדעס לעבן ווערט געוואויגן אויף דער הימלישער וואָג־שאָל, און געצייכנט מיט דעם מי יחיה ומי ימות... די ווערטער זיינע, פאַרוועבט אין אַ ציטערדיקן ניגון האָבן צעוויגט די סטרונעס פון דער יידישער נשמה, געוועקט געפילן פון חרטה, פון חשבון־הנפשביים קהל און ביים יחיד.

אין זיין מאָלן דעם יידישן גורל אין גלות האָט ער זיינע מתפללים, די פּי־טשאַיעווער יידן, באַהאַפטן מיטן גאַנצן פאָלק אין דער וועלט. אין זיין תפילה צום רבונו של עולם וועגן אַ גוט יאָר פאַר די מתפללים האָבן פּיטשאַ־יעווער יידן דערזען אַלע יידן אין דער וועלט, אַז זיי זאָלן אויפגעריכט ווערן מיט אַ מזל־ברכהדיק לעבן.

***

מיט דעם זעלבן גייסט זיינעם האָט ר' אליעזר געקענט משמח זיין קינד און קייט, ווי נאָר עס זיינען אַוועק די ימים־נוראים און ס'איז אָנגעקומען דער יום־טוב סוכות.

אויף די קינדער האָבן דערפילט די וואַרעמקייט וואָס האָט פון אים אַרויס־געשטראַלט, ווי די וואַרעמקייט פון די מילדע שטראַלן פון דער מילדער האַרבסטיקער זון. נאָך די מרה־שחורהדיקע טעג פון די ימים־נוראים האָט דער סוכות געבראַכט פאַר זיי די הייטערקייט פון שמחת־תורהדיקער שטיפערישקייט. בעתן פראַווען די הקפות איז ווי פון זיך אַליין געבראָכן געוואָרן אין דער שול די מחיצה צווישן מאַנסביל און ווייבער. דאָס זינגען און טאַנצן האָט שפּאַסיק צעוואָרימט די געמיטער. דער רב איז געוואָרן אַרומגערינגלט פון די קינדער. פון זייערע פּנימלעך האָט אַראָפּגעשטראַלט פרייד באַגאָסן מיט חן, ווי דאָס חנעוודיקע טאַנצן פון די פלעמלעך, וואָס האָבן זיך צעשפּרייט פון די אַריינגעשטעקטע ליכטלעך אין די שמחת־

תורה־פענדלעך. ס'האָט דער רב געטאַנצט מיט די קינדער באַגלייט מיט געזאַנג פון שישו ושמחו בשמחת תורה און תנו כבוד לתורה.

לאַנג האָט זיך דער טאַנץ געצויגן. שוין נאָך די הקפות האָט די גאַנצע עדה זיך געלאָזט נאָכן רב אים אָפּצופירן אַהיים.

דאָס געזאַנג האָט אָנגעהאַלטן דעם גאַנצן וועג. די שוואַרצקייט פון דער נאַכט איז פאַרטריבן געוואָרן פון די פענער, שטורקאַצן. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געשאַלט מיט פרייד. דער רב, ר' אליעזר, האָט דעמאָלט דערקלערט די יידן דעם טייטש פון פּסוק ,עוצה עצה ותופר. זיי, די רשעים, וועלן טראַכטן פאַרשיידענע עצות אונדז יידן אומצוברענגען, אָבער — ותופר, דער רבונו של עולם וועט דאָס אַלץ צעשטערן. מיט געפיל און ביטחון פלעגט זיך דערנאָך ווידער צעגיסן יידישער קול אין געזאַנג.

עס זיינען מיטגעריסן געוואָרן אויך די אויפגעקלערטע, די משכילים פונעם שטעטל. זיי זיינען אַרויס פון זייערע הייזער און זיך צונויפגעמישט מיט די טאַנצנדיקע חסידים. פאַרשוואונדן אויף אַ ווײַלע זיינען די חילוקי־דעות, אַלע, אַלע געשלאָסן אין איין מחנה באַגלייטן מיט געזאַנג דעם באַליבטן רב צו זיין הויז.

אַזוי האָבן פּיטשאַיעווער יידן געשעצט זייער רב, ר' אליעזר אורעצקי, וואָס איז אינאיינעם מיט זיינע הייס־געליבטע יידן אומגעקומען על קידוש השם.

הרב עקיבא אגוזי

# פראַגמענטן
# פונעם גייסטיק־רעליגיעזן לעבן אין פּיטשאַיעוו
# צווישן די צוויי וועלט־מלחמות

## אַריינפיר

אין עלטער פון עלף יאָר האָב איך פאַרלאָזט פּיטשאַיעוו און געפאָרן לערנען קיין ראַוונע. פון צייט־צו־צייט פלעג איך קומען אַהיים אויף אַ קורצן באַזוך. אין מיין זיכרון האָט זיך דעריבער אָפּגעשטעלט ניט קיין פול און קלאָר בילד פונעם שטעטל. דאָס ביסל וואָס ווערט דאָ אַרויסגעבראַכט איז ניט מער ווי אַ צושטייער, אַזוי ווי עס לאָזט זיך.

## דער יידישער חינוך

ווי אין אַלע אַנדערע יידישע שטעטלעך איז די יידישע דערציונג אין פּיטשאַיעוו געווען אין די הענט פון די מלמדים אין די חדרים. פון די פינף חדרים, זיינען צוויי געווען דרדקי, וואו מען האָט געלערנט פון אלף־בית ביז אָנהייבן חומש; דריי אַנדערע חדרים, וואו מען האָט געלערנט חומש מיט רש״י און גמרא. חוץ דעם זיינען געווען פריוואַטע מלמדים אין די היימען, וואָס פלעגן לערנען מיט מיידלעך דאַוונען און שרייבן יידיש.

פון מיינע צוויי מלמדים איז דער ערשטער געווען, שיע דער דרדקי מלמד. ער האָט מיך אויסגעלערנט דאַוונען. זיין חדר איז געווען דער גרעסטער. ביי אים האָבן געלערנט די מערסטע בעלי־ביתישע קינדער פונעם שטעטל. זיין חדר האָט זיך געפונען אויף דער שול־גאַס, דאָרט האָט ער אויך גע־וואוינט. דאָס גרויסע צימער פאַרן חדר איז געווען אַרומגעשטעלט מיט זיץ־בענק אַרום די פיר ווענט און אין מיטן איז געשטאַנען אַ טיש מיט בענק. פון די זייטן־בענק פלעגט דער רבי אַרויסרופן צום טיש אַ קינד, אָפּגעלערנט עטלעכע שורות און גערופן אַ צווייט קינד. אַזוי פלעגן די קינדער, נאָך דער רייע נאָך, דורכגיין דאָס לערנען צו עטלעכע שורות יעדעס. אַנדערש איז עס צוגעגאַנגען מיט די חומש־יינגלעך. זיי פלעגן שוין זיצן אַרום טיש, געלערנט אַלע אינאיינעם און זיך שאָקלען אינאיינעם מיטן רבין, זינגענדיק מיט אַ ניגון דעם ויקרא ה׳ אל משה און פאַרטייטשן.

דער רבי איז געווען אַ מיטלוואוקסיקער. דאָס רונדע פּנים זיינס איז געווען באַדעקט מיט אַ בלאָנד־רויטלעכער באָרד, דורכגעוועבט מיט זילבערנע פּאַסן.

דער חדר מיטן גאַנצן גערומל אַרום האָט אפילו ניט אויסגעזען געמיטלעך, וואָס זאָל דערמונטערן און דערהויבן דאָס קינדיש געמיט, אַריינברענגען אין דעם הערצל פרייד און האָפערדיקייט. פונדעסטוועגן געדענק איך ניט, אַז עס זאָלן האָבן געווען מאָמענטן פון אומעטיקייט. איינגעקריצט האָבן זיך אין זיכרון גאָר פריילעכקייט, קינדערשע זאָרגלאָזיקייט, וואָס האָבן אָנגעפילט דאָס געמיט אין די חדר־יאָרן. אויפגעלעבט איז מען געווען סיי זומער, סיי ווינטער; סיי ביים פּראַווען אַ טראַדיציע ביי אַ קימפעטאָרין, ערב דעם ברית, סיי בעתן פאַרברענגען אין דרויסן אין אַלערליי שפּילן.

אָט בין איך געגאַנגען בחברותא מיט אַלע קינדערלעך צו אַ קימפּעטאָרין. אַלע מיטאַמאָל האָבן אַרויסגעזאָגט אויפן קול דעם „אל מלך נאמן”. אין זיבעטן הימל בין איך געווען ווען גראָד איך בין עס געווען דער אויסגע־קליבענער פאַר אַזאַ הייליקע שליחות צו באַשפּרוכן דאָס ניי־געבוירענע יינגעלע מיט „קריאת שמע”. דערנאָך דאָס שטופּן זיך צו דער באָבעס פאַרטוך און אַריינכאַפּן די זיסע פּאָלטשעקלעך, וואָס זי האָט געטיילט יעדן קינד.

פאַרשייט און פאַרשמייעט איז מען געווען אין זומער־טאָג נאָך אַ רעגן. די תמוז־זון איז אַרויס פון אונטער די וואָלקנס און מיט דימענט גלאַנץ באַפינקלט די רעגן־טראָפּנס. דער הימל איז געווען באַצירט מיט אַ פאַרבנרייכן רעגנבויגן. און אַז די ריטשקעלעך וואַסער, וואָס האָבן געפלאָסן פונעם באַרג אַרונטער, פון דער קרעמעניצער גאַס צו דער שול־גאַס, זיינען צוגעקומען נאָענט צום חדר, האָט דאָס קליינוואַרג זיך אַ לאָז געטאָן אַהין, באָרוועס אַריין אין די וואַרעמע, קוועלנדיקע, לויפנדיקע וואַסערלעך און געשפּילט אינעווייניק מיט פרייד און געשאַל. דער רבי האָט געשמאַק געדרימלט דעם נאָך־מיטיק דרימל און קליינוואַרג, פראַנק און פריי, האָט געשפּילט און אויסגעבויט פון בלאָטע און שטיינער פּתום און רעמסס...

אַז ס'איז געקומען דער ווינטער האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי לעבן. פאַרן אָנהייבן „צו גיין ביינאַכט” (אַזוי האָט געהייסן דאָס לערנען פון קליינע קינדער ביינאַכט), פלעגט מען זיך גרייטן צו דער סעודה אין חדר. יעדעס קינד האָט מיטגע־בראַכט עטלעכע גראָשן און די רביצין פלעגט צוגרייטן אַ סעודה כיד המלך. מיט הערינג, בראָנפן און פאַרבייסן. קינדערשע פּנימלעך האָבן זיך צעפלאַמט, געמיטער האָבן זיך דערהויבן. פלעגט מען נאָך אַזאַ סעודה זיך אַ לאָז טאָן אין די געסלעך, און ווי פּראָפעסיאָנעלע שיכורים זיך וואַקלען. מיט געזאַנג און געקלאַנג האָט מען אַלעמען געלאָזט וויסן, אַז דער ווינטער־זמן פון „גיין ביינאַכט” האָט זיך אָנגעהויבן.

אַז דער ווייכער שניי האָט באַדעקט דאָס שטעטל, האָט ער זיך ממש געבעטן מען זאָל פון אים אויסקנעטן אַ שניי־גולם, וועד שמועסט דאָס מאַכן „סניעזש־קעס“ — שניי־באַלנס צום איבערוואַרפן און באַוואַרפן זיך איינער דעם אַנדערן.

אַז דאָס לעבן פון יענע חדר־יאָרן איז געווען אַזוי שטאַרק אָנגעפילט מיט פרייד, וואָס פאַר אַ ווערט האָט שוין געהאַט דעמאָלט דעם רבינס קאַנטשיק, וואָס פלעגט זיך אַמאָל אַראָפּלאָזן אויף די קערפּערלעך צו דערמאָנען אונדז אין אונדזערע „זינדיקע תאוות“. האָט מען אים טאַקע געהערט ווי דעם קאָטער. ווי נאָר דער קאַנטשיק איז אַוועקגעלייגט געוואָרן איז מען ווידער אַריין אין עולם השפיל. גאָר פרייע פייגל איז מען געווען אין די דאָנערשטיקס. דער רבי איז דעמאָלט אַוועק אויפן מאַרק אונטערצוהאַנדלען אַ ביסל מיט הינער און חזיר־האָר. קונדסים האָבן דעמאָלט זיך געפילט ווי אין אַ גן־עדן.

די חדר־יאָרן אין שטעטל זיינען באמת געווען קינדערשע גליקלעכע יאָרן.

## די ישיבה

עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אין שטעטל געווען אַ ישיבה. אין איר האָבן געלערנט שטעטלשע קינדער און פון די אַרומיקע דערפער. לויטן אַלטן אָנגענומענעם שטייגער, האָבן די „פרעמדע“ קינדער „געגעסן טעג“ ביי די בעלי־בתים. די ישיבה איז אַ שטיקל צייט געווען אין בית־המדרש, דערנאָך האָט זי זיך אַריבערגעקליבן אין אַן אייגענעם בנין אויפן שול־הויף. די ישיבה האָט זיך איינגעוואָרצלט אינעם חינוך פונעם שטעטל. עס האָט געהאַלטן שוין אַזוי ווייט, אַז זי זאָל ווערן אַ צענטער פאַר דעם גאַנצן אַרומיקן געגנט. אָבער די שוואַרצע אכזריותדיקע האַנט פונעם נאַצישן מלאך־המות האָט אַלץ פאַרטיליקט.

## די פּאָווזשעכנע שול *)

די שול איז געווען אַ פּוילישע פאַר עלעמענטאַרע לימודים. געלערנט האָט מען דאָרט די פּוילישע שפּראַך און אַנדערע קענטעניש. דער רוב בנין ומנין פון די תלמידים זיינען געווען ידישע קינדער. אין שטעטל האָבן געוואוינט זייער ווייניק פּאָליאַקן.

דאָס האָט אָבער ניט געשטערט די פּוילישע אַנטיסעמיטישע לערער אַרויס־צוואווייזן שינאה צום יידן ביי יעדער געלעגנהייט. ווען אַ קינד האָט זיך אין עפּעס פאַרזינדיקט (און וועלכעס קינד טוט עס ניט אין יעדער שול)

*) עלעמענטאַר־שול.

האָבן די לערערס, שוין פֿאַר איין וועג, אויפֿגעוואָרפֿן דעם חטא פֿון זיין אַ ייד. שלאָגן אין שול, איז געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. די שינאה פֿון די קינדער צום „אַרום” איז געווען אין־לשער. אָבער מ׳האָט געמוזט אַלץ אַראָפּשלינגען.

אין דער פֿאָרשעכנע שול האָט מען, פֿאַרשטייט זיך, געלערנט אָן די היטלען. יינגלעך און מיידלעך אינאיינעם. אַ יידישער לערער האָט דאָרט געלערנט איין מאָל אין וואָך העברעאיש. שכירות האָט ער באַקומען פֿון שכר־לימוד און פֿון דער רעגירונג. פֿאַר די יינגלעך איז דער העברעאיש־לימוד געווען לאַנגווייליק, ווייל זיי האָבן די גאַנצע תורה געהאַט געלערנט אין חדר. חוץ דעם פֿלעגן זיי, נאָכן אָוועקגיין פֿון דער שול, ווידער לערנען אין חדר. נאָר די מיידלעך האָבן געהאַט אַ נוץ דערפֿון. פֿאַר זיי איז נאָר די שול געווען דער איינציקער קוואַל פֿאַר העברעאיש לערנען. עס זיינען אפֿילו געווען אין שטעטל פּריוואַטע לערער פֿאַר העברעאיש, אָבער נאָר פֿאַר אַזוינע, וואָס זיינען געווען בכלל אינטערעסירט אין העברעאיש.

בדרך כלל איז אין שטעטל געוואַקסן דער אינטערעס צו יידישער און אַלגעמיינער קולטור.

## חנא זאַלץ

# דער אויפקום פון פּיטששאַיעווער לאַנדסמאַנשאַפטן

### 1. ניו־יאָרק

איך בין געקומען קיין ניו־יאָרק אין 1902, און בין היינט דער סאַמע עלטערער פּיטשאַיעווער, וואָס געדענקט נאָך אַ ביסל יענע צייטן. נאָך מיט אַ שטיק צייט פריער בין איך געווען אין באָסטאָן פון וואַנען איך בין צוריקגעפאָרן אַהיים כדי זיך צו שטעלן צום פּריזיוו. מ'האָט מיך באַפרייט פון מיליטער־דינסט, און איך בין צוריק געקומען קיין ניו־יאָרק (דעם 1טן יולי 1902). איך האָב אָפּגעזוכט מיינע לאַנדסלייט סעם ליבאָווסקי, יעקב קאָבריק, שײנדל דינהס מיט איר מאַן, הירש בער, לעמל ליינער און אהרון איציק בריליאַנט. דאָס זיינען געווען די איינציקע פּיטשאַיעווער, וואָס איך האָב געקענט. סעם ליבאָווסקי האָט פאַר מיר געפונען אַרבעט. מיין וואוינונג איז גיך געוואָרן דער צענטער פון די פּיטשאַיעווער. יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט, און שבת ווען מיר האָבן ניט געאַרבעט, פלעגן מיר זיך צונויפקומען. אין יענער צייט פלעגן אָן אויפהער אָנקומען נייע פּיטשאַיעווער לאַנדסלייט. פון זיך אַליין האָט זיך ביי אונדז אויסגעאַרבעט אַ התחייבות צו זאָרגן פאַר זיי.

אינאיינעם מיט אַ סך אַנדערע זיינען דעמאָלט געקומען (ווי ס'געדענקט זיך): קלמן קרעמער, יאַנקל טאַבאַק, משה גרינבוים, יאַנקל טעפּער, אברהם בער־מאַן, יוסף בערמאַן, מאיר בער פליד, קאָפּל גראַבאָווקער מיט זיין כלה, וועלי שניידערמאַן, בערל סקולסקי און אַנדערע.

מיר האָבן אָפּגעזוכט דעם ברעסטיטשקער רופאס טאָכטער, וואָס איז קיין מאָל אין פּיטשאַיעוו ניט געווען, נאָר אַזוי ווי איר פאָטער מיט דער גאַנצער משפחה האָבן זיך באַזעצט אין פּיטשאַיעוו, איז זי שוין ביי אונדז פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַן אייגענע. מיר פלעגן אָפט קומען צו איר אין הויז. מיר האָבן זי צוגערעדט זי זאָל אַריבערברענגען אירע ברידער קיין אַמעריקע. דעם ערשטן האָט זי אַריבערגעבראַכט מאיר בערן. ווען ער איז געקומען, האָבן מיר פאַר אים אָפּגעזוכט אַ „דזשאָב" (באַשעפטיקונג). אין עטלעכע וואָכן האָט ער זיך אויסגעלערנט זיין אַ באַרבער (צירולניק). מיר האָבן פאַר אים געקויפט אַ

באַרבער־שאָפּ (אויף ווינקל פּאַרסייט און דעלענסי סטריט). ביים שאָפּ איז געווען אַן עקסטראַ צימער און דאָרטן האָבן מיר איינגעשטעלט אונדזער „קלוב". אויפן וועג פון דער אַרבעט, פלעגן מיר זיך דאָרטן טרעפן, אַראַנ־זשירן אַלע פּלענער וועגן פאַרברענגען אינאיינעם, העלפן איינעם קריגן אַרבעט אָדער לינדערן אַן אַנדערנס נויט. ווען די ערשטע פּאָר פּיטשאַיעווער האָבן דאָ אין אַ קורצער צייט אַרום חתונה געהאַט, האָבן מיר צוגעקראָגן נייע היימען וואוהין צו קומען און פאַרברענגען. אַלע זיינען מיר געווען אַרבעטער. די פאַרדינסטן זיינען געווען זייער קליינע. אָבער געזאָרגט פאַר געלט האָבן מיר זייער ווייניק. אויף עסן און פאַרברענגען איז געווען גענוג, אפילו אויף אַרויסהעלפן אַ „גרינעם" אָדער איינעם וואָס האָט ניט געאַרבעט. מיר האָבן דעמאָלט געגרינדעט אַ לייַ־קאַסע און אַרויסגעגעבן הלוואות פון פופציק ביז הונדערט דאָלאַר, אויסגעצאָלט האָט מען וואָכנטלעך. הגם מיר האָבן נאָך ניט געהאַט קיין אָרגאַניזאַציע, האָט פונדעסטוועגן שוין פונקציאָנירט אַ מין הילפס־פאַראיין. איינער פון אונדז, בערל סקולסקי איז קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז. אַ צדקה־חברה האָט אים געשיקט אין אַ סאַנאַטאָריע, וואו ער איז אָפּגעווען זעקס חדשים. די דאָקטוירים האָבן אים געהייסן פאָרן אַהיים, קיין פּיטשאַיעוו. און ער איז גרייט געווען דאָס צו טאָן. אָבער אויף הוצאות האָבן מיר אים געדאַרפט געבן. האָבן מיר צענויפגערופן אַלע לאַנדסלייט ביי קרימסקין אין ווייַן־קעלער, (ערגעץ אין אָרטשאַרד סטריט), דאָרט פלעגן מיר אָפט פאַרברענגען. איך האָב דעמאָלט געהאַלטן מיין ערשטע רעדע צו מיינע חברים־לאַנדסלייט און מיר האָבן צונויפגעקלאַפּט די סומע פאַר דער רייזע. ליידער איז ער געשטאָרבן אין פּיטשאַיעוו זייער יונג.

די מערסטע פון אונדז זיינען געווען בחורים. ביי אייניקע זיינען זייערע פרויען נאָך געווען אין פּיטשאַיעוו. מיר האָבן זיך אָבער ניט געפילט פאַראיינזאַמט, ווייל מיר האָבן געלעבט ווי אַ גרויסע פאַרצווייגטע משפחה. נאָך דער אַרבעט, באַזונדערס אין אַ שבת, אַ יום־טוב, פלעגן מיר זיך צונויפקומען און פאַר־ברענגען אין אַ יום־טובדיקער שטימונג. פאַר פופצן אָדער פינף־און־צוואַנציק סענט פלעגן מיר האָבן אַ פּלאַץ אויף דער „גאַליאָרקע" פון יידישן טעאַטער. אונדזער באַגייסטערונג פאַר די אַקטיאָרן און אַקטריסעס איז געווען זייער גרויס. נאָכן טעאַטער, פלעגן מיר גיין צו קרימסקין אין ווייַן־קעלער. אויף דער איסט סייד האָבן מיר זיך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים..

דעמאָלט זיינען מיר נאָך ניט געווען אָרגאַניזירט אין אַ „סאָסייעטי", אָבער אונדזער פאַרבינדנקייט צו העלפן, איז געווען אַ סך שטאַרקער ווי געשריבענע סטאַטוטן פון חברות. אַזוי האָבן מיר געאַרבעט ביזן יאָר 1906, ווען איך האָב זיך אַריבערגעקליבן קיין פילאַדעלפיע. פון דאָרט פלעג איך עטלעכע מאָל אַ יאָר קומען קיין ניו־יאָרק. לכבוד מיין קומען, האָט מען תמיד געפּראַוועט אַ סעודה ביי אַ לאַנדסמאַן, אָדער ביי קרימסקין אין ווייַן־קעלער. אַלע מאָל האָב איך געטראָפן ניי־געקומענע פון פּיטשאַיעוו. אונדזער „משפחה" איז

געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער. איינער פון די ניי־געקומענע איז געווען הערשל קאַרטמאַן. *) מיט אים בין איך געוואָרן נאָענט באַפריינדעט. ער איז געווען מיין אַרויסהעלפער אין דער אַרבעט לטובת די פּיטשאַיעווער. אַזוי ווי מיר ביידע זיינען געווען ראַדיקאַלע סאָציאַליסטן, האָבן מיר באַשלאָסן, זיך אָרגאַניזירן אין אַ בראַנטש פון אַרבעטער רינג.

אין אַ שבת, אין יאָר 1910, בעת מיין קומען אין ניו־יאָרק, מיטן צוועק צו אָרגאַניזירן די לאַנדסלייט, איז פאַררופן געוואָרן אַ מיטינג ביי אברהם בערמאַן אין הויז.

מיטן אָנקומען פון מערערע לאַנדסלייט און אויך פון די פרויען און קינדער צו זייערע מענער האָט יעדער זיך שוין געפונען אין אַ נייעם קרייז פריינד. די אייניקייט איז שוין דעמאָלט ניט געווען אַזוי שטאַרק.

עס איז אָבער באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן אַ פּיטשאַיעווער סאָסייעטי פון די וואָס ווילן אַזאַ האָבן. אַלע אָן אויסנאַם זיינען געקומען צו יענעם מיטינג, און דער פּיטשאַיעווער פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן. שפּעטער איז דער פאַראיין געוואָרן דער „פּיטשאַיעווער בראַנטש 213 אַרבעטער רינג". עטלעכע יאָר שפּעטער זיינען זיי געווען פאַראייניקט מיט די שומסקער לאַנדס־לייט. ביז איצט רופט ער זיך „דער פּיטשאַיעווער שומסקער בראַנטש 213 אַרבעטער רינג". צו זיין 15־יאָריקן יובילײ, וואָס איז געפייערט געוואָרן אין 1927, האָט מען אַרויסגעגעבן אַ „סאָוועניר זשורנאַל" און געפּראַוועט אַ גרויסן באַנקעט.

אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער זיין אין אמעריקע האָבן מיר פאַר אונדזער שטעטל בכלל ניט געדאַרפט זאָרגן. אונדזערע קרובים דאָרטן זיינען געווען אין אַ בעסערער לאַגע ווי מיר דאָ, פאַרשטייט זיך מיט אייניקע אויסנאַמען. מיר האָבן זיך אָבער דורכגעשריבן מיט אונדזערע לאַנדסלייט אין דער היים. דאָ זיינען מיר שוין געווען איינגעוואָרצלט, געהאַט אייגענע משפחות. אָבער אונדזער נשמה איז געווען דאָרטן.

די ערשטע וועלט־מלחמה (1914) האָט אונדז אָפּגעריסן פונעם שטעטל און פון אונדזערע משפחות. קיין בריוו האָבן מיר מער ניט באַקומען. מיר האָבן אין יענער צייט געפילט ווי אַ טייל פון אונדזער לעבן זאָל האָבן פאַרלוירן געגאַנגען. בעת דער מלחמה זיינען אַ טייל פון אונדז געוואָרן געשעפט־לייט און רייך געוואָרן. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָבן אָנגעהויבן קומען קלאָג־בריוו פון אַלע מלחמה־געליטענע. דאָס וואָס אונדזער שטעטל האָט איבערגעלעבט אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווערט אין דעם בוך דערציילט באַזונדער.

---

*) וועגן אים, זע וייטער זייט 265.

אויף מיין אייגענער אחריות האָב איך אָנגעהויבן שרייבן בריוו צו דער קהילה און געבעטן פאַרלייענען זיי אין בית המדרש. איך האָב געוואָלט אַז זיי זאָלן וויסן, אַז מיר דאָ אין אַמעריקע, וועלן זיי ניט פאַרלאָזן און טאָן אַלץ כדי זיי העלפן. ראשית וועלן מיר אויפפאָדערן יעדן לאַנדסמאַן שיקן הילף צו זיינע קרובים, און מיר וועלן שאַפן אַן אלגעמיינעם פאָנד פאַר די נויטבאַדערפטיקע, וואָס האָבן דאָ ניט קיין קרובים און אויך פאַר די אינסטיטוציעס פונעם שטעטל. האָט מען מיר געשריבן פון דאָרטן אַז בלויז דאָס פאָרלייענען מיינע בריוו אין בית המדרש פאַר דער עדה יידן, האָט זיי געגעבן אמונה און האָפענונג, אַז דאָס גופא איז שוין געווען אַ גרויסע הילף פאַר די צעבראָכענע געמיטער פון די מלחמה־געליטענע יידן.

איך מיט מיין פריינד הערשל קאָרטמאַן האָבן באַלד גערופן אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג פון די פּיטשאַיעווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק. כמעט אַלע פּיטשאַיעווער זיינען געקומען מיט זייערע פרויען און קינדער. אַן ערך זעקס הונדערט מענטשן. איך האָב אַליין ניט געגלויבט אַז מיר האָבן אַזוי פיל פּיטשאַיעווער אין ניו־יאָרק. גאַנץ פּיטשאַיעוו איז דעמאָלט באַשטאַנען פון 1.000 אָדער 1.200 נפשות. ביי דעם מיטינג האָבן מיר אויפגעפאָדערט יעדן איינעם שיקן הילף צו זיין משפחה וויפל ער וויל. חוץ דעם זאָלן מיר אויך שאַפן אַן אַלגעמיינעם פאָנד פאַר דעם שטעטל און פאַר אירע אינסטיטוציעס. אַלע ווי איינער האָבן זיך באַשטייערט, אויף גאָר אַ שיינעם אופן. אַ צווייטן מיטינג האָבן מיר פאַררופן אין פילאַדעלפיע. מיר האָבן באַלד אַרויסגעשיקט קיין פּיטשאַיעוו טויזנט דאָלאַר און באַשטימט ווער ס'זאָל פאַרוואַלטן מיט דער צעטיילונג אין שטעטל גופא.

איך, הערשל קאָרטמאַן און ישראל אַלטמאַן זיינען דעמאָלט געפאָרן קיין באָסטאָן און דאָרטן פאַררופן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג, געזאַמלט געלט אין שטאָט און אין שטעטלעך אַרום באָסטאָן. איך אַליין בין אויך געפאָרן קיין באַלטימאָר, שיקאַגאָ און סט. לואיס. די רייזע הוצאות האָבן מיר אַליין געדעקט. פון די רעליף־געלטער וואָס מיר האָבן געזאַמלט האָבן מיר קיין הוצאות ניט געדעקט. אַלץ איז געגאַנגען פאַר פּיטשאַיעוו. די הילף פון די אַנדערע שטעט איז ניט געווען אַזוי גוט ווי אין ניו־יאָרק און פילאַדעלפיע. דער תירוץ איז געווען ,אַז זיי וועלן אַליין דאַרפן שיקן געלט קיין פּיטשאַיעוו. אָבער פילאַדעלפיע און ניו־יאָרק זיינען געווען פאַראייניקט און געשאַפן אין דעם קאַמפּיין אַליין מער ווי זעקס הונדערט דאָלאַר. אַ טייל פון דעם געלט האָבן מיר באַלד אַרויסגעשיקט. אָבער די וואַליוטע פון פוילישן מאַרק איז געווען אַזוי געפאַלן, אַז אָפיציעל דורך דער פּאָסט האָט זיך ניט געלוינט שיקן קיין געלט. און אַזוי ווי אַלע לאַנדסלייט פון אַלע שטעט האָבן געשאַפן רעליפס פאַר זייערע שטעטלעך, האָט מען דורך דעלעגאַטן געשיקט די דאָלאַרן אין די שטעטלעך און דאָרטן זיי פונאַנדערגעטיילט.

מיר האָבן אויך אַזוי איבערגעשיקט געלט קיין פּיטשאַיעוו. אַ וויזשגאָראַדקער לאַנדסמאַן מיטן נאָמען געלמאַן, אַ רייכער פּאַפּיר־פאַבריקאַנט, האָט געזאַמלט אַ גרויסן פאָנד פאַר זיין שטעטל וויזשעראַדיק *) און פאַר די אַרומיקע שטעטלעך אין קרעמעניעצער קרייז. דער פאָנד איז באַשטאַנען פון צענדליקער טויזנטער דאָלאַרן. געלמאַנס וויזשעראַדיקער קאָמיטעט האָט אויסגעקליבן צוויי דעלע־גאַטן אַוועקפירן דאָס געלט קיין פּוילן אין די שטעטלעך. מיין פריינד הערשל קאָרטמאַן איז אויך געווען טעטיק אין יענעם קאָמיטעט, און ער איז אויס־געקליבן געוואָרן ווי איינער פון די דעלעגאַטן צו פאָרן קיין אייראָפּע מיט די געלטער און אַזוי ווי די רייזע־הוצאות און דעם וועכנטלעכן געהאַלט האָט מען אויך באַדאַרפט באַזאָרגן, איז גענומען געוואָרן צען פּראָצענט, סיי פאַר די געזאַמלטע רעליף־געלטער, סיי פון די יחידים וואָס האָבן פּריוואַט געשיקט געלט צו זייערע קרובים.

הערשל קאָרטמאַן, אַן אונדזעריקער פּיטשאַיעווער, האָבן מיר מיט אים געשיקט פאַרן שטעטל פיר טויזנט און פינף הונדערט דאָלאַר; חוץ דעם האָבן יחידים פּי־טשאַיעווער מיט אים געשיקט באַזונדער אַ סך טויזנטער דאָלאַרן פאַר זייערע אייגענע. אָבער ניט אונדזער רעליף און ניט אונדזערע פּריוואַטע געלט־שיקער האָבן געדאַרפט צאָלן די עקסטראַ צען פּראָצענט. הערשל האָט אַלעמען אָפּגעגעבן דאָס געלט מזומן אין דאָלאַרן, די גאַנצע סומע וואָס מיר האָבן געשיקט. נאָך זיין צוריקקומען פון פּיטשאַיעוו האָט ער אויף אַ פאַרזאַמלונג אָפּגעגעבן אַ באַריכט. מיר האָבן אָנגעהויבן אַ נייע רעליף־זאַמלונג אין ניו־יאָרק און אויך אין פילאַדעלפיע. און כל־זמן ס׳איז געווען „פּראָספּעריטי", האָבן מיר מיט אונדזערע געלט געגרינדעט אין פּיטשאַיעוו אַ ליי־קאַסע, אַ לינת הצדק, געהאָלפן די אַלטע אינסטיטוציעס. די הילף קיין פּיטשאַיעוו איז כסדר אָנגעגאַנגען פון ניו־יאָרק און פון פילאַדעלפיע.

אין 1933 איז הערשל קאָרטמאַן געשטאָרבן. איך האָב שוין מער קיין פאַר־בינדונגען מיט ניו־יאָרק ניט געהאַט. דער סעקרעטאַר פון ברענטש פון אַרבעטער רינג איז ניט געווען קיין פּיטשאַיעווער. און אויף מיינע בריוו האָט ער זעלטן געענטפערט. פון צייט צו צייט האָבן אייניקע לאַנדסלייט עפּעס געטאָן און געשיקט עטלעכע דאָלאַר אויף מעות חטים. ווען די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן אין 1939, האָבן מיר ניט מער געהאַט קיין פאַרבינדונג מיט אונדזער שטעטל, און ניט געוואוסט וואָס דאָרטן קומט פאָר. מיר האָבן געוואוסט, אַז אונדזער שטעטל איז באַלד פאַרנומען געוואָרן פון דער היטלער־באַנדע.

---

*) אַזוי האָבן יידן גערופן דאָס שטעטל וויזשגאָראָדאָק.

## 2. פילאַדעלפיע

אויך דאָ אין פילאַדעלפיע האָב איך אָפּגעזוכט אַלע פּיטשאַיעווער לאַנדס־לייט, וואָס זיינען געווען פופצן און צוואַנציק יאָר אין אַמעריקע. אין דער זעלביקער צייט זיינען אויך דאָ כסדר צוגעקומען נייע פּיטשאַיעווער און מ׳האָט געדאַרפט פאַר זיי זאָרגן. די געציילטע פּיטשאַיעווער וואָס מיר זיינען דאָ געווען, האָבן אין יענע יאָרן געטאָן זייער פליכט מיט זייערע קליינע פאַר־דינסטן... וואָס האָבן קוים געקלעקט זיך צו דערהאַלטן.

נאָך מיין חתונה, אין יאַנואַר 1910, איז אין זעלביקן יאָר, ביי מיר אין הויז, געגרינדעט געוואָרן די „פּיטשאַיעווער קאָאָפּערייטשאָן" (אַ ליי־קאַסע), וואָס עקסיסטירט ביזן היינטיקן טאָג. אין אונדזערע יונגע יאָרן איז דאָס געווען אַ פינאַנץ־אינסטיטוציע פאַרוואַלטעט דורך אונדז אַליין. ניט פאַר עמיצנס פּראָפיט, נאָר פאַר די טובות פון אירע מיטגלידער. יעדע זעקס חדשים ווען מיר האָבן אויסגעצאָלט די פּראָצענטער צו די „שער האָלדערס" (אַקציעס שותּפים) האָבן מיר אַלע מאָל אַרונטערגענומען אַ טייל פאַר אונדזער פּיטשאַ־יעווער הילפס־קאַסע.

די אינסטיטוציע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ הלוואה פון צוועלף דאָלאַר מיט פופציק סענט די ערשטע וואָך. און מיט דריי יאָרן שפּעטער זיינען די וואָכנ־טלעכע הלוואות געווען פון צוויי ביז דריי טויזנט דאָלאַר. אָט דער אויפטו, פאַר אונדזערע פּיטשאַיעווער לאַנדסלייט, איז געווען אונדזער אייגענע איני־ציאַטיוו. דאָס איז געווען אַ גרויסע הילף פאַר אונדזערע פּיטשאַיעווער. ערשט אין 1912 האָבן מיר זיך אָרגאַניזירט ווי אַ פאַראיין מיטן נאָמען „אינדע־פּענדענט וואָלינער אייד סאָסייעטי", *) און ביז היינטיקן טאָג זיינען מיר פּיטשאַיעווער, מיטגלידער פונעם פאַראיין. דער אויפטו פון דעם פאַראיין איז, חוץ קראַנקן בענעפיטס, אויך — קרקע, און אַלע אַנדערע זייער וויכטיקע בענעפיטס (נוצן). אָט דער פאַראיין האָט אונדז צונויפגעבראַכט און האַלט אונדז אינאיינעם ביזן היינטיקן טאָג.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווי נאָר עס זיינען אָנגעקומען די ערשטע בריוו פון שטעטל, האָבן מיר פאַררופן אַ מיטינג און געבראַכט פון ניו־יאָרק ברוך יוסף אַלטמאַן, דעמאָלט שוין אַן עלטערער מענטש, אונדזער הירש קאָרטמאַן און אהרון מרדכי אַלטמאַן. צום מיטינג זיינען געקומען די מיט־גלידער. אונדזער פינאַנציעלע לאַגע איז געווען זייער אַ גוטע און די ביי־שטייערונגען פון יעדן איינעם זיינען געווען גרויסע. אָט מיט דעם גייסט און איבערגעגעבנקייט האָבן מיר אין פילאַדעלפיע כסדר געזאַמלט און געשיקט געלט קיין פּיטשאַיעוו. און אַפילו ווען עס איז געקומען דער קריזיס פונעם

*) אומאָפּהענגיקע וואָלינער הילפס־געזעלשאַפט.

יאָר 1929, און עס איז געוואָרן שווער צו זאַמלען געלט, האָבן מיר געגרן פאַר פסח געשיקט מעות חטים. אַזוי האָבן מיר פּיטשאַיעווער אין פילאַדעל־פיע ביי יעדער געלעגנהייט, ביי יעדן צונויפקום, ביי יעדער שימחה און חתונה ביי אַ פּיטשאַיעווער, געזאַמלט געלט פאַר אונדזער שטעטל.

אַ טייל פון די מאַטעריאַלן וואָס ווערן דאָ געדרוקט זיינען נאָך אין די 20ער יאָרן אַהער געשיקט געוואָרן פון פּיטשאַיעוו. ווי אַ רעזולטאַט דערפון האָב איך אין יאָר 1928 וועגן דעם געשריבן דער פּיטשאַיעווער יונגוואַרג, אַרויסצוגעבן אַ בוך די געשיכטע פון פּיטשאַיעוו. זיי זיינען געווען שטאַרק באַגייסטערט. זיי האָבן אָנגעהויבן צו שיקן מאַטעריאַלן. דער אָנהייב איז געמאַכט געוואָרן. איך האָב אָפּגעדרוקט אַ בריוו מיט בילדער פון שטעטל און ארויסגעשיקט איבערן לאַנד. דעם מאַטעריאַל האָב איך איבערגעגעבן מיין פריינד יוסף קאָהען, דעמאָלט רעדאַקטאָר פון דער „פרייער אַרבעטער שטימע". איז אָבער אָנגעקומען דאָס יאָר 1929 מיט דעם גרויסן קריזיס. די פינאַנציעלע לאַגע איז ביי אַלעמען געוואָרן זייער אַ שלעכטע און ביי מיר אַליין גאָר צרה־דיק. הגם איך האָב זיך אָנגעשטרענגט און געוואָלט אָנגיין מיט דער אַרבעט, אָבער איך האָב ניט געהאַט קיין הילף פון מיינע לאַנדסלייט. איך האָב געמוזט אויפגעבן די אונטערנעמונג.

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן מיר ביי אונדזערע מיטינגען אויפסניי אויפגעהויבן די פראַגע, וועגן זאַמלען געלט פאַר דער הילפס־קאַסע. מיר האָבן אָבער געמוזט וואַרטן ביז די בלוטיקע מלחמה וועט זיך ענדיקן, כדי צו וויסן אויב ס'איז בכלל עמיצער געראַטעוועט געוואָרן פון די שחיטות, און אויב יאָ איז ווי אַזוי מ'דאַרף זיי העלפן. הגם מיר האָבן קיין דירעקטע ידיעות פונעם שטעטל ניט געהאַט, האָבן מיר אָבער געוואוסט אַז אונדזערע אייגענע שוועסטער, ברידער און זייערע קינדער זיינען אומגעבראַכט געוואָרן. מיר האָבן אָבער געוואָלט אויסגעפינען וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין שטעטל און צי זיינען אייניקע געבליבן לעבן. פּיטשאַיעוו איז אַרונטער אונטער רוסלאַנדס הערשאַפט. איך האָב באַלד אָנגעשריבן אַ בריוו דירעקט קיין פּיטשאַיעוו צו דער דאָרטיקער פּאָליציי, אויך צום קלויסטער־פּערסאָנאַל און צום פּאָסט־מייסטער גופא, און ביי זיי געבעטן מיר שרייבן וועגן שטעטל. איך האָב אויך געשריבן צום יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט קיין מאָסקווע. אָבער קיין ענטפער איז ניט געקומען. זומער 1946 דערוויס איך זיך פון מאַטל קליגמאַן פון באָסטאָן וואָס זאָגט מיר, אַז ער געפינט זיך אין פילאַ־דעלפיע ביי יאַנקל סקולסקי מיט מיינעם אַ קוזין אַ פּליט, אַ געראַטעוועטן פון פּיטשאַיעוו. אַ פּאָר שעה שפּעטער בין איך שוין געווען ביי יאַנקל סקולסקי און געטראָפן אַ יונגנמאַן פון זיבן־און־צוואַנציק יאָר, אַ געבוירענער אַ פּיטשאַיעווער. אָבער ער איז אַוועק פון פּיטשאַיעוו פאַר דער מלחמה אין 1939 און ער ווייסט זייער ווייניק פון דער מלחמה־צייט אין פּיטשאַיעוו. ער ווייסט בלויז אַז אַלע יידן אין שטעטל און אויך זיין טאַטע, מאַמע, שוועסטער

און ברודער זיינען אומגעבראַכט געוואָרן. אָבער ווען און וויאַזוי ווייסט ער ניט.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און איך האָב באַקומען אַ בריוו פון מינדל זאַלץ פון שיקאַגע מיט עטלעכע אַדרעסן פון די „קעמפּס" (לאַגערן) אין דייטשלאַנד און איטאַליע פון לעבנגעבליבענע פּיטשאַיעווער. דעם זעלביקן טאָג האָב איך אַרויסגעשיקט בריוו צו די לעבנגעבליבענע לאַנדסלייט און געבעטן זיי זאָלן מיר שרייבן ווער זיי זיינען; וואָס זיי ווייסן פון פּיטשאַיעוו; אַז מיר זיינען גרייט זיי צו העלפן אין אויפזוכן זייערע קרובים. פאַר דעם צוועק האָבן מיר דאָ אין פילאַדעלפיע באַלד געגרופן אַלע פּיטשאַיעווער אויף אַ מיטינג. דער געראַטעוועט לאַנדסמאַן, דער יונגער רב, עקיבא אָרזשעך (אגוזי) וואָס איז געווען אַ לערער אין אַ לייקוואודער ישיבה, איז געווען דער רעדנער. ער האָט דערציילט וועגן פּיטשאַיעוו, וואָס ער האָט געקענט און אויך פון זיין אייגן זיין אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן און ווי אַזוי ער האָט זיך געראַטעוועט. מיר האָבן געזאַמלט ניין הונדערט דאָלאַר. מיר האָבן געהאַט שוין מיט וואָס צו העלפן די לעבנגעבליבענע אין די לאַגערן, און אויף יעדן אַדרעס וואָס מיר האָבן געהאַט, האָבן מיר געשיקט געלט און פּעקלעך. אונדזער רעליף־אַרבעט פאַר די לעבנגעבליבענע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. אויף מיינע אַרויסגעשיקטע בריוו זיינען אָנגעקומען ענטפערס. אַלע געראַטעוועטע זיינען אַוועק פון פּיטשאַיעוו אין 1939־1941, ווער מיט דער פּוילישער, ווער מיט דער רוסישער אַרמיי. וועגן דער אומקום־צייט האָבן זיי ניט געוואוסט. בלויז איין איינציקער פון די וואָס זיינען געבליבן אין פּיטשאַיעוו ביזן סוף איז ניצול געוואָרן, ווי ס'איז צו זען אין קאַפּיטל „די געשיכטע וועגן אומקום פון די פּיטשאַיעווער יידן". אים האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אַ סך ידיעות. דאָס איז אהרון קופּערמאַן, ישעיה דעם געלן בעקערס אַ זון. אין זיין ערשטן בריוו צו מיר האָב איך באַלד געזען, אַז ער ווייסט און קען גאַנץ פּיטשאַיעוו, יעדן פון גרויס ביז קליין, אפילו מיטן צונאָמען. שוין אין זיין ערשטן בריוו גיט ער איבער דעם אָנהייב פונעם אומקום פון אונדזערע משפחות. שפּעטער האָבן זיך אָפּגערופן נאָך צוויי לאַנדסלייט, געראַטעוועטע על פּי נס. זייער געשיכטע ווערט אין בוך דערציילט באַזונדער. איין זאַך איז אָבער קלאָר: ניטאָ מער קיין יידיש פּיטשאַיעוו. זאָלן דאָס אונדזערע קינדער און אייניקלעך געדענקען און דערציילן וועגן די דאָזיקע קדושים.

רום און פרידן, מיינע טייערע יידן פון מיין שטעטל!

פ. שוואַרץ

## פּיטשאַיעווער יידן נעמען אויף יידישע שרייבער

(אַ קאַפּיטל זכרונות פון די וואַגל־טעג אין סעפּטעמבער 1939)

אוקראַיִנישע פּויערים פון אַרום בראָד, וואָס האָבן פאַרמאָגט פערד און וועגעלעך, זיינען מרוצה געוואָרן אונדז אָפּפירן ביזן באַרימטן שטעטל פּיטשאַיעוו, אַ מהלך פון אַ צוואַנציק קילאָמעטער. אויף פירן אונדז ווייטער זיינען זיי בשום אופן נישט איינגעגאַנגען. ניט געקוקט דערויף, וואָס מיר האָבן זיי אָנגעבאָטן אַ גרויסע באַלוינונג. זיי האָבן פּשוט מורא געהאַט פאַרפאָרן צו ווייט פון זייער היים.

בערנאַרד זינגער איז ערגעץ געבליבן שטעקן אין בראָד. מיר האָבן געפּרואווט אונטערוואַרטן אויף אים, די פּויערים האָבן זיך אָבער געגומען בונטעווען און געוואָרנט אונדז איבערלאָזן הינטער דער שטאָט. זיי האָבן צוליב אונדז שוין געהאַט פאַרלוירן אַ גאַנצן טאָג און ביז זיי וועלן קומען צוריק אין זייער דאָרף, וועט עס ביי זיי נעמען אַ גאַנצן מעת־לעת. מיר האָבן קיין ברירה ניט געהאַט און געמוזט פאָרן ווייטער אָן זינגערן. מיר האָבן געהאָפט אַז ער וועט אונדז אָניאָגן אין פּיטשאַיעוו.

כדי זיכערער זיין פון עראָפּלאַן־באָמבעס, האָבן די פּויערים זיך פאַרנומען אויף זייטיקע וועגן. — דער וועג וועט טאַקע זיין לענגער, דערפאַר אָבער וועט דאָס פאָרן זיין זיכערער, — האָבן זיי געזאָגט.

די וועגן זיינען ניט געווען ברוקירט. אונדזער „צוג" האָט אויפגעהויבן פון ביידע זייטן וועג אַ וואָלקן פון זאַמדיקן שטויב. דער שטויב איז געווען אַזוי געדיכט, אַז די פּאַסאַזשירן האָבן קיין זאַך ניט געזען פאַר זיך און הינטער זיך. ערשט עטלעכע קילאָמעטער פאַר פּיטשאַיעוו זיינען מיר ווידער אַרויף אויפן גרויסן וועג. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף די וועגעלעך פאַר מיר, און אין ערשטן אויגנבליק זיך פּשוט ניט געכאַפּט, וואָס ס'האָט פּאַסירט: פאַר מיר זיינען געזעסן מענטשן מיט קאָמישע געלע שטויב־מאַסקעס אויף די פּנימער. זיי האָבן אויסגעזען אַזוי פאַרענדערט, אַז ווען

איך וואָלט ניט געוואוסט וועמען איך האָב פאַר זיך, וואָלט איך קיינעם ניט דערקענט.

ווי נאָר מיר זיינען אַרויסגעפאָרן אויף אַ ביסל אַ בעסערן וועג און דער שטויב האָט אויפגעהערט, האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן אַנטפּלעקט אַ וואונדערבאַרע פּאַנאָראַמע: פּאָרויס, ווייט פאַר אונדז — קילאָמעטערס ווייט! — האָבן זיך פאַר אונדזערע אויגן געהויבן לאַנגע און ברייטע מויערן, וואָס האָבן געקיניגט מאַיעסטעטיש איבער דער גאַנצער געגנט, ווי עפּעס אַ לעגענדאַרער פּאַלאַץ פון די קינדער־מעשהלעך.

— אָט איז זי, די „פּאָטשאַיעווסקאַיאַ לאַווראַ!״ — האָבן די פּויערים געזאָגט מיט שטאָלץ.

אַ פייערדיקע זון — אַ גרויסע, אַ צעפלאַמטע, אַ צעגאָסענע איז געשטאַנען איבער די דעכער פון דער מעכטיק־געבויטער פיר־קאַנטיקער „לאַווראַ״. פון־דערווייטנס האָט זי גיכער אויסגעזען ווי אַ מיטלאַלטערלעכע פירשטלעכע פעסטונג, איידער אַ קלויסטער.

דער הערלעכער אָפּגלאַנץ פון דער צעפייערטער זון איבער די באַגילדעטע דעכער פון דער „לאַווראַ״ האָט געבלענדט אין די אויגן. וואָס נעענטער מיר זיינען געקומען צו דער „לאַווראַ״, אַלץ נידעריקער און צע־ברענטער האָט די זון זיךגעזעצטאיבער די באַגילדעטע דעכער, אַלץ צעגליטער איז פאַר אונדז געוואָרן דער בלענדנדיקער אָפּשיין פונעם דאָזיקן מאַיעס־טעטישן זון־פאַרגאַנג.

דאָס קלאַפּן פון די רעדער אויפן שטעטלשן שטיינערדיקן ברוק, האָט מיך אַרויסגעריסן פון אַ זיסער פאַרגעסנקייט. אונדזערע וועגעלעך האָבן זיך געטרייסלט אויפן ברוק פון די פּיטשאַיעווער געסלעך. איינצלנע ראָש־השנהדיקע יידישע פאַרבייגייער מיטן אַזוי היימישן ימים נוראימדיקן אויס־דרוק אין זייער גאַנצן הילוך, האָבן מיט אויפגעריסענע אויגן נאָכגעקוקט דער אויסטערלישער עקספּעדיציע פון 6־7 פּויערישע פורלעך מיט אַן אַנדערט־האַלבן צענדליק פאַרשטויבטע — און נאָך ווי פאַרשטויבטע — פרעמדע יידן.

די פּויערים פאָרן אַריין מיט זייערע וועגעלעך אין גרויסן אָפענעם טויער פון דער „לאַווראַ״. — דאָ וועט איר קאָנען — זאָגן זיי — איבערנעכטיקן! דאָ גיט מען צימערן איבערצונעכטיקן!

דאָס וואָרט „איבערנעכטיקן״ איז מיר ווייניק וואָס געוועזן צום האַרצן. מיין אידעע־פיקס איז געווען: כסדר פאָרן ווייטער, כסדר פאָרן ווייטער! אָבער ס׳איז געווען געווען בלויז אַ קוק־טאָן אויף מיינע קאָלעגן, כדי איינזען, אַז ס׳קען קיין רייד ניט זיין וועגן ווייטער פאָרן די נאַכט.

עמיץ האָט מיר אונטערגעטראָגן אַ שפּיגעלע און מיין ערשט געפיל איז געווען — שרעק. איך האָב זיך בפועל ממש דערשראָקן פאַר זיך אַליין. פונעם שפּיגעלע האָט אויף מיר געקוקט ניט קיין מענטש, נאָר עפּעס אַ משונהדיקע פוטוריסטישע מאַסקע!

איך האָב נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון די אַנדערע קאָלעגן, זיך אויסגעטאָן ביז דער העלפט נאַקעט, צוערשט אויסגעבאַרשט די האָר און גענומען זיך וואַשן און רייבן אונטער אַ מחיהדיקן ברונעם, ביז איך האָב זיך דערפילט אָפּגעפרישט און ריין.

שפּעטער האָבן מיר לאַנג־לאַנג געריייניקט די מלבושים. איינער האָט געפּוצט דעם צווייטן. אַזוי אַרום איז אונדז אַ ביסל געלונגען פּטור ווערן פונעם שטויב.

אַרום אונדז האָבן זיך געדרייט פּראַוואָסלאַוונע דיאַקלעך, יונגע מאַנאַכן מיט ציגענע בערדלעך און לאַנגע האָר. שוויגנדיק, אָבער העפלעך, האָבן זיי אונדז באַדינט, צוגעזאָגט צימערן צום איבערנעכטיקן, און מיט איינצלנע, קאַרגע ווערטער געענטפערט אויף אונדזערע כאַאָטישע פראַגן וועגן דער „לאַווראַ", וועגן איר אַמאָליקער גרויסקייט, וועגן דער באַציאונג צווישן דער „לאַווראַ" און די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען אד״גל.

דערווייל האָבן אין הויף פּאַרזיכטיק זיך גענומען אַריינשאַרן איינצלנע יידן פונעם שטעטל. עפּעס האָבן זיי, אין איין אויגנבליק, שוין געוואוסט ווער מיר זיינען. איך האָב ניט באַוויזן זיך אָריענטירן אין דעם, וואָס ס׳קומט פאָר, ווי איך בין שוין, געשטויסן פון פרעמדע, אָבער האַרציקע יידישע פאָלקסמענטשן, געגאַנגען אינאיינעם מיט אַלע אַנדערע מיינע קאָלעגן איבערן „לאַווראַ"־בערגל אַראָפּ צום יידישן שטעטל.

— אָבער וואוהין פירט איר אונדז? — האָבן מיר געפרעגט די יידן אַרום אונדז.

ס׳איז אונדז אַלעמען וואַרעמער געוואָרן פון אָט די עטלעכע יידן, וואָס האָבן אונדז היימישלעך געשטופּט און געשטויסן, געריסן פון אונדזערע הענט די זעקלעך און וואַליזעס און דערביי שעמעוודיק און גליקלעך געמורמלט:
— אַ כבוד פאַר אונדז... אַ כבוד — יידישע שרייבער... אַזוי פיל יידישע שרייבער מיט אַ מאָל... אַלץ דער צורר היטלער, ימח שמו... אַ גרויסער כבוד... אַ גרויסער כבוד...

ווער פון אייך, לייענער, קען ניט די דאָזיקע היימישע, קליינשטעטלדיק־בעלי־בתישע יידישע שטובן מיט אַ ביסל איינגעבויגענע ווענט, מיט מאָנ־

טעפּיכעס פּאָרטרעט אויף דער וואַנט, מיט די אַלטפרענקישע בענטש־לייכטער אויף אַ זייטיק טישל און מיט שאָטנדיקע קאַרשנביימער, וואָס קוקן אַריין דורכן אָפענעם פענצטערל?

אין איינער אַזאַ שטוב האָט מען אונדז אַריינגעפירט *).

מיר האָבן פונסניי זיך געגומען וואַשן. אין טומל פון דערלאַנגען שיסלען, אינמיטן פון וואַסער־פּליוסקעניש, פון רייבן זיך מיט האַנטיכער, האָבן מיר — ווידער האַלב־אויסגעטאָענע — געמוזט ענטפערן אויף צענדליקער פראַגן פון די מענער און פרויען, וואָס האָבן אונדז באַדינט:

— ווי וויט זיינען די דייטשן?

— צי זיינען טאַקע אָנגעקומען קיין פוילן ענגלישע פליער?
— צי ס'איז אמת, אַז די דייטשן פירן אַדורך שחיטות אויף יידן אומעטום, וואוהין זיי קומען?

אַזעלכע און ענלעכע פראַגן האָבן פון אַלע זייטן זיך געשאָטן אויף אונדז אין די צענדליקער. מער פון אַלץ האָט מען פון יעדן איינעם געהערט די תחנונימדיקע פראַגע:

— וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין?

אין יענער מינוט האָב איך געקראָגן רחמנות אויף די דאָזיקע מענטשן. איך האָב פאַר זיך געטראַכט: — אונדז איז גוט, מיר האָבן זיך שוין איינ־לעבט אין אונדזער נייער ראָל פון מענטשן, וואָס וואַגלען אָן אַ היים! אָבער ווער ווייס וואָס ס'וואַרט נאָך די דאָזיקע מענטשן!

בכלל איז די פּסיכיק פון די פּיטשאַיעווער יידן געווען מאָדנע ענלעך צו דער פּסיכיק פון די בראָדער איינוואוינער, אין יענעם זונטיק אויפדער־נאַכט ווען מיר זיינען אַהין אָנגעקומען. ס'איז קענטיק געווען אַז די מענטשן זיינען צערודערט, אָבער ס'האָט זיך ניט געפילט צי זיי זיינען זיך באַוואוסט פון דער דירעקטער סכנה, וואָס הענגט איבער זיי, זייערע היימען, זייער פאַמיליע.

זיי האָבן אונדז דערציילט וועגן אַ שרעקלעכער באָמבאַרדירונג, וואָס די שטאָט קרעמעניץ איז נעכטן אויסגעשטאַנען. פונדעסטוועגן האָט זיך ניט געפילט זיי זאָלן זיך שרעקן אַז אָט־אָט און דאָס זעלביקע קאָן אויך זיי

*) דאָס איז געווען גדליה זאַלצס שטוב. — רעדאַקציע.

פּאַסירן. אַזאַ איז שוין, זעט אויס, די מענטשלעכע פּסיכיק, אַז ס׳איז שווער דעם מענטשן רעאַל זיך פאָרשטעלן אַז אויך אים טרעפט דער אומגליק וואָס האָט געטראָפן זיינעם אַ נאָענטן. עפּעס גלייבט מען אַלץ, אַז ס׳וועט געשען אַ נס, און מיר אַליין וועט געלינגען אויסמיידן די אָנקומענדיקע קאַטאַס־טראָפע.

דעם גאַנצן אָוונט האָבן מיר פאַרבראַכט אין דער שטוב וואוהין מ׳האָט אונדז אַלעמען געבראַכט. אויפן טיש האָבן זיך באַוויזן גרויסע שיסלען מיט אַלערליי פּרוכטן, חלות, פּוטער, גלעזער טיי. מיר האָבן אַלץ געשלונגען מיט גרויס אַפּעטיט. יעדע מינוט האָט זיך אין דער טיר באַוויזן עמיץ אַנדערש פונעם שטעטל מיט אַ גרויסן קויש שפּייז און פּרוכטן פאַר די געסט: טאָמער וועט אויספעלן...

די פרויען און מיידלעך זיינען געשטאַנען ביי דער וואַנט און געשלונגען די טרערן. דער פריינדלעכער בעלי־הבית — אַן אָרטיקער ציוניסטישער טוער — און די איבעריקע מאַנסבילן, וואָס האָבן פאַרפולט דאָס צימער, האָבן ניט אויפגעהערט צו שטעלן פראַגן וועגן יעדערנס יחוס:

— לאָמיר כאָטש האָבן דאָס פאַרגעניגן צו וויסן ווער ס׳זיינען געווען אונדזערע געסט...

ביי יעדן נאָמען איז דאָס צימער פול געוואָרן מיט אַן „אַ־אַ־אַ!" און מיט אַ דרך־ארצדיק שושקעניש:

— אָ, נאַטאַן שוואַלבע!

— אָ, דאָס איז יאושזאָן!

— אָ, דוד פלינקער!

— אָ, לאַזאַר קאַהאַן!

אַז עס איז געקומען צו שעפּנערן, האָט ער, אָנווייזנדיק מיט דער האַנט אויף מיר, זיך אַ וויצל־געטאָן:

— ווען איר וואָלט פריער געוואוסט ווער מיר בײדע זיינען, וואָלט איר אונדז זיכער ניט אַזוי הייס אַריינגעבעטן צו זיך!

דער בעל־הבית איז געוואָרן אַ ביסל מבולבל און ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. עפּעס אַ צווייטער ייד נעבן אים האָט אַ טרעף־געטאָן:

— מסתמא פון דער בונדיסטישער „פאָלקסצייטונג"?

ווען דער בעל־הבית האָט זיך דערוואוסט, ווער מיר זיינען, האָט ער זיך אַ באַליידיקטער אָפּגערופן צו שעפּנערן (ער האָט געמיינט אַז שעפּנער האָט עס געזאָגט ערנסט):

— ווי האָט איר עס געקאָנט אַזוי טראַכטן? איר זענט ביי אונדז די זעלביקע ליבע געסט, ווי די ציוניסטישע שרייבער! וואָס מיינט איר עפּעס?

ס׳איז אונדז קוים געלונגען אים איבערצייגן, אַז שעפּנער האָט עס ניט געמיינט ערנסט.

ווען מיר האָבן געפּרוואווט אַ רעד טאָן מכוח אונדז העלפן אויפזוכן פערד און וועגן אויף מאָרגן פאַרטאָג, האָבן די יידן זיך צעלאַכט:

— וואָס האַלט איר אונדז פאַר בטלנים? פערד זיינען שוין פאַר אייך באַשטעלט! איר דאַרפט שוין מער גאָר ניט זאָרגן.

פאַרטאָג זיינען עטלעכע פון אונדזערע פריינד געגאַנגען פון הויז צו הויז, וואו מען האָט אונדז איינקוואַרטירט אויף נאַכטלעגער, און אונדז אויפ־געוועקט. די פורלעך האָבן שוין געוואַרט. מיר האָבן האַרציק זיך גע־זעגנט מיט אונדזערע נייע קליינשטעטלדיקע פריינד און אין אַ ווײַלע אַרום איז פּיטשאַיעוו מיט אירע האַרציקע יידן געבליבן הינטער אונדז.

וואָס מער איך דערווייטער זיך פון יענעם פּיטשאַיעווער אָוונט, אַלץ וואַרע־מער ווערט מיר אין האַרצן פון דער דאָזיקער דערינערונג.

וואָס מאַכט איר, וואו זייט איר איצט, ליבע, האַרציקע, פּיטשאַיעווער יידן? צי האָט אייך נישט צעטראָטן דער ברוטאַלער שטיוול פון מענטשנפרעסערישן אָקופּאַנט? צי האָט איר געפונען אין זיך גענוג כוח איבערצוטראָגן די אומ־מענטשלעכע פּיין?

פאַרן פאַרלאָזן פּיטשאַיעוו, האָבן אונדז די אָרטיקע יידן דערציילט, אַז ביינאַכט זיינען אין שטעטל אָנגעקומען פּליטים פון בראָד און פון קרעמעניץ, וואָס זיינען נעכטן און אייערנעכטן באָמבאַרדירט געוואָרן. די קרעמע־ניצער האָבן דערציילט, אַז אין זייער שטאָט האָבן די גאַנצע צייט זיך געפונען פּוילישע מיניסטאָרן און אויסלענדישע אַמבאַסאַדאָרן, און קענטיק דערפאַר האָבן די דייטשן באָמבאַרדירט די שטאָט.

# דער אומקום פון די פּיטשאַיעווער יידן

באַלד נאָכן סוף פון דער מלחמה האָט טש. זאַלץ זיך דערוואוסט פון זיין קזינע מינדעל זאַלץ, וועגן אָנגעקומענע צוויי בריוו פון פּיטשאַיעווער לעבן געבלי־בענע וואָס זיינען געווען אין די דייטשע לאַגערן. נאָכן אָפּרופן זיך אויף די בריוו מיט אַ צחאַג צו העלפן אַלע לעבנגעבליבענע, האָט טש. זאַלץ דערהאַלטן בריוו פון 35 פּיטשאַיעווער וואָס זיינען געווען אין די דייטשע און איטאַליענישע לאַגערן. אויף זיינע באַמיאונגען צו באַקומען ביי זיי אויספירלעכע אינפאָר־מאַציעס וועגן דעם גורל פונעם שטעטל גופא האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז די אַלע האָבן פאַרלאָזט פּיטשאַיעוו מיט יאָרן פריער איידער די דייטשע מערדער זיינען אַהין אַריין. טש. זאַלץ האָט ווייטער געניסטערט אויף צו דערגיין עפּעס וועגן שטעטל. ער האָט אויך אָפּגעזוכט איינעם אהרון קופּער־מאַן, שיע דעם געלנס אַ זון, וואָס איז אַוועק פון שטעטל, ווען די דייטשן בשותפות מיט די אוקראַינער האָבן זיך געגרייט אומצוברענגען דאָס לעצטע אַלע חוץ אים זיינען אויפן וועג אומגעקומען. ער אַליין האָט זיך דערשלאָגן צו אַ גרופּע פּאַרטיזאַנען אין אַ וואַלד און איז געבליבן דער איינציקער לע־בעדיקער עדות וואָס ווייסט צו דערציילן פונעם חורבן פּיטשאַיעוו. ער האָט אויפן באַגער פון טש. זאַלץ אָנגעשריבן אַלץ וואָס ער ווייסט און געדענקט. אין זיין אָפּנהאַרציקייט האָט אהרון קופּערמאַן זיך ניט געטרויט צו קענען אַליין אָנשרייבן און טש. זאַלץ האָט אים פאַרבונדן מיט צוויי אינטעליגענטע פּיטשאַיעווער אין די לאַגערן, וואָלף ווייצמאַן און חיים לייב גערטל. אהרון קופּערמאַן האָט געפאָלגט טש. זאַלצס בקשה און איז געפאָרן צו די צוויי אין אַן אַנדער לאַגער. זיי האָבן אַלץ פאַרצייכנט. אַ דאַנק אהרון קופּערמאַן, דער איינציקער וואָס איז געווען אין שטעטל מיט היטלערס מערדער, און די צוויי וואָלף ווייצמאַן און חיים לייב גערטעל האָבן מיר די געשיכטע פון דעם חורבן פּיטשאַיעוו. ס׳איז, בכן, אַ קאָלעקטיווע קאָנטראָלירטע באַשרייבונג.

אהרון קופּערמאַן געפינט זיך איצט אין וויניפּעג, קאַנאַדע. וואָלף ווייצמאַן געפינט זיך אין חיפה, ער איז אַ לערער אין אַ שולע, חיים לייב גערטל געפינט זיך איצט אין אַ קיבוץ משק יגור אין ישראל.

## דער אַריינמאַרש פון די דייטשן קיין פּיטשאַיעוו און די ערשטע זעקס חדשים פון זייער ממשלה

**מיר ווילן דאָ איבערגעבן פאַר אַ זכר לדורות די הימלשרייענדיקע רציחות, וואָס די נאַציס זיינען באַגאַנגען לגבי אונדזער פאָלק בכלל און לגבי אונדזערע אייגענע און נאָענטע אין פּיטשאַיעוו בפרט.**

ביים אויסברוך פון דער מלחמה צווישן דייטשלאַנד און סאָוועט־רוסלאַנד, זיינען כמעט אַלע פּיטשאַיעווער יידן נאָך געווען אויפן אָרט. בלויז יחידים האָבן ביז יענער צייט פאַרלאָזט זייער היים און זיך געלאָזט אין דער וועלט אַריין זוכן אַ מקום מקלט.

דעם 30טן יוני, 1941, אַ וואָך נאָכן דייטשן איבערפאַל אויף רוסלאַנד, האָבן די דייטשן אַריינמאַרשירט קיין פּיטשאַיעוו. גלייך ביי זייער ערשטן אַריינקום, איז געפאַלן דער ערשטער יידישער קרבן. פּאַסירט האָט עס אַזוי: ווען די דייטשע אויסשפּיר־קאָמאַנדע האָט זיך באַוויזן אין שטעטל, האָט פון ערגעץ־וואו זיך דערהערט אַ שאָס. פאַר די דייטשע סאָלדאַטן איז דאָ געווען אַ גוטער תירוץ אָנפאַלן אויפן ערשטן בעסטן יידישן הויז און גלייך אויפן פּלאַץ דערשיסן דעם אומשולדיקן שמעון ביק (דער שמיד).

די ערשטע פאַראָרדענונג פונעם אָקופּאַנט איז געווען, יידן זאָלן אָפּגעבן זייער גאַנצן לעבעדיקן אינווענטאַר: בהמות, פערד, עופות, אאַז״וו. יידן האָבן געזוכט מיטלען ווי ווייט מעגלעך אַרומצוגיין די גזירה. מ׳איז געווען זיכער, אַז גאָר אינגיכן וועלן די דייטשן כאַפּן די מפּלה פון דער רויטער אַרמיי. האָט מען, עד יעבור זעם, אָפּגעגעבן באַקאַנטע גויים אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט, ווער אַ קו, ווער אַ פערד. אשר שקאָלניק, אַן עלטערער ייד, האָט אָנפאַרטרויט זיין קו זיינעם אַ פריינד, אַ פּויער. אין עטלעכע טעג אַרום איז ער אַוועק צו זיין פריינד געוואָר ווערן וועגן זיין קו און אגב טאַקע קריגן אַ ביסל מילך. ביים פּויער אויפן הויף זיינען גראָד געווען דייטשע זעלנער. דערזעענדיק דעם יידן, האָבן זיי אים אָן אַ שום פאַרוואָס דערשאָסן. שקאָלניק איז געווען דער צווייטער יידישער קרבן אין פּיטשאַ־יעוו.

די צוויי פאַלן זיינען פאַר פּיטשאַיעווער יידן געווען אַ געוונגנדיקער אָנזאָג דערויף, וואָס די דייטשע הערשאַפט מיינט פאַר זיי. גאָר גיך האָבן די יידן אויך פאַרשטאַנען דעם פשט פון „גוטע שכנים״, די דייטשע אַרויס־העלפער, די אוקראַינער. די דייטשן האָבן געשאַפן אַ ציווילע אוקראַינישע אַדמיניסטראַציע. מען האָט אויך גערופן דריי יידן ווי פאָרשטייער פון דער פּיטשאַיעווער עדה. די דריי יידישע פאָרשטייער האָבן זיך געמאָלדן אין דער גמינע, האָט מען זיי אָפּגעשיקט צום געביטס־קאָמיסאַר קיין קרע־מעניעץ (23 קילאָמעטער פון פּיטשאַיעוו). דאָרט האָט מען זיי דערקלערט, אַז איצט הערשט דאָ אַ היטלעריסטישע מאַכט, אַז יידן זיינען אינגאַנצן שוצלאָז און אַז אַלץ וואָס מ׳וועט זיי באַפעלן טאָן, מוזן זיי גלייך אויספירן. די דריי יידן האָבן באַקומען דעם באַפעל אויסוויילן אַ יידן־ראַט פון צוועלף פערזאָן און אָרגאַניזירן אַ יידישע פּאָליציי פון 30 פערזאָן.

אויספירן דעם באַפעל איז געווען זייער שווער, מחמת קיין שום ייד האָט

ניט געוואַלט, מיטן איגענעם ווילן, ווערן אַ מיטגליד פונעם „ראַט", אָדער פון אַן אַנדער אינסטאַנץ. מ'האָט פאַרשטאַנען מיט וואָס פאַר אַ סכנות די „אַמטן" זיינען פאַרבונדן, מ'האָט שוין געוואוסט, אַז פאַרן מינדסטן אָפּנייג, קאָן די לייכטסטע שטראָף זיין — אַ קויל.

כמעט מיט צוואַנג האָט מען אין „יודן־ראַט" באַשטימט אָט די ידן: אייזיק מושניק (שמערל יאַסלס זון) — פאָרזיצער, פיניע טשערניאַק, יאַנקל הערש רודמאַן, שלמה רודמאַן, הערש לייב שובער, שמעיה אָרזשעך, יאַנקל לערער, יוסף פלאַקסמאַן און נאָך עטלעכע, וואָס זייערע נעמען געדענקען מיר ניט, ווייל זיי זיינען ניט געווען קיין פיטשאַיעווער און האָבן זיך געפונען אין שטעטל ווי פליטים פון מערב־פוילן.

איצט איז געקומען די ריי פאַר יענע יידישע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן בעת דער סאָוועטישער אָקופּאַציע געהאַט געאַרבעט ווי באַאַמטע אין סאָוועטישע אַנשטאַלטן. אוקראַאינער האָבן זיי פאַרמסרט, אַז זיי זיינען „קאָמסאָמאָלצעס", יוגנטלעכע קאָמוניסטן. מ'האָט זיי אַלע צונויפגענומען (אויב מ'האָט אַזאַ יוגנטלעכן ניט געפונען אין דערהיים, האָט מען גענומען זיינע עלטערן) און נאָך שרעקלעכע פּייניקונגען, האָט מען זיי אַלע דערשאָסן.

אוקראַאינער פּאָליציאַנטן, ס'רוב פון זיי שטעטלשע שקצים, אָנגעפירט פון עטלעכע דייטשן, האָבן אין דער נאַכט פונעם 8טן יולי, 1941, צונויפגענומען הונדערט זעקס פיטשאַיעווער יידן און זיי פאַרשפאַרט אין קעלער פון דער פּאָליציי, אין ראַטהויז. אַ גאַנצן מעת־לעת האָט מען געהאַלטן די אַרעס־טירטע אָן אַ ביסל וואַסער און אָן יעדער מעגלעכקייט צו דערליידיקן וועלכע ס'איז מענטשלעכע באַדערפעניש. מ'האָט די יידן מערדערלעך געשלאָגן. פאַרנאַכט האָט מען זיי, כמעט נאַקעטע, אַדורכגעפירט דורך דער שטאָט. די אומגליקלעכע קרבנות זיינען אַלע געווען אַזוי צעשלאָגן און צעקאַ־ליעטשעט, אַז קיינעם פון זיי האָט מען ניט געקאָנט דערקענען. דעם זעלביקן אָוונט האָט מען זיי אַלע דערשאָסן אין בילער וואַלד אויפן קרעמעניצער וועג. צווישן די הונדערט זעקס אומגעבראַכטע האָבן זיך געפונען: דער פיטשאַיעווער רב אליעזר אורעצקי ז"ל. ער האָט באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק בשעת מען האָט די גאַנצע גרופּע געפירט דערשיסן און איז אַוועקגעפאַלן. די וואַך וואָס איז געפאָרן אין אַן אויטאָ הינטער דער גרופּע, האָט מיט אַ כיוון פאַרקערעוועט דעם אויטאָ אויף זיין קערפּער און אים צעדריקט אויף טויט. די יידן האָבן געמוזט נעמען דעם מת און אַוועקטראָגן צו אַ גרוב וואָס איז שוין געווען צוגעגרייט. אין זעלביקן גרוב האָט מען מיט עטלעכע מינוטן שפּעטער אַריינגעשליידערט די דערשאָסענע, אָדער נאָך האַלב־לעבעדיקע. דאָס איז די רשימה פון די אומגעבראַכטע: גדליהו זאַלץ, יוסף זאַלץ, יוסף אוישאַן, דוד אוישאַן, לייבוש ראַווקע, יאָסל קליגער, חיים קראַסנאָפּיאָר מיט אַ זון און איידעם, שלום רויטבאַרד מיט דריי זין, נאָטע

ראוועקע מיטן איידעם, נחמן טשערניאַק, מאיר אורעצקי, משה וואַסערמאַן מיטן זון, מאָטיע זילבער, ישראל (בן יעקב) רודמאַן, משה נודעל, יוסף קרויזען, חיים (בן אַנשל) קלאָץ, יאַנקל שוחט מיטן זון ברוך, ישעיהו לאַנדאַ, לייזער (בן יצחק) רודמאַן, מאַנעס לידעכאָווער, וואָווקע יאַנקל, פייסע און שאַיע פוקסמאַן, פיניע וואָלק, יודקע און חיים באַרנבליט, אפרים און שלמה צוויק, יאַנקל בריק מיטן זון אַלטער, שמחה פורשט, משה יעקב שובער מיט צוויי זין בורצע און שלמה, יאָסל לערער, שאַיע סאַסענקאָ מיטן זון, ישראל סקולסקי מיטן זון פייוול, חיים הערש מאַנדל, חיים (בן יוסף) טשערניאַק, שמואל שובער, שמעון פייערשטיין מיט אַ זון און איידעם, יצחק פייערשטיין, משה בריק, שלמה קאַבריק, שלמה קרוסמאַן, אברהם קרוסמאַן, יחיאל פורשט, בוזיע טשערניאַק, אברהם (בן יעקב) יאַקיראַ, מרדכי מאַנדל מיטן זון אברהם, אברהם אבא קופּערמאַן (קוציע), יודל רודמאַן (בן יוסף) מיטן זון יאַנקל, אברהם פיגלער, קלמן בלאָװשטיין, משה ליינער, יאָסל פוקס־מאַן, חיים (בן בנימין) טשערניאַק, שלמה יהודה און לייזער רודמאַן, ישראל פעדערמאַן מיט זיין איידעם, בצלאל רייסמאַן, שמואל זאַלצמאַן מיטן זון משה, שמחה מעש, באָריס אבנער, זלמן קופּער א. אַ.

די יידישע באַפעלקערונג אין שטעטל איז שיטערער געוואָרן, ס׳איז אָבער גרעסער געוואָרן די צאָל אלמנות, יתומים און נויטבאַדערפטיקע. אַ פּחד האָט אַלעמען באַהערשט. מ׳האָט געפילט, אַז פריער־שפּעטער, אויף אַלעמען וואַרט דער זעלביקער פינצטערער סוף.

די רציחות האָבן דורכגעפירט די נעכטיקע שכנים, און כלומרשטע פריינד. אַן אייביקע טויט־שרעק האָט געפרעסן יעדן יידן אין שטעטל. אַמאָל האָט מען געקענט מיט דערנידעריקן זיך, אויסקויפן זיך פון די אוקראַינישע רוצחים. מ׳האָט אָן אָן אויפהער „געצאַפּט" פון דער קהילה צו צאָלן פאַר־שיידענע קאָנטריבוציעס, וואָס מען האָט כסדר אַרויפגעלייגט אויפן פאַר־אָרעמטן יידישן ישוב. יעדער טאָג מיט זיין ספּעציעלע קאָנטריבוציע: פעלצן, זאַכן, ניי־מאַשינען, שרייב־מאַשינען (וואָס זיינען אין שטעטל לגמרי ניט געווען), געלט, צירונג, כמעט אַלץ וואָס אַ מענטש האָט פאַרמאָגט. יעדער דייטש האָט צו יעדער צייט געקאָנט אַריינגיין אין אַ יידיש הויז און צונעמען וואָס זיין האַרץ האָט נאָר געגלוסט. וואוהין אַריינגיין האָבן זיי געוואוסט אויף זיכער, מחמת אַלע יידישע הייזער האָט מען באַצייכנט מיט אַ מגן־דוד. געטאָן האָבן דאָס ניט בלויז די דייטשן. די אוקראַאינער זיינען ניט געבליבן הינטערשטעליק...

די נאָך לעבעדיקע יידן, האָבן די צעיושעטע מערדער קענטיק באַשלאָסן קודם פאַרניכטן זיי גייסטיק און מאָראַליש. יידן האָבן געקראָגן אַ באַפעל צושטעלן אין אַ שאַנד־הויז פאַר די דייטשן צוואַנציק מיידלעך אין עלטער פון 18 ביז 20 יאָר. וואָס יידישע טאַטע־מאַמעס האָבן איבערגעלעבט, איז

ניט מעגלעך איבערצוגעבן מיט געווײנטלעכע ווערטער. ס׳איז סוף־כל־סוף געלונגען זיך אויסקויפן מיט געלט פאַר דער שענדלעכער גזירה. דאָס איז אפשר געווען דער אײנציקער פאַל, ווען געלט האָט געראַטעוועט ניט פונעם טויט, נאָר פון דער שרעקלעכסטער מענטשלעכער באַליידיקונג און פאַר־שוועכונג...

די מערדער האָבן סיסטעמאַטיש פאַרניכטעט לכתחילה גאַנצע גרופּן. פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט מען מיט קליינע הפסקות, כסדר געשניטן לעבעדיקע פּאסן.

אין איינעם פון אַזעלכע טעג האָט מען צוגענומען צען יונגעלייט „קאָמוניסטן״. מען האָט נאָך געפאָדערט פאַר זיי אויסקויף־געלט, אַ סומע פון 50 טויזנט מאַרק. מען האָט די געפאָדערטע סומע צוגעשטעלט. און צו די יידן האָט מען אָפּגעגעבן צוריק — צען טויטע יונגעלייט. מ׳האָט זיי דערשאָסן אויפן הויף פון דער גמינע. די אַנדערע יידן האָבן געמוזט די קערפּערס אַוועק־טראָגן, אָבער ניט אויפן בית־עולם. זייערעביינער רוען — צו אייביקע שאַנדע די מערדער — אין וועלדל, וואו מען פלעגט באַגראָבן נבלות, און טאַקע אין זעלביקן גרוב האָט מען באַפוילן זיי מקבר זיין. און באַפוילן האָט עס איינער פון אונדזערע שכנים, וואָס האָט געלעבט פון יידן, געגעסן ביי זיי שבתדיקע חלה און געטרונקען פון קידוש־וויין, און ביי די דייטשן איז ער עולה־לגדולה געוואָרן.

***

זעקס חדשים האָבן די יידן אין פּיטשאַיעוו געלעבט „פריי״, ד. ה. מער ווייניקער אונטערן אייגענעם דאַך. דאָס האָבן זיי די מערדער ניט געקאָנט פאַרגינען. אַ ייד האָט נאָך געקאָנט קריגן אַ ביסל פּראָדוקטן, אַ שטיקל ברויט. און אפשר גאָר ווי ס׳איז אַנטלויפן, אויסבאַהאַלטן זיך. דער דאָזיקער מצב האָט זיך „געמוזט״ ענדיקן, לויט דער השגה פון די פרעמדע און היימישע רוצחים. ס׳איז געקומען אַ באַפעל: אַלע יידן מוזן אַריין אין געטאָ, וואָס איז פאַר זיי אָנגעצייכנט. די געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן פון רידיקיערס הויז און האָט זיך געצויגן ביז אַראָפּ צו דער באָד־גאַס. אויסגעזען האָט די געטאָ אומגעפער אַזוי:

אַרום דער געטאָ, וואָס האָט געהאַלטן „אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן״ האָט מען אויפגעשטעלט אַ צוים פון ברעטער, צוויי מעטער די הייך, צונויפגעקלאַפּט געדיכט, ווי אַ וואַנט. איבער די ברעטער — אָנגעצויגענער שטעכיקער דראָט אין דריי רייען. די ברעטער האָבן יידן גופא געמוזט צושטעלן. דעם צוים האָט מען געמוזט פאַרטיק מאַכן אין 24 שעה צייט, און גלייך טאַקע האָבן אַלע יידן געמוזט זיך געפינען אין געטאָ, אונטער דער געפאַר דערשאָסן

צו ווערן. ס'איז געוואָרן אַ שרעקלעכע ענגשאַפט, מ'האָט זיך בפועל ממש געטראָטן אויף די פיס.

יעדע בודקע (בײדל), יעדע שטאַל, איז געוואָרן אַ „הויז" אויף אַ „וואוינונג". ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַ קאַפּיטל פון צרות, פון פּײַן, טרערן און בלוט, הונגער און קעלט, דערנידעריקונגען.

## דאָס לעבן אין געטאָ

אין דער ענגשאַפט פון דער געטאָ האָט זיך געשפּירט אַ שטאַרקער מאַנגל אין וואַסער. נעבן הויז פון דוד רודמאַן (אַקעגן דעם ראָט־הויז), האָט מען געמאַכט אַ שמאָל טירל אַרויסצוגיין צום ברונעם נאָך וואַסער. צוויי שעה אין טאָג איז דערלויבט געוואָרן גיין נאָך וואַסער. ווער ס'האָט ניט באַוויזן דאָס צו טאָן אין די באַשטימטע צוויי שעה, איז געבליבן אָן וואַסער. אַ לאַנגע רײ מענטשן, מיט עמערס און טעפּ האָבן זיך אויסגעשטעלט בײַם ברונעם, און געוואַרט אויפן ביסל וואַסער. מיט גרויס מי און געלט איז געלונגען אויסצופּועלן אַז די פערד, וואָס זײַנען געווען בײַ דוד רודמאַן, מיכאל קאַרטימאַן, הערש לייב קאַרטימאַן זאָל מען ניט צונעמען. און מיט די פערד פלעגט מען אויך צופירן וואַסער אין געטאָ. אין די פעסער פונעם וואַסער פלעגט מען פון יענער זײַט געטאָ אַרײַנלייגן אַ ביסל תבואה, מעל און אַנדערע פּראָדוקטן און אַזוי אַרום אַריבערפּעקלען עס אין געטאָ. אין געטאָ האָט מען פון שטײנער געמאַכט זשאַרנעס (האַנט־מילן), געמאָלן די קערנער אויף מעל און גרויפּן, און פאַרטײלט צווישן די וואָס האָבן גאָרניט געהאַט.

אין אָנהייב האָט יעדער געטאָ־אײַנוואוינער באַקומען 150 גראַם ברויט אַ טאָג. שפּעטער האָט מען צוויי חדשים צײַט באַקומען 120 גראַם ברויט אַ טאָג. פּראָדוקטן האָט מען געקאָנט באַקומען בײַ פּויערים נאָר פאַר זאַכן, און שטאָפן, און דאָס מיט גרויסע שוועריקייטן. פאַר געלט האָט מען גאָרניט געקאָנט קויפן. אַזוי אַרום איז די נויט און דער הונגער אין געטאָ געוואָרן אַ שטענדיקער תושב.

אַ ביסל האָט געהאָלפן דאָס, וואָס יעדן טאָג פלעגט מען פאָדערן אַ צוויי־דרײַ הונדערט מאַן צו דער אַרבעט. די אַרבעט איז באַשטאַנען פון צענעמען די ייִדישע ניט באַוואוינטע הײַזער און אין פאַרריכטן די וועגן. די וואָס זײַנען געגאַנגען צו דער אַרבעט, פלעגן אויסנוצן די געלעגנהייט, זיך אַרײַנ־כאַפּן אין אַ דאָרף און דאָרט אויסטוישן זאַכן אויף פּראָדוקטן, אָדער ברענגען אַ שטיקל האָלץ. יעדער האָט זיך געריסן צו דער אַרבעט, אָבער לײדער האָט מען ניט אַלעמען געקאָנט שיקן. דער אויפזעער איבער דער אַרבעט בײַ

די הייזער איז געווען אַן אוקראַינישער כוליגאַן מיטן נאָמען אַנטאָן פּאַסיע־טשניק, וואָס האָט זיך ממש אויסגעהאָדעוועט אויף יידיש ברויט. ער האָט זיך איזדיעקעוועט איבער די יידישע אַרבעטער, אַזוי אַז ס׳איז ניט געווען קיין טאָג אַז אַ צען־פופצן מענטשן זאָלן ניט צוריקקומען צעשלאָגענע, צע־הרגעטע.

קיין פּראָדוקטן האָט מען אין געטאָ ניט געטאָרט אַריינברענגען. אַ וואַך איז געשטאַנען אינעווייניק פון אַ יידישן פּאָליציאַנט און אינדרויסן — אַן אוקראַינישער. דער פּאָליציאַנט איז געווען אַ לייטישער, האָט מען וואָס ס׳ניט איז דורכגעשמוגלט: אַ שטיקל ברויט, אַ ביסל מעל, אָדער עפּעס אַנדערש. אָבער על פּי רוב זיינען דאָס געווען כוליגאַנעס, באַנדיטן, וועלכע פלעגן אַליין צונעמען און שלאָגן מיט שטעקנס. דער יידישער פּאָליציאַנט פלעגט אונטערהאַנדלען מיט דעם אוקראַינישן און אָפטמאָל פלעגט אים געלינגען אויספּועלן ביי אים ער זאָל דורכלאָזן די מענטשן מיט די פּראָדוקטן. אָפטמאָל, ווען ס׳איז געשטאַנען אַ באַנדיט ביים טויער, פלעגן די מענטשן איבערלאָזן זייער ביסל פּראָדוקטן מחוץ דער געטאָ, ביי קריסטן, און אויפן צווייטן טאָג פלעגן יענע ניט וועלן אָפּגעבן. אָדער — מען האָט אָפּגענאַרט אַז מען וועט דורכלאָזן, און ווען מ׳איז נאָר צוגעקומען צום טויער, האָבן די יידן באַקומען קלעפּ.

לאָמיר פאַרצייכענען אָט דעם פאַל: אויפן וועג קיין לאָסיאַטין, צפון־מערב פון פּיטשאַיעוו, פלעגט מען נעמען יעדן טאָג 20 מענטשן אויף אַרבעט. מחמת דעם וואָס דער פּלאַץ איז געווען נאָענט צום דאָרף, פלעגן יידן וועלן גיין אויף אָט דער אַרבעט. מ׳פלעגט זיך פון דער אַרבעט אַריינכאַפּן אין דאָרף אַריין, און דאָרט באַקומען פּראָדוקטן. פאַרשטייט זיך, אַז צוערשט פלעגט מען דעם שומר דערפאַר גוט באַצאָלן. האָבן מענטשן טאַקע זיך געריסן אַהין. אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אויסגעפּועלט צו שיקן אַהין אויף אַרבעט פערציק פּערזאָן. די מענטשן האָבן אָפּגעאַרבעט אַ צוויי שעה, האָבן גוט באַצאָלט דעם אויפזעער און זיך אַ לאָז געטאָן אין דאָרף אַריין זוכן פּראָדוקטן. אין דאָרף זיינען גראָד געווען אוקראַינישע פּאָליציאַנטן. זיי זיינען באַלד אַוועק אין שטאָט אַריין אויף ראַווערן און אָפּגעוואַרט די מענטשן ביים געטאָ־טויער, און זיי ניט אַריינגעלאָזט אין געטאָ. די אוק־ראַינער האָבן צוגענומען די פּראָדוקטן. איינער פון די יידן, שאַפּאָוואַל פון קרעמעניץ, וואָס האָט געוואוינט אין קריטניעוו, און איז איבערגעפירט געוואָרן אין געטאָ, האָט געהאַט 10 קילאָ מעל, וואָס ער האָט באַקומען אין דאָרף. ער האָט עס באַלד אַריבערגעוואָרפן איבערן פּלויט. אין דעם מאָמענט האָט אים דער אוקראַינישער פּאָליציאַנט בערעזי, (יאָסיף בעז־פּאַלקעס, אַ זון פון דער בערעזענע) געשאָסן אויפן אָרט. די איבעריקע 39 מענטשן האָבן געמוזט שטיין דריי שעה אַן באַוועגונג. די אוקראַינער האָבן אַרויסגערופן דעם דייטשן לאַנדווירט. מ׳האָט די מענטשן אַלע גע־

בראַכט אין פּאָליציי־אַמט. דער געביטס־קאָמיסאַר איז געקומען און האָט „אויסגעפּאַרשט״ די אוקראַינישע פּאָליציאַנטן; זיי האָבן אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג, אַז די יידן זיינען אָנגעפאַלן אויף זיי און זיי געוואָלט אַנט־וואָפענען. דער געביטס־קאָמיסאַר האָט אויסגעקליבן 19 פון די יינגסטע יידן, און זיי אַוועקגעשיקט מיט פּאָליציאַנטן אויף די ליפּעס. *) דאָרט האָט דער יודן־ראַט געמוזט אויסגראָבן אַ גרוב און אַלע 19, ניט־דערשאָסענע, באַגראָבן.

נאָך צוויי חדשים זיין אין געטאָ, ווען מען האָט אויפגעהערט געבן ברויט, איז די נויט און דער הונגער געוואָרן גרעסער. מענטשן זיינען ממש גע־שוואָלן געוואָרן און געשטאָרבן פון הונגער. אליעזר שרייבשטיין האָט אויפ־געהויבן אַ געוואַלד, גערופן אַן אסיפה אין דער האַלב חרובער שול און מיט געוויין גערופן העלפן די נויטליידנדע. ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָ־מיטעט, וואָס זיין עובדה האָט געדאַרפט זיין, זאַמלען געלט ביי די פאַרמעג־לעכערע און איינאָרדענען אַ קיך. מ׳איז באַלד צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. אין קיך האָט מען יעדן טאָג געקאָכט זופּ, און לאַנגע רייען מענטשן פלעגן זיך אויסשטעלן מיט טעפּ און באַקומען אַ פּאָרציע זופּ. אַזוי אַרום האָט מען אַ ביסל געלינדערט די נויט.

דאַן איז געשען אַ פאַל: אין געטאָ איז געווען איינער שמעון לידעכאָווער, וואָס האָט געשטאַמט פונעם דאָרף לידעכאָוו. זיין זון משה האָבן מענטשן געגעבן אַן עצה ער זאָל אַוועק קיין לידעכאָוו צו זיינע היימישע גויים, און ביי זיי אויסבעטן עפּעס צום עסן. ער האָט זיך געלאָזט איינרעדן. ר׳האָט זיך גאַנץ פרי אַרויפדראַפּעט אויפן פּלויט. אַ פּאָליציאַנט פון זיין דאָרף, וואָס האָט אים געקענט, האָט אים באַמערקט און אַראָפּגעשאָסן. כמעט יעדן טאָג פלעגט עפּעס געשען. אַזוי האָט מען זיך געפונען אין שטענדיקן טעראָר און טויט־שרעק. יעדער טאָג איז געווען אַ יאָר. מ׳האָט געפילט, אַז ס׳וועט זיך סוף־כל־סוף דערנענטערן דער טאָג, דער שרעקלעכסטער. אָבער יעדער איינער האָט געגלויבט, אַז אים מיינט מען ניט. אַזוי האָט מען געצויגן די טעג ביזן 25טן אין חודש אלול, 1942.

### דער סוף פון געטאָ

מיט אַ פּאָר טעג פריער האָט מען צונויפגעבראַכט אין שטעטל אַריין די גאַנצע אוקראַינישע פּאָליציי, אין אַ צאָל פון אַ 200 פּאָליציאַנטן. צוליב וואָס, האָט קיינער ניט געוואוסט. זיי האָבן אַזוי זיך געלאָזט וואוילגיין עטלעכע טעג, ביז שבת 6 אַזייגער אָוונט, ווייל דעמאָלט פלעגן שוין צוריק זיין אין געטאָ אַלע אַרבעטנדיקע. זונטיק האָט מען ניט געאַרבעט.

---

*) אַן אָרט באַוואַקסן מיט ליפּעווע ביימער.

דאַן האָט מען אָפּגעשלאָסן די געטאָ. מ׳האָט קיינעם ניט אַרויסגעלאָזט, און קיינעם ניט אַרײַנגעלאָזט. אויף יעדע פינף שריט איז אַרום געטאָ געשטאַנען אַ אוקראַאינישער פּאָליציאַנט. דער יודן־ראַט האָט אינטערוועגירט און גע־בעטן מען זאָל אַרויסלאָזן כאָטש אָנטרינקען די פערד, אָבער אויך דאָס האָט מען ניט דערלויבט. מ׳האָט אַרײַנגעשיקט שקצים, וואָס האָבן אָנגעפּויעט די פערד. אויף דער פראַגע פון יודן־ראַט וואָס ס׳איז פּלוצלונג געשען, האָט מען געענטפערט, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס די יידן בלאָנקען זיך אַרום, זוכן פּראָדוקטן, האָט מען זיי דערפאַר געגעבן אַ שטראָף, אַז דעם טאָג זאָל קיינער ניט אַרויסגיין פון דער געטאָ.

אַזוי האָט זיך געצויגן ביז דינסטיק 4 אַזייגער נאָך מיטאָג. דאַן האָט מען געזען אָנקומען פון ווישנעוועצער וועג צוויי אויטאָס מיט אַ דרייסיק געס־טאַפּאָווצעס. זיי זיינען פאַרפאָרן אין ראָטהויז און פּאָליציי. דאָרט איז שוין געווען פאַר זיי צוגעגרייט אַ גרויסאַרטיקע סעודה. מ׳האָט געקוילעט פאַר זייערטוועגן ספּעציעל אַ בהמה. זיי האָבן זיך גוט אָנגעפרעסן און אָנגעזויפט און אינאיינעם מיט די אוקראַאינישע פּאָליציאַנטן זיינען זיי מיט געזאַנג פון אוקראַאינישע לידער, אַוועק אין געטאָ. זיי האָבן אויפגעפאָדערט דעם גאַנצן יודן־ראַט מיט דער גאַנצער יידישער פּאָליציי זאָלן גלייך אַרויסקומען צום טויער. דער געסטאַפּאָ־שעף האָט געפרעגט דעם יודן־ראַט וויפל מענטשן עס געפינען זיך אין געטאָ. נאָכדעם וואָס דער יודן־ראַט האָט אים אָנגעגעבן די צאָל, האָט ער באַפוילן, אַז דער יודן־ראַט און די יידישע פּאָליציי זאָל אַלעמען אַרויסטרייבן פון דער געטאָ. איין פּאָליציאַנט האָט זיך עפּעס אָנגערופן מיט אַ וואָרט, האָט ער באַלד געכאַפּט איבערן קאָפּ. ס׳זיינען אויך געקומען עטלעכע וועגענער פאַר די קראַנקע.

באַלד האָט די געסטאַפּאָ מיט דער אוקראַאינישער פּאָליציי אָנגעהויבן יאָגן פון די הייזער, שלאָגן און הרגענען. די קולות זיינען דערגאַנגען עד לב השמים, מענטשן האָבן זיך צעקושט, זיך געזעגנט. מ׳האָט ספּאַזמירט, מ׳האָט דערפילט, אַז די לעצטע שעה איז געקומען.

ביים געטאָ־טויער האָט מען אָנגעהויבן סאָרטירן: מענער באַזונדער, פרויען באַזונדער, קראַנקע אויף די וועגענער און מען האָט אָנגעהויבן טרייבן די מענטשן דורך די פעלדער, ביז מען האָט זיי פאַרטריבן אויפן גלחישן צווינ־טער. נעבן צווינטער איז שוין געווען צוגעגרייט אַ גרויסער גרוב. ביים גרוב האָט מען געהייסן יעדן זיך אויסטאָן נאַקעט. מען האָט אַוועקגעשטעלט אַ פּולעמיאָט (מאַשין געווער), אויסגעשטעלט די נאַקעטע יידן אין אַ ריי, און אָנגעהויבן אויף זיי שיסן און וואַרפן אין גרוב. אַזוי האָט מען פאַר־ענדיקט מיט בערך אַכט הונדערט מענטשן. צום סוף האָט מען נאָך אַרײַנ־געוואָרפן אין גרוב אַריין אַ פּאָר גראַנאַטן, וואָס האָבן אויפגעריסן. דאַן באַשאָטן די קערפּערס מיט כלאָרין און פאַרשאָטן דעם גרוב.

די געטאָ איז געוואָרן באַוואַכט. נאָך יענער אַקציע האָט מען אָנגעהויבן כאַפּן די, וואָס ס׳איז זיי געלונגען זיך צו באַהאַלטן. אָט די מענטשן האָט מען אַרויסגעפירט אויפן קלויסטער־פעלד. מ׳האָט זיי געהייסן אַליין אויס־גראָבן גריבער, זיי געשאָסן און פאַרשאָטן. אַזוי האָט זיך עס געצויגן אַכט טעג ביז מען האָט אויסגעפונען די איבעריקע יידן און אויסגעראָטן. צום סוף זיינען נאָך געבליבן ביי אַ דרייסיק יידן. כדי זיי אויסנוצן פאַר פאַר־שיידענע אַרבעטן, האָט מען זיי פאַרזיכערט אַז זיי וועט שוין קיין שלעכטס ניט געשען. נאָכדעם ווי מען האָט זיי געהייסן אויסראַמען די געטאָ, צונויפ־טראָגן אַלע זאַכן אויף אַן אָרט, האָט מען זיי אַלע צונויפגעזאַמלט אויף איין אָרט, אַרויסגעפירט אויפן קלויסטער־פעלד און אַלע אויסגעשאָסן.

אַזוי האָט טראַגיש פאַרענדיקט אונדזער שטעטעלע. ס׳זיינען געווען פאַלן, ווען איינצלנע העלדישע יונגעלייט זיינען דאָך אַנטלאָפן. אַז אַן אוקראַינער האָט געכאַפּט אַן אַנטלאָפענעם יידן, האָט ער אים אויף אַן אָרט דערהרגעט. אַ „גוטהאַרציקער” אוקראַינער האָט אים איבערגעגעבן דער פּאָליציי. די רוצחישע אוקראַינער האָבן צוגעשטעלט אַ וואַך און געהיט אַז קיינער זאָל ניט איבערבלייבן, עס זאָל ניט זיין ווער עס זאָל דערציילן וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן.

## פון אהרון קופערמאַנס בריוו צו חנא זאַלץ

# חורבן פיטשאַיעוו

### (פון 19טן מאַי, 10טן יוני און 1טן דעצעמבער 1947)

צוויי וואָכן נאָכן מלחמה־אויסברוך האָבן די היטלעריסטן פאַרנומען דאָס שטעטל. די ערשטע צוויי קרבנות זיינען געווען — שמעון ביק, דער קאַוואַל און משה שקאָלניק. אין צען טעג אַרום האָט די געסטאַפּאָ אויפגעפאָדערט אַלע יידישע קאָמוניסטן זיך צו מעלדן. ביי אונדז זיינען קיין קאָמוניסטן קיינמאָל ניט געווען. מיט דער הילף פון די „גוטע פריינד" שכנים אוקראַאינער האָט מען געכאַפּט 106 מענטשן, זיי אַרויסגעפירט אינעם בילע וואַלד און זיי אַלע דערשאָסן. צווישן די אומגעבראַכטע זיינען געווען, דער רב אליעזר אורעצקי, גדליה זאַלץ, יוסף וואָלף זאַלץ, בנימין זאַלצס מיידלעך, חנה און רבקה. דאָס איז געווען די ערשטע מאָרד־אַקציע. ער אַליין, בנימין, איז געשטאָרבן אַ פּאָר טעג, ערב דער ליקווידאַציע פון דער געטאָ. אויך הערש לעמל און מינצע זיינען דעמאָלט אומגעבראַכט געוואָרן.

די געטאָ איז איינגעפירט געוואָרן זעקס חדשים נאָכן באַזעצן דאָס שטעטל. זיבן חדשים לאַנג האָט מען אונדז געמאַטערט דורך פאַרשיידענע גזירות צו דערפילן.

פינף־און־צוואַנציקסטער טאָג פון חודש אלול, 1942, האָט מען אַרומגערינגלט די געטאָ, אַרויסגענומען פון דאָרט מענטשן צום דערשיסן. גאַנצע אַכט טעג האָט געדויערט די דאָזיקע עקזעקוציע. *)

אין מיטן דער שטאָט האָט מען אויפגעזאַמלט די יידן, אַלט, יונג, קינדער, זויג־קינדערלעך און זיי אומברחמנותדיק געמאַטערט. דערנאָך האָט מען אַלעמען אַריינגעטריבן אין שול. די טירן פאַררינגלט. די רוצחים און גזלנים האָבן די שול אונטערגעצונדן. דער „שמע ישראל" פון דער ברענענ־דיקער יידישער נשמה, דער געשריי האָט געשפּאָלטן הימלען. דער וואָס

---

*) פון לייזער רודמאַנס דערציילן, אַ ביסל וויטער, איז צו זען, אַז דאָס איז געווען די צווייטע עקזעקוציע. די **רעדאַקציע.**

איז ניט געווען צווישן די קרבנות האָט געזען, אַז ניט קיין פייער־פלאַמען, נאָר פון יידיש בלוט איז דער הימל רויט געוואָרן.

אין דער צייט ווען מיר זיינען געווען אין געטאָ פלעגט מען יעדן טאָג טרייבן אַ פּאָר הונדערט פון אונדז אויף אַרבעט צו צוואַרפן אַלטע יידישע הייזער. ווידער די נייע האָט מען כלומרשט ליציטירט. די אוקראַאינישע רוצחים זיינען דורך דער מאַכט צוגעטיילט געוואָרן די הייזער. אונדזערע פריערדיקע „גוטע פריינד", די שכנים, האָט עס געהייסן, האָבן די הייזער „אָפּגעקויפט". פון די צוואָרפענע הייזער האָט מען די בוי־מאַטעריאַלן אַוועקגעפירט צו זיך אין די וואוינערטער. די געבליבענע קליינע צאָל הייזער האָבן די מער־דער פאַרנומען. חוץ דער פאַרברענטער שול האָט מען די קלויז צוואָרפן, דער בית־מדרש איז געוואָרן אַ לאַגער פאַר פּראָוויאַנט.

פון די לעבנגעבליבענע, וואָס זיינען געווען צעשפּרייט אומעטום, האָט קיינער זיך ניט צוריקגעקערט. מען האָט פשוט ניט געקענט דאָרט וואוינען מער. די אוקראַאינישע נאַציאָנאַליסטישע באַנדע, האָט פשוט אויסגעמאָרדעוועט יעדן יידן וואָס זיי האָבן באַגעגנט. איין פּיטשאַיעווער יינגל, אַ מלחמה־אינוואַליד האָט זיך אומגעקערט אין שטעטל, געבלאָנדזשעט איינער אַליין אויף די קוליעס. די באַנדיטן האָבן אויך דאָס ניט געקענט פאַרטראָגן און אים דערשאָסן. דאָס איז געווען אברהם שוואַרץ. זיין פאָטער איז געווען חזן אין דער גרויסער שול.

מיר מיט נאָך עלף מענטשן איז געלונגען צו אַנטלויפן אין אַ וואַלד. פון דאָרט זיינען מיר אַוועק קיין פּאָדקאַמיען, און ווייטער — קיין בראָד. אין די צען וואָכן צייט פון אונדזער זיין דאָרט, זיינען פון אונדזערע צוועלף געבליבן נאָר — צוויי. די איבעריקע האָט די געסטאַפּאָ געכאַפּט און דערמאָרדעוועט. געבליבן בין איך און יחיאל שאַץ. ווען עס איז פאַר אונדז געוואָרן אוממעגלעך זיך דאָרט ווייטער אויסצובאַהאַלטן, האָבן מיר זיך צעשיידט, אויף באַ־זונדערע וועגן. איך האָב זיך געלאָזט אויף צוריקוועגס קיין פּיטשאַיעוו און האָב זיך אָנגעשלאָסן אָן אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע. פריי זיינען מיר געוואָרן בעת די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען די געגנט.

# פּיטשאַיוו נאָכן חורבן

## דערציילט פון לייזער רודמאַן *)

צו דערציילן ווי אַזוי איך אַליין האָב זיך קוים געראַטעוועט מיטן לעבן וועל איך אפשר אַ צווייט מאָל. דערווייל נאָר וועגן דעם, ווי אַזוי איך האָב גע־טראָפן דאָס שטעטל פּיטשאַיעוו נאָך דעם חורבן.

באַלד נאָך דער באַפרייאונג איז געווען מיין שטאַרקער באַגער צו פאָרן אַהיים, קיין פּיטשאַיעוו. איך האָב אפילו שוין געוואוסט פון דעם חורבן וואָס די מלחמה האָט געלאָזט פון דעם שטעטל וואָס איז געווען באַוואוינט, בעיקר, פון יידן, אָבער איך האָב געלעבט מיט דער האָפנונג צו טרעפן כאָטש עמיצן פון מיין משפחה, און אויך אַנדערע יידן. די האָפנונג איז אויסגערונען געוואָרן, ווען ביי מיין באַטרעטן די ערד האָב איך געזען בלויז פאַרוויסטעניש. 80 פּראָ־צענט פון אַלע יידישע הייזער פאַרברענט, פאַרטיליקט. אַ פאַרגליווערטער פּונעם גרויל האָב איך ניט געוואוסט וואוהין אַריינצוגיין. מיין עלטערנס הויז — אַ חורבה מיסט. איך האָב געזוכט אַ יידן, אָבער — ניטאָ מער קיינער. ס'האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַנגסטן פון כחד. דאָס געפיל האָט געמאָנט — אַנטלויפן באַלד. אָבער ווי אַזוי, וואוהין? מיינע אויגן האָבן פּלוצים דערזען פון ווייטנס דעם בית־מדרש, כ'בין אַהין אַוועק. ביים צוקומען האָב איך דאָרט געטראָפן אַ וועכטער, אַ סאָלדאַט. אויף מיין פראַגע, וואָס ער היט דאָרט, איז זיין ענטפער געווען אַ שפּייכלער מיט תבואה. נאָך ווייטערן אַרומבלאָנקען האָב איך דערוויסט צוויי יידישע קינדער, אברהם רידיקערס (קאַקראָוועור) צוויי אייניקלעך. אַ יינגל און אַ מיידל. ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די גאַנצע צייט פון דער מלחמה האָבן זיי און זייערע עלטערן זיך אויסבאַהאַלטן אין שטעטל. גראָד ערב דער באַפרייאונג האָבן די אוקראַינישע מערדער אומגע־בראַכט די עלטערן. דאָס יינגל האָבן זיי געמאַכט פאַר אַ קאַליקע. ווען די רוסישע אַרמיי־טיילן זיינען אַריין האָט מען אים אַמפּוטירט אַ פוס.

די צוויי קינדער האָבן עס מיר דערציילט ווי אַזוי מ'האָט פאַרטיליקט די יידן. אין 1942, אין די 3 „אַקציעס", צווישן שבועות און ראש השנה האָט מען אַלעמען אומגעבראַכט. די ערשטע צוויי עקזעקוציעס זיינען אויסגעפירט געוואָרן אויף דעם בית־עולם.

איידער איך האָב פאַרלאָזט מיין חרובדיק שטעטל בין איך אַוועק אויפן בית־

---

*) יאַנקל לייזערס זון, לייזער רודמאַן איז איינער פון דעם געראַטעוועטן רעשטל.

עולם אָפּשייד נעמען פון דער מאַמען עליה השלום. איך האָב דאָרט געטראָפן דעם אַמאָליקן שומר, פּעטרי לעטאַצקי. אויך ער האָט מיר דערציילט וועגן דעם שוידער פונעם אומקום. ער האָט מיר געמאָלן ווי אַזוי מ׳האָט פּלוצים זיך אַ לאָז געטאָן אין שטעטל, געכאַפּט מענער, פרויען, קינדער און אַלעמען געטריבן צום בית־עולם. מ׳האָט אַלעמען פריער געקאַטעוועט די לייבער און געצוואונגען אויסצוגראָבן פאַר זיך קברים. די אויסגעגראָבענע גריבער האָט מען איבערגעצויגן מיט ברעטער און געטריבן די קרבנות זיי צו באַטרעטן. ווי נאָר איינער איז אַרויפגעטראָטן אויף אַ ברעט איז ער פון אַ שאָס באַלד אַריינגעפאַלן אין גרוב. מיט אַ וואָך שפּעטער האָט זיך די זעלבע עקזעקוציע איבערגעחזרט. די דריטע עקזעקוציע איז אויסגעפירט געוואָרן אויסער דעם שטעטל ,אין דער ריכטונג פון דער ליפּאָווער גאַס, געפירט צו אַ פעלד, ניט ווייט פונעם קריסטלעכן צווינטער (סעמעטרי). וועגן דעם האָט מיר דער־ציילט אַן אַנדער קריסט, אַ געוויסער דובענסקי. ער איז אַמאָל געווען אין אַמעריקע, נאָך זיין אומקערן זיך קיין כיטשאַיעוו האָט ער געוואוינט אין דער באָד גאַס.

צעקרענקט פון דעם אַלעמען האָט מיר געפינצטערט אין די אויגן. דאָס, וואָס אויך דער בית־עולם איז געווען פאַרוויסט, אפילו קיין מצבה ניט איבער־געלאָזט, האָט מיך אינגאַנצן נידערגעשלאָגן. פון די מצבות האָט מען עס אויסגעבויט אַ תבואה־שפּייכלער נעבן בית־מדרש. בלויז איין קליינע מצבה האָבן די טייוולאָנים איבערגעלאָזט, אַ מצבה פון אַ קינד. די פאַריתומטקייט אַליין האָט דערפון אַראָפּגעשריען.

דאָס קליינע מצבהלע ווי דער זכר לחורבן, קוקט אויס ווי דער בלינדער שומר אין דער נאַכט־פינצטערניש...

די עלטערן פונעם קינד האָבן זיך געראַטעוועט. זיי לעבן אין וויניפּעג, קאַנאַדע. דער פאָטער, שמואל טויבער, אַ לערער, פון גאַליציע, ער האָט חתונה געהאַט אין פּיטשאַיעוו פאַר גיטלען, משה טשערניאַקס אַ טאָכטער.

ניט קיין פּחד נאָר אַן אימה האָט צעריסן דאָס געמיט בעת מיין זיין אין מיין חרובער געבוירין־היים; אַ ווילדער שרעק האָט מיך אַרומגעכאַפּט און ניט דער־לאָזט צו דערזען אַלץ... אפשר וועט עמיץ אַנדערש, וואָס איז נאָך מיר געווען, דערגאַנצן דאָס, וואָס איך האָב פאַרפעלט.

אָפּגעמעקט איז געוואָרן יעדער וועג און שטעג צו קבר אבות, זאָלן די ווערטער דינען פאַר אַן אייביקן זיכרון נאָך דער אָפּגעמעקטער עדה פּיטשאַיעווער יידן.

## וואָלף ווייצמאַן

(פּיוול דעם שמשס זון, נחום שמואלס אַן אייניקל *)

# ווי אַזוי איך האָב זיך געראַטעוועט פון אומקום

אין 1939, קורץ נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן אָקופּירט פּוילן, האָט די רויטע אַרמיי אַריינמאַרשירט אין אונדזער געגנט. רויט־אַרמייאישע טיילן האָבן זיך איינקוואַרטירט אויך ביי אונדז, אין פּיטשאַיעוו. דעם טאָג, ווען די סאָוועטישע חיילות זיינען אַריין צו אונדז אין שטעטל ,האָב איך געזאָגט מיין פּרוי ע״ה בזה הלשון: „היינט זיינען מיר געוואָרן אויס מענטשן, אויס יידן״. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי לעבן — צום ערגערן. אַלע נייטיקסטע לעבנס־מיטלען זיינען מיט אַ מאָל ווי אין דער ערד אַריין. צו דער שטענדיקער שטעטלשער באַפעלקערונג איז דערצו נאָך צוגעקומען אַ היפּשע צאָל פּליטים, ס׳רוב יידן, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון דער נאַצישער אָקופּאַציע. אויפן באַפעל פון די נייע מאַכטהאָבער, האָט מען אין פּיטשאַיעוו געשאַפן אַ ציטווייליקן געמישטן קאָמיטעט פון יידן און קריסטן, וואָס האָט געדאַרפט איבערנעמען דאָס פאַרוואַלטן מיט די אינטערעסן פון דער לאָקאַלער באַפעלקערונג. איך בין באַשטימט געוואָרן ווי אַ קאָמיטעט־מיטגליד. פון אַפּזאָגן זיך האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין.

היות איך האָב געקענט רוסיש, פּויליש, בין איך געוואָרן ביי די סאָוועטן אַ קרוב למלכות. איך האָב געמיינט אַז איך בין שוין דורכדעם זיכער, כאָטש איך בין אין פּוילן געווען פאַררעכנט פאַר אַ בורזשוי. אין קאָמיטעט האָט מען מיר איבערגעגעבן די עבודה צו זאָרגן פאַר דער זיכערקייט און פאַרמעגן פון דער באַפעלקערונג. איך האָב ראשית כל אַנטוואָפנט אַלע די, וואָס האָבן געהאַט געווער, האָב אויסגעווײלט זיכערע מענטשן היטן די אָרדנונג, און בין אַזוי אַרום, קעגן מיין ווילן, געוואָרן „נאַטשאַלניק״ פון דער פּיטשאַיעווער מיליץ. דאָס האָט געדויערט אַרום פערטהאַלבן חדשים, ביז די ראַטן־מאַכט האָט אַריינגעשיקט קיין פּיטשאַיעוו מענטשן פונעם צענטער, וואָס האָבן איבערגענומען דעם גאַנצן ציווילן אַפּאַראַט. פּיטשאַיעוו האָט דאַן באַקומען צו פילן דעם אמתן טעם פונעם וואויל־באַקאַנטן סאָוועטישן רעזשים. יידן האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן ווי ס׳ניט איז זיך איינאָרדנען

*) דער מחבר, אַ פּיטשאַיעווער וואָס האָט חתונה געהאַט קיין לאַנעוועץ, בשכנות פון פּיטשאַיעוו.

אויף אַרבעט, זיך צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען. איך אַליין האָב געקריגן אַ וויכטיקן פּאָסטן — פאַרוואַלטער מיטן האַנדלס־אָפּטייל („זאַוויעדויושטשי טאָרגאָווים אָטדיעלאָם"). נאָכדעם ווי כ'האָב אָפּגעאַרבעט אַ פּאָר חדשים, האָט מען מיך אַראָפּגענומען פון פּאָסטן. עמיצער האָט מיך פאַרמסרט, אַז איך בין אַ בורזשוי און געווען אַן אָנפירער ביי די ציוניסטן.. מען רופט מיך אַרויס צום נאַטשאַלניק נ.ק.וו.ד. *) אַרום צוועלף ביינאַכט. זיי אַרבעטן נאָר דעמאָלט. דער נאַטשאַלניק נעמט מיך אויף העפלעך אין אַן עלעגאַנטן צימער, פּרעזענטירט מיך מיט אַ גוטן פּאַפּיראָס. אויפן טיש ליגט אַ רעוואָלווער. ער הייבט אָן מיט מיר אַ שמועס וועגן פאַרשיידענע זאַכן. (איך בין דאָך דעמאָלט געווען אַ שטיק „נאַטשאַלניק" ביי זיי — אַן אָנפירער פון האַנדלס־אָפּטיילונג). בשעת דעם שמועס בעט ער מיך איך זאָל פאַר אים טאָן עפּעס אַ טובה, און בינו לבינו גיט ער מיך אַ פרעג צו וואָס פאַר אַ פּאַרטיי איך געהער. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען אַז מען האָט מיך געמסרט. האָב איך אים דערציילט דעם אמת. איך בין געווען אַ מיטגליד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. און דאָס איז ביי זיי געווען טריף ווי חזיר. דאַן האָט ער מיר געזאָגט: „דו ווייסט וואָס ביי אונדז קומט דערפאַר? אָבער איך וועל דיך ניט טשעפּען, נאָר זאָג מיר ווער ס'איז אַ קעגנער פון דער סאָוועטן־מאַכט." פּשוט איך זאָל ווערן אַ מוסר. „און קודם כל, ווער נאָך איז ביי אייך געווען אַ ציוניסט?" האָב איך אים געענטפערט: „איך בין ביי דיר אין די הענט. דו קענסט מיט מיר טאָן וואָס דו ווילסט, אָבער איך וועל ניט זיין קיין מוסר. און יידן זיינען אין שטעטל כמעט אַלע געווען ציוניסטן. אָט אַזוי פלעגט מען מיך אַרויסרופן נאַכט נאָך נאַכט, אָפּהאַלטן אַ צוויי שעה. דערנאָך האָב איך שוין ניט געקאָנט שלאָפן די גאַנצע נאַכט. ביז איין מאָל בין איך אַרויס פון געדולד און אים געזאָגט: וואָס דאַרפסטו מיך אַלע נאַכט וועקן און רופן און אַהיים שיקן, און נאָך אַ מאָל רופן. נעם און זעץ מיך אַריין און זאָל עס נעמען אַ סוף. ער האָט מיר געענטפערט: „ביטשעוואָ, איך האָב צוטרויען צו דיר. ווען איך וועל דיר דאַרפן, וועל איך דיך געפינען".

איך פלעג אַרומגיין אַ צעטומלטער אין שרעק. ס'איז געווען אַ סך ערגער ווי צו זיין אַרעסטירט. איך האָב געפילט ווי כ'וואָלט געווען גרייט זיך און אים דערשיסן און פטור ווערן פון אַזאַ פּלאָג. ווען מען האָט אים אַריבער־געפירט אין אַן אַנדער שטאָט, האָב איך זיך באַרואיקט און אין אים פאַר־געסן.

אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז די נאַציס האָבן, אין יוני 1941, אָנגעהויבן זייער מלחמה מיט רוסלאַנד. ווען איך בין אַנטלאָפן פון שטעטל קיין רוסלאַנד האָב

*) נאַראָדני קאָמיסאַריאַט וונוטרעניך דיעל — פאָלקסקאָמיסאַריאַט פאַר אינעווייניקסטע ענינים, וואָס האָט פאַרביטן די פונקציע פון דער „טשעקאַ", אין די ערשטע יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע.

איך באַגעגנט זיין פרוי. זי האָט מיר דערציילט, אַז אין אַ גאַליציאַנער שטעטל האָט אים אַן אוקראַינער פאַרנאַרט אין וואַלד אַריין, אים צעשניטן אויף קליינע שטיקלעך און צוואָרפן פאַר די הינט.

די רויטע אַרמיי איז אָפּגעטראָטן אין איילעניש. די יידישע באַפעלקערונג האָט באַהערשט אַן אומבאַשרייבלעכע פּאַניק. ווער ס'האָט נאָר געקאָנט, איז אַנטלאָפן אין דער רוסישער זייט. איך בין געווען איינער פון די ווינציקע, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט קיין רוסלאַנד. פיר וואָכן בין איך געווען אויף וועגן, וואָס זיינען ניט זעלטן באַמבאַרדירט געוואָרן פון דייטשע עראָ־פּלאַנען. איך האָב זיך דערשלאָגן קיין קאַווקאַז. בין דאָרטן געווען אַרום אַ חודש צייט אין אַ קאָלכאָז, ביז מ'האָט מיך מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי, וואו איך בין פאַרבליבן גאַנצע פיר יאָר.

ווען איך זאָל געווען טאָג־איין טאָג־אויס פאַרצייכענען מיינע איבערלעבונגען און פּאַסירונגען אין דער רויטער אַרמיי, וואָלט פון דעם זיך געווען באַקומען אַ היפּש בוך. דער אַנטיסעמיטיזם אין דער רויטער אַרמיי, וואָלט אין אַזאַ בוך פאַרנומען דאָס גרעסטע קאַפּיטל. איך פון מיין זייט האָב פאַר די פיר יאָר קיינמאָל ניט פאַרלייקנט אַז איך בין אַ ייד, כאָטש לויט מיין אויסזען און מיין רוסיש רעדן, האָט מען עס אין מיר ניט דערקענט. אַ סך האָבן זיך אפילו געוואונדערט הערן פון מיר, אַז איך בין אַ ייד. אין מיין אָפּטייל זיינען געווען ניט ווייניק יידן אָפיצירן. זיי האָבן קיינמאָל ניט גערעדט וועגן יידן און אפילו זיך געמיט פאַרלייקענען זייער אָפּשטאַם, אָבער דער עיקר האָבן זיי זיך געהיט ניט אַרויסכאַפּן זיך מיט אַ יידיש וואָרט. צווישן מיינע דירעקטע קאָמאַנדירן זיינען געווען צוויי יידן קאַפּיטאַנען, איין אייבער־לייטענאַנט און אַ אונטערלייטענאַנט. דער צווייטער איז געווען אַ קיעווער, האָט געקענט יידיש און תמיד מיט מיר גערעדט מאַמע־לשון. פון באַרוף איז ער געווען אַ דאָצענט אין אַן אוניווערסיטעט. אויך מיטן אייבער־לייטענאַנט בין איך געווען באַפריינדעט. קיין יידיש האָט ער ניט געקענט און ניט פאַרטראָגן מ'זאָל אים דערמאָנען, אַז ער איז אַ ייד. איך גלייב, אַז כ'האָב אויף אים געוויר־קט זיך ניט שעמען מיט זיין יידישקייט.

אין יעדן מיליטער־אָפּטייל איז געווען אַ „פּאָליטרוק", אַן אָנפירער מיט פּאָליטיש־קולטורעלער אַרבעט צווישן די רויט־אַרמייער. זיין עיקר אַרבעט איז, פאַרשטייט זיך, געווען: פּראָפּאַגאַנדע, דערציילן וועגן גליק, וואָס דער באָלשעוויזם האָט געבראַכט דעם אַרבעטער און פויער, אָנווייזן דערויף, אַז די רויטע אַרמיי איז די איינציקע אַרמיי אין דער וועלט, וואָס אירע סאָלדאַטן און אָפיצירן זיינען גלייך אויף גלייך און אַז אין אָט דער אַרמיי איז ניט דערלויבט שלאָגן דעם סאָלדאַט. דער אמת איז, אַז דער אָפיציר האָט ביי די באָלשעוויקעס אַ סך אַ בעסערע מערכה ווי דער סאָלדאַט און שלאָגן פאַרשפּאָרט מען: מ'גיט דעם פאַרשולדיקטן אַזעלכע קעסט, וואָס אין פאַר־

גלייך מיט זיי, וואָלטן קלעפּ געווען אַ וואָכעדיקער טאָג.

נאָכדעם ווי איך בין אָפּגעווען צוויי חדשים אויפן פראָנט, איז געקומען אַ באַפעל מ׳זאָל אַראָפּנעמען פון די ערשטע פּאָזיציעס אַלע „זאַפּאַדניקעס״, אַלע די, וואָס שטאַמען פון פויליש־אוקראַינע, ווייל מ׳קאָן צו זיי ניט האָבן קיין צוטרוי. מ׳האָט אונדז איבערגעשיקט אין אַן אַרבעטער־באַטאַליאָן, גראָבן אָקאָפּעס און באַפעסטיקונגען. מיר האָבן געאַרבעט פערצן שעה אין טאָג און באַקומען ווייניקער עסן ווי אויפן פראָנט. אין די גרעסטע פרעסט האָבן מיר דעם גאַנצן טאָג געמוזט שטיין אין שניי ביז די קני, אָנגעטאָן אין וואָס איינער האָט געהאַט, און אַרבעטן, אויספירן די אָנגענומענע נאָרמע. האָט מען ניט אויסגעפירט די נאָרמע, האָט מען נאָך מער פאַרקלענערט די, שוין אַזוי אויך קליינע ראַציע. דער באָדן איז אויף אַ מעטער טיף געווען געפרוירן, האַרט ווי שטיין. מ׳האָט באַדאַרפט אָוועקפּטרן די לעצטע כוחות ביז מ׳האָט מיט צרות אַרויסגעריסן אַ שטיקל ערד. אַזוי האָב איך זיך אָפּגעמאַטערט דעם ערשטן ווינטער פון דער דייטש־רוסישער מלחמה. זומער איז דאָס לעבן פאַרן אַרבעטער־באַטאַליאָן געוואָרן אַ ביסל לייכטער.

אין אויגוסט 1942 האָט די רויטע אַרמיי גענומען אָפּטרעטן אויף צוריק. אונדזער מאַרשרוט איז געווען אויף קאַווקאַז. יעדן טאָג האָבן מיר געמאַכט צופוס אַ 50־60 קילאָמעטער, דערביי געמוזט אויף זיך טראָגן אַ משא פון אַ דרייסיק קילאָ. אָפּשטיין פונעם צוג איז געווען געפערלעך, מ׳האָט ריזיקירט אַריינפאַלן צו די דייטשן. עסן האָט ניט געפעלט. מ׳האָט אונדז צוגעלייגט פון די בהמות, וואָס מ׳האָט עוואַקואירט פון די דערפער, חוץ, וואָס מיר האָבן אַליין צוגענומען ביי די פויערים. פון לאַנגן גיין האָבן מיר אָבער אַלע געהאַט געשוואָלענע פיס. ענדלעך זיינען מיר אָנגעקומען קיין קאַווקאַז און מ׳האָט אונדז פונסניי אַוועקגעשטעלט ביי דער זעלביקער אַרבעט, וואָס פריער. אין אונדזער אַרבעטער־באַטאַליאָן האָט אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון מאַלאַריע. איך בין געווען כמעט דער איינציקער, וואָס איז ניט אַוועק־געפאַלן קראַנק. מיינע פיזישע כוחות זיינען אָבער געווען גאַנץ אויסגעשעפּט. שפּעטער האָט מען אונדז אַריבערגעפירט הינטער באַקו, וואו איך בין קראַנק געוואָרן און אָפּגעלעגן קנאַפּע דריי וואָכן אין שפּיטאָל. אין מיין דעמאָלטיקן צושטאַנד, איז דער שפּיטאָל געווען פאַר מיר אַן אמתער גן־עדן, וואָס ס׳האָט זיך גאָר ניט געגלוסט פאַרלאָזן. אַ דאַנק אַ יידישער דאָקטאָרן, בין איך דאָרט פאַרבליבן אַ ביסל לענגער ווי געוויינטלעך. ביים אויסשרייבן מיך פון שפּיטאָל, האָט די זעלבע דאָקטאָרן מיך באַזאָרגט מיט אַ צייגניש „ניעסטראָיעוואָי״, ד. ה., אַז מען דאַרף מיך ניט שיקן אויף שווערע אַרבעטן. צוריקגעקומען אין דינסט האָט מען אויף מיין „פּאַפּיר״ קיין שום אַכט ניט געלייגט. איך האָב ווידער געמוזט אַרבעטן איבער די אָפּגעשוואַכטע כוחות. איך בין קוים אימשטאַנד געווען שלעפּן די פיס, בלויז דער ווילן צו לעבן האָט מיר געגעבן מוט זיך צו האַלטן.

בעת די גרויסע שלאַכטן אַרום סטאַלינגראַד, האָט מען אונדז אָנגעהויבן לערנען ווי אומגיין מיט מינען און אינגיכן האָט מען אונדז אָפּקאָמאַנדירט אין דער געגנט פון סטאַלינגראַד אויסרייניקן פון מינען די מינירטע פעלדער. די געגנט איז געווען אַ קאַלמיקישע. די באַפעלקערונג איז געווען באַקאַנט מיט איר שינאה צו דער ראַטנמאַכט.און מיר האָבן געמוזט די גאַנצע צייט זיין אויף דער וואַך. בערך דרייסיק מענטשן פון אונדזער אָפּטייל, זיינען דאָרטן טאַקע שפורלאָז פאַרשוואונדן. נאָכדעם ווי מיר האָבן אויסגעפירט אונדזער אויפגאַבע, האָט מען אונדז טראַנספּאָרטירט קיין אוראַל אין די טאַנקן־פאַבריקן. דאָרטן האָבן מיר שווער געליטן פון נים דערעסן. איך בין ווידער אַוועקגעפאַלן קראַנק און אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל דריטהאַלבן חדשים. ביים אויסשרייבן זיך פונעם שפּיטאָל האָב איך מיט כיוון מאַנעווורירט אַזוי, אַז מ׳זאָל מיך שיקן אויפן פראָנט. מיין ציל איז געווען דערשלאָגן זיך קיין פּוילן. מ׳האָט מיך אָפּגעשיקט קיין לעטלאַנד, הינטער ריגע. דאָרט זיינען צו יענעם מאָמענט אָנגעגאַנגען שווערע שלאַכטן. זעקס וואָכן בין איך געבליבן אויף יענעם פראָנט. אונדזער דיוויזיע האָט אָנגעהויבן דעם מאַרש אויף פּוילן. דאָס איז געווען אין נאָוועמבער 1944. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי וואַרשע. אין פעברואַר 1945 האָבן מיר דורכמאַרשירט איבער די חורבות פון וואַרשעווער גאַסן און ווייטער נאָכגעיאָגט די אָפּטרעטנדיקע נאַציס.

אין יענעם מאָמענט ווען אונדזערע אַלעמענס ליידן זיינען נאָך געווען אַזוי פריש, איז מיר באַשערט געווען נקמה נעמען אין ס. ס.־סאָלדאַטן און צווזען דעם אַלגעמיינעם כאַאָס אין דייטשלאַנד. איך האָב אָנטייל גענומען אין גאַסן־קאַמפן אין בערלין און געקראָגן פון דער רויטער אַרמיי הויכע אויסצייכענונגען און אויך דעם „רויטן שטערן". איך האָב געלעבט אין בערלין אין יענע ערשטע טעג נאָך היטלערס מפּלה, ווען די שטאָט איז געווען הפקר פאַר רויב און מאָרד און די רויט־אַרמייער האָבן אומגעצוימט געקאָנט באַפרידיקן אַלע זייערע נידעריקסטע אינסטינקטן.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך זיך דערשלאָגן קיין פּיטשאַיעוו. איך האָב דאָרטן קיין איין יידן ניט געטראָפן. מיין פרוי איז אומגעקומען אינאיינעם מיט אַלע אונדזערע פּיטשאַיעווער. איך האָב פאַרלאָזט אונדזער אַמאָל אַזוי ליב שטעטל, און אַוועק קיין פּוילן.. דאָרט האָב איך גאָר גיך דערפילט דעם גאַנצן טעם פונעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם. מיר האָבן דערהערט אַ נייעם טערמין: „ניעדאָביטקעס", מיר יידן זיינען הייסט עס „די, וואָס מ׳האָט ניט פאַרענדיקט". נאָכדעם ווי כ׳האָב געמוזט גובר זיין אַ מענגע שוועריקייטן, בין איך אינאיינעם מיט נאָך פּוילישע יידן אָנגעקומען אין איינעם פון די די. פּי.־קעמפּס אין דייטשלאַנד.

מאיר אורעצקי

# מיין פאָטער, רב אליעזר אורעצקי ז״ל

געבוירן אין קאָפּאָטקעוויטש, מינסקער גובערניע אין תרמ״ו (1886). פון חדר אַרויס, האָט ער די ייִנגלשע און בחורשע יאָרן געלערנט אין ישיבות. האָלוסקער, קאָמענעץ־ליטאָווסקער „כנסת בית יצחק״ און פון דאָרט — אין דער פאַר־שמ׳טער סלאָבאָדקער ישיבה, וואו ער האָט באַקומען סמיכה אויף רבנות. חתונה געהאַט פאַר דער פעטריקאָווער צביה, — די שוועסטער פונעם שפּעטער באַקאַנטן אַרבעטער־טוער אין אַמעריקע, מאַקס זאַרעצקי.

אין עלטער פון 27 יאָר איז ער געקומען קיין פּיטשאַיעוו, וואו ער איז נאָך דער פּטירה פון יאַרמעליניצער רב, ר׳ יעקב יוסף ז״ל, געוואָרן זיין ממלא מקום. ווי אַ ליטוואַק האָט ער לכתחילה געהאַט קעגן זיך אַ צד שכנגד. וואָרום פּיטשאַיעוו, ווי וואָלין בכלל, האָט געלעבט אין אַ חסידישער אַטמאָספערע. אַזאַ חסיד איז געווען דער פאַרשטאָרבענער רב. אָבער מיט דער צייט האָט זיין למדנות און נטיות צו עסקניות פאַרן כלל אָפּגעווישט די מחיצה צווישן אים און דעם צווייטן צד. ווען דער צווייטער אַלטער רב, דער אַלעקסיניצער, איז נפטר געוואָרן, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ער געבליבן דער איינציקער רב אין שטעטל. אַלע האָבן זיך אין אים פאַרליבט בפרט דער ייִנגער נייער דור.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די אומגעקערטע יידן פון דער פאַר־וואָגלעניש אין די מלחמה־יאָרן, האָבן געטראָפן זייער שטעטל אין שטיק חורבן; ווען מ׳האָט באַדאַרפט לינדערן די נויט, האָבן זיך ערשט דעמאָלט רעכט אַנט־פּלעקט זיינע אייגנשאַפטן פון אַ גרויסן כלל טוער, אַ געטרייען עוסק בצרכי ציבור.

פּיטשאַיעוו האָט ניט אויסגעמיטן דעמאָלט דעם אַלגעמיינעם גורל פון שטעט און שטעטלעך וואָס די רעוואָלוציע און דער בירגער־קריג האָט אַרויסגעבראַכט אינעם לעבן. ווי אַ שטעטל אין דער פּראָקלאַמירטער אוקראַיִנישער זעלבס־שטענדיקייט, האָט די באַפעלקערונג געהאַט אויסצושטיין פון די פּורעניותן דורכן אַרונטערפאַלן אונטערן רשות פון אַ נייער מאַכט, און נאָכמער דערפון פון דעם כאַאָטישן מצב וואָס די מאַכט פלעגט זיך אָפט בייטן, צווישן די קעמפנדיקע אוקראַיִנער, באָלשעוויקעס און פּאָליאַקן. דעם שווערסטן אָפּשניט



משה טשערניאַק
אָנגעזעענער כלל־טוער



יעקב, הערשס מינדיעס זאַלץ



פישל (אינמיטן). פון אַלט פיטשאַיעוו מיט זיינע צוויי זין



אַ באַהעלפער אין דרדקי חדר מיט קינדער



הערש דער בראָדער
מיט זיינע תלמידים אין „חדר״



אויסבליק פון פיטשאַיעוו. פון אויבן געזען.



דער אויסזען פון שטעטל מיטן באַרימטן קלויסטער, די „לאַוורע״

האָבן די יידן געהאַט פון די באָלשעוויסטישע מחנות. אַ פּאָר צענדליק חשובע בעלי־בתים זיינען אַרעסטירט געוואָרן ווי ערובניקעס און ווי משכנות פאַרן איינצאָלן די אַרויפגעלייגטע קאָנטריבוציעס. צווישן די אַרעסטירטע זיינען געווען די כלל־טוער יוסף לערנער ישראל סקולסקי און הערש זאַלץ. דער רב, הגם די סכנה אַליין אַרעסטירט צו ווערן האָט אויך אויף אים געלויערט, האָט ער זיך ניט אָפּגעשראָקן און בשותפות מיט אַ פּאָר בעלי־בתים האָט ער זיך איינגעשטעלט און געפּועלט די באַפרייונג פון די ערובניקעס...

די אמתע טעטיקייט זיינע האָט זיך אַרויסבאַוויזן באַלד נאָכן שלום־אָפּשלוס צווישן רוסלאַנד און פּוילן. ווען פּיטשאַיעוו איז צוגעשניטן געוואָרן צו פּוילן. באַלד ווי ס׳האָט זיך באַקומען די ערשטע הילף פון אַמעריקע האָט דער רב אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט צו באַזאָרגן די נויטבאַדערפטיקע דורך פאַרטיילן הלבשה, שפּייז וכדומה. ער האָט געגרינדעט אַ גאָרקיך פאַר די גאָר אָרעמסטע צו האָבן כאָטש איין מאָל אין טאָג אַ ביסל וואַרעם געקעכץ.

דאָס קליינע חדרל וואו ער מיט זיין פאַמיליע האָט געוואוינט איז געוואָרן דאָס קהל־שטיבל פאַר די אסיפות פונעם קאָמיטעט און אפילו דער לאַגער פון די אָנגעקומענע מלבושים פון אַמעריקע צו פאַרטיילן. זיין ריינער געוויסן אין פּרט פון אָפּהיטן קהליש געלט האָט אים אַליין געטראָפן, ניט צו קענען מילדערן זיין אייגענעם שווערן מצב. ס׳איז אים פּערזענלעך געשיקט געוואָרן פון זיין שוואָגער מאַקס זאַרעצקי הילף. אָבער כדי יידן זאָלן נישט זיין קיין חושד בכשרים, האָט ער זיך צום געלט נישט צוגערירט ביז ס׳איז אָנגעקומען אַ בריוו פון אַמעריקע אויף דער זעלבער סומע וואָס איז פאַר אים פּערזענלעך געשיקט געוואָרן...

אין די שפּעטערדיקע יאָרן ווערט ער אַ מיטגרינדער פון דעם גמילת־חסדים־קאַסע וואָס איז געשטיצט געוואָרן דורכן „דזשאָינט”. אויף זיין נאָמען פלעגן די געלטער געשיקט ווערן. ער איז געווען דער ראש, דער מנהיג און פּראַק־טישער טוער אין אַלע חברות און קהלשע אינסטיטוציעס. זיך אָפּגעגעבן מיט דער פּראַקטישער אַרבעט. פון דער „לינת הצדק” ביזן פאַרריכטן דאָס מרחץ, ביז באַזאָרגן אַן אָרעמאַן מיט אַ שייטל האָלץ אויף ווינטער. ווער שמועסט שוין פון צונויפנעמען מעות חיטים צו באַזאָרגן די נויטבאַדערפטיקע מיט אַ כשרן פּסח. ער פלעגט אַליין גיין אין די בעלי־בתישע הייזער באַגלייט פון די כלל־טוער: אליעזר שרייבשטיין, יעקב ישראל זאַלץ, יעקב שוחט, אברהם קופּער יוסף פלאַקסמאַן און אַנדערע.

ווי אַ טיפער למדן געשליפענער דרשן האָט ער געשמט מחוץ פּיטשאַיעוו. מ׳פלעגט אים פאַרבעטן אויף דין־תורות קיין קרעמעניץ, ווישנעוועץ, ראַדיוויל, קאזין און דובנע; אויף רבנישע אסיפות קיין ראָוונע, וואַרשע איז ער געווען דער הויפּט־רעדנער.

חוץ דער אַלגעמיינער כלל־טועריי האָט גאָר אַ חשוב אָרט פאַרנומען אין זיין טעטיקייט די יידישע דערציאונג פונעם קינד. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, באַלד נאָכן צוריקקער פון די ידין קיין פּיטשאַיעוו האָט ער אויפגעשטעלט אַ תלמוד תורה, וואו חוץ יידישע לימודים האָט מען געלערנט אויך אַלגעמיינע קענטעגישן. אַז קיין בנין פאַר דער תלמוד תורה איז ניט געווען האָט מען דאָס געמאַכט אין אַ פּריוואַטער דירה פון ליבע טשערניאַק. נאָר דער מאַנגל אין געלט האָט אים געשטערט אין זיין באַגער אויסצוברייטערן די לימודים אין די ראַמען פון אַ מלוכהשער עלעמענטאַר־שול־פּראָגראַם, בכדי צו האָבן דאָס יידישע קינד אונטער אַ שטענדיקער יידישער השגחה. די מלוכה האָט אינצווישן געעפנט אַ שול אויף פּויליש. בכדי די יידישע קינדער זאָלן באַזוכן נאָר אָט די שול, האָט די אַדמיניסטראַציע אָנגעווענדט אַלערליי תחבולות זיי אָפּצורייסן פון דער תלמוד תורה. האָט דער רב זיך דערפאַר אָפּגעגעבן מיט די חדר־קינדער אָרגאַניזירט פאַר זיי אַ מין נאָכמיטאָג־שול צו לערנען מיט זיי.

פאַר די לעצטע פינף יאָר ערב דער צוויטער וועלט־מלחמה, האָט ער אויפ־געשטעלט אַ מין קליינע ישיבה וואו אַ סך יידישע קינדער האָבן געלערנט זיין וואָרט. עלטערע קינדער פלעגט דער רב באַזאָרגן אָנצוקומען אין די גרויסע ישיבות פון לודמיר, קאָמענעץ, קלעצק און פינסק, צו ממשיך זיין דאָרט זייער לערנען. אין פּיטשאַיעוו גופא האָט ער פאַר די בחורימלעך איינגעפירט לימודים פון תנ״ך, תלמוד. דער דאָזיקער לימוד איז געוואָרן אַן אינסטיטוציע, געקרוינט מיטן נאָמען „תפארת בחורים". אויך מיט די בעלי־בתים פלעגט דער רב לערנען אינעם בית מדרש יעדן אָוונט אַ בלאַט גמרא.

אין די דרייסיקער יאָרן האָט זיך דער רב פאַרמאָסטן קעגן דער פּוילישער עלעמענטאַר־שול (פּאָווּשעכנע) צו האָבן די יידישע קינדער אין אַ ריין יידישער סביבה. ס'האָט זיך געפאָדערט אַ ספּעציעלער שול־בנין. האָט אים ניט אָפּ־געשטעלט דער מאַנגל אין געלט. ער איז אַרומגעפאָרן אַליין אין די שכנותדיקע שטעטלעך צו זאַמלען געלט פאַרן בנין. אויך פון אַמעריקע איז געקומען אַ מיטהילף און דער בנין איז טיילווייז געוואָרן פאַרטיק. ס'האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז אינעם שול־יאָר 1939־40 זאָלן זיך עפענען די ערשטע קלאַסן. דער מלחמה־אויסברוך האָט אַלץ צונישט געמאַכט. פּיטשאַיעוו איז באַלד באַ־וועלטיקט געוואָרן פון דער סאָוועטישער מאַכט, וואָס האָט די געביידע פאַר־נומען פאַר זיך, אגב אויך אַלע אַנדערע פּוילישע געביידעס.

ר'האָט אויפגעשריבן אַ חיבור חידושים אויפן רמב״ם און ש״ס אָבער די כתבים זיינען ליידער פאַרלוירן געוואָרן.

דעם רבס אויפגעטועטע דערציונגס־אַרבעט איז ניט געגאַנגען לאיבוד. ווי נאָר ס'איז באַקאַנט געוואָרן אַז די שטאָט ווילנע איז אָפּגעגעבן געוואָרן צו ליטע,

זיינען די תלמידים מיט די לערער אַהין אַוועק. אויך דעם שרייבער פון די שורות האָבן די עלטערן אויפגעפּאַדערט צו פאָרן קיין ווילנע אַליין. ס׳האָבן ניט געהאָלפן קיין רייד איינצורעדן די עלטערן מיטצוקומען, מחמת סיי־ווי איז דאָך אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט רעליגיע ביי די סאָוועטן פאַרבאָטן...

— אין אַ שעה־סכנה, האָט דער רב געטענהט, טאָר מען די עדה ניט פאַרלאָזן. אַזאַ איז אויך געווען דער ווילן פון די יידן.

אין ווינטער 1940 האָט ער אפילו דערפילט אַ סכנה איבער זיין קאָפּ; די קאָמיסאַרן פון דער נ.ק.וו.ד. האָבן אים געגומען פאַרפאָלגן אָבער דעמאָלט זיינען אַלע וועגן קיין ווילנע געווען פאַרשפּאַרט. ערשט מיט אַ יאָר שפּעטער, 1941, נאָכדעם ווען ליטע איז געוואָרן אַ טייל פון רוסלאַנד האָבן די עלטערן באַזוכט זייער זון אין ווילנע. אָבער אויך דעמאָלט האָבן זיי ניט געקענט פועלן ביי זיך דאָרט צו בלייבן און דער רב מיט זיין ווייב האָבן זיך צוריקגעקערט צו זייערע פּיטשאַיעווער יידן, וואָס האָבן מיט איבערגעבנקייט אים באַשיצט קעגן דער נ.ק.וו.ד.

אינגאַנצן שוצלאָז זיינען אַלע יידן געוואָרן באַלד, ווען די דייטשע עמלקים, ימח שמם, האָבן פאַרנומען פּיטשאַיעוו. אין צען טעג אַרום נאָך זייער פאַרנעמען דאָס שטעטל חמשה עשר באב 1941, איז דער רב הר׳ אליעזר אורעצקי געווען צווישן די ערשטע אומגעקומענע 106 יידן; אין אַ יאָר שפּעטער, אין כ״ה אלול 1942, איז זיין פרוי צביה אומגעקומען אין איינעם מיט אַלע איבעריקע פאַרטיליקטע פּיטשאַיעווער קדושים.

שלמה סקולסקי *)

## ניטאָ שוין ס׳שטעטל...

היימישע ייִדן, איר מיינע פֿאַריתומטע ברידער,
כ׳שיק אייך אַ שפּליטער פון מיינע צעבראָכענע לידער; —
געשריבן אַזוי ווי ס׳האָבן גערעדט טאַטע־מאַמע,
פּיטשאַיעווּדיק, פּשוט און וואַרעם, פון האַרצן, פון סאַמע;
כ׳וויל ניט באַפּוצן אין פֿאַרבן, באַקינצלען מיט טענער —
וואָס מער טאַטע־מאַמיש ס׳איז לשון — אַלץ מער איז עס שענער...
מיין ליד — אַ מצבה, אַ פּראָסטע פון פעלזיקן שטיין...

נעכטן, יעדער „היינט" איז ביי מיר נעכטן, זיך איך אַליין:
דאַן האָבן די פליגל פון דמיון גענומען מיך יאָגן,
ווייט, צו דער היים, צו דער אַלטער, מיך ווידער געטראָגן.
כ׳האָב זיך געראַנגלט געאַמפּערט ס׳האַרץ זיך געביסן:
— „פֿאַרפֿאַלן ניטאָ שוין דאָס שטעטל — אויף שטיקער צעריסן ..."
האָבן די פליגל צערוישט זיך, די הויכן געשניטן,

*) שלמהס עלטערן, ישראל און עטיע זיינען געווען פאַרמעגלעכע. געפּירט אין פּיטשאַיעוו אַ ייִדיש־טראַדיציאָנעל הויז. אין די יאָרן צווישןביידע וועלט־מלחמות האָט מען די קינדער דערצויגן אין גייסט פון דער נייער צייט. חוץ ייִדישע לימודים האָט מען די קינדער באַזאָרגט אין אַ מלוכהשער שול. שלמה האָט דערנאָך געלערנט אין ווילנער העברעאישן לערער־סעמינאַר, אָנגעפירט פון ד״ר ש. י. טשאַרנאָ. אין 1933 אַרויס פון דאָרט ווי אַ דיפּלאָמירטער לערער. געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער אַרבעט. דעביוטירט מיט שירים.

אין 1939 ווידער אַוועק קיין ווילנע, וואָס איז דאַן געוואָרן אָקופּירט פון דער סאָוועטישער אַרמיי. אין 1941 איז ער פון רוסלאַנד דורך טערקיי געקומען קיין ארץ ישראל. געוואָרן אַ לערער אין דער בן־יהודה גימנאַזיע.

זיינע עלטערן, ברודער פּיווּל, שוועסטער יוכבד זיינען אומגעבראַכט געוואָרן מיט אַלע ייִדן.

האָבן די אויגן פאַרוואָלקנט די זון אויסגעמיטן —
מיט אימפּעט מיך מיט זיך די בענקשאַפט געטריבן — געבראַכט ...

מײַן היים, דאָס איז זי! ס'האָט מיך דער אָטעם פאַרכאַפּט.
די זעלבע, דערקענט איר! ס'ווײַסן די ווענט זיך פון ווײַטן,
דער דראַטיקער פּלויט ס'טירל מיטן סקריפּ דעם פאַרשײַטן —
נאָר עפּעס זיפצט עס און קרעכצט עס מיר אַנדערש ווי תמיד ...
צי קרעכצט עס פון עלטער, אָדער ס'וויינט גאָר פון אומעט
און זע נאָר! אויך זי — די קאָלוזשע ביים וועג, די געל־גרינע
חנדלט נאָך אַלץ זיך צום הימל, כאָטש שימלט מיט שינאה...
און אָט איז די סטעזשקע, באַגרינט ווי אַמאָל און באַבלומט.

פאַרוואָס קומט ניט פּייזול, מײַן ברודער, אַקעגן:—„ס'קאַצל קומט!"
און לויפט ניט אַ ווילדער: — „יאַ שלמה!" — דורך טירן צעפּראַלטע;
די מאַמע, זי קושט ניט איר גאַסט מיט טרערן וואָס גליען.
דער טאַטע, ער זאָגט ניט: — דײַן תכשיט געקומען צופליען!..."
ס'איז שטיל ... העי! וואָס שלאָפט איר? וואו זענט איר דאָרט אַלע?
אפשר איז מירל די קליינע געוואָרן מיט מזל אַ כלה
און תנאים געשריבן? געשמחהט ביז שפּעט אין דער נאַכט?

ס'איז שטיל ... העי! ס'האָט גאָר אַ פרעמדער די טיר אויפגעמאַכט;
וואָסילי! דער גוי אום שבת געהייצט אונדז די הרובע, — אַ שכן;
ר'האָט זיך דערשראָקן, געצלמט,העגט אַזש פאַרבראָכן,
„זשיד פּראָקליאַטי" — געפּליסטערט, אַנטלאָפן ... אַ יורש געוואָרן!
אַז כ'בין שוין געשטאָרבן וואָלט וואָסילי זיכער געשוואוירן —
אויף דער וואַנט, וואו אַמאָל מײַנע תפילין געהאָנגען —
לאַכט נאַריש צו מיר אַן איקאָנע אַ „טומאה" אויף דראָנגען,
מ'טראָגט זי מיט „זמירות" פאַר „שחיטה" נאָך יעדן — פּאָגראָם...

די אויגן, זיי האָבן געבלוטיקט מיט טרערן אַ שטראָם.
אַריין איז די גויה, מאַרינקאַ, אַ גאַנצע בעלי־ביתטע,
שבת דאָ לייכטער געשטעלט, אָדער מיט קוילן צעבלאָזטע
דעם סאַמאָוואַר, — היינט: פאַרפּוצט אין אַ טיכל, אַ דאַמע!
ס'זײַדענע טיכל! ס'האָט עס אום יום־טוב געטראָגן מײַן מאַמע ...
מײַן מאַמעס טיכל! ס'איז, אמת, פאַרשוואַרצט שוין, צעפּרעסן —

אָבער כ׳האָב עס דערקענט ! ווי קאָן מען אַזאַ טיכל פאַרגעסן ?
רי מאַמע דערמיט האָט מיט תחינה די טרערן געווישט — — —

וואָלט איך אַ האַק מיטגעבראַכט, האָט אַ קלער מיך צעמישט,
וואָלט איך ס׳טיכל מיטן גויאישן קאָפּ אַרונטערגענומען ...
אָבער כ׳האָב נישט קיין האַק — פאַרשפּעטיקט צו קומען ...
מיט נאַרישע הענט, ווי אַ גולם בין איך דאָ שטיין געבליבן;
הענט אָן אַ האַק ... ס׳האָט עפּעס גענאַגט מיך, געטריבן :
אַ קאָפּ, אַ טיכל אָן איקאָנע פאַרוויקלט אין תפילין...
אַ געיאָמער דערהער איך — שאַקאַלן וואָס קענען ניט שטילן, —
ווען מתים־גערודך טראָגט זיך אין דער וועלט.

כ׳אַנטלויף ... ס׳האָט ס׳שטעטל זיך ווידער פאַר מיר דאָ געשטעלט.
אָט איז דאָס בערגל וואו ווינטער געגליטשט זיך כסדר,
איי, איי ! יענע טעג, ווען מען איז „נעלם געוואָרן״ פון חדר —
וועט דער רבי, יאָסל דעם חזנס, זיך כעסן, וועט שמייסן —
נאָר מילא, ווער קאָן פאַרלאָזן דעם גליטש, דעם שניי־ווייסן ?
די „אייבערשטע גאַס״, דער ראָטהויז, די קלייטן, די קראָמען —
יעדער טריט — אַ זכרון, יעדער שריט — דעראינערט אַ נאָמען,
דאָ געלאַכט, דאָרט געוויינט, דאָ געטרוימט און געליבט און
געהאַסט ...

געדענקסט ווי ס׳האָט זיך געפּרילינגט, געווינטערט, געשפּאַסט?
די הייזער געשטופּט זיך, געדריקט זיך, געטוליעט צוזאַמען :
— „לאָמיר זיך האַלטן אינאיינעם — מיר האָבן קיין שטאַמען ...״
און דאַך זיך געקריגט, די אויגן געשטאָכן פון שינאה:
— מיין דאַך פון בלעך, דיינער — פון שינדלען גאָר דינע ...״
— „זע מיינע אַקסלען די ברייטע, דו ביסט אַ קריפּל, אַ הויקער״
אַ הויקער״
— „עט, — מאַכט דער שכן — שוייג בעסער, גאַוואַניק, *) פויקער !
אַז מ׳האָט אין „אַמעריקע־גנב״ אַ פעטער — האָט מען אַ דאַך...״

באַלד וועט שלום ר׳ אהרנס, כ׳דערמאָן זיך און ... לאַך,

*) גאוהניק ?

אַרויס צו דער קאַפּליצע, 2) צום וועג, און פאַרהאַלטן אַ פורל,
אַ טאַפּ־טאַן אַ זאַק, אַ כאַפּ־טאַן אַ שמועס מיטן ערל,
צום סוף זיך דראַפּ־טאַן אין קאַרק: „דאַוואַי־פּריקוריטי!״ 3)
— „טשודאַקו!״ — זאָגט גוי — „טשעוואָזש סטילקי האַוואַריטי?...״ 4)
וועט ר׳ בנימין הערשס זיין גאַנעק קפדנותדיק אויסקערן:
— „טאַקע אַ בלאַטע, נאַר ביי מיר מוז תמיד ריין ווערן...״
וועט יאָסל דער גלעזער אַרויס מיטן קעסטל און אַ באַק־טאַן אַ וויץ.

איצי וועלוולס דרייט מיטן שטעקן: — „לאָזט מיך, איך שוויץ...״
אסתר־רחל פירט אַ „גויע מיט אייער״, מעשל — אַ ביקל,
אַבאַ דער לאַנגער האָט „סחורה״ — אַ זייגער פון ניקל...
שרה לייבס דינגט אַ פּאַס וואַסער ביי הריצקען דעם קרומען,
גייט שלמה גאַרגל — אַ „סיידל״ געדונגען פאַר חינם,
שפּאַנט בערל מינדיעס אין „לאַוורע״: געשעפטן מיט תבואה...
און קאַקע לויפט נאָך אַ רידימלער־גוי און זי שעלט.

אין מאַרק האָט שמחה ביי דער קלייט פעסלעך הערינג געשטעלט;
— „אַ הערינג, זאָגט ער, אַ פערד, כאָטש שפּאַן אים אין וואָגן״,
סאַניע פון הקדש, אַרויס מיט איר אויבסט־קויש זיך קלאָגן:
— „אַז מ׳האָט ניט קיין גליק — איז אויף כפּרות דער שכל...״
לייזער משהס וואַרט אויף אַ קונה און געניצט מיט שמייכל,
יאנקל שוחט גייט מיטן דרשן און בעט אַ נדבה,
ס׳ציטערט מאַנאַכיש זיין באָרד: — „מ׳דאַרף נעבעך האָבן...״
און יידן, רחמנים, פאַרקנייטשטע, פאַרזאָרגטע — מ׳גיט — — —

אַ געיעג, אַ געפּאַך, אַ געפּילדער, אַווילדער יריד!
קלאַטשע און חזיר־האָר, שטיוול און טעפּ, קיין עין הרע,
ס׳האָט אַ ייד זיינע גויים, און זיין אייגענע צרה,
אַז גאָט וויל, מאַכט מען קוגל אויף שבת און חלה;
היצן זיך יידן און קאָכן, לייגן וועלטן איין אַלע —
פּרנסה! — גאָט האָט באַשאַפן די וועלט און — איוואַנען,

2) אַ מין דאַשעק־דעכעלע איבער אַן אַרויפגעהאַנגענע געטשקע אויף אַ האָלץ־שטענדער אין אַ דאָרף.

3) לאָמיר פאַררויכערן אַ פּאַפּיראָס.

4) קאָמישער מענטש, נאָך וואָס אַזויפיל רעדן?

אַמאָל שיקט ער אַן „אָדפּוסט״, ניט ווערט זיין נאָמען דערמאָנען ...
פאַרהאַרעוועט און מיד, מ׳לעבט מיט בטחון, מ׳שלעפּט ...

אוי ! יידן, היימישע יידן, געשלעפּט און געלעבט, ניט דערלעבט ...
פאַרלאָזט זיך אויף נעכטיקע טעג, אויף היינטיקע מכות,
וואו זענט איר, משפּחות איר, „קאַרקעס״ „מינדיוקעס״,
„שליאַמקעס״ ?
מיינע ברייטהאַרציקע, רחבותדיקע, היימישע יידן,
גילדענע קייטן געצויגן, וואו זענט איר — שמידן !
באַטולופּטע, וואַרעמע יידן, באַשטיוולטע, באַ׳פּאה׳טע,
ס׳האָט מיט קדושה פון קאַפּאָטעס פאַרשמאַלצענע געווייעט.
יידן מיט אויגן צום הימל, כאָטש געבויגן צו דר׳ערד...

שבת. ס׳שטעטל דערקענט איר ? מיט טהרה ס׳האָט זיך באַערט.
כ׳לעבן, פּלוצלונג געוואָרן אַן אַנדערע בריאה !
דער זיידע געקומען פון מרחץ : — „זאָל זיין צו רפואה״ — — —
ס׳גרינינקע בלעטל פרישט זיך, אויף זיין באָרד נאָך פאַרבליבן,
די מאַמע אין זיידענעם טיכל געשטעלט שוין די לייכטער,
כ׳האָב אונטערגעכאַפּט איר בליק, אַזאַ ווייכער, אַ פייכטער ...
כאָטש מיט תחינהדיקע הענט זי האָט אים פאַרשטעלט.

געוואַלד ! אָט האָט זיך מיר פּלוצלונג ס׳האַרץ אָפּגעשטעלט ...
אַהאַ ! געוויס זיינען יידן אין בית־מדרש געגאַנגען !
כ׳לויף, גאָר פאַרגעסן ... די זון שוין אין מערב געהאַנגען.
דאָרט וועל איך זיי טרעפן, זיי וועלן מיך זיכער דערקענען !
אָבער זע נאָר! וואָס איז דאָ? ס׳שטעטל הייבט־אָן צו ברענען!
כ׳לויף צו דער שול־גאָס! ס׳ברענט! ס׳שטעטל אין פלאַמען!...
כ׳לויף! אַ ריטשקע? — בלוט ! כ׳לויף — אוי ,כ׳זאָל ניט פאַרזאַמען!
און דאָך — כהאָב פאַרזאַמט ... אַ חורבה געפונען, ניט מער .

דאָ איז דער בית־מדרש געשטאַנען. איז נאָך געבליבן ווער ?
יאָ ! כוועדקע, דער באַד־גוי ! ער רייסט געמיטלעך אַ טלית ...
וואָלענע האַנטשעס״ *) וויל ער, אַמאָל האָט ער געבעטן נאָר חלות.

*) ברייטע פּאַסמעס, די באָרוועסע פיס איינצואוויקלען.

אַ גאָלדענעם זייגער האַלט ער און באַטראַכט מיט כוונה, —
— „העי, כוועדקע, ווער האָט דיר געשענקט אַזאַ שיינע מתנה ?...“
אָבער דער באַד־גוי ער לאַכט : — „אַליין זיך גענומען ...“
און באַנעצט פון אַ פלאַש זיין שיכורן גומען.
— „וויין גאָר טרינקסטו?“ כוועדקע לאַכט: „ס׳אַ פלאַש בלוט“...

אַ שטיקל „לוחות“ מיט „לאַוון“ פאַרברענטע גיט מיר צו מוט :
„ ... תרצח, דערהרגע, דאָ כוועדקען, צערייס אים, דערשטיק אים.“
אָבער כ׳שטיי מיט געליימטע צוויי הענט, כ׳שטיי און באַקוק אים,
כ׳האָב בלויז צוויי אויגן וואָס וויינען און שעלטן און מאָנען...
אָט זע איך די זון, אַ רויטע, ווי כוועדקע איר פנים!
ניין ! גיט מיר אַ האַק, כ׳וועל זי אויף שטיקלעך צעשפּאַלטן !
אויב זון איז גאָטס אויג — טאָ זאָל ער זי פאַר זיך באַהאַלטן ...



שלמה סקולסקי

## אפרים בריק

# שבת אין פּיטשאַיעוו

## (אַ בלעטל פון לעבנס־לוח)

דער לעבנס־לוח פון מיינע טייערע פּיטשאַיעווער יידן איז איבערגעריסן געוואָרן, אָבער ניט ביי מיר. טיף אין מיין האַרצן לעבן זיי. דאָס האַרץ, דאָס צעוויטיקטע, זוכט אַ טרייסט דורך קלאָגן און וויינען, קריעה רייסן אויף די אומגעבראַכטע אומשולדיקע קדושים. שווער, ביטער שווער, קומט אָן אויפצומישן אַ בלעטל פון דעם לוח. מען מוז זיך אָנטאָן אַ כוח דערצו, ווייל איך זע דאָך מיין טאַטן, מיין מאַמען, מיינע ברידער און שוועסטער און זייערע קליינע קינדערלעך ווי לעבעדיקע. וועל איך פּרואוון זיי אָנטאָן אין לבוש פון זייער שבתדיקער היים.

שוין דער ערב־שבתדיקער דרויסן אין פּיטשאַיעוו איז געווען קענטיק, אַז אינעווייניק, אין די הייזער ווערט אַלץ פאַרענדערט. מיין טאַטע און אַלע קרעמער איילן זיך צו שליסן די קלייטן, גיך צו לויפן אין מרחץ אַריין, זיך אָרומוואַשן, אויסבאָדן, לויטער־ריין זיין לכבוד שבת. ווי נאָר דער טאַטע איז געקומען אַהיים פונעם מרחץ, אָפּגעטרונקען אַ גלעזל טיי האָט ער אַרויפגעצויגן אויף זיך די בגדי שבת, די זיידענע, שוין אָפּגעריבענע קאַפּאָטע און זיך געלאָזט אין בית־המדרש אַריין מקבל פּנים זיין דעם שבת־קודש.

אָן אויפגעלייגטער נאָכן דאַוונען עפנט ער נשמה־יתירהדיק די טיר פון שטוב מיט אַ ברייטן „גוט שבת" דער מאַמען. ווידער די מאַמע פול מיט שבתדיקן חן אויפן פּנים ענטפערט אים אָפּ מיט — גוט שבת מיין מאַן. דער געדעקטער טיש מיטן קליינעם איבערגעדעקטן טישטעכל אויף די הויך אויפגעלאָפענע חלות טראָגן פון זיך אַ וואַרעמקייט, געמישט מיטן שיין פון די שבת־ליכט. עס זינגט אויס דער טאַטע דעם שלום־עליכם־ניגון צו די מלאכי השלום, פאַרן קידוש מאַכן.

דער מאַמעס האָרעוואַניע פון גרייטן די אַלע מאכלים אויף שבת האָט איר פאַרשאַפט נחת, ווען צווישן יעדן מאכל האָט דער טאַטע פאַרצויגן אַ ניגון און די קינדער האָבן מיטגעזונגען דעם „כל מקדש שביעי כראוי לו".

אין גאַנץ פּיטשאַיעוו האָט פון אַלע יידישע הייזער אַרויסגעשמעקט דורך די קוימענס דער ריח פון די געגרייטע יידישע מאכלים. די גוטע יידישע פּשוטע מאַמעס האָבן מיט אַ געפיל פון דערהויבנקייט אויפגעוועקט דאָס שטעטל פרייטיק כהאי אור (קאַיאַר) צו באַקן און קאָכן פאַרן שבת. פאַר־שמייעטע האָט מען זיך געאיילט אַריינצובערענגען די שבתדיקייט אין שטוב, וואָס פריער פאַררוקן דעם טשאָלנט, פאַרוויסן די קיך.

אַז דער שבת איז שוין געווען אין שטוב, האָבן מאַמעס איינגעהילט זייערע קעפּ אין די ווייס־זיידענע טיכלעך, וואָס האָבן באַשימערירט זייערע פּנימער מיט חן. יידישע טעכטער האָבן געקוקט אויף מאַמעס הענט וואָס האָבן פאַרדעקט זייערע פּנימער בעתן בענטשן שבת־ליכט. אויך זיי, די יידישע טעכטער האָבן די שבת־רו אויפגענומען מיט צאַפּלדיקע הערצער. פאַר־קעמט די האָר, מיט אַ באַזונדער חן זיי אויסגעלייגט, האָבן זייערע הערצער זיך געריכט אויף די באַגעגענישן מיט זייערע באַשערטע, באַלד נאָכן עסן.

די ליפּיווע גאַס האָט פאַרנומען אין זיך די סודות פון די שמועסן, די שטילע, צווישן יינגע פּאָרלעך. אויף יענער גאַס זיינען אַרויסגעטראָגן געוואָרן די באַגערן פון עלטערן, וואָס זוכן אַ תכלית פאַר די קינדער, אָדער גאָר די איבערלעבענישן פון אַ דורכגעלייענטן ראָמאַן פון שלום אַש׳ס „מערי״ וכדומה.

אויך די ניי־דערוואַכטע יוגנט־וועלט האָט זיך געטובלט אין עונג פון שבת. שבתדיקייט געפּאָרט מיט אידילישקייט אין יינגע פּולסירנדיקע הערצער, האָט דאָס גאַנצע שטעטל איינגעוויקלט אין אַ זיסן ראָמאַנטישן חלום, אין אַ לעגענדע פון לעבן.

פאַרשפּעטיקט האָבן יונגעלייט צום „לכה דודי״ אין בית־מדרש, ווייל מען האָט זיך ביים צירולניק געשאָרן און ראַזירט לכבוד שבת, האָט מען דער־פאַר דעם „לכה דודי״ אַריבערגעטראָגן נאָכן עסן, אויפן שיינעם קרעמע־ניצער שפּאַציר־שאָסיי, אַהין צום קלויסטער־וואַלד, וואו חברים און חבר־טעס האָבן זיך באַגעגנט. דאָרט איז דער שכינהדיקער „לכה דודי״ פאַר־וועבט געוואָרן אין דעם אויסקוק אַהין, צו ארץ־ישראל... ווייל יידן דאַרפן האָבן אַן איינן לאַנד.

***

יידיש פּיטשאַיעוו איז אויסגערונען געוואָרן. שטום און טויב זיינען גע־וואָרן די ווענט פון יידישע הייזער, וואָס האָבן אַריינגענומען אין זיך אַמאָל די קלאַנגען פון מאַמעס ווערטער פאַר קליינע קינדער, אין דערציילן זיי די מעשיות פון שרה בת טובים, פון דער מוטער חנה מיט אירע זיבן קינדער, פון דעם קלוגן שלמה המלך, פון דודן מיט גליתן. אויסגעהויכט זיינען מאַמעס וויג־לידער ביים איינשלעפערן די קליינע קינדער. קינד און קייט פון אַ גאַנצער עדה יידן זיינען פאַרשניטן געוואָרן. אין איין גרויסן קבר רוט זייערע נשמהדיקע אייביקייט.

די אייביקייט, אויסגעקריצט אין מיינע שורות, זאָלן דינען ווי אַן אייביקער קדיש נאָך זיי.

ת׳נ׳צ׳ב׳ה.

# סעם (שלום) מרגלית*)

## מיינע צוואַנציק יאָר לעבן אין פּיטשאַיעוו

### א. אַ בלעטל פון אַ לעבנס־קאַלענדאַר

געבוירן אויפן שוועל פונעם הײַנטיקן יאָרהונדערט, 1899, האָט מיר אָפּגעגליקט אין די פריסטע קינדער־יאָרן צו באַפרידיקן דעם קינדערשן ריַיץ צו זײַן אַ „גרויסער", צווישן דערוואַקסענע. אינעם צענטן לעבנסיאָר האָב איך מיטגעהאָלפן אין דעם טאַטנס באַשעפטיקונגען. און געהאַט האָט מײַן טאַטע, בנציון צו טאָן מיט אַ סך געשעפטן אָבער פון איין־און־דעמזעלבן כאַראַק־טער, נעמלעך — דאָס באַזאָרגן די מענטשן מיטן טעגלעכן ביסן. און ניט נאָר דער טאַטע נאָר אויך די מאַמע מײַנע, האָדל, האָט, ווי אַ אשת חיל, אַ סך געהאָלפן אין דערווירטשאַפט, פון אַרויספאַרטיקן מילכיקע פּראָדוקטן, ווי פּוטער, קעז, סמעטענע פון דער מילך וואָס די פיר בהמות האָבן יעדן טאָג געגעבן.

די מאַמע, כאָטש זי איז געווען פאַרטאָן מיט דער פאַרמעריי, איז זי אויך געווען די אייגנטלעכע פאַרזאָרגערין פון די קינדער מיט אַ יידישער דערציונג. ווײַל דער טאַטע איז שטענדיק געווען אַרײַנגעטאָן אינעם פאַרקויפן די אויסגע־אַרבעטע פּראָדוקטן און אַחוץ דעם האָט ער באַווירטשאַפט גאַנצע צוויי פאַ־סעסיעס, אַרענדירטע ביים פריץ ביגאַצקי.

די פאַמיליע איז געווען אַ היפּשע אין צאָל. פון ניין קינדער זײַנען דריי געווען פון די ערשטע צוויי פרויען און זעקס פון מײַן מאַמען, וואָס איז גע־ווען די דריטע שוועסטער פון די ערשטע צוויי פאַרשטאָרבענע. מיט דער ערשטער שוועסטער אירער, האָט דער טאַטע געהאַט צוויי קינדער — ראָכצע און אברהם; מיט דער צווייטער שוועסטער — איין קינד, יוסף. די דריטע שוועסטער, מײַן מאַמע, האָט אים געגעבן פיר מיידלעך און צוויי ייִנגלעך. ווי ביים טאַטן אַזוי אויך ביי דער מאַמען זײַנען אַלע קינדער געווען אייגן בלוט און פלייש. אַלע קינדער זײַנען אויסגעהאָדעוועט געוואָרן גלײַך. די שטוב האָט זיך געפירט באַלעבאַטיש בכבודיק. דער טאַטע בן־ציון איז געווען פאַררעכנט אין שטעטל צווישן די אָנגעזעענע נדבנים. האָט געהאַט אַן אָפענע האַנט פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן. אויך די מאַמע איז אין דעם פּרט ניט

*) וועגן ש. מ. זע: זײַט 273.

געבליבן אונטערשטעליק. זי האָט געהאַט אירע אייגענע אָרעמע פּאַמיליעס וועלכע זי אַליין פלעגט באַזאָרגן מיט אַלעם נויטיקן. ווי אַ מזג טוב, פלעגט זי וויניקער פאַרקויפן מילכיקס און בעסער העלפן אירע אָרעמע...

דער טאַטע, ווי אַלע יידן דעמאָלט, אַ פרומער, אָבער ניט פון אַלט־פרענקישן שניט. ער האָט אַפילו אין די וואָך־טעג געדאַוונט ביחידות אין דער היים, יעדן קאַיאָר. אַחוץ שבתים און ימים טובים און אין יאָרצייט־טאָג נאָך די עלטערן.

די מאַמע האָט אַכטונג געגעבן אַז די קינדער זאָלן קענען אַ יידיש וואָרט, און דער טאַטע האָט זיי אַריינגעצויגן אין זיין אַרבעט, זיי געלערנט אַז מען דאַרף מיטהעלפן אַ טאַטן. אַזוי אַרום איז תורה און דרך־ארץ פאַרפלאַנצט געוואָרן צווישן די קינדער.

אַז ס׳איז געקומען „זומער־לעב״ האָט זיך פאַר די קינדער געעפנט אַ נייע וועלט. דער טאַטע האָט געהאַט צוויי פאַרמס. איינע ניט ווייט פונעם שטעטל, שאַבליווקע, די צווייטע אין דאָרף לידעכאָוו, בערך זיבן ווערסט ווייט פונעם שטעטל. פון זיינע צוויי שותפים איז לייזער טשערניאַק — מ׳האָט אים גע־רופן — לייזער מאצקיס, — געווען אַ פּיטשאַיעווער, און יואליק דער צווייטער שותף פון לוסאטין. מיטן ערשטן איז מיין פאָטער זיך גיך צעגאַנגען און פון דער פאַרם איז גאָרניט געבליבן. דערפאַר אָבער זיינען די פיר פערד וואָס מ׳האָט שטענדיק געהאַט, פאַרבליבן פאַר דער צווייטער פאַרם. דער קליינער, צען־יאָריקער שלומקע האָט טאַקע דערפון געניצט, זיך אויסגעלערנט צו רייטן אויפן פערד. פון אָט דעם קינדערשן ספּאָרט צו רייטן ווי אַ „גרוי־סער״ איז שפּעטער געוואָרן אַ פּראַקטישער נוץ דורך זיין פאַרטאָג שטענדיק אין דרויסן אויפן פעלד.

## ב. די איינציקע וואָלשפּינעריי אין דער געגנט

מיין פאָטער, בן־ציון מרגלית האָט זיך אָפּגעגעבן אין די ווינטער חדשים מיט אַ גאָר באַזונדער מין באַשעפטיקונג. ער האָט אויפגעשטעלט גאַנצע צוויי „טשעכראַלניעס״ וואָס האָבן אויסגעאַרבעט די רויע אָפּגעשוירענע וואָל פון די שעפסן. די דאָזיקע וואָל־שפּינעריי איז געווען די איין־און־איינציקע אינעם גאַנצן קרעמעניצער גרויסן „אויעזד״ (באַצירק). די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן די אָפּגעשוירענע שאָף־וואָל געבראַכט צום טאַטן צום אויסאַרבעטן. די קאָמפּליצירטע מאַשין מיט האָלצערנע וואַלקעס און פּופּצן נעצן וואָס האָבן דורכגעלאָזט די אויסגעשפּונטע וואָל זיינען געפירט געוואָרן דורך צוויי פערד. דערפון האָבן שפּעטער די פּויערים אויסגעוועבט פאַר זיך וואַרעמע מלבושים, און ווינטערדיקע וואַלענקעס, אָדער פוישן ווי מען האָט גערופן די דאָזיקע וואַרעמע שטאָף, שטיוול וואָס האָבן געגרייכט ביז

די קני. מיין פאָטער האָט אַרויסבאַוויזן אַ בריהשקייט שפּעטער אַליין צו קענען פאַרריכטן ווען עפּעס איז קאַליע געוואָרן אין דעם מעכאַניזם. דער דאָזיקער יידישער אויפטו האָט געשמט וויט אַריבער דעם שטח פון פּיטשאַיעוו. דאָס האָט מעגלעך געמאַכט פאַר די פּויערים אין די דערפער צו זיין פאַר־נומען אין די פּראָסטיקע ווינטער־חדשים צו זיין פאַרטאָן פאַר זיך אַליין.

און אַז פערדישע קראַפט ווערט פאַרנוצט צו ציען די רעדער וואָס דרייען די וואַלקעס און די שטייפע לעדערנע פאַסן דאַרף מען די פערד אָנעסן צו זאַט. איז אויפגעקומען אַ צווייטע איניציאַטיוועו צו באַזאָרגן פאַר די פערד האָבריק פון סיטשקע. האָט טאַקע בנציון מרגלית אויפגעשטעלט אַ „סיטש־קאָרניע", אַ געשטעל צו שניידן פון שטרוי סיטשקע אויף צו קאָרמעווען די פערד און אויך בהמות. און די סיטשקאָרניע האָט באַזאָרגט אַלעמען וואָס האָבן געהאַט פערד און בהמות... אַזוי איז מיין פאָטערס הויזגעזינד געווען באַשעפטיקט דעם גאַנצן ווינטער מיט אַרבעט אין די דאָזיקע צוויי אונטער־נעמונגען, וואָס האָבן געגעבן פּרנסה בריוח... ווידער די אונטערגעוואַקסענע קינדער האָבן געהאַט אַ פאַרגעניגן דורך האַלטן די לייצעס אין האַנט וואָס פירן די פערד אין אַ קאַראַהאַד ביים רעדער־געדריי פון דער שפּון און שנייד מאַשינען.

### ג. אַרענדירטע פּאָסעסיעס

אין די זומער־חדשים איז מען געווען פאַרטאָן אויף די צוויי „פּאָלוואַרקעס" וואָס מיין פאָטער האָט געהאַלטן אין אַרענדע פונעם פּריץ ביגאַצקי אין לידעכאָוו און פון אַ צווייטן פּריץ אין שאַבליווקע. אין יעדער פון די פּאָלוואַרקעס זיינען געווען באַשעפטיקט צו צווי פּויערים מיט פיר פערד. אַ טייל פון דער ערד האָט מען אַליין באַאַרבעט, און אַ געוויסן טייל האָבן פּויערים באַאַרבעט, געאַקערט, געזייט און געשניטן. קיין יידן פונעם שטעטל האָבן זיך דערצו ניט אויסגעטויגט. מיט די פּויערים איז געווען אָפּגעמאַכט, אַז נאָכן שניט באַקומען זיי אַ העלפט פון דער אַראָפּגענומענער תבואה. אַזוי אַרום זיינען די פּויערים געוואָרן כמו־שותפים פאַר זייער אַרבעט. מיין פאָטער האָט מיט די פּויערים גוט געלעבט. זיי האָבן עס די אַראָפּגענו־מענע תבואה, אַריינגעבראַכט אין די סטאָדאָלעס (תבואה קאַמערס).

די תבואה איז געמעלויצעט (צעמאָלט) געוואָרן דורך דער ספּעציעלער מאַשין וואָס מיין פאָטער האָט געהאַט, געטריבן דורך צוויי פערד, געפּאַקט געוואָרן אין זעק, און דעמאָלט ערשט האָבן יידן אויך גענאָסן פון דער אָפּגעטוענער אַרבעט: מען האָט געקויפט די תבואה. ער פלעגן קומען אַזעלכע סוחרים פון קרעמעניץ, ראַדזיוויל און אַנדערע ערטער. ווער פון די סוחרים וואָס פלעגט די תבואה עקספּאָרטירן טיף אין רוסלענדישע גובערניעס, ווער קיין אויסלאַנד, בעיקר — דייטשלאַנד.

שטיל און באַשיידן האָט זיך אַזוי געפירט ביי יידן אַ רואיק, נאָרמאַל לעבן, יעדער לויט זיין גראַד. מיין פאָטערס שותף פון ליסאָטין, יואַליק, האָט אַפילו אַליין, פאַר זיך געפירט גרעסערע אַזעלכע פּאַלוואַרקעס אין אַנדערע ערטער, וואָס דער פּריץ קאָזין האָט אים אָפּגעגעבן אין אַרענדע. אויך יואַליקס שוואָ־גער, וואָס האָט געוואוינט אין לעווקאָוויץ, אברהם בליט, האָט נושא חן געווען ביים פּריץ און אים אָפּגעגעבן אין אַרענדע געוויסע פעלדער. ער, דער פּריץ אַליין פלעגט גאַנץ אָפט פאַרלאָזן זיין "אימעניע" (גוט) און זיך אויפהאַלטן אין פּעטערבורג. אַ סברא, אַז ער פלעגט זיין אַ שטיק בעל יועץ אין קרייזן פון דער "דומא" (פּאַרלאַמענט) און אַפילו זיין אַ מקורב אינעם צאַרישן הויף. ער האָט זיך זייער פריינדלעך באַצויגן צו די יידן, מיט וועמען ער האָט געהאַט צו טאָן. גאָר שטאַרק האָט ביי אים אויסגענומען דער יונ־גערמאַן, אברהם בליט. אָבער ער האָט אויך גוט געוואוסט פון מיין פאָטער. קיין קאָנפליקטן זיינען קיינמאָל ניט פאָרגעקומען.

## ד. דאָס גאַנצע שטעטל ווערט אויפגעהייטערט

אין זומער 1911 איז דאָס גאַנצע שטעטל אַרויס אין דרויסן צו קוקן אויף אַ מין בייז וואונדער. דאָס ערשטע מאָל האָט זיך באַוויזן אַ מין כישוף־וואָגן וואָס גייט אַליין אָן פערד. דאָס איז דער פּריץ געקומען מיט אַן אויטאָ־מאָביל וואָס האָט אויפגעהייטערט קינד און קייט. פערד געשפּאַנטע אין די וועגענער האָבן זיך צעפּלאָשעט און געלאָפן ווי אַ וויכער. אַנטלאָפן ווי פאַר אַ שדים־קול פון דעם הייזעריקן געקלאַנג וואָס די אויטאָמאָביל טרובע האָט פון זיך אַרויסגעלאָזט... מיט פאַרגאַפטע בליקן איבער "גאָטס וואונדער" האָבן יידן לאַנג נאָכגעקוקט דעם פּריצס אויטאָמאָביל וואָס פאַרלאָזנדיק דאָס שטעטל האָט ער געלאָזן נאָך זיך אַ מאַסע שטויב וואָלקנס. אָבער דער דאָזיקער אוי־טאָמאָביל האָט דערנאָך אויפגעריכט סיי דאָס שטעטל, סיי דעם גאַנצן וועג וואָס האָט געפירט צום פּריצס "אימעניע". בפרט דאָס ייִנגל, שלמה, וואָס דורך דעם, איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ גאַנצער זעלבסטשטענדיקער פאַרדינער צוליב דעם אויטאָמאָביל.

עס האָט זיך דעם פּריץ פאַרוואָלט פאָרן אין שטעטל אַריין דווקא אין אַן אָסיען (האַרבסט) טאָג, ווען אַלע וועגן און שטעגן וואָס פירן קיין פּיטשאַיעוו זיינען דורכגעווייקט פון די רעגנס און פון דער פייכטער לופט; ווען ביי אַ מינדעסטן טראָט־באַריר ווערט דער פוס איינגעזונקען אין דער ליימיקער צע־קראָכענער מאַסע. איז טאַקע דער פּריץ שטעקן געבליבן מיט זיין אויטאָ־מאָביל. אַזוי ווי אונדזער הויז האָט זיך געפונען אינעם עק פונעם שטעטל, וואָס גראַד דאָרטן פלעגט זיך אָפּשטעלן אַ סך וואַסער און באַלעגט דאָס אָרט מיט זומפּן, האָבן מיר די ערשטע דערזען דעם פאַרזונקענעם אויטאָמאָביל מיטן פּריץ אינעווייניק. איך און מיין ברודער האָבן עס דעמאָלט, פייל פון בויגן, זיך אַ לאָז געטאָן אויף צווי בעסטע פון אונדזערע פערד, און איינגע־

שפּאַנט אין דעם אויטאָמאָביל און מיט פערדס הילף האָבן עס מיר, דאָס יונגוואַרג דעם פריץ אַרויסגעשלעפּט פונעם זומפּ. ווען דער פריץ האָט אונדז געוואָלט דערפאַר באַלוינען האָט דער טאַטע דאָס ניט דערלאָזט. און דער פריץ האָט עס גוט געדענקט, מיט יאָרן שפּעטער, ווען ער האָט זיך באַדאַרפט איינשטעלן פאַר מיין פאָטער.

די דאָזיקע געשעעניש האָט דעם פריץ באַוואויגן אַנצוקלאַפּן אין די „הויכע פענצטער" אַז מען זאָל אויסלייגן אַ געשטיינערטע בריק אינעם שטעטל און די וועגן וואָס פירן צו זיין „גוט". אין 1912 האָט זיך באַוויזן אַ „פּאַדריאַטשיק" פון קרעמעניץ פאַר דורכפירן די דאָזיקע אונטערנעמונג. אברהם בליט, פלעגט זיין אַן אַריינגייער אין הויז פון מיינע עלטערן, ווען ער פלעגט נאָר זיין אין שטעטל. פון אים האָב איך זיך דערוואוסט וועגן די פּלענער, די ער־טער, וואָס דער גראַף האָט אָנגעוויזן דעם שאָסיי אויסצולעגן; אויך די ערטער, וואו מען דאַרף אויסהאַקן שטיינער, גראָבן זאַמד, און דאָס אַלץ צושטעלן צו די ערטער פאַרן ברוקירן. אין אונדזער הויז האָט אברהם בליט זיך שטענדיק געפילט היימיש. דאָס האָט מיין מאַמע, די אשת חיל, אים מקרב געווען, אים ברייטהאַרציק מכבד געווען.

ער האָט עס פונעם פריץ אַליין זיך אַלץ דערוואוסט און דערציילט ביי אונדז אין שטוב. אויך האָט ער דערציילט, אַז דער פּאַדריאַטשיק זוכט אַ מענטשן וואָס זאָל אים קענען באַזאָרגן אַרבעטער, פון די דערפער, פערד און וועגענער צוצושטעלן די נויטיקע מאַטעריאַלן. איך בין שוין דעמאָלט געווען אַ בר מצוה בחורל און איך האָב געפּרואווט מזל ביים פּאַדריאַטשיק צו זיין דער באַזאָרגער מיט דעם אַלעמען. ווען ער האָט דערווידערט, מחמת צו אַזאַ שליחות בין איך נאָך צו יונג, בין איך ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלן און אים דערציילט אַז איך קען אַלעמען אין די אַרומיקע דערפער פון מיין שטענדיקן אַרומרייטן אויפן פערד צו העלפן ביים אַראָפּנעמען די תבואות פון די פעלדער וואָס מיין פאָטער האָט אין אַרענדע. מיין זיכערער שטעל אויף זיך האָט הפנים ביי אים אויסגענומען און איך בין עס געוואָרן דער באַזאָרגער פון אַרבעטס־הענט, פערד און וועגענער אין משך פון צוויי זומערן, פון די יאָרן 1912, 1913. יעדן טאָג, קאַיאַר האָב איך שוין געריטן אויף מיין פערד אין די דער־פער און געבראַכט די פויערים מיט די וועגענער; אַכטונג געגעבן דעם גאַנצן אַרבעטס־טאָג אויף דער אַרבעט, מעשה קאָנטראָלער... דערפאַר האָב איך באַקומען גאַנצע 15 גאָלד רובל אַ וואָך, וואָס איז פאַר יענער צייט געווען אַ מאַיאָנטעק אַפילו פאַר אַ דערוואַקסענעם, אַ בעל משפחה.

### ה. דער פריץ ראַטעוועט מיין טאַטן פון דער דובנער תפיסה

דאָס שטילע לעבן, מיט איינגעפונדעוועטע יידישע פרנסות איז איבערגעריסן געוואָרן ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס שטעטל פּי־טשאַיעוו וואָס איז געלעגן זיבן ווערסט פון דער דעמאָלטיקער עסטרייכישער

גרעניץ איז געווען אויסגעשטעלט אויפן ערשטן מלחמה פייער. יעדער האַרמאַטן־שאָס פון דאָרטן האָט אָפּגעהילכט אינעם שטעטל. אָנגעהויבן האָט זיך די מלחמה גראָד דעמאָלט, ווען דער תבואה־שניט האָט באַדאַרפט אַראָפּ־גענומען ווערן פון די פעלדער. מיין ברודער איז דעמאָלט אַרומגעפאָרן רייטנדיק אויפן פערד, אַכטונג צו געבן אויפן צונויפנעמען די תבואות פון אונדזערע פעלדער און אַריינברענגען אין די שפייכלערס. די רוסישע אויס־שפיר טיילן וואָס האָבן אָבסערווירט דעם פראָנט און געזוכט דעם שונאס שפּיאָנען האָבן געוואָרפן אַ חשד אויף מיין ברודער. קאָזאַקן האָבן זיך אַריינ־געוואָרפן צו אונדז אין הויז און געפאָדערט פון מיין פאָטער, אַז ער זאָל אַרויסגעגעבן דעם עסטרייכישן שפּיאָן... עס האָט ניט געהאָלפן די אויפקלערונג פון מיין פאָטער וועגן זיין זון און דעם ציל פון זיין אַרומפאָרן אַרום די פעלדער. מען האָט אונדז אַלע פאַרנומען, אַריינגעזעצט און פאַרשפאַרט אין אַ קלויסטער קאַזאַרמע, וואָס איז געווען בשכנות מיט דער דירה פון משה זאַלץ. ס׳איז אַריבער די נאַכט, און אויף מאָרגן פרי איז געקומען דער סטאַראָסטע יצחק האָפּשטיין און אונדז פון דאָרט באַפרייט. ס׳זיינען אַוועק אַ פּאָר וואָכן און דאָס אומגליק האָט זיך ווידער באַנייט, דערביי אויף אַ גע־פערלעכן אופן: לויט אַ באַפעל פון אַ העכערער אינסטאַנץ איז מיין פאָטער אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעפירט געוואָרן אין דער מיליטערישער פעסטונג־טורמע פון דובנע, וואו נאָר געפערלעכע פאַרברעכער ווערן דאָרט פאַר־שפּאַרט און געמשפּט פון אַ מיליטערישן געריכט...

דערווייל האָב איך, דאָס יינגל, באַדאַרפט זאָרגן דערפאַר, צו פאַרענדיקן דאָס אַראָפּנעמען די תבואה פון די פעלדער און אַריינברענגען אין די שפייכלערס. דאָס פּראָבלעם פון געלט אויף צו באַצאָלן דעם לוין די אַרבעטער האָט פאַר־ענטפערט מיין טאַטנס שותף, זיין קאָזין, שמואל לערער. איך בין יעדן טאָג געפאָרן קיין לידעכאָוו צו ברענגען די פויערים פאַר דער אַרבעט און זיי אויסגעצאָלט די שכירות. נאָכן אַריינברענגען די גאַנצע תבואה אין די שפייכלערס, ווען איך האָב געהאַט אויסגעצאָלט די אַרבעטער זייערע שכירות אויפן הויף פונם פריץ האָט זיך פּלוצלונג דערנענטערט צו מיר אַ גוי מיט אַ טענה, אַז ס׳קומט אים פון מיין פאָטער פאַר פיר טעג אַרבעט, אַז איך האָב אים געבעטן אָפּצוואַרטן אַ פּאָר טעג, נאָך מיין צוריקקומען פון דובנע, וואו איך וועל אויפקלערן די זאַך ביי מיין פאָטער, האָט ער פאַרפירט מיט מיר אַ געשלעג. גראָד איז דער פריץ אָנגעקומען, האָט איינגעשטילט די שלעגעריי. מיר אָבער האָט ער אויסגערעדט די אומרעכט פון ניט באַ־צאָלן און מיר פאַרבאָטן איבערצוטרעטן זיין הויף, דאָס האָט ביי מיר אַרויס־גערופן אַ חשד אויפן פריץ, אַז ער זוכט אַן אויסרייד אַוועקצונעמען ביי אונדז דאָס ביסל תבואה... איך בין דעמאָלט געפאָרן קיין דובנע דערציילן דעם טאַטן אַלץ און הערן זיין עצה. אָבער ווי נאָר איך האָב אים דערזען זיינען מיך באַפאַלן אַנגסטן און געוויין, אַז איך האָב קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסברענגען. דערווייל איז אָפּגעלאָפן די וויזיט־צייט, דער וועכטער האָט דעם טאַטן אַוועקגענומען און צוריקגעפירט אין דער טורמע.

ווען אברהם בליט האָט זיך דערוואוסט פון דעם בלבול אויפן טאַטן, און אַז ער איז פאַרשפּאַרט אין דובנער פעסטונג־טורמע האָט ער זיין גאָענטקייט און פריינדשאַפט מיטן פריץ אויסגענוצט צו ראַטעווען מיין פאָטער. ווי שוין דערמאָנט, האָט דער פריץ געהאַט גרויס אָנזען אינעם פעטערבורגער אויבנ־אָן. דער פריץ האָט מיין פאָטער געדיינקט נאָך פון יענעם מאָמענט, ווען מיר האָבן אים אַרויסגעשלעפּט מיט זיין פאַרזונקענעם אויטאָמאָביל און ער איז מרוצה געוואָרן איצט אָפּצוטאָן אַ טובה, אויך פון ראַטעווען אַ מענטשן אין עת צרה. אַ ערגערע, סכנותדיקע פאַרזינקעניש... וואָס ער האָט טאַקע געפועלט.

### ז. אויף קעסט ביי דער עסטרייכישער רעגירונג

גראָד, ווען מיין פאָטער איז שוין געווען אין דער היים האָט זיך דער מלחמה־פראָנט צווישן די רוסיש־עסטרייכישע אַרמייען צעפלאַקערט אַרום פּיטשאַיעוו. די רוסישע אַרמיי איז דעמאָלט העגדום־פעגדום געטריבן געוואָרן פון הינטער קראָקע וואו זי איז געשטאַנען באַלד אין אָנהייב פון דער מלחמה, אין 1914. זי איז האַסטיק געלאָפן אויף צוריק. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז די רוסישע אַרמיי־טיילן האָבן זיך ניט אויפגעהאַלטן אין שטעטל און פאַרהיט פּיטשאַיעוו פון אַלערהאַנט רויבערייען און אַנדערע אומגליקן וואָס זי האָט פּראַקטיצירט אין גאַליציע, בעת דעם אָנהייב זיג מאַרש. די עסטרייכער האָבן אָן ווידער־שטאַנד פאַרנומען דאָס שטעטל. אַ טייל פון דער אַרמיי איז איינגעקוואַרטירט געוואָרן אין די יידישע הייזער. די ערשטע טעג האָט מען זיך באַנומען פריינד־לעך מיט דער באַפעלקערונג. עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט. מען האָט די ציווילע מענטשן באַלד איינגעשפּאַנט צו גראָבן שוץ־גריבער. אַרום פּיטשאַיעוו. מ׳האָט אויך קאָנפיסקירט אַלע פּראָוויאַנטן פאַר דער אַרמיי ווי פאַר די פערד. דער פינאַל איז געווען אַז אויף אַ באַפעל פונעם צענטער איז די גאַנצע באַפעלקערונג, אויף אַן אַכזריותדיקן אופן פאַרטריבן געוואָרן אינעם הינטערלאַנד. אין משך פון פיר געציילטע שעה האָט דאָס באַדאַרפט אויס־געפירט ווערן. אונדזער פאַמיליע ווי אַ גאַנץ היפשע צאָל אַנדערע יידן זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן קיין גריידינג, ניט ווייט פון ווין. די שטאָט איז געווען דאָמינירט פון טשעכן. מיר זיינען געווען באַצייכנט ווי ציוויל־געפאַנגענע. אָבער היות די שטאָט איז געווען אַ אינדוסטריעלע, וואָס האָט זיך געגייטיקט אין אַרבעטס־הענט, אויפן אָרט פון די מענער וואָס זיינען אַוועק אין דער אַרמיי, האָט מען אונדז באַהאַנדלט ליבעראַל. מען האָט אונדז צוגע־טיילט די זעלבע שפּייז־קאַרטלעך ווי פאַר דער אָרטיקער איינוואוינערשאַפט. אַפילו, פון צייט־צו־צייט געגעבן הלבשה יעדן וואָס האָט זיך אין דעם גע־נויטיקט. מיט די ספּעציעלע פּאַספּאָרטן האָבן מיר זיך אַפילו פריי געקענט באַוועגן אינעם לאַנד. קיין צוואַנג צו אַרבעטן אין די פאַבריקן איז ניט אָנגעווענדט געוואָרן. יעדער האָט געאַרבעט פרייוויליק. איך פלעג אויסנוצן די זונטיקס זיך אַריבערכאַפּן אין אַ דאָרף צו קויפן, פון מיין פאַרדינסט, אַביסל

שפּיז, אין וועלכן עס האָט זיך געפילט אַ מאַנגל אין גריידינג. אַזוי האָבן די עוואַקואירטע געלעבט אין גריידינג מער דערטרעגלעך ביזן סוף פון דער מלחמה.

## ז. מיר זיינען צוריק אין פּיטשאַיעוו

ווען מיר זיינען, נאָך דער מלחמה, צוריקגעקומען אַהיים האָבן מיר פון שטעטל געטראָפן אַ חורבה. דעמאָלט האָבן די פּאָליאַקן געהאַט באַזעצט פּיטשאַיעוו. אָבער ניט אויף לאַנג. די רוסן זיינען אַהין צוריק אַריין. עס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן די בהלה צייט, וואָס פּיטשאַיעוו, באַגלייך מיט אַנדערע ערטער אַרום האָבן דורכגעמאַכט, נאָך דער רעוואָלוציע. מ׳האָט געהאַט אויסצושטיין פון אַלערליי פּאַרטיזאַנער אַרמייען וואָס פלעגן אויף אַ ווילע זיך אַריינכאַפּן אין אַן אָרט און אָנטאָן געבערענטע צרות, בעיקר רויבעריי. פּאָליאַקן, אוקראַי־נער, פּעטלוראָווצעס. בעיקר שפּעטער, ווען די באָלשעוויקעס האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אויף פּוילן. קיין רעגולערע דיסציפּלינירטע אַרמייען זיינען דעמאָלט ניט געווען. די אַטמאָספערע איז געווען אַ הפקרדיקע. יעדעס מאָל, ווען איין אַרמיי האָט אָפּגעטראָטן פאַר אַ צווייטער, אָנגרייפערישער האָט דאָס שטעטל געליטן פון אַלערהאַנט צרות, בעיקר פון רויבערייען. ביז דער לעצטער אַקט האָט זיך אָפּגעשלאָסן, ווען עס איז געשלאָסן געוואָרן אַ שלום צווישן די פּאָליאַקן און די באָלשעוויקעס, און פּיטשאַיעוו ווי אַ גאַנץ היפּשער טייל פון וואָלין איז אָפּגעגעבן געוואָרן צו די פּאָליאַקן, ביז דעמאָלט האָט זיך דאָס געמוטשעט, אומזיכערדיק לעבן געפונען ווי אויף אַ וואולקאַן.

נאָכדעם, ווען די פּוילישע מאַכט האָט זיך ווי סטאַביל געהאַט איינגעפעסטיקט אין שטעטל, האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן אַ שטראַל פון לעבן. דאָס איז געווען די ערשטע בשורה פון אונדזערע פּיטשאַיעווער געטרייע ברידער אין אַמעריקע.

אין איינעם אַ שבת איז דאָס גאַנצע שטעטל אויפגעהייטערט געוואָרן פון אַ בריוו וואָס האָט זיך באַקומען פון חנא זאַליק, מיט דער אָנגעזאָגטער בשורה, אַז די פּיטשאַיעווער שיקן הילף. דאָס שטעטל איז געגאַנגען דעמאָלט כאַ־דאָראָם. דער חנא איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ משיח. די הערצער פון די יידן זיינען אויפגעריכט געוואָרן. און עס האָט טאַקע ניט לאַנג געדויערט. די ערשטע הילף איז אָנגעקומען. הילף צו יחידים, פון זייערע קרובים ווי הילף פאַר די באַדערפעניש פון דעם גאַנצן קהל.

גאָר אויפגעלעבט האָט דאָס גאַנצע שטעטל, ווען דער ספּעציעלער שליח פון אַמעריקע, דער פּיטשאַיעווער הערשל קאַרטמאַן האָט זיך באַוויזן מיט מזומנע דאָלאַרן וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט. אין יענער צייט צו גרייכן פּיטשאַיעוו האָט געשמעקט מיט סכנות נפשות ממש. אַלע וועגן זיינען געווען באַדראָט פון איבערפאַלן דורך די צעווילדעוועטע עלעמענטן וואָס די מלחמה און דער

בירגער קריג האָט נאָך זיך געלאָזן. געפאָרן איז מען דעמאָלט נאָר מיט פערד און וואָגן, צי שליטן. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט הערשל קאָרטמאַן אַליין געהאַט איבערגעלעבט שווערע מאָראַלישע יסורים פון דעם, וואָס ער האָט זיך געמוזט אויפהאַלטן אין וואַרשע אַ לענגערע צייט, אַבי ניט שטעקן בלייבן אינמיטן וועג, אויסצומיידן אַ לעבנס־סכנה. אָבער ער האָט זיך פאָרט דערשלעפּט צו זיינע פּיטשאַיעווער. אין יענעם טאָג פון זיין אָנקום איז אין שטעטל געווען ששון ושמחה. איך האָב געהאַט אין אַמעריקע מיינע דערמאָנטע שטיף־ברידער און שטיף־שוועסטער, וואָס האָבן אונדז געשיקט הילף. הערשל איז געווען טאָג־טעגלעך אַרומגערינגלט מיט מענטשן, וואָס האָבן אים באַלאַגערט מיט זייערע באַגערן, אויסגעגאָסן זייערע ביטערע הערצער אויף זייער מערכה. איך האָב בשום אופן ניט געקענט אים פאַרטרויען מיין באַגער, צו פאָרן קיין אַמעריקע. הערשל האָט זיך ניט געוואָלט שיידן מיט זיינע יידן. אָבער עס איז געשען דעמאָלט, אַז מיט ניסים איז ער אַליין, שיער ניט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די באָלשעוויקעס אין איינעם אַ טאָג, אומגעריכטערהייט פאַר אַלעמען האָבן די פּאָליאַקן פאַרלאָזט דאָס שטעטל, מחמת דעם אָנגריף פון די באָלשעוויקעס. אַלע האָבן מיר דערפילט די אַחריות פאַר הערשלען, אים אַוועקצופירן. אויף מיר, דעם יונגן בחורל איז אויסגעפאַלן דער גורל, אויסצופירן די שליחות אַוועקצופירן הערשלען קיין בראָד. און ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן איז דאָס גאָר געווען פאַר מיר אַ גרויס גליק. נאָך פון קליינערהייט האָב איך געוואוסט אַלע וועגן און אומוועגן וואָס פירן קיין בראָד און איך האָב אים טאַקע בשלום אַהין געבראַכט. דעמאָלט ערשט האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו בעטן אים, מען זאָל מיך אַריבערברענגען קיין אַמעריקע. הערשל האָט זיין וואָרט מקיים געווען. אים ווי מיינע שוועסטער האָב איך צו פאַרדאַנקען וואָס מיר זיינען געבראַכט געוואָרן אין דעם לאַנד, וואו איך לעב קאַרגע פערציק יאָר, און פיל זיך גליקלעך. ווען ניט הערשל, ווער ווייסט צי וואָלטן אויך מיר ניט געבליבן אין פּיטשאַיעוו און געהאַט דעם זעלבן שוידערלעכן סוף, ווי מיין ברודער איסר און שוועסטער לאהקע, וואָס זיינען אומגעקומען אינאיינעם מיט אַלע פאַרשניטענע לעבנס פון אונדזערע טייערע, האַרציק־וואַרעמע, תמימותדיקע יידן.

זאָלן מיינע ווערטער דינען פאַר אַ אייביק געדעכעניש נאָך זיי.

## זעקסטער קאַפּיטל

# מיין שטעטל פּיטשאַיעוו

פון טשאַרלס (חנא) זאַלץ



אָפּשאַצונגען:

ה. געלערנט • ש. סקולסקי

ה. געלערנט

## דער פֿאָלקסמענטש חנא (טשאַרלס) זאַלץ

אַזוי און ניט אַנדערש איז פֿאַרן שרייבער פֿון די שורות דער דאָזיקער פּיטשאַיעווער ייד וועלכן ער האָט דערקענט, שוין דאָ, אין אַמעריקע. פּיטשאַ־יעווער יידישע יידן האָבן קיין גרעסערן שבח פֿאַר אַ מענטשן וועלכן זיי האָבן גרויס געהאַלטן ניט געהאַט, ווי אַזעלכע באַצייכנונג. דאָס האָט געשטעמפּלט דעם מענטשן מיט פֿאָלקישקייט, מיט דער תמימותדיקייט פֿון זיינע מעשים.

מיר זיינען מיט חנא זאַלץ באַקאַנט געוואָרן צוליב דער אַרבעט פֿון רעדאַגירן, און טיילוויז צענויפשטעלן דאָס יזכור־בוך נאָך זיינע פּיטשאַיעווער יידן. מיר האָבן דערפֿילט אין די אַלע רייד צו אים, אין די בריוו פֿון פּיטשאַיעוו, אַז חנא וואוינט גאָרניט אין אַמעריקע, נאָר אין פּיטשאַיעוו, און מען רעדט זיך אַראָפּ פֿונעם האַרצן, פֿאַר אים, צו יעדער צייט. און ניט נאָר די יידן פֿון זיין אייגענעם דור, נאָר אויך דאָס יינגוואַרג, דער ניי־אויפגעקומענער דור. אַלע האָבן צו אים גערעדט מיטן נוסח, ווי מען רעדט צו אַ היימישן, אייגענעם מענטשן.

מיר פֿאַרשפּאָרן דאָס צו אילוסטרירן, ווייל דער לייענער וועט עס לייענען, סיי אין די פֿאַרעפֿנטלעכטע בריוו פֿון פּיטשאַיעוו, סיי אינעם עדות זאָגן פֿון ש. סקולסקי, אין זיינע רייד וואָס מיר דרוקן דאָ, לכבוד חנא זאַלצס גע־בוירנטאָג.

חנא זאַלץ, וואָס וואוינט שוין העכער פֿופֿציק יאָר אין אַמעריקע, האָט אויף אַ האָר ניט געמינערט אין זיך דעם אַלטן כלל טוער, וואָס ער האָט יינגלווייז מיטגעבראַכט מיט זיך קיין אַמעריקע. און דער סימן מובהק (קען־צייכן) פֿונעם יידישן כלל טוער פֿון „אַמאָל" איז געווען — דינען דעם ציבור לשמה. מען האָט אים ניט באַדאַרפֿט וועקן, רופֿן, אַפּעלירן, און אוודאי ניט באַצאָלן פֿאַר זיין אַרבעט. ווייל די מידה פֿון דינען דעם ציבור איז געווען ביי יענע

יידן אַן איינגעוואָרצלטע פון דורות לאַנג. מען האָט אפילו אין די תפילות, יעדן ערב ראש חודש בענטשן, ביים אַנשפּאַרן אויפן רעכטן אָרעם די ספר תורה, מתפלל געווען פאַר די „עוסקי בצרכי ציבור באמונה" אַז „הקדוש ברוך הוא ישלם שכרם" — נאָר גאָט אַליין זאָל זיי באַלוינען פאַר זייער ערלעכער קהלשער אַרבעט...

דינען דעם ציבור, דער געזעלשאַפט איז געווען הייליק גרויס; דער הצנע לכת, דאָס שטיל דינען גאָט אַליין, צי דער אידייע. אין זייערע מעשים איז ניט געווען קיין סימן פון רעקלאַמע, וואָס איז שעטנז, אַן עבירה וואָס פאַר־שוועכט גאָר די הייליקייט פון אַזאַ אַרבעט.

אין אַנבליק דערפון שיינט אַרויס אָט דער טיפ ייד אין די מעשים פון חנא זאַלץ, ווי די פּערזאָנאַפיקאַציע פון יענעם „עמך"־ייד און זיין פשטות; פון יענעם איש תם וישר וואָס איז אַוועק אין רויך און אַש... וועמען חנא זאַלץ האָט, אויף די עלטערע יאָרן זיינע, געווידמעט זיין ענערגיע צו פאַר־אייביקן אין דעם יזכור־בוך.

עס איז גאָרניט קיין צופעליקייט דער פאַקט, אַז בעת ער מיט זיין נאָענטסטן פריינד, הערשל קאָרטמאַן, האָבן זיך אָפּגעגעבן דער זאַמל־אַרבעט פון הילף פאַר פּיטשאַיעוו האָבן זיי אַלע הוצאות אויסגעטראָגן פון זייערע אייגענע קעשענעס.

„פון די רעליף־געלטער וואָס מיר האָבן געזאַמלט — אַרומפאָרנדיק אין פאַר־שיידענע שטעט — האָבן מיר קיין שום הוצאות ניט געדעקט", דערציילט ח. זאַלץ אַליין [זייט 152].

עס לוינט זיך צו פאַרטראַכטן, היינט, ווען צדקה איז געוואָרן רעקלאַמע פאַר דעם בעל צדקה, און דורך אים — פאַרן „סאָשיאַל וואָרקער" מיט אַ שול־דיפּלאָם. יאָ, וואו איז עס דער סוד, די רעטעניש דערפון, וואָס נאָכן אָפּזיין אין אַמעריקע קאַרגע זעקס צענדליק יאָר, אויפגעשטעלט דאָ אַ פאַמיליע, אויסגעגעבן צוויי זין, וואָס האָבן דעם טאַטן באַקרוינט פאַר אַ זיידן מיט צוויי אייניקלעך, בכן דריי דורות אויפן אַמעריקאַנער באָדן און דאָך איז חנא זאַלץ, שוין מיטן אַמעריקאַניזירטן נאָמען טשאַרלס, געבליבן ניט נאָר חנא, נאָר בפירוש דער אַלטער פּיטשאַיעווער, ניט געמינערט די מידות פון פשטות וואָס איז פאַרפלאַנצט אין אים פון דער אַלטער היים; וואו ליגט דער סוד פון אָט דעם גייסטיקן כוח?; ווי קומט עס, וואָס דער שווערער ביטערער געראַנגל זיינער אין אַמעריקע פאַר זיין עקזיסטענץ, אין יענע קנעכטישע יאָרן פון אַרבעט, וואָס האָבן געהערשט אין אָנהייב פונעם היינטיקן יאָרהונדערט, איז ער ניט איינגעשלונגען געוואָרן פונעם

נייעם קלימאַט? ווי קומט עס, וואָס דער דעמאָלטיקער עקספּלואָטאַציע־קלימאַט אין אַמעריקע האָט ביי חנא זאַלץ ניט אַוועקגענומען דעם אינטימען צענויפבונד, די פאָלקסטימלעכע היימלעכקייט אין זיין טעטיקייט, די איבער־געגעבנקייט צו זיין געבוירנהיים? ווי אַזוי איז געשען דער נס ממש, וואָס אין זיין טעטיקייט אין אַמעריקע איז ניט פאַרפאַלן געוואָרן קיין פּינטעלע אפילו פון יענעם אויסגעגאָסענעם חן, וואָס שיינט אַראָפּ פון די ווערטער אין די באַריכטן און אין דעם נוסח שרייבן, פון זיינע פּיטשאַיעווער יידן צו אים?

דער איינציקער שליסל פאַר אַ באַשייד פון דער דאָזיקער אויסטערליש־קייט, דוכט מיר, זיינען די אייגענע ווערטער פון חנא זאַלץ צום שרייבער פון די שורות. ער האָט נעמלעך, אין אַ פּריוואַטן בריוו צו מיר, זיך „אַרויסגע־כאַפּט” ווי אַ מסיח לפי תומו, מיט אַ זאַג פון כיבוד אָב: „ווען איך וואָלט ניט געווען קיין קאָפּיע פון מיין פאָטער, איז אונטער די אומשטענדן פון מיין זיין אין אַמעריקע, וואָלט איך קיינמאָל ניט צוגעשטאַנען צו אַ געזעלשאַפט־לעך־פּאָליטישער באַוועגונג, וואָס דאָס האָט אויך גורם געווען אַז איך זאָל ווערן אַ ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור”. בכן, דער טאַטע, די פּיטשאַיעווער היים האָט עס טיף פאַרפלאַנצט די גוטע מידות אינעם זון. און אַז עס איז טאַקע אַזוי, זיינען עדות די אַלע מאָמענטן וואָס ער ברענגט אַרויס אין זיין „שטעטל פּיטשאַיעוו” און די כאַראַקטעריסטיק וועגן אים וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט, ווי שוין דערמאָנט, פון אַן עדות, פונעם נייעם דור, ש. סקולסקי.

די באַוועגונג אין וועלכער ח. זאַלץ האָט זיך אָנגעשלאָסן איז געווען יענע, וואָס איר פּאָליטישע אָריענטאַציע איז באַזירט אויף דער עטיק און מאָראַל אין די צווישנמענטשלעכע באַציאונגען אין דער געזעלשאַפט, וואָס דאַרף ערשט געבוירן ווערן, די אַנאַרכיסטישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָס האָט דעמאָלט שטאַרק געווירקט אין אמעריקע.

און נאָך אַ מאָמענט דאַרף דערמאָנט ווערן. דאָס איז די שטוב־אַטמאָספערע. זיין היים אין פּיטשאַיעוו איז געווען אַ רשות הרבים פאַר יעדן. פאַר איוואַנען, וואָס איז אַהין געקומען אין שענק אַריין, נאָך אַ טרונק בראָנפן און פאַרבייסן מיט יידישע חלה און פיש אויף שבת און הנאה געהאַט פון אַן אָפּרו דאָרט, נאָך אַ שווער פאַרהאָרעוועטן טאָג אַרבעט, און, להבדיל, פאַרן יידן, וואָס האָט אַ גאַנצע וואָך פאַרבראַכט אויפן טאַרטאַק אין וואַלד, און אויף שבת געקומען אין שטעטל און דאָרט פאַרבראַכט. אין הויז פון חנאס עלטערן האָט דער ייד זיך דערפילט שבתדיק און בעיקר, משפּחהדיק וואַרעם, ביים אויפנעמען די געסט ביי דעם שבתדיקן טיש מיט כיבוד, מיט שבת־אויבס. ווער שמועסט שוין פון דער היטערקייט, דערהויבנקייט, וואָס דאָס יינגל, חנא, האָט איבערגעלעבט אין יענער וואָך, אינעם יאָר, ווען דער



„שטעלעכלעך" אויפן מאַרק



דער מאַרק מיט די קלייטן. אין פראָנט — ישראל סקולסקי,
שלומהס פאָטער, מחבר פון דער פּאָעמע:
„נישטאָ שוין דאָס שטעטל"

נייעם קלימאַט? ווי קומט עס, וואָס דער דעמאָלטיקער עקספּלואַטאַציע־קלימאַט אין אַמעריקע האָט ביי חנא זאַלץ ניט אַוועקגענומען דעם אינטימען צעניפּבונד, די פאַלקסטימלעכע היימלעכקייט אין זיין טעטיקייט, די איבער־געגעבנקייט צו זיין געבוירנהיים? ווי אַזוי איז געשען דער נס ממש, וואָס אין זיין טעטיקייט אין אַמעריקע איז ניט פאַרפאַלן געוואָרן קיין פּינטעלע אפילו פון יענעם אויסגעגאָסענעם חן, וואָס שיינט אַראָפּ פון די ווערטער אין די באַריכטן און אין דעם נוסח שרייבן, פון זיינע פּיטשאַיעווער יידן צו אים?

דער איינציקער שליסל פאַר אַ באַשייד פון דער דאָזיקער אויסטערליש־קייט, דוכט מיר, זיינען די אייגענע ווערטער פון חנא זאַלץ צום שרייבער פון די שורות. ער האָט נעמלעך, אין אַ פּריוואַטן בריוו צו מיר, זיך „אַרויסגע־כאַפּט" ווי אַ מסיח לפי תומו, מיט אַ זאַג פון כיבוד אָב: „ווען איך וואָלט ניט געווען קיין קאָפּיע פון מיין פאָטער, איז אונטער די אומשטענדן פון מיין זיין אין אַמעריקע, וואָלט איך קיינמאָל ניט צוגעשטאַבן צו אַ געזעלשאַפט־לעך־פּאָליטישער באַוועגונג, וואָס דאָס האָט אויך גורם געווען אַז איך זאָל ווערן אַ ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור". בכן, דער טאַטע, די פּיטשאַיעווער היים האָט עס טיף פאַרפלאַנצט די גוטע מידות אינעם זון. און אַז עס איז טאַקע אַזוי, זיינען עדות די אַלע מאָמענטן וואָס ער ברענגט אַרויס אין זיין „שטעטל פּיטשאַיעוו" און די כאַראַקטעריסטיק וועגן אים וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט, ווי שוין דערמאָנט, פון אַן עדות, פונעם נייעם דור, ש. סקולסקי.

די באַוועגונג אין וועלכער ח. זאַלץ האָט זיך אָנגעשלאָסן איז געווען יענע, וואָס איר פּאָליטישע אָריענטאַציע איז באַזירט אויף דער עטיק און מאָראַל אין די צווישנמענטשלעכע באַציאונגען אין דער געזעלשאַפט, וואָס דאַרף ערשט געבוירן ווערן, די אַנאַרכיסטישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָס האָט דעמאָלט שטאַרק געווירקט אין אמעריקע.

און נאָך אַ מאָמענט דאַרף דערמאָנט ווערן. דאָס איז די שטוב־אַטמאָספערע. זיין היים אין פּיטשאַיעוו איז געווען אַ רשות הרבים פאַר יעדן. פאַר איוואַנען, וואָס איז אַהין געקומען אין שענק אַריין, נאָך אַ טרונק בראָנפן און פאַרבייסן מיט יידישע חלה און פיש אויף שבת און הנאה געהאַט פון אַן אָפּרו דאָרט, נאָך אַ שווער פאַרהאָרעוועטן טאָג אַרבעט, און, להבדיל, פאַרן יידן, וואָס האָט אַ גאַנצע וואָך פאַרבראַכט אויפן טאַרטאַק אין וואַלד, און אויף שבת געקומען אין שטעטל און דאָרט פאַרבראַכט. אין הויז פון חנאס עלטערן האָט דער ייד זיך דערפילט שבתדיק און בעיקר, משפּחהדיק וואַרעם, ביים אויפנעמען די געסט ביי דעם שבתדיקן טיש מיט כיבוד, מיט שבת־אויבס. ווער שמועסט שוין פון דער הייטערקייט, דערהויבנקייט, וואָס דאָס יינגל, חנא, האָט איבערגעלעבט אין יענער וואָך, אינעם יאָר, ווען דער

אָסטראָער רבי, רבי אַלטערוניע, האָט פֿאַרבראַכט אין שטעטל. די ניגונים ביים פראַוועז דעם רבינס טיש, דער קלימאַט פון שלום ושלוהדיקייט, וואָס האָט באַהויכט די יידן און זיי באַהעפט אין איין און דעם זעלבן גייסטיק הויכן געפיל, האָט אינעם יינגל חנא אַריינגעגאָסן פריידיקייט פון זיין מיט און צווישן מענטשן וואָס זיינען אַלע גליך... און דאָס איז געווען די נאַטירלעכע דערציונג וואָס חנא האָט באַקומען פון זיין טאַטן. דאָס ווידער האָט געבראַכט דערצו, אַז די פּיטשאַיעווער יידן זיינען אים אויף אייביק געבליבן איינגעבאַקן אין זיין האַרצן. אינעם „פינטעלע ייד" האָט חנא שפּעטער אין איבערגעבנקייט צו זיי, אַרויסגעוויזן דאָס פינטעלע „מענטש"...

חנאס אָנשליסן זיך אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, דער שטויס דערצו, האָט אויך געשטעקט אין דעם „פינטעלע ייד" פון פּיטשאַיעוו. ווי אַלע יידישע קינדער דעמאָלט איז חנא דערצויגן געוואָרן טראַדיציאָנעל יידישלעך, אויף די „שוואַרצע פינטעלעך" באַגלייט מיטן ניגון פונעם מלמד. נאָך קינדוויז האָט דאָס חדר־יינגל איינגעזאַפּט אין זיך די אויסגעזונגענע ווער־טער פון „לא עבדים לעבדים" ניט זיין קיין קנעכט ביי קנעכט... דאָס, וואָס האָט דעמאָלט אינעם יינגן מוחל געגאָלטן ווי אַ געטלעכער געבאָט, איז שפּעטער, אין זיין אָנשליסן זיך אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, געוואָרן אויסגעשליפן אינעם דערוואַקסענעם מוח, ווי אַן איבערצייגונגס קראַפט פון דעם אמתן אמת, פאַרן לעבן פון דער קומענדיקער געזעלשאַפט. און אַזוי ווי דאָס לעבן שטייט ניט אויף איין אָרט, איז חנא דער אַנאַרכיסט ניט געווען קיין בלינדער דאָגמאַטיקער. דאָגמע אַליין פּענטעט די מחשבה אנשטאָט זי זאָל פראַגרעסירן. דאָגמע אַליין צוימט דעם ווילן. און דאָס איז אינגאַנצן דער היפּוך פון דער דערציונג וועלכע חנא האָט באַקומען.

איז חנא געגאַנגען זיין אייגענעם וועג. אין וועג פון זיין טאַטן, און איז דער־הויבן געווען שטענדיק דורך מעשים פאַר זיינע פּיטשאַיעווער. און פאַר אָט די מעשים איז ער געוואָרן אַ בעל זוכה, צו ווערן באמת, דער מענטש, דער פשוטער פאָלקסטימלעכער ייד צוגלייך מיט אַלע זיינע פּיטשאַיעווער פאָלקס־יידן. דאָס איז לא כל אדם זוכה — ניט יעדער גרייכט דערצו...

לאָמיר ביים סוף צוגעבן, אַז דער שרייבער פון די שורות איז אַן עדות דערפון, אַז די אייביקע מצבה נאָך די אומגעבראַכטע פּיטשאַיעווער יידן אינעם דאָזיקן יזכור־בוך איז אויך ניט קיין אַנדערנס, נאָר חנא זאַלצס קינד.

ש. סקולסקי (תל אביב)

# טשאַרלס (חנא) זאַלץ*)

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה בין איך מיט מיינע עלטערן, ווי כמעט אַלע פּיטשאַיעווער, געווען עוואַקואירט אין צענטראַל־רוסלאַנד. אַזוי באַלד ווי די מלחמה האָט זיך געענדיקט, זיינען מיר צוריקגעקומען אַהיים. איך בין געווען נאָך גאָר אַ קינד, אָקאַרשט אָנגעהויבן גיין אין חדר. אין די שמועסן פון די דערוואַקסענע צווישן זיך, איז אונדז, קינדער, דעמאָלט אָפט אויסגע־קומען צו הערן דעם נאָמען חנא זאַלץ, אַ נאָמען, וואָס איז פאַר אונדז קליינ־וואַרג געווען איינגעהילט עפּעס ווי אין אַ שלייער, אַ פיל־זאָגנדיקער נאָמען.

„ס'איז דאָ אַ בריוו פון חנא זאַלץ", האָבן מיר געהערט די קאָמיטעט־מענטשן רעדן צווישן זיך, בעת מיר זיינען געשטאַנען אין אַ לאַנגער ריי מיט די מילך־קענדלעך אין די הענט; „חנא זאַלץ שרייבט", האָט אונדזער רבי געטרייסט די רביצן, וואָס איז געווען הויט און ביין, בעת זי האָט ביי אים געבעטן אויף שבת; „מ'דאַרף אַ שרייב־טאָן צו „חנא זאַלץ", האָבן זיך דערהערט שטימען פון חשובע בעלי־בתים אויף דער קהילהשער אסיפה אין בית־המדרש, ווען מ'האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ ווי אַזוי צו רעמאָנ־טירן די שטאָט־באָד, און דער רב אונדזערער האָט זיך געבייזערט, למאי אַזאַ שטאָט לעבט אָן אַ כשרערע מקווה... אויך אין אונדזערע קינדערשע מוחלעך האָט זיך אָט דער סודותפולער נאָמען געפּאַרט מיט די מעשהלעך וועגן אליהו הנביא, וואָס דערשיינט פּלוצלונג אין די הייזער פון יידן אביונים און באַווייזט פאַר זיי נסים. בלויז דער פאַקט, וואָס מ'האָט אים גערופן ביים פאַמיליע־נאָמען און ניט ביי קיין צונאָמען, ווי ס'איז געווען דער מנהג אין שטעטל, בלויז דער פאַקט האָט אונדז געגעבן צו פילן, אַז עפּעס איז דאָ ניי, אַז ס'שמעקט מיט דער גרויסער וועלט... מיר, קינדער, האָבן זיך געשעמט צו פרעגן, ווער איז ער אָט דער זאַלץ, ווייל ווי פּאַסט עס גאָר ניט צו וויסן דאָס, וואָס אַלע ווייסן. דערפאַר טאַקע איז חנא זאַלץ אָנגעגאַנגען פאַר אונדז ווי אַ גוטער באַשיצער, וואָס זואו אַ צרה, וואו אַ נויט — גלייך ווענדן זיך די דערוואַקסענע צו אים...

און שפּעטער ווען מען איז אַ ביסל אונטערגעוואַקסן און ס'האָבן זיך געשאַפן פאַרשיידענע יוגנט־קרייזלעך, קולטור־פאַראיינען, פּאַרטייאישע אָרגאַני־

---

*) געשריבן צו זיין 75סטן געבוירנטאָג.

זאַציעס, פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס — און מ׳האָט זיך ערנסטער פאַר־אינטערעסירט מיט אָט דעם מענטשן, וואָס זיצט זיך דאָרט ערגעץ אין אַמעריקע און ווירקט אַזוי פיל אויף אַלע שטעטלשע ענינים האָבן מיר זיך דערוואוסט, ניט קיין סך, אָבער דאָס איז געווען גענוג דער יונגער דור זאָל זיך פילן נאָך מער צוגעבונדן צו אָט דעם נאָמען. יונגעלייט האָבן געוואוסט צו דערציילן, אַז חנא זאַלץ, אַ בעלי־בתיש קינד, איז נאָך אין זיינע חדר־יאָרן געווען אַנדערש פון זיינע חברים; ער האָט ניט געטראָגן קיין פּאהס, שפּאַצירט מיט מיידלעך, געהאַלטן אַ קעמעלע אין קעשענע און געלייענט ביכלעך, וואָס האָבן ניט צו טאָן מיטן חומש... זיין מוטער האָט געהאָט אַ סך אויסצושטיין פון די שכנות: „דיין חנא וואַקסט אַן אפיקורס״... און ווען ער איז אַוועק קיין אַמעריקע און ס׳זיינען אַריבער עטלעכע יאָר האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פּיטשאַיעוו האָט אין טשאַרלס זאַלצן אַן איבערגעגעבענעם זאָרגער...

האָט מען טאַקע אָנגעהויבן זיך ווענדן צו אים מיט פאַרשיידענע ענינים. שאַפט זיך אַ „לינת הצדק״ אין שטאָט, אָדער אַ גמילת חסדים קאַסע, גלייך ווייס דערפון מיסטער זאַלץ פון אַמעריקע; וויל מען שאַפן אַ ביבליאָטעק, שרייבט מען צו זאַלצן קיין אַמעריקע. ס׳שטעטל האָט שוין פּרנסה, מ׳דאַרף שוין מער ניט קיין מאַטעריעלע שטיצע, אָבער קולטורעלע, גייסטיקע מיט־הילף — אדרבא, מיר האָבן דאָך עפּעס אַן אייגענעם אין אַמעריקע, אַן אונ־דזעריקן, וואָס פאַרשטייט זיך זייער גוט אין אַזעלכע זאַכן.

אין אַ שיינעם טאָג איז אין שטעטל אַרויס אַ קלאַנג: זאַלץ האָט באַשלאָסן אַרויסגעבן אין אַמעריקע אַ בוך וועגן זיין אַלטער היים, ער בעט מאַטעריאַל, און דאָס שטעטל האָט פאַרקאָשערט די אַרבל; ס׳האָט זיך געשאַפן אַ ספּע־ציעלער קאָמיטעט, יונגטלעכע האָבן אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַלן, פאָטאָ־גראַפירן, באַשרייבן פאַרשיידענע טיפּן, שילדערן דאָס לעבן אין פּיטשאַיעוו, זיך גריבלען אין היסטאָרישע כראָניקס, אַלץ האָט געאָטעמט מיט ליטע־ראַרישער ליבהאָבעריי, יעדער האָט זיך געריסן שרייבן. איך ווייס ניט צי דאָס בוך אַליין וואָלט דעמאָלט געווען געהאַט אַזאַ וויכטיקן קולטור־ווערט, ווי די קולטור־אַטמאָספער, וואָס ס׳האָט זיך געשאַפן אין שטעטל אַרום דער אַרבעט פאַרן בוך. דאָס אַליין דאַרף פאַררעכנט ווערן ווי אַ וויכטיקער אויפטו.

און אָט איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. אַ פּאָר צענדליק יוגנט־לעכע האָט באַוויזן זיך אַרויסרייסן פון אָקופּירטן פּיטשאַיעוו און זיך דער־שלאָגן קיין ווילנע. טראַכט מען וועגן ראַטעווען זיך, און, פאַרשטייט זיך פון זיך אַליין, מ׳שרייבט תיכף צו חנא זאַלץ. אָבער דער בלוט־מבול פאַר־שפּרייט זיך שנעל, אָט איז ער שוין אויך אין דער ליטע. און נאָך דער

מלחמה, נאָך דעם גרויסן חורבן, ווען איינצלנע, פאַריתומטע פּיטשאַיעווער, צעשפּרייט און צעזייט איבער אייראָפּע, קוקן זיך אַרום, זעען אַז זיי לעבן און ווייסן ניט וואו זיך צו קערן און ווענדן, זוכט זיך־אָפּ חנא זאַליץ; ער זוכט זיי אויס וואו נאָר זיי געפינען זיך, פאַרבינדט זיך מיט זיי און פאַר־בינדט זיי מיט זייערע קרובים, און שוין זיינען זיי ניט מער אַזוי עלנט און פאַריתומט.

חנא זאַליץ ווייטיקט מיטן גרויסן בראָך, וואָס האָט געטראָפן זיינע ברידער פון דער אַלטער היים און ער באַשליסט אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך. ווערט זיין הויז, וואָס איז תמיד אָפן פאַר יידישע גייסט־מענטשן, אַ קליינער צענטער פאַרן הייליקן ענין. פּיטשאַיעווער יידן, אַ פינף־זעקס הונדערט נפשות, צעזייטע אין אַלע וועלט־עקן, דער עיקר די וואָס זיינען אין מדינת ישראל און אין ביידע אַמעריקעס, טרעפן זיך דורך בריוו אין זיין היים; פּיטשאַיעווער דורות, פאַרגאַנגענע און פאַרבליבענע, אומגעקומענע און לעבעדיקע, זאַמלען זיך ביי אים, באַגעגענען זיך. ער וועט זיי פאַראייביקן, זיי שטעלן אַ ליטע־ראַרישן מאָנומענט. דעם דאָזיקן ציל גיט ער אָפּ זיין צייט, זיין מי, זיינע פאַרבינדונגען מיט ליטעראַרישע קרייזן. אַליין אַ מענטש וואָס האָט ניט ווייניק געשריבן, זאַמלט ער מאַטעריאַל, שרייבט זיינע אייגענע זכרונות, ער לעבט און אָטעמט מיט דער האָפענונג, אַז דאָס בוך וועגן פּיטשאַיעוו וועט מיט זיך פאָרשטעלן אַ היסטאָרישן ווערט פון אַלגעמיינעם אינטערעס.

עס איז ניט קיין חידוש, וואָס איצט, בעת טשאַרלס זאַליץ פייערט זיין 75טן געבוירנטאָג, האָט דאָס פּיטשאַיעווער צעשפּליטערטע שטעטל אַ ציטער געטאָן. אַ וואַרעם געפיל פאַרגייט אין האַרצן, אַ תפילה־געפיל פאַרציט דאָס אויג מיט אַ פייכטן נעפּל: לאַנגע, גליקלעכע יאָרן דיר, פריינד זאַליץ, גוטער זאָרגער און פאַטראָן פון אונדזער מוטער־היים, פאַר אונדז, פּיטשאַ־יעווער, די איינציקע היים פון אונדזערע פאַרשוואונדענע היימען.

## טשאַרלס (חנא) זאַלץ

# מיין שטעטל פּיטשאַיעוו

### זכרונות און געשטאַלטן

מיין שטעטל פּיטשאַיעוו, וואו איך בין געבוירן געוואָרן ז׳ כסלו, תר״מ, איז געווען צווישן צוויי באַוואוסטע יידישע שטעט בראָד און קרעמעניץ. די ביידע שטעט זיינען געווען גרענעץ־ערטער צווישן צוויי מלוכות, דאָס אַמאָליקע עסטרייך און רוסלאַנד. די בראָדער משכילים פון איין זייט און דער רוסלענדישער „מענדעלסאָן״ — ווי מ׳האָט גערופן דעם קרעמעניצער גרויסן יידן, יצחק בער לעווינזאָן — פון דער צווייטער, אָבער צו פּיטשאַיעוו איז זייער השפּעה ניט דערגאַנגען. אינגאַנצן האָט דאָס שטעטל געציילט בערך דריי הונדערט משפּחות.

דאָס שטעטל איז געווען צעלייגט ווי אַ „ח״ (חית), אין איין זייט איז געווען די גילדענע גאַס, פּונקט אַקעגן קלויסטער; די צווייטע זייט האָט געפירט דורך אַ געסל צו דער שול־גאַס, וואו עס זיינען געווען: די גרויסע, קאַלטע שול, דער בית־המדרש און די קלויז. דאָרטן האָבן געוואוינט דער רב און די שוחטים. פון דער שול־גאַס האָט זיך געצויגן אַ גויאיש געסל, וואָס האָט געפירט צו דער באָד און „בוינע״ (שעכט־הויז) און אויפן וועג צום בית־עולם. אויף איין עק פון „חית״ איז דער באַרג אויף וועלכן ס׳שטייט דער באַוואוסטער קלויסטער, באַקאַנט מיטן נאָמען „פּאָטשאַיעווסקאַיאַ לאַווראַ״, וואָס פאַרנעמט אַ גרויסן שטח און איז אַרומגעבויט מיט געביידעס פון ציגל און שטיין; די זוואָניצאַ״ (אַ גלאָקן־טורעם) העכער צוואַנציק עטאַזש די הויך און אַ גאַר גרויסער האָטעל פאַר די רייכע פּילגרימען געסט און סתם פויערים, וואָס פלעגן קומען פאַר טויזנטער מייל ווייט פון אַלע עקן רוסלאַנד און גאַליציע. לויט אַ לעגענדע פון פיר־הונדערט יאָר צוריק האָט זיך די „הייליקע מוטער״ דעמאָלט באַוויזן צו אַ קראַנקער, צעדרייטער (גייסטיק־קראַנקער) פרוי, וואָס איז פון איר גענעזן געוואָרן. מ׳האָט דעמאָלט אויף יענעם אָרט אויפגעשטעלט אַ „קאַפּליצע״, אַזאַ געטשקע־הייזקע, און מיט יאָרן שפּעטער איז דאָרט אויפגעבויט געוואָרן דער גרויסער קלויסטער, די „פּאָטשאַיעווסקאַיאַ לאַווראַ״ וואוהין מ׳איז געקומען זיך מתודה זיין פאַר די זינד. ווי נאָר זיי האָבן באַטראָטן די ערד פונעם שטעטל, פלעגן זיי פאַלן אויף איר און מיט גרויס פאַרכטיקייט זי געקושט און געבעטן

צו דער „הייליקער מאַריאַ", צו דער „באַזשע מאַטערי" (גאָטס מוטער). דער קלויסטער איז פון אינעווייניק און דרויסן אויסגעריכט מיט גאָלד און רייכטימלעכן שמוק.

לעבן דעם קלויסטער, בשכנות ביים באַרג, איז אויסגעוואַקסן דאָס יידיש שטעטל פיטשאַיעוו. דער ראַטהויז, וואָס שטייט אין מיטן פון שטעטל, איז דאָס אייגנטום פונעם קלויסטער. אויף איין זייט פונעם ראַטהויז איז געווען דער מאַרק אַרומגעבויט מיט אַ סך יידישע קלייטן. אויף דער צווייטער זייט — דער גרויסער מאַרק־פּלאַץ פאַר ירידים. אַהין פלעגן די דאָרפישע פויערים ברייגען צו פאַרקויפן זייערע פערד, בהמות, קעלבער, שעף, גענדז, קאַטשקעס, הינער און אַלערליי תבואות.

פיר אַרויספאָרן (ראָגאַטקעס) האָבן פון פיטשאַיעוו געפירט צו פיר שכנות־דיקע ערטער: קרעמעניץ, ראַדזיוויל, ווישנעוויץ און אַלעקסעניץ. דער ליפּעווער וועג, באַוואַקסן פון ביידע זייטן מיט אַלטע ליפּעווע בוימער, איז געווען דער שענסטער. ער האָט זיך געצויגן ביז צום קלויסטער־צווינטער. דאָרטן איז אויך געווען דער וואָלאָסט (אַדמיניסטראַציע). דער דאָזיקער וועג איז אויך געווען דער שפּאַציר גאַנג ביי יידן. באַלעבט פון יונג און אַלט, איז דער וועג געווען אין די זומער־שבתים. נאָכן אָפּעסן דעם טשאָלנט, ווען טאַטע און מאַמע האָבן זיך געלייגט שלאָפן, האָט יונגוואַרג זיך אַרויסגעלאָזט שפּאַצירן אין די ליפּעס. אַרום פיטשאַיעוו זיינען אויך דאָ אַנדערע שיינע וועגן און ווי פרייע פייגל פלעגט דאָס יונגוואַרג זיך צעזינגען אויף דער שויס פון דער נאַטור.

אַלע וועגן אַרום דעם שטעטל זיינען געווען באַוואַקסן דורך די גויאישע מיעשטשאַנעס (שטאָט־איינוואוינער). זייערע הייזער זיינען געווען איינ־געטונקען אין גרינע סעדער באַוואַקסן מיט אַלערליי פרוכט־בוימער: קאַרשן, ווינשל, מאַרעלן, וויינפּערלעך, מאַלינעס, אַגרעסן, פלוימען, עפּל, באַרן, וועלטשענע ניס. בלומען־קרוינען האָבן באַצירט דעם אַרום מיט זייערע פאַרשיידענע קאָלירן. גאָר פּרעכטיק איז געווען דער קלויסטער־סאָד, באַוואַקסן פון טויזנטער פרוכט־בוימער. איינגעהילט אין אַ געדיכטער גרינקייט זיינען געווען די הייזער, וואָס מ'האָט קוים אַרויסגעזען. אַלע ראָגאַטקעס האָבן אויסגעזען ווי איין גרויסע גרינע לאַנדשאַפט.

דאָס יידישע שטעטל איז געווען אויסגעלייגט אויף אַ באַרג. קיין קרעניצע מיט וואַסער איז אין שטעטל ניט געווען, נאָר אין אַלט־פיטשאַיעוו, וואָס איז געלעגן צופוסנס פון אַ באַרג, אַ וויאָרסט פונעם שטעטל. דאָרט האָט געפלאָסן פון באַרג ריינע קוואַל־וואַסער און יעדער פויער פון אַלט־פי־טשאַיעוו האָט געהאַט אַ פאַס און צעפירט דאָס אָנגעפולטע וואַסער אין יידישע הייזער און צו אַלע אַנדערע איינוואוינער פון שטעטל. דאָס וואַסער

איז מיט איר פרישקייט געווען מחיה־נפשות. קיין סך וואַסער צו באָדן זיך איז אין שטעטל ניט געווען. נעבן דער באָד איז געווען אַ סאַזשעלקע (אַ שטייענדיק וואַסער) מיט אָנגעזאַמלטן רעגן־וואַסער. דאָס סאַזשעלקע־וואַסער פלעגט מען נוצן יעדן פרייטיק, ביים הייצן די באָד. אַ פויער (דער באָד־גוי) פלעגט עס אויסשעפּן — דורך אַ רינווע איז עס אַריינגעפלאָסן אין אַ הויכן, ברייטן, הילצערנעם פאַס אינעווייניק אין באָד. די יידן האָבן זיך דערמיט אָפּגעוואַשן אויף קאַלט נאָכן נעמען אַ שוויץ אויף דער הייסער אויבער־שטער באָד־באַנק.

אין די הייסע זומער־טעג פלעגן די יינגלעך זיך באָדן אין דער סאַזשעלקע, ווען אָבער עס האָט ניט גערעגנט, פלעגט די סאַזשעלקע איינגעטריקנט ווערן, דעמאָלט האָט דער בעדער געמוזט קויפן אַלט־פּיטשאַיעווער פעסער וואַסער. די סאַזשעלקע איז געווען באַוואַקסן מיט טשערעד, וואָס פלעגט דינען פאַר סכך אויף די סוכות. באַרוועסע פלעגט דאָס יונגוואַרג אַריין טיף אינעם זומפּ וואו דער טשערעד האָט געוואַקסן, אים אָפּשניידן, און בינטלעכווייז אים טראָגן אַהיים אויף די אַקסלען איבערצודעקן די סוכה.

על פּי רוב פלעגן די שטעטלעך זיין אונטערגעוואָרפן דעם פּריץ. ווייל דער באָדן איז געווען זיין אייגנטום. אים פלעגט מען צאָלן שטייערן פאַר אַ הויז אָדער אַ קלייט (געוועלב), אָבער ניט אין פּיטשאַיעוו, וואו אַלץ איז געווען דאָס אייגנטום פון דער קהילה. יעדער ייד וואָס האָט פאַרמאָגט אַ הויז אָדער אַ קלייט איז עס געווען זיין אייגנטום. דער פּרייער באָדן האָט געהערט צו דער קהילה. אַזוי־ווי די שטאָטישע מנהיגים, וואָס האָבן געבאַלע־באַטעוועט האָבן געהאַט זייערע אויסדערוויילטע וועמען צו פאַרטיילן שטחים פּלאַץ, פלעגן דעריבער אויפקומען מחלוקתן צווישן די צדדים. עס זיינען געווען אויך אַנדערע מחלוקתן, וועגן אויפנעמען אַ רב, אַ שוחט, אָדער דאָס פאַרדינגען די טאַקסע, צי סתם וועגן פאַרנוץ פון קהלשע געלטער וכדומה עס איז אַלע מאָל געווען איבער וואָס זיך צו קריגן, צו פירן מחלוקתן.

פאַרטאָן אין אַזעלכע מחלוקתן זיינען געווען צוויי משפּחות. איינע — די מינדיקעס, ווי מען האָט גערופן פינף ברידער אויפן נאָמען פון זייער מוטער מינדיע. די צווייטע משפּחה איז געווען די מאַצקיס. דער אייגנטלעכער נאָמען פון דער משפּחה איז געווען שמחה טשערניאַק, מיט זיינע דריי זין און משפּחה. פּרנסה־קאָנקורענץ האָט נאָך אין די זיבעציקער יאָרן פונעם נייַנצענטן יאָרהונדערט אַרויסגערופן מחלוקתן. אין יענער צייט פלעגט מען פּעקלען (שמוגלען) סחורה פון גאַליציע. די שמוגלערס זיינען צווישן זיך געווען פאַרבונדן אין גרופּעס. האָבן זיי צווישן זיך קאָנקורירט. האָט מען זיך שטענדיק אַרומגעקריגט און זיך געוואָרן דם שונאים. איינער האָט דעם צווייטן פאַרשיט מיט מסירות אין די הויכע פענצטער. פון דער פּעקלעך־

פרנסה איז משה נחום ביאַלער געוואָרן אַן עושר. האָט זיך איינגעקויפט פאַר זיין בת־יחידה אַן איידעם, אַ למדן וואָס האָט שוין געהאַט סמיכה אויף רבנות. משה נחום האָט געוואָלט מאַכן זיין איידעם פאַרן רב אין שטעטל. דער צווייטער צד האָט דאָס אים ניט געוואָלט פאַרגינען אַזאַ כבוד. איז אַרויס אַ מחלוקת, וואָס איז דערגאַנגען ביז פיזישער גוואַלד: מ׳האָט זיך אין בית־המדרש און אין קלויז געשלאָגן, צעבראָכן פענצטער, מיט די הענג־לייכטער זיך געלעכערט די קעפּ און זיך ניט אָפּגעשטעלט אפילו פאַר אַ מסירה צו מלכות.

אויך דאָס חסידישע וועלטל איז געווען צעטיילט אויף כיתות. די מינדיקעס זיינען געווען אָסטרער חסידים, די טשערניאַקס ווידער האָבן געהאַלטן פון אָליקער חסידות. עס זיינען אויך געווען טריסקער, קונעווער און טאַלנער חסידים.

עס האָט אויך ניט געפעלט קיין קינאה פון גבאותדיקן יחוס. ווי שוין דערמאָנט, זיינען אין פּיטשאַיעוו געווען דריי בתי תפילות: די גרויסע, קאַלטע שול, דער בית־מדרש און די קלויז. אין בית־מדרש האָבן געדאַוונט דער רב און דער קהלשער אָנפירער פון די מינדיעס. אין איין זייט נעבן ארון קודש איז געווען די „שטאָט" (שטענדער) פון רב, אין דער צווייטער — די „שטאָט" פון הערש מינדיעס. אין איין זייט פון דער מיזרח־וואַנט האָבן געהאַט „שטעט" משה האַנדל; לייב האָפּשטיין, מלך לעבאָווסקי, יוסף האַנדל; אין דער צווייטער זיינען געווען די „שטעט" פון שמחה יקיר, ישראל ווײַדאַנסקי, איציק האָפּשטיין. די ערטער אָקעגן דעם מיזרח האָט מען גערופן די שפּיגל־שטעט, און פון ביידע זייטן — דרום־און צפון־שטעט. דער מערב־טייל האָט קיין שטעט ניט געהאַט. דאָרט איז געווען דער אונטער־אויוון, וואו עס זיינען געשטאַנען לאַנגע בענק פאַר אָרעמע בעלי־מלאכות, פאַר אָרעמע לייט, דאָס אָרט האָט טאַקע געהייסן דער אונטערן־אויוון־דאַוונערס.

מיט די גוים האָבן די פּיטשאַיעווער יידן געלעבט זייער פריינדלעך. מ׳האָט זיך פון קינדוויז אָן געקענט איינער דעם צווייטן, (אויף אַן אַנדער אָרט ווערט דערציילט, ווי אַזוי די גלחים האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר די יידן און באַשיצט זיי פון אַ פּאָגראָם־הע׳צע, געפירט דורך איליאָדאָרן). די מעשטשאַנעס האָבן אפילו שטאַרק הנאה געהאַט פון די יידישע פרייטיק־צו־נאַכטסן. עס איז געווען איינגעפירט אַ סדר פון באַנוצן זיך יעדן פרייטיק מיט דער באָד. פון אינדערפרי ביז בייטאָג פלעגן די ווייבער זיך באָדן, דעם גאַנצן נאָכמיטיק — די מאַנסביל. ווען די יידן זיינען געגאַנגען דאַוונען, דעמאָלט פלעגן די מיעשטשאַנעס אינאיינעם מיט זייערע ווייבער זיך באָדן. נאָכדעם איז מען אַוועק אין די יידישע שענקען, געטרונקען בראָנפן און פאַרביסן מיט יידישער חלה און פיש, וואָס זיי האָבן שטאַרק

ליב געהאַט. עס האָבן ניט פאַרפעלט אפילו דער סטאַראָסטע מיט זיינע זין דער „סטאַרשינאַ“ *) און די אַנדערע איינוואוינער.

די אָרומיקע דאָרפישע פּויערים האָבן אינגאַנצן אויסגעשטעלט אויף די ייִדן, צו וועמען מען האָט פאַרקויפט די געבראַכטע פּראָדוקטן, אין אַ זונטיק אָדער אין אַ יריד־טאָג. דער הויפּט־מקור פאַר יידישער פּרנסה איז געווען דאָס דאָרף; דער מאַרק־טאָג, די ירידן, דער קלויסטער־אָדפּוסט, די סעדער אַרום.

אין יענע טעג האָט דאָס גאַנצע שטעטל געווימלט פון דעם געמיש פון מענטשן. פון אַלע דערפער האָבן זיך געצויגן די פּויערים מיט די קוטשמעס אויף די קעפּ, און קאָלירטע פּאַטשיילעס אויף די פּויערטעס, וואָס האָבן געבראַכט אָנגעפּולטע וועגענער מיט כל טוב. דאָס גאַנצע שטעטל איז פאַרטויבט געוואָרן פון דעם הירזשען פון פערד, פונעם מעקן פון די בהמות און קעלבער, שעף אויסגעמישט מיטן הו־האַ פון קויף־און־פאַרקויף. ייִדן און יידענעס זיינען אַרומגעלאָפן די פורלעך, געטאַפּט די קאָשיקעס און געשנאַפּט ווער ס׳האָט וואָס צו פאַרקויפן. און געקויפט האָט מען פוטער, אייער, קעז ביז פלאַקס, לייוונט און חזיר־האָר. היימישע בעלי־ביתטעס ווידער האָבן איינגעקויפט אַלערליי גרינסן און פּרוכטן; די קצבים — בהמות, קעלבער און שעף צום שעכטן; אַנדערע ווידער האָבן זיך געפּאָרעט ביי די פערד. אַזוי האָבן די ייִדן געהאַנדלט און בפירוש געהאַט פּרנסה. דער מאַרק־טאָג אין די זונטיקס איז געווען דער פּרנסה־קוואַל פאַר דער גאַנצער וואָך. ספּעציעל נאָך, אין די ווינטער־חדשים. ווינטער־צייט איז די גאַנצע וואָך דאָס שטעטל געווען איינגעהילט ווי אין אַ דרימל. ייִדן פלעגן זיצן אין די הייזער און זיך געוואָרעמט ביי די הרובעס. אויפגערודערט האָט זיך נאָר אין דעם ערב־שבת. דעם גאַנצן פרייטיק האָבן געברענט די אויוונס פאַר באַקן ברויט און חלות, קיכלעך, מען האָט געגרייט געקעכצן צום פאַררוקן אין טשאָלנט אויף שבת, יעדער איינער, לויט דעם וואָס ער האָט פאַרמאָגט. דער ווינטער אין שטעטל האָט אַלץ און אַלעמען פאַרפרוירן מיט אייז־קעלט. אויך שפּעטער, ווען דער ווינטער האָט זיך געקליבן אין וועג אַריין, איז דאָס שטעטל נאָך אַלץ געווען פאַרזונקען אין אַ טיפער בלאָטע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַזוי ביז פּסח. דעם דאָרף־פּויער איז אָנגעקומען שווער צו שלעפּן דעם וואָגן אין שטעטל, ווי דעם ייִדן, זיין פאָרן אין דער גרויסער שטאָט אַריין צו ברענגען סחורה פאַרן ערב פּסח. בלית ברירה האָבן מאַנסביל פאַרקאַטשעט די פּאָלעס, די ווייבער — די קליידלעך און מען האָט געטאָפּטשעט אין די בלאָטעס, אין די זונטיקדיקע מאַרק־טעג.

---

*) אַ טיטול פון אַ פּאָליציי־עלטסטן.

## ווי אַזוי מען האָט זיך געגרייט צום ערשטן „אָדפּוסט"

אויפגעלעבט האָט דאָס שטעטל פּיטשאַיעוו נאָך פּסח. ווען די פרילינגס־זון האָט אויסגעטריקנט די בלאָטעס, די לופט האָט געוואָרעמט דאָס געמיט מיטן אָנזאָג אויפן אָנקום פון דעם ליבן זומער. טירן און פענצטער האָבן זיך ברייט צעעפנט און צעפּראַלט. ס'האָבן זיך צעגרינט די ביימער באַפּוצט מיט צוויטן פון אַלערליי קאָלירן. די זון האָט געוואָרעמט אַלץ און אַלעמען אין שטעטל. מען האָט מיט פרייד אויפגענומען דעם אָנקום פון דעם זומער. און עס איז געווען צוליב וואָס זיין אויפגעלייגט: מיטן זומער איז צו די זונטיקדיקע מאַרק־טעג און ירידים צוגעקומען דער גרויסער קוואַל פון פּרנסה — די קלויסטער „אָדפּוסטן", וואָס זאָגן צו שפע פון די געסט וואָס קומען מאַרבע פּינות רוסלאַנד.

מעשה שטן האָט זיך אין פּיטשאַיעוו באַגעגנט דער גויאישער גאָט מיטן — להבדיל — יידישן גאָט. דער ערשטער „אָדפּוסט" איז שטענדיק אויסגעפאַלן דעם דאָנערשטיק פון ערב שבועות.

דער יום־טוב שבועות איז אין פּיטשאַיעוו אויפגענומען געוואָרן מיט אַ באַזונדערן פּראַכט. אַלע הייזער זיינען געווען באַצירט מיט גרינס און בלומען. די פענצטער זיינען באַפּוצט געוואָרן מיט אויסגעשניטענע פּאַפּירענע חיות, לייבן, וועלף, באַגלייט מיטן ניגון פון קינדערשן אקדמות געזאַנג. אײַנ־איינעם מיטן אקדמות האָט מען דערשמעקט דעם געשמאַקן ריח פון די שבועותדיקע מילכיקע עסנוואַרג צו דער סעודה, קנישעס, קרעפּלעך, בלינ־צעס, פיש וואָס זיינען זיך צעגאַנגען אין מויל מיטן טרינקען די געשמאַקע קאַווע און קאַקאַאָ. און אין יענעם דאָנערשטיק, ערב שבועות האָבן יידן זיך געגרייט אויפצונעמען די „פּאָלישוקעס", ווי מען האָט גערופן אין פּיטשאַיעוו די צופוס־גייער צום הייליקן קלויסטער אָפּצוריכטן זייער געבעט.

אבא דער צוקערקע־מאַכער לויפט אַרום נאָך אַ גמילת־חסד צום איינקויפן צוקער און אַנדערע פּראָדוקטן אויף צו מאַכן די צוקערקעס; אָרעמע יידענעס, אלמנות, לייען שוין סאַמאָוואַרן אַוועקצושטעלן אין מאַרק אויף טישלעך, צום פאַרקויפן טיי צו די פּאָלישוקעס. אין די הייזער רייניקט מען די שאַפעס, שפּייכלער, בוידעמער, שטאַלן אויף צו פאַרדינגען פאַר נאַכט־לעגער; שיע דער געלער בעקער גרייט צו לרוב, זעקלעך מעל צו באַקן טונקעלע און ווייסע בולקעס, וואָס די פּאָלישוקעס האָבן זייער גערן; די קירזשנערס ווידער גרייטן אָן היטלען; די שניידערס — שפּענצערס. עס טומלט צווישן זיך די מאַרק־זיצערינס, יעדע וויל פאַרכאַפּן באַצייטנס וואָס מער טישלעך אויפן מאַרק פאַר אויפשטעלן די סחורות, מען קריגט זיך און מ'שעלט זיך פאַר דעם חזקה־אָרט; די בעלי־עגלות איציק און לייבל פירן אויף די וועגענער פעסלעך מיט הערינג, געזאַלצענע טשיכאָנעס, טאַרקאַנעס; פעסער מיט קעראָסין (נאַפט) פאַר די קרעמער פון ראַדי־ווילער הורטאָווניקעס. ווידער מעכל דער בעל־עגלה פירט אַריין פון קרע־

מעניק וועגענער מיט באַקאַליינע אַרטיקלען; פון די מילן אַרום שטעטל ווערן געבראַכט זעק מיט קאָרענע, ווייצענע און געבייטלטע מעל. יעדער איינער אין שטעטל גרייט זיך צום ערשטן „אָדפּוסט״, דעם דאָנערשטיק, ערב שבועות.

אויך אין קלויסטער פּילט מען זיך אויפגעריכט. דעם גאַנצן ווינטער האָט מען נישט געזען קיין גאַסט פאַר די אויגן, די געלט־פּושקעס אויף די ווענט זיינען פּוסט, ליידיק פון אַ גראָשן... מען איז געבליבן הינטערשטעליק מיטן באַצאָלן די שכירות פאַר די גלחים, איצט ווילן די גאָט־בעטער אָנפילן די ליידיקע פּושקעס. מען מאַכט רעפּיטיציעס מיטן גלעקער־געקלאַנג, מען חזרט איין מיט די כאָרן „פּיעווטשעס״ (זינגער) די „מאָליטוועס״ (געבעטן) באַגלייט מיט אַלערליי רעליגיעזע פאַנטאָמימעס, וואָס זאָלן טרעפן צום האַרץ און צו די קעשענעס...

די יידישע קינדער האָבן ניט געטאָרט הערן די רעליגיעזע געזאַנגען. מ׳האָט זיך באַדאַרפט פאַרשטעקן די אויערן ניט צו הערן דאָס פּרעפּלען פון די כאָרן. ביי יידן האָט „זייער״ געזאַנג געהייסן — פּרעפּלען.

ביים קלויסטער־באַרג האָבן די גויים, מיעשטשאַנעס, זיך געגרייט. אין זייערע קלייטלעך האָט מען אויסגעשטעלט די „איקאָנעס״ (בילדער) פון די „הייליקע״ אַפּאָסטאָלן; צעהאַנגען אַלערליי צלמים, גילדענע, זילבערנע, מעשענע, הילצערנע; קליינע מעדאַלאָנען פון די אַפּאָסטאָלן; אַלערליי שפּילצייג — טרובקעלעך, האַרמאָשקעס, פייפעלעך, דודקעס.

אויך אין אָט די סחורות האָבן יידן געהאַט אַ חלק דורך פינאַנסירן אַלץ. צו האַנדלען אַליין דערמיט איז יידן געווען פאַרבאָטן דורך דער צאַרישער מאַכט. ווידער ביי יידן גופא האָט דאָס געזעץ פאַרווערט צו האַנדלען מיט צלמים, איקאָנעס. האָט מען זיך אַן עצה געגעבן, מ׳האָט נאָר זיך אָפּגעגעבן מיטן אויסאַרבעטן פון די אַרטיקלען. ס׳האָט זיך געפאָדערט דערצו אויס־צולייגן היפּשע סומעס, און יידן האָבן דאָס באַוויזן.

מיט דעם ערשטן „אָדפּוסט״ וואָס האָט געהייסן „וואָזניעסעניע״ (דערהויבונג אינעם הימל), האָט דאָס גאַנצע שטעטל אויפגעלעבט. נאָכן צווייטן „אָדפּוסט״ — גרינער חגא, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרישע באַשעפטיקונג, וואָס האָט יידן געגעבן פּרנסה.

ס׳זיינען שוין פריער דערמאָנט געוואָרן די אַלערליי פּרוכטן וואָס דאָס אַרומיקע פּיטשאַיעוו האָט געהאַט. ווי נאָר זיי זיינען פאַרטיק געוואָרן איז דאָס שטעטל פאַרפלייצט געוואָרן מיט זיי. די פּויערים האָבן זיי געבראַכט אין פולע קאָשיקעס, אין געפלאָכטענע „קאַראָבקעס״, (שאַכטלען) פון בוימער־

קאָרע אָנגעפּילטע מיט מאַלינעס קאַרשן ווייַנפּערלעך, אַגרעסן, מאַרעלן פאַרקויפט מען אַלץ פאַר האַלב אומזיסט. יידישע ווייבער האָבן געמאַכט אַלערליי מאכלים פון זיי, געקאָכט וואַרעניקעס, געפּרעגלט אייַנגעמאַכטס, אויפגע־שטעלט גרויסע סלאָיעס (גלעזערנע כלים) מיט ווישניאַק אויף צוקער, אויך משקאות, ווי בראָנפן וכדומה.

ווען עס זייַנען פאַרטיק געוואָרן די עפּל, באַרן, פלוימען פלעגן קומען סוחרים פון גרויסע שטעט אָפקויפן אַלץ. מען האָט די פּרוכטן געפּאַקט אין קעסטלעך, און אין הונדערטער וואַגאָנעס אַרויסגעפירט קיין קיעוו, מאָסקווע, פּעטערבורג וואַרשע און אַנדערע גרעסערע שטעט.

צווישן די גואישע מיעשטשאַנעס זייַנען אויך געווען בעלי־מלאכות, ווי: סטאָלאַרעס, שוסטערס, מולאַרעס און הייזער בויער. קרעמער — זייער ווינציק אין צאָל. איינגאַנצן דריי אַזעלכע: מיטראָפאַן, ניקאָלאַי ניעפּורקע און וואַסיל וויסאָצקע. זיי האָבן געהאַט קלייטן פון באַקאַליינע סחורות. אַ קליינע צאָל מיעשטשאַנעס האָט מען גערופן חזירניקעס. זיי האָבן גע־קוילעט חזירים און אין די יריד־טעג פון אַ גאַנץ יאָר, ווי בעת די „אַדפּוסטן" אין זומער, פלעגן זיי גרייטן שיסלען מיט מאכלים, אַוועקשטעלן אויף די טישן אין מאַרק אינאיינעם מיטן געקאָכטן חזיר־פלייש און פאַר־קויפן צו די געקומענע דאָרפישע פויערים, ווי צו די פּאָלישוקעס געסט. בדרך כלל האָבן די מיעשטשאַנעס זיך געקליידט שטאָטיש מאָדערן. פּי־טשאַיעוו האָט פאַרמאָגט נאָר איין מיעשטשאַן וואָס איז געווען אַ פּראַצענטניק, ער פלעגט אָבער באָרגן געלט נאָר צו יידן, וואָס פלעגן אים אויסצאָלן אין וואָכן־ראַטעס. צו די „מיעשטשאַנעס" האָט ער קיינמאָל קיין געלט ניט געליען.

אַן אַנדער גוי מיעשטשאַן, וואָס איז אפילו געווען צוגעשריבן צו דער יידי־שער קהילה, איז געווען — ווישנעווסקי. ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן גאָרטן און אַ סאָד, אויך אַ היפשן וואַלד נעבן דער באָד און דעם יידישן בית־עולם. אַ שטיק צייט איז ער געווען דער יידישער סטאַראָסטע. (אַ סטאַראָסטע האָט געפירט די רעגיסטראַציע פון יידישע געבורטן און געשטאָרבענע, אַרויסגעגעבן פּאַספּאָרטן און קוויטלעך צו אַ חתונה). מען האָט געהאַט פאַרמסרט דעם יידישן סטאַראָסטע צום גובערנאַטאָר פאַר נישט ערלעכקייט, און דער לעצטער האָט אויף דעם יידנס אָרט באַשטימט דעם מיעשטשאַן ווישנעווסקי. אַ קלוגער גוי, האָט ער שכל געהאַט צוצופּאַסן זיך צו די יידן. ער האָט געקענט שרייבן און לייענען, גערעדט אַ ביסל יידיש, האָט ער זיך איינגעלעבט גוט מיט די יידן, געוואָרן מיט זיי אַ גוטער ברודער. אין זיין וועלדל האָבן עס שטענדיק שפּאַצירט יינגע בחורימלעך מיט מיידלעך, געזונגען לידער און געפּראַוועט ליבעס.

## אַנדערע פּרנסות אַרום פּיטשאַיעווער מאַיאָנטקעס

אויף גרויסע שטרעקעס אַרום דעם שטעטל זיינען געווען וועלדער, געדיכט באַוואַקסענע מיט דיקע אַלטע בוימער, די בעסטע דעמבעס און סאָסנעס. פון די אויסגעהאַקטע בוימער פלעגט מען מאַכן רעדער פאַר וועגענער, קלעצער פאַר איבערלייגן אויף זיי באַן־שינעס (רעלסן). די גרויסע גראָבע קלעצער פלעגט מען שיקן פאַר די זאַוואָדן אין וואַרשע, לאָדזש. מען האָט אויך געברענט אין די וועלדער ווייכע קוילן. גרויסע יידישע סוחרים און קאַצאַפּעס פלעגן זיין די קויפער פון די געהילצן. די אַלע וועלדער זיינען געווען דאָס איגנטום פונעם קלויסטער. דעם פאַרצוג *) ביי דער קלויסטער־אַדמיניסטראַציע צום אָפּדינגען וואַלד האָבן געהאַט די קאַצאַפּעס. איינער אַזאַ מאָסקווער קאַצאַפּ, וואָס האָט געקויפט וואַלד, איז געוואָרן שטיק־רייך. ער האָט פון טיף־רוסלאַנד אַרונטערגעבראַכט אַרבעטער קאַצאַפּעס, מיט זייער הויז־געזינט אויסצואַרבעטן די האָלץ־מאַטעריאַלן. זיי אַלע האָט ער באַזעצט אין די וועלדער און פאַר זיך אַליין האָט ער אינעם שטעטל אויסגעבויט אַ צווייגאָרנדיק הויז פון ציגל, אפילו מיט אַן אייגענער שוויץ־באָד אינעווייניק. אַ טייל פונעם וואַלד וואָס האָט פאַר אים ניט געהאַט קיין גרויסן נוץ, האָ טער פאַרקויפט צו יידן סוחרים. ער האָט געהאַט זייער פאַוואָריטן יידן, וואָס פלעגן אים געבן גוט פאַרדינען. אַליין אַ גרויסער שיכור, פלעגט ער איבערליגן אין די יידישע שענקען, דערביי מיט אַ ברייטער האַנט געלאָזט יעדן איינעם טרינקען אויף זיין חשבון, וויפל נאָר איינער האָט געוואָלט. ווען אַ שענקער פלעגט אים אַריינקריגן צו זיך איז געוואָרן פּרנסה פאַר אַ גאַנץ היפּשער שטיק צייט... דער קאַצאַפּ פלעגט זיך וואַרפן מיט די אַמאָליקע גוטע צאַרישע רובלס ווי מיט בלאָטע גלייך. פלעגט ער צאָלן מיט אַ פּופציק רובלדיקע אַסיגנאַציע און דעם רעשט פלעגט מען אים אַרויסצאָלן פון אַ צען רובלדיקער... פאַר אים אָבער, דעם פאַר־שניאָשקעטן, האָט דער חשבון פּינקטלעך געשטימט...

זיינע יידישע פריינד פלעגן אים באַפאַלן אין שענק, גראָד ווען ער איז געווען שיכור און באַקומען ביי אים אויפן אָרט אַ גמילת־חסד אין וועלכן ער האָט, נאַטירלעך, פאַרגעסן... קיין בענק פאַר דעפּאָנירן געלט זיינען דעמאָלט ניט געווען איינגעפירט, האָט ער שטענדיק מיט זיך געהאַט שווערע טויזנטער נאָטן פון פופציק און הונדערט רובלדיקע. פלעגן טאַקע אַזעלכע גמילת־חסדים זיין גאַנץ היפּשע...

די אַרונטערגעבראַכטע קאַצאַפּעס צו דער אַרבעט, געזונטע, מאַסיווו גע־בויטע, מיט שיינע רויטע פול־געפּאַקטע פּנימער, זיינען גאָר ווייניק געווען ענלעך צו די אָרטיקע פּיטשאַיעווער מיעשטשאַנעס. אין די וועלדער, וואו

*) בעל מיצר.

זיי האָבן געוואוינט, פלעגן וואַקסן בערג גאַנצע מיט ציניצעס (רויטע יאַגעדעס). די יינגע שיקסלעך זייערע פלעגן אויפקלייבן גאַנצע קאָשיקעס און זיי ברענגען אין שטעטל אַריין צום פאַרקויפן. די שיקסלעך מיט די רויטע בעקעלעך זיינען געווען בילד שיין. באָרוועסע, אָנגעטאָן אין קורצע קליידלעך ביז די קני, פלעגן זיי שטאַרק נושא־חן זיין ביי אַלעמען. ניט איין פרומער יידישער יונגערמאַן האָט אין זיינע מחשבות געזינדיקט ביים דערזעען די פּולבלוטיקע שיינע קאַצאַפּסקע שיקסלעך...

ניט ווייט פונעם שטעטל, אויפן וועג קיין ווישנעוועץ, איז געווען אַ דאָרף — ריטקידיב. דערפאַר האָט דער וועג קיין ווישנעוויץ געהייסן — ריטקידיבער וועג. די איינוואוינער זיינען געווען אַ געמיש פון שטאָטישן און דאָרפישן עלעמענט. האָט מען טאַקע גערעדט האַלב־שטאָטיש און האַלב־דאָרפיש. די מערסטע פון זיי זיינען געווען בעלי־מלאכות. אַ סך זיינען געווען באַ־שעפטיקט אויף די טאַרטאַקעס, וואו מען האָט געזעגט די גראָבע קלעצער אויף ברעטער. אייניקע זיינען געווען באַנדאַרעס וואָס האָבן געמאַכט פעסער. אַלע האָבן זיי געהאַט גערטנער און סעדער.

אויף דעם ריטקידיבער וועג פלעג איך מיט מיין חבר יאָסל און צוויי חברטעס גיין שבת שפּאַצירן. אין איינעם אַזאַ שבת ביינאַכט, ווען ס׳איז שוין געווען פינצטער האָבן מיר דערזען ווי איינער האָט אונטערגעצונדן דאָס איינציקע יידישע הויז. יודלס ברידערס הויז איז עס געווען. ווען מיר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום הויז איז דער שטרויענער דאַך אינגאַנצן געווען אַרומ־געכאַפּט אין פלאַמען. מיר האָבן אָבער ניט געוואַגט קיינעם אויסצוזאָגן דאָס וואָס מיר האָבן געזען, נאָר דערפאַר, ווייל מיר האָבן ניט געוואָלט מען זאָל זיך דערוויסן, אַז מיר האָבן געשפּאַצירט מיט הירש איציקס צוויי מיידלעך דבורה און חנה מרים...

צום ריטקידיבער וועג האָט געפירט אַ גאַס — די פּליעטניקיס, וואָס איז געווען באַוואוינט פון שטאָטישע מיעשטשאַנעס. נאָך אָט דער גאַס איז געווען אַ גרויס פעלד וואָס האָט געהערט צו די יידן פון שטעטל. מען האָט דאָס אָרט גערופן די יידישע קאָרטשעס*). דאָרט פלעגן זיך פאַשען די יידישע בהמות. אַ סך אין פּיטשאַיעוו האָבן געהאַט אייגענע בהמות. אַ טייל אפילו עטלעכע בהמות, מעלקעדיקע. זיי האָבן פאַרקויפט די מילך אינעם שטעטל. דער פאַסטוך וואָס פלעגט די בהמות פירן אין די קאָרטשעס אויף פאַשע איז געווען אַ גוי. ווען עס פלעגט אַמאָל אויספעלן פאַשע דאָרט, פלעגן די יידן דינגען ביי די גויים פעלדער אויף פאַשען זייערע בהמות.

---

*) קאָרטשאַ אין רוסיש מיינט — דערנערונגס פּלאַץ.

## דאָס יידישע און גויאישע צוזאַמענלעבן *)

די יידן אינעם שטעטל ווי די גויאישע מיעשטשאַנעס און פון די אַרומיקע דערפער האָבן דאָס גאַנצע יאָר געלעבט צווישן זיך פריינדלעך. דער גרעסטער מקור פאַר פרנסה ביי יידן איז געווען דאָס דאָרף. דער וואַלד האָט אויך געצויגן צו זיך יידישע סוחרים פון גרויסע שטעט, ביי וועמענס פּאַלעס איניקע שטעטלדיקע יידן האָבן זיך גענערט.

ווי שוין דערמאָנט פריער האָט דאָס שטעטל געמוזט אָנקומען נאָך וואַסער צום דאָרף אַלט־פּיטשאַיעוו, וואו עס האָט פון דעם באַרג געפלאָסן שטענדיק דאָס קרישטאָל־ריינע קאַלט וואַסער. די דאָרף פויערים האָבן געהאַט גרויסע שטאַרקע פעסער, זיי אָנגעפילט מיטן וואַסער און צעפירט אין די הייזער פון די יידן, וואָס האָבן געוואוינט אויפן באַרג.

אַ מייל ווייט פונעם שטעטל איז געלעגן דאָס דאָרף אַלט־פּיטשאַיעוו. געווען איז עס שטענדיק באַוואוינט דורך פויערים, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט באַאַרבעטן זייערע אייגענע גערטנער און די גאָר גרויסע פּרוכט־סעדער און פעלדער. כאָטש דאָס דאָרף איז האַרט נאָענט צום שטעטל האָט עס ניט געהאַט אויף זיך קיין שום השפעה פונעם שטעטל. דער פויער האָט זיך ניט געשיידט פון דער סערמינגע (קאַפּטן), קאָזשוך (פעלץ מיט דער רויער ווייסער פעל פון דרויסן). די פויערטע האָט ניט געוואוסט מער ווי אַ ספּאָדניצע (קליידל) און אַ פאַטשיילע אויפן קאָפּ. מיט זיי פלעגט זיך באַדינען דאָס שטעטל, געפאָרן מיט זייער פערד און וואָגן קיין קרעמעניץ, צי ראַדיוויל, ברענגען פון דאָרט סחורה פאַר די קרעמער, אָדער פאָרן צו דער באַן־סטאַנציע אין רודניע, וואָס איז געווען עטלעכע און צוואַנציק מייל ווייט פון שטעטל, און פון דאָרט ברענגען סחורות, שאַרפע געטראַנקען פאַר די שענקערס. די משקאות פלעגן אָנקומען פון קורסק, מאָסקווע. זיי פלעגן אויך ברענגען פעסער בראָנפן פון דער נאָענטער גוראַלניע. ווינטער־צייט האָבן זיי צוגעשטעלט פון די וועלדער האָלץ צו באַהייצן די הייזער אינעם שטעטל. אויך פלעגן זיי פירן אויסגעאַרבעט געהילץ צו דער באַן פאַר עקספּאָרט.

אין יידיש אָרט, וואָס האָט געדינט ווי דער צענטער פאַר די אַלע גרויסע וואַלד־סוחרים וואָס פלעגן קומען קיין פּיטשאַיעוו, איז געווען דאָס הויז פון דעם יידישן וואַלד־סוחר משה זאַלץ. ביים עק פונעם קלויסטער איז דאָס הויז געשטאַנען. רחבותדיק געבויט, און איינגעטיילט זיינען געווען

---

יידן אין פּיטשאַיעוו, ווי אין וואָלין בכלל, האָבן ניט באַנוצט די באַצייכענונג — קריסט. אפנים ניט געוואָלט אַרויסברענגען דאָס וואָרט פון „טומאה״: האָט מען שטענדיק גענוצט דאָס וואָרט „גוי״...

גאַנצע צען חדרים. פון איין זייט האָט אַ פליגל פון הויז אַרויסגעקוקט אויפן ברייטן וועג וואָס האָט געפירט צו קרעמעניץ. פון דער צווייטער זייט, צום קלויסטער־צו, איז דאָס הויז געווען אַרומגענומען מיט אַ גרויסן סאָד, באַהאָנגען מיט אַלע מינים פרוכטן, אפילו מיט האָזענע און וועלטשענע ניס. אין פראָנט איז געווען אַ גאָרטן און אַחוץ דעם, באַצירט מיט גרויסע ברייטע בייטן — באַזעצט מיט בלומען פון אַלערליי קאָלירן. ווען די בלומען האָבן זיך צעבליט און צעוואַקסן האָבן די זיסע ריחות זייערע זיך געשפרייט אויף אַ שטרעקע ווייט. אויך דער הינטערשטער טייל פון הויז איז געווען ווירטשאַפטלעך איינגעריכט מיט דער בעלבתישקייט ווי פון אַ מין יידישן פריץ. אַ גרויסער הויף, אַ שאָפּע (שטאַל) פאַר אַ קו און צוויי פערד, וואָס האָבן זומער געפירט די בריטשקע (רעסאָרן־וואָגן) און ווינטער דעם שליטן. דער בוידעם פון דער שאָפּע איז געווען פאַרלייגט מיט היי און האָבער פאַר די פערד; סיטשקע (דין געשניטן שטרוי) און פולאָווע (קלייען — אָפּפאַל פון צעמאָלענעם קאָרן) פאַר דער קו. אין אָט דעם הויז זיינען איינגעשטאַנען אַלע גרויסע און רייכע וואַלד־סוחרים וואָס פלעגן קומען קיין פּיטשאַיעוו. אַזוי ווי קיין יידיש גאַסטהויז איז אין פּיטשאַיעוו ניט געווען פלעגט מען אַהין קומען. אויך די יידישע מענטשן וועלכע די סוחרים האָבן מיט זיך געבראַכט, און דאָרט געבליבן, ווי געשעפטס־פירער און משגיחים אויף דער אַרבעט אין וואַלד זיינען איינגעשטאַנען ביי משה זאַלץ אין הויז.

אינעם הויז האָט שטענדיק געווימלט מיט מענטשן און אַרבעט. דאָס אייגענע הויז־געזינטל איז געווען היפּש גרויס. אַ זון, בערל מיט אַ פרוי און עטלעכע קינדער און אַנדערע ניט אויסגעגעבענע זין און טעכטער, ווי: יענקל, ישראל, גדליה און יאָסל. די מיידלעך — טויבע־מינדל, בתיה־ריווע און חיה־דינע. פון די צוויי דינסטן, די גויאישע — האַנקע, און די יידישע — ריסע די רויטע, איז די לעצטע טאָג־טעגלעך געווען פאַרטאָן מיט דער קיך. סיי ווי אַ קעכן, סיי ווי אַ בעקערן, וואָס האָט געגרייט יעדן טאָג פון כל טוב פאַר אַלעמען. גאָר יידישלעך רוישיק איז געווען דער שבת. דעמאָלט פלעגן די יידישע וואַלד־אַנגעשטעלטע, די נאַמן׳ס (בוכפירער), פּיד־נאַמן׳ס גע־הילפן) און זייערע בעלי־בתים זיין די שבתדיקע אורחים. אַחוץ זיי פלעגט אויך זיין אַן אָרעמאַן, אַן אורח אויף שבת, וואָס משה זאַלץ פלעגט מיט זיך ברענגען פונעם בית מדרש נאָכן דאַווענען. דאָס הויז פון משה זאַלץ, דעם שרייבערס אַ פעטער, איז טאַקע געווען פאַררעכנט פאַרן יידיש־נגידישן הויז אין שטעטל.

כמעט יעדער ייד האָט געהאַט „זיין" גוי מיט וועמען ער פלעגט פאָרן קיין קרעמעניץ נאָך סחורה. דעם שרייבערס פאָטער איז אויסגעקומען דריי מאָל יעדע וואָך צו ברענגען פון דער גוראַלניע בראָנפן פאַר זיין שענק. דער פויער, טראַכים, פון אַלט־פּיטשאַיעוו פלעגט אין די גרעסטע און טיפסטע בלאָטעס דאָס באַזאָרגן. דעמאָלט האָט ער איינגעשפּאַנט פיר פערד

אויף צו שלעפּן דעם וואָגן מיט די גרויסע פּעסער בראָנפּן. טראַכים מיט זיינע פינף זין, מיטהעלפערס, פלעגן זיין היימישע בני־בית.

דער צווייטער שכן־פריינד פון אונדזער הויז איז געווען דער גוי יעראַכים. ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן סאָד פון פּרוכטן. זומער־צייט, ווען די פּרוכטן זיינען רייף געוואָרן, פלעגט דער שרייבער פון די שורות מיט זיינע עלטערע ברידער אַהין גיין און פריי קריכן אויף די בוימער און אַרונטעררייסן די קאַרשן, מאַרעלן, וויינשל און גאַנצע קאָשיקעס אָנשיטן מיטצונעמען אַהיים. אַזוי האָבן זיך באַצויגן אויך אַלע אַנדערע פּויערים.

אַלט־פּיטשאַיעוו איז געווען דער איינציקער דאָרף נאָענט פונעם שטעטל. אַלע אַנדערע דערפער זיינען געווען אויף אַ ווייטערן שטח פון העכער צען מייל. אין יעדן דאָרף האָט געוואוינט איינע אָדער צוויי ייִדישע משפּחות. מען פלעגט די דאָזיקע ייִדן רופן לויטן צייכן פונעם דאָרף וואו ער האָט געוואוינט; פישל אַלט־פּיטשאַיעווער; איצי ליעסאָטינער; אַלטער פון ליעסאָטין; מענדל באָרשטשיווקער; זיידל באָרשטשיווקער; אברהם באָג־דאַניווער; אברהם דינעווער; ישעיה פון טאַריזש. די דאָזיקע ייִדן פלעגן קומען יעדע וואָך אין שטעטל צו באַזוכן זייערע קינדער, וואָס האָבן געלערנט אין שטעטל ביי מלמדים, דערביי אויך געבראַכט מיט זיך צום פאַרקויפן, כשרע פּוטער און קעז. אַן אויסנאַם זיינען געווען די ימים נוראים. מיט ווייב און קינדער איז מען געקומען אין שטעטל אויף ראש השנה און יום כפור. יעדע פון די משפּחות האָבן שוין געהאַט זייערע פריינד, ביי וועמען זיי פלעגן זיך אויפהאַלטן. איינער משה נחמן פון טאַריזש וואָס האָט געהאַלטן אין אַרענדע דעם טייך צו כאַפּן פיש; ר׳האָט אויך אַרענדירט אַ מיל, ער האָט זיך געלאָזט קאָסטן אַ היפּשע מטבע פאַר צולאָזן אים ראש השנה צום עמוד דאַוונען אַ מנחה.

ניט געווען און ס׳האָט ניט געקענט זיין קיין פיינטשאַפט פונעם ייִד צום גוי און פאַרקערט. איינער האָט באַדאַרפט אָנקומען צום צווייטן. אַזוי אַרום זיינען טאַקע אַלע ייִדן און גויים פונעם שטעטל געווען צווישן זיך ענג פאַרבונדן פאַר זייער עקזיסטענץ.

די ייִדן אין די דערפער האָבן געהאַט גוטע פּרנסות. ווער עס האָט געהאַט אַ קרעטשמע, ווער אַ מיל אויף אַרענדע, אָדער אַ טייך אויף צו כאַפּן פיש, אַנדערע האָבן געהאַט קלייטן מיט סחורה. אַלעמען האָט אין דאָרף געטראָגן פּרנסה.

## ייִדישע סאָלדאַטן עסן „טעג"

אין קרעמעניץ איז שטענדיק געווען אַ פּאָלק סאָלדאַטן. זעכצן ראָטעס (גרופּעס) פונעם יאַקוטער*) פּאָלק. מחמת מאַנגל אין קאַזאַרמעס פאַר אַלע

---

*) יאַקוטסק — סיבירער געגנט.

האָט מען איין ראָטע באַזעצט אין פּיטשאַיעוו. היות אין שטעטל איז אינ־גאַנצן ניט געווען קיין מיליטערישע קאַזאַרמע, האָט מען איינגעקוואַרטירט די סאָלדאַטן אין פּריוואַטע הייזער. אין דער ראָטע האָבן זיך געפונען ביי פופצן יידן. די איבעריקע זיינען געווען רוסן פון אָריאָל און טאָטערן פון טיפליס. די יידן זיינען אַלע געווען פון פּאָדאָליער גובערניע, היימישלעך מיט וואָלינער יידן.

די פּיטשאַיעווער יידן האָבן געזאָרגט דערפאַר, אַז די יידישע סאָלדאַטן זאָלן חלילה קיין טריפה ניט עסן. האָט מען זיך נוהג געווען מיט זיי ווי מיט די תלמידים אין ישיבות — מען האָט יעדן סאָלדאַט צוגעטיילט אַ בעל־בתיש הויז, וואו ער האָט באַקומען אַ טאָג אין וואָך צום עסן. פון שבת און יום־טוב איז אָפּגערעדט. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט דאָס געדאַרפט פועלן ביי דעם קאָמאַנדיר פון דער ראָטע צו באַוויליקן זיינע סאָלדאַטן צו עסן אין פּריוואַטע הייזער. פּונקט אַזוי האָט מען ביי אים זיך דערשלאָגן צו דער־לויבן זיי אויף שבת און יום־טוב צו בלייבן פריי און קענען דאַווענען בצבור. די יידן האָבן שוין באַזאָרגט דעם קאָמאַנדיר מיט מתנות פאַר דער טובה.

געוויינטלעך זיינען די סאָלדאַטן געווען אין שטעטל נאָר ווינטער־צייט. זומער איז מען געווען אויפן פעלד אונטער ספּעציעלע פּאַלאַטקעס (געצעלטן). מען איז אַזוי אַרום געוואָרן היימיש צווישן זיך, און מען האָט דערקענט דעם יחוס פון יעדן איינעם. האָט מען איינגעזען, אַז אַ יונגנמאַן אַ בעל־תורה זאָל מען באַשטאַטן אין אַ פּאַסיק הויז, אַנדערע ווידער פון אַן אַנדער גראַד — אין אַ צוגעפּאַסטער פאַר זיי סביבה, ווי דער באַקאַנטער אונדזערער טוביה דער מילכיקער וואָלט געזאָגט: כל עוף למינהו... אין אַ יידיש בעל־הביתיש הויז אין פּיטשאַיעוו האָט אַזאַ אורח באַדאַרפט קענען חוץ קידוש מאַכן אויך פאַר־זינגען דעם „כל מקדש שביעי כראוי לו" פרייטיק־צו־נאַכטס און אויף מאָרגן זינגען דעם „ברוך אדוני יום יום". מען האָט געזאָרגט דערפאַר, ניט מביש זיין איינעם, אַ געשטראָפטן אויף דער עברי...

ווינטער־צייט פלעגן אָנקומען „נאָוואָבראַנצעס" (ניי־אויפגענומענע סאָלדאַטן), צווישן זיי, נייע געקומענע יידישע. אַז דער קאָמאַנדיר, מיט זיין שטרענגער דיסציפּלין, האָט זיי ניט אָפּגעלאָזט פון דער קאַזאַרמע צו גיין עסן אין יידישע היימען האָבן די יידן געהאַט גרויס עגמת נפש דערפון, וואָס די יידישע סאָל־דאַטן האָבן געמוזט עסן פונעם טריפהנעם קעסל. אָבער ווען עס איז געקומען ערב פּסח האָט מען אָנגעווענדט אַלע מיטלען אַוועקצונעמען די יידישע סאָל־דאַטן אינעם שטעטל פאַר דער גאַנצער וואָך פּסח. געוויינטלעך פלעגן זיין אַזעלכע, אַ האַלבער טוץ מענטשן, וועלכע מען פלעגט פאַרטיילן ערב פּסח ביי פאַרשיידענע בעלי־בתים. אין מיין עלטערנס הויז איז געווען איינער אַזאַ, מיטן נאָמען שעכטמאַן, וואָס האָט געלאָזן אין זיין שטעטל, אין פּאָדאָליע, שאַרגאָראָד, אַ פרוי. אַ בן־תורה וואָס האָט געקענט אַ בלאַט גמרא, אַ קלוגער

מענטש. ער האָט זיך גוט איינגעלעבט מיט די מענטשן אין שטעטל און האָט זיך אויך אַליין עוסק געווען מיט באַזאָרגן די פרישע יידישע סאָלדאַטן אויף פסח. צו די שטענדיקע פופצן זיינען צוגעקומען נייע פופצן. דאָס איז אַפילו געווען צופיל פאַרן שטעטל פיטשאַיעוו. ערב פסח, ווען מ'האָט שוין באַ־דאַרפט גיין צום דאַווענען האָט זיך שעכטמאַן באַוויזן אין אונדזער הויז מיט נאָך 6 סאָלדאַטן, ער האָט פאַר זיי ניט געפונען קיין אַנדערע הייזער זיי צו באַשטאַטן. אַזוי ווי אין מיין עלטערס הויז האָט מען געגרייט לרוב אויף פסח, מען פלעגט שעכטן אַ קעלבל און נאָך עטלעכע עופות דערצו, קאַרטאָפל, אייער און מצות איז געווען איבער גענוג, זיינען שוין די נייע זעקס סאָלדאַטן געווען די אורחים אין הויז פון מיינע עלטערן אויף גאַנץ פסח.

פון עסן טעג אין די יידישע הייזער איז געקומען אויך צו שידוכים. און אַ סך פון די יידישע סאָלדאַטן זיינען געוואָרן אידעמס ביי די פיטשאַיעווער יידן, און זיינען אויפן גאַנצן לעבן פאַרבליבן פיטשאַיעווער איינוואוינער. פון די דאָזיקע סאָלדאַטן פון דער פינפטער ראָטע פונעם יאַקוטסקער פאָלק, האָבן די פיטשאַיעווער יידן געהאַט נחת זיי האָבן שפּעטער געשפּילט אַ זייער וויכטיקע ראָל אינעם דאָרטיקן יידישן לעבן.

## שבת־איובס און אויזן־פּרעסן

ווי שוין פריער דערמאָנט פלעגן די פרייטיק־צו־נאַכטסן אויפלעבן דאָס שטעטל. די יידן, אָנגעשטעלטע אין וואַלד, פלעגן „שבת האַלטן" אין הויז פון משה זאַליץ. נאָך דער סעודה פלעגן אַ טייל געסט פאַרברענגען אין די שכנותדיקע הייזער, וואו מ'האָט זיי מכבד געווען מיט אַרבעס און אַ גלעזל קוואַס. מ'איז געוואָרן היימיש צווישן זיך, בעת די געמיטלעכע שמועסן און די נאַכט איז אַוועק אומבאַמערקט. די יונגוואַרג האָט זייער גערן געהאַט די פרעמדע גרויסשטאָטישע מענטשן. אַליין דער אויסערלעכער אויסזען זייערער האָט געמאַכט אַן איינדרוק אויף דער יוגנט: קורץ געקליידט, געשויר־רענע בערדלעך. פון פאות איז קיין סימן ניט געווען. האָבן די פּיטשאַיע־ווער יינגלעך מיט די לאַנגע מלבושים און געקרייזלטע פאות דערזען פאַר זיך מענטשן פון אַ גאָר אַנדער וועלט. האָט מען צו זיי טאַקע אַרויפגעקוקט מיט גרויס אָפּשיי.

איך האָב זיך גאָר שטאַרק צונויפגעלעבט מיט איינעם, שיקע, וואָס פלעגט זיין ביי אונדז אין הויז פרייטיק־צו־נאַכט און שבת בייטאָג און מיין מאַמע האָט אים אויפגענומען מיט כיבוד. איך האָב איך געאַכפּערט. עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד פלעגט ער קומען קיין פיטשאַיעוו. מיט אַ מאָל איז ער פאַרשוואונדן געוואָרן פון די אויגן. ער איז מער ניט געקומען קיין פיטשאַיעוו. איך בין מיט דער צייט עלטער געוואָרן און אין אים פאַרגעסן. אינצווישן האָב איך פאַרלאָזט דאָס שטעטל, אַוועק קיין אַמעריקע. זיך באַזעצט אין פילאַדעלפיע. ווי

געוויינלעך אין יענער צייט האָט מען זיך אינעם נייעם לאַנד גענומען צו מלאכה, פון שניידעריי. איך האָב גענייט הויזן. איז געוואָרן אין פילאַדעלפיע לויז אין אַרבעט, און איך האָב זיך אַריבערגעצויגן קיין באַלטימאָר.

און טאַקע באַלד ביים אָנקומען אַהין בין איך אַוועק אינעם לאָקאַל פון דעם יוניאָן. אין יענע יאָרן איז דאָך דער יוניאָן געווען די היים פאַר די יונגעלייט. לויטער ריינער אידעאַליזם האָט דאָך געשוועבט אינעם לאָקאַל. ווי נאָר איך האָב זיך דאָרט באַוויזן האָט מען מיך באַלד אויפגענומען פאַר אַ יוניאָן־מיטגליד, מיך באַזאָרגט מיט נאַכט־לעגער ביי איינעם פון די עקזעקוטיווע־מיטגלידער. צומאָרגנס בין איך שוין געווען אין שאַפּ און גענייט הויזן.

איך האָב זיך באַלד געפילט היימיש, ווי צווישן אייגענע. שבת ווען ס'איז פאָרגעקומען דער רעגולערער מיטינג פונעם יוניאָן בין איך דאָרט געווען, און בין וואַרעם אויפגענומען געוואָרן. ווי אַ געטרייער חסיד פון דער יוניאָן, נאָך אין פילאַדעלפיע, האָט מען אין מיר דערקענט גוטע אייגנשאַפטן, און גאָר איינגיכן מיר אויסגעוויילט ווי דער וויצע־פרעזידענט און דער פאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע.

אויף איינעם אַ מיטינג האָט דער ביזנעס־אַגענט פאַרקלאָגט אַ יידן מיט אַ לאַנגער באָרד, אַ אויזן־פרעסער. ווען איך, דער פאָרזיצער האָב אויפגערופן דעם זעלביקן יידן צו פאַרענטפערן די טענה האָט דער ייד זיך נעבעך געפלאָנטערט אין די רייד, האָט ניט געוואוסט בכלל וואָס מען וויל פון אים . . . ער האָט אינגאַנצן ניט פאַרשטאַנען וואָס עס איז אַזוינס אַ יוניאָן . . . אָבער בשעת מעשה, ביים אַריינקוקן זיך אין אים האָב איך אין אים דערקענט מיין אַמאָליקן שיקען, איך האָב אים שוין אַרויסגעהאָלפן פון זיין פלאָנטער און אים געבעטן צו וואַרטן אויף מיר ביז נאָך דער זיצונג.

בעתן זיין מיט אים אויג־אויף־אויג האָב איך געוואָלט דערגיין ביי שיקען צי ער געדענקט מיך פון דער היים. אויפן אָרט איז שיקע געוואָרן ווי צעחושט, זיך אַליין ניט געטרויט אַזאַ זאַך. „ניין, מיסטער פרעזידענט, איך דערקען אייך ניט". ערשט ווען איך האָב פאַר אים אויפגעוויקלט די פרייטיק־צו־נאַכטסן מיט דעם שבת־אויבס, די שבתים ווען מיר ביידע האָבן אינאיינעם פאַרבראַכט, אָפּגעמאָלן פאַר אים דאָס פנים מיט די געקרייזלטע פאות, האָט שיקע מיט דער לאַנגער באָרד זיך אַליין דערזען ווידער אין פיטשאַיעוו, דערפילט דעם טעם פון דעם שבת־אויבס, וואָס איז אים מער היימלעכער אידער דאָס פרעסן די הויזן און די לאָדנישן אינעם באַלטימאָרער יוניאָן אום שבת.

# פונעם יידישן לעבנס־שטייגער

## 1. חי־געלעבט

אויפגעלעבט פונעם לאַנגן ווינטער־דרימל האָט דאָס שטעטל אין דער וואָך פון פּורים. ס׳האָט די זון זיך באַוויזן און געשיקט וואַרעמע שטראַלן וואָס האָבן צעיוירט דעם שניי־געפּריר. יידיש געמיט איז געוואָרן האָפערדיק. מיט פרייד האָט מען אויפגענומען דעם גאַסט, פּורים. דאָס שטעטל האָט זיך צעוויגט. אין יידישע הייזער האָבן די פרויען געהאַוועט מיטן באַקן די דרייעקיקע המן־טאַשן וואָס האָבן געהאַט אַלע גוטע טעמים. היינט דאָס באַקן אַלערליי זיסקייטן, ווי: קישעלעך, בייגעלעך, האָניג־פלאָדן מיט די באַצוקערטע באַצירונגען פון אויבן וואָס זיינען געווען מלא חן.

פאַר קינדער איז דער וואָכעדיקער יום־טוב פּורים געווען ממש אַ גן־עדן. פאַרשמייעטע איז מען אַרומגעלאָפן מיט שלח מנותן, וואָס יינגוואַרג האָט זיך איינער צום אַנדערן אַליין געטראָגן. גאָר אויפגעלייגט איז געווען דאָס יינגוואַרג פון פאַרמעגלעכע הייזער. זיי פלעגן אַרומגיין אין די הייזער זאַמלען געלט, וואָס זיי האָבן אָפּגעגעבן צו שמואל לייבן דעם שוחט, אַז ער זאָל דאָס פאַרטיילן צווישן די נויט־באַדערפטיקע.

אין די הייזער האָט געבלענדט מיט ווייסקייט פון דעם אויסגעשפּרייטן טישטוך איבערן טיש, אויף וועלכן ס׳איז מאַיעסטעטיש געלעגן דער הויך־געבאַקענער, ברייט־און לאַנג־געפלאָכטענער קוילעטש, וואָס האָט געבלענדט מיט אַ באַזונדערן קאָליר פון זאַפרען און ראָזינקע־פינטעלעך. די זילבערנע לייכטער האָבן געשפּיגלט אין ליכט־שיין.

נגידיש־רחבותדיק האָט דער טיש אויסגעזען פון די אַלערליי אויסגעלייגטע שלח־מנות זיסקייטן און די געלע מאַראַנצן, וואָס דער טאַטע האָט געבראַכט ספּעציעל פון קרעמעניץ. שלח־מנות מיט אַ מאַראַנץ צוגעלייגט האָט געהאַט אַ באַזונדערן אָנזען. דאָס פלעגט מען שיקן נאָר צו אויסדערוויילטע, נאָענטע משפחה־מענטשן.

די שלח מנותן, אויסגעלייגט אויף טיי־שאָלן אָדער קליינע טעלערלעך, זיינען געווען איבערגעדעקט מיט ווייסע סערוועטקעלעך פון וועלכע ס׳האָט אַראָפּ־געבלענדט ליכטיקייט ווי פון די זונען שטראַלן. די שלח מנותן פלעגן צעטראָגן

די דינסט־מיידלעך און סתם אָרעמע קינדער פונעם שטעטל, וואָס פלעגן באַ־קומען קליינגעלט פאַר דער שליחות.

פאַרנאַכט, ערב דער פורים־סעודה, האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס שלח־מנות שיקן. אויפגעלייגטע האָט מען מיט אַ באַזונדערן טעם געשלונגען יעדן ביסן פונעם געלן און שמעקעדיקן פורים־קוילעטש מיט די געשמאַקע געקעכטסן.

די לופט אין שטוב איז געוואָרן אָנגעפולט מיט הייטערקייט ווען בעת דער סעודה־פּראָווען האָט זיך באַוויזן די פורימדיקע קאַפּעלע. אַביש דער קוימענ־קערער איז געווען פאַרשטעלט פאַר אחשורוש, אברהם דער באַהעלפער — אסתר המלכה, און חיים דער משוגענער — המנס אַ זון... אַריינגעלאָזט האָט זיך די חברה שפּילער מיט אַ רעש און געפּילדער. די קינדער האָבן אויפגעשפּרונ־גען פון זייערע ערטער און דאָס גאַנצע הויז־געזינט האָט דערפילט דעם טעם פון חי־געלעבט.

## 2. דער ליבער פּסח

מיט אַזאַ געהויבן געמיט האָט דאָס שטעטל געלעבט די וויטערע וואָכן ביזן ערב פּסח. געמערט האָט פון טאָג־צו־טאָג די זון אירע מילדע, וואַרעמע שטראַלן, וואָס האָבן געטריקנט די טיפע בלאָטעס פונעם צעפלאָסענעם שניי. שטוב און דרויסן איז געווען אָנגעפולט מיטן רויש פון אַריינברענגען דעם פּסח אין די הייזער.

מיר, קינדער, האָבן אַזוי גערן אַרויסגעקוקט אויף דעם יום־טוב פּסח, אַז יעדער טאָג נאָענטער צו פּסח איז געווען אַ גרויס געווינס. 2 וואָכן פאַר פּסח האָט מען אָנגעהויבן באַקן מצות. 2 משפּחות האָבן זיך באַשעפטיקט מיט באַקן מצות: עזריאל פּאטעק (דער פעטער פונעם באַשרייבער), חיים לייב גערטל און גבריאל דער קצב. יעדע בעל־ביתטע האָט פאַר זיך געקויפט פּסחדיק מעל און האָט דאָס געבראַכט צו דעם מצה־בעקער. חוץ דעם וואָס מ'האָט געדאַרפט באַצאָלן פאַר באַקן האָט מען אויך געגעבן בראָנפן־געלט אַלע העלפערס, ווי: די פרויען, די קאַטשערנס פון די מצות; דעם וואַסער־גיסער; דעם קנעטער, וואָס האָט געקנעט די מײַרע; דעם רעדלער; דעם טרעגער. יעדע בעלי־ביתטע האָט געדאַרפט געבן אַלעמען בראָנפן־געלט, אַזוי האָט מען זיך נוהג געווען אין פּיטשאַיעוו ביים באַקן מצות. פאַר קינדער איז דאָס געווען אַ גרויסע איבער־לעבונג ווען זיי האָבן, באַגלייט פון דער מאַמען, געבראַכט דאָס מעל צום באַקן. די ווייבער, די קאַטשערינס, פלעגן זיי אויפנעמען מיט אַ גרויסער וואַרע, גליק געוואונטשן צו דערלעבן איבער אַ יאָר און וואָס נאָר פאַר אַ ברכה זיי האָבן געהאַט אין מויל. די ברכות האָבן זיי ערשט באַקרעפטיקט מיט געקלאַפּ פון די קאַטשעלקעס... אַזוי האָבן זיי אויפגענומען אַלע בעלי־ביתטעס וואָס זיינען געקומען באַקן מצות.

צוליב פסח זיינען די בעלי־מלאכות אויפגעריכט געוואָרן. דער שניידער האָט גענייט די קינדער נייע גאַרניטערס; ביים שוסטער האָט מען באַשטעלט נייע שטיוול, ביים קירזשנער האָט מען געקויפט נייע קאַשקעטן. די מאַמעס אַליין האָבן אויפגענייט נייע העמדער.

מיטן אַריינגעמען די מצות אין הויז האָט זיך שוין אָנגעהויבן דאָס פּסחיקן דאָס הויז. אויסקאַלכן, רייניקן, וואַשן די טישן און בענק, אַרויסוואַרפן די אַלטע שטרוי־זעק פון די בעטן און אַריינלייגן נייע. יעדער טאָג נעענטער צו פּסח, האָט געבראַכט נייע אַרבעט. דאָס כשרן דאָס זילבער־געשיר איז געווען אַ וויכטיקע עבודה: מ׳האָט אין גאַס אויסגעגראָבן אַ גרוב און מ׳האָט די אָנגעגליטע שטיינער אין אויוון ווי פייער אַריינגעלייגט אינאיינעם מיט די זילבערנע לעפל, גאָפּל, מעסערס, בעכערס, און דערנאָך אַריינגעגאָסן שטאַרקע זודיקע וואַסער, אַזוי האָט מען פּסחדיק געמאַכט די זילבערנע כלים.

ערב פּסח, ווען דער טאַטע האָט געדאַרפט בודק־חמץ־זיין, האָט ער אָוועקגעלייגט אויף אַלע פענצטער צו שטיקלעך ברויט. נאָך דעם מעריב דאַווענען איז ער מיט אַ הילצערנעם לעפל און אַ פלעדערוויש אין האַנט אַרומגעגאַנגען צענויפנעמען דעם חמץ אין אַלע ווינקעלעך אַריינגעלייגט די שטיקלעך ברויט אין דעם לעפל און אַרומגעבונדן אַלץ מיט אַ שמאַטע. אויף מאָרגן, ערב פּסח, ניין אַזייגער אינדערפרי, ווען מען האָט אָפּגעגעסן דעם לעצטן ביסן חמץ, האָט דער טאַטע פאַרברענט דעם חמץ. ניט אין אויוון נאָר אויף דער גאַס. ווייל דער אויוון מיט דער קיך איז נאָך מיט אַ טאָג פריער געוואָרן געכשרט, גוט אויסגעברענט און אָפּגעקאַלכט און געמאַכט כשר לפּסח.

באַלד נאָכן פאַרברענען דעם חמץ האָט מען אַרויפגעטראָגן אויפן בוידעם אַלע חמצדיקע כלים. אַלץ וואָס איז געווען חמצדיק האָט מען אַרויסגענומען פונעם הויז. ערשט נאָכדעם האָט מען פונעם בוידעם אַראָפּגעטראָגן דאָס פּסחדיקע געפעס. אויפגעפּאַקט טעלער, שיסל, גלאָזוואַרג און די קאָך־טעפּ.

דאָס פּסחדיק געפעס איז געווען אַן אייגנאַרטיקס. באַצירט מיט פאַרשיידענע קאָלירן, איז טאַקע געווען אַ נחת אויסצושטעלן די כלים, ספּעציעל — דאָס גלאָזוואַרג, און בשעת מעשה זיך צו שפּיגלען אין זיי. די שיינע קאָלירטע כוסות מיט פאַרשיידענע געמאָלעכצן און אויפשריפטן אויף זיי; דער גרויסער אליהו־הנביאס רויטער כוס איז גאָר געווען אַ פאַרגעניגן אים אויפצופּאַקן און אויסשטעלן אויף דעם קאָמאָד. די מאַמעס האָבן זיך באַלד גענומען צוגרייטן די מאכלים צו דעם סדר, באַקן די מצה־קוגעלעך, קאַרטאָפל־קוגעלעך ,לאַטקעס, פאַרשיידענע כרעמזלעך און האָניג־בייגעלעך.

דאָס נייע, פרישע פּסחדיק געבעקס; דאָס אויסשטעלן אויפן קאָמאָד די שיינע

קאָלירטע פֿאַרצעליי און גלאָזוואַרג; דער שיינער צימער מיטן ווייס־געדעקטן טיש און שיינע אָנגעפּילטע רויטע פֿלעשער ווייַן, זיינען פֿאַר אונדז קינדער געווען אַ ים מיט פֿרייד. קינדער מיט די טאַטעס זיינען דערנאָך געגאַנגען אין מרחץ. און נאָכן אַהיים קומען האָט מען זיך געפּאָרעט מיט ווייַן פֿאַר די אַרבע כוסות. ר׳ הערש זאַלץ (דער פֿאָטער פֿונעם שרייבער) פֿלעגט אויף פּסח ברענגען פֿון קרעמעניץ עטלעכע פֿעסער ווייַן פֿאַרן אייגענעם באַנוץ און צום פֿאַרקויפֿן. אַ טראַדיציע האָט ער געהאַט צו פֿאַרטיילן מתנות צו זיינע כלי קודש. דעם רב פֿלעגט ער, מיט אַ קינד, צושיקן אַהיים דעם ווייַן; די שוחטים און די איבעריקע כלי קודש פֿלעגן אַליין קומען נאָך אים. נאָכן מרחץ פֿלעגן די יידן קומען קויפֿן ווייַן. די אָסטרער חסידים און די איבעריקע כלי קודש פֿלעגן דאָס טאָן אויפֿן וועג אַהיים גלייך נאָכן אַרויסגיין פֿון מרחץ, נאָך מיט די נאַסע בערד און פּאות. ר׳ הערש זאַלץ, אַליין אַן אָסטראָער חסיד פֿלעגט זיי אויפֿנעמען מיט כבוד. ער האָט זיי מכבד געווען צו פֿאַרזוכן דעם ווייַן און פֿאַרבייסן מיט קאַרטאָפֿל־לאַטקעס. די מצה־לאַטקעס האָט מען ערב פּסח ניט געטאָרט עסן. בלויז יינגוואַרג האָבן געגעסן מצה. דעם גאַנצן טאָג ערב־פּסח זיינען יידן געקומען מיט זייערע שיינע קאָלירטע פֿלעשער נאָכן ווייַן אויף פּסח. געווען אַזוינע יידן וואָס פֿלעגן זיך פֿאַרשפּעטיקן און קומען ווען מ׳איז שוין געשטאַנען אויפֿן שוועל צו גיין אין בית־המדרש דאַוונען. געקומען שפּעט פֿון דער קראָם, אָדער פֿון דאָרף, האָט זיי ר׳ הערש מוחל געווען דאָס פֿאַרשפּעטיקן זיך און זיך אומגעקערט מיט זיי אָנצוגיסן ווייַן פֿאַר ארבע כוסות.

אויך דאָס בית־המדרש האָט אויסגעקוקט פּסחדיק. ביים אַריינקומען צום דאַוונען זיינען די גרויסע מעשענע הענגלייכטער געווען אויסגעפּוצט. פֿון די סטעאַרינאָווע ליכט האָט זיך דער שיין געשפּיגלט אינעם גלאַנץ פֿון דעם מעש; יום־טובדיק האָבן געלויכטן די בליץ־לאָמפּן און געשפּרייט אַ גאָר העלע שיין. ליכטיקייט. דאָס גאַנצע בית־מדרש האָט זיך געבאָדן אין העלער שיין. יינגוואַרג, ווי די גאָר גרויסע בחורים, אויסגעפּוצט אין נייע גאַרניטערס, נייע שיך און שטיוול און נייע קאַשקעטן האָבן זיך געפֿילט יום־טובדיק אויפֿגעלייגט. אויך אַ טייל פֿון די עלטערע מענטשן האָבן געטראָגן נייע קאַפּאָטעס און נייע קאַשקעטן. פֿון אַלץ און אַלעמען האָט אַראָפּגעהויכט מיט פֿרישקייט, דערהויבנקייט.

ווען הערש איציק דער חזן האָט אָנגעהויבן דאַוונען און זינגען די יום־טובדיקע תפֿילות האָבן אַלע מיטדאַוונער זיך געפֿילט ווי באַהאָפּטן מיט דער שכינה. דערפֿילט די יום־טובדיקע נשמה יתירה. מיט גרויס גלויבן און האָפֿנונג האָבן די יידן געלויבט און געדאַנקט גאָט. נאָך דעם דאַוונען האָבן די יידן געוואונטשן איינער דעם צווייטן אַ געפֿילפֿולן „גוט יום־טוב”. דער „גוט יום־טוב” האָט אָפּגעהילכט איבערן גאַנצן בית־מדרש מיט אויסערגעוויינטלעכער פֿרייד.

אין הויז איז דער סדר־טיש שוין געווען בהרחבותדיק צוגעגרייט. אין די אויסגעשייערטע זילבערנע לייכטער האָבן העל געלויכטן דער מאַמעס בענטש־ליכט. ביים אַריינקומען פון בית־מדרש אַהיים האָט דער טאַטע באַגריסט דער מאַמען מיט אַ ברייטן „גוט יום־טוב!" די מאַמע קומענדיק אים אַקעגן צוגעדעקט מיטן זיידן טיכל איבערן קאָפּ, האָט מיט אַ ליכטיק פּנים אים אָפּגעענטפערט מיט „גוט יום־טוב; גוט יום־טוב". אין דער רגע האָט דער טאַטע זיך באמת דערפילן ווי אַ מלך, און די מאַמע — ווי אַ מלכה. ס'האָט דער טאַטע זיך באַלד אָנגעטאָן דעם ווייסן קיטל, וואָס ער פלעגט טראָגן יום־כּפּור אין בית־מדרש. בהרחבותדיק זיך אַרויפגעזעצט אויף דעם אויסגעבעטן הסב־בעט. געפּעכלט האָבן די קאָלירן פון די גרויסע שיינע פלעשער וויין, די שיינע כוסות און דער אויסגעפּוצטער טעלער מיט די חרוסת. אַ שיינעם אָרט האָט פאַרנומען אליהו הנביאס כוס... מיט אַ באַזונדער דערהויבנדיקייט האָט געקלונגען דעם טאַטנס ניגון פונעם קידוש, און נאָך אים — פון די קינדער. מיט אַ פלאַטערדיק האַרץ אָבער מיט אַ געהויבענעם טאָן האָט דאָס קינד געפרעגט דעם מה נשתנה הלילה הזה... מיט אַ זיכערן טאָן איז געקומען דעם טאַטנס ענטפער, באַגלייט פון אַלע יינגלעך — אַז עבדים היינו, קנעכט זיינען מיר געווען ביי פּרעהן אין מצרים. דאָס עסן די סעודה, טרינקן די כוסות ווי דאָס זאָגן די הגדה איז געווען ווי אַן אמתע עבודת הבורא...

מיט ליבע און געזאַנג האָט מען געטייטשט און אויסגעטייטשט דעם צווייטן טייל פון דער הגדה נאָכן עסן. בפרט דאָס אויסזינגען פון דער מעשה — חד גדיא. מיט אַזאַ גלויבן און התלהבות האָבן פּיטשאַיעווער יידן געפּראַוועט די פּסחדיקע סדרים.

דער חול־המועד פּסח איז אויך געווען אָנגעפילט מיט יום־טובדיקייט. אין די צווייטע טעג פון פּסח איז די יום־טובדיקע שטימונג געוואָרן גאָר אַ געהויבענע. צווישן די משפּחות איז מען געגאַנגען איינער צום צווייטן „גוט יום־טוב ביטן". פאַר די געסט איז געווען צוגעגרייט פון כל טוב. דאָס גיין צו די פעטערס און מומעס צו גאַסט איז געווען גאָר אַ גרויסע איבערלעבונג. שוין דאָס באַגעגענען אויפן שוועל מיטן „סקאָצל קומט", דאָס אַוועקזעצן יינגאַווארג ביי דעם געדעקטן טיש מיט די נאַשערייען האָט גאָר שטאַרק אויסגענומען ביי די קינדער. זיי האָבן זיך צום ערשטן מאָל דערפילט ווי וויכטיקע מענטשן... היינט די נאַשערייען, די ניס, די מאַנדלען, פלוימען, ראָזשינקעס און בפרט די לאַטקעס מיט איינגעמאַכץ, אינדיק פליש, וואָס איז געווען אַ גאָר זעלטענער מאכל. דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעחזרט אויפן צווייטן טאָג ווען די זעלבע מומע מיט אירע קינדער זיינען געקומען אָפּצאָלן כבוד מיט „גוט יום־טוב ביטן". פרייד פאַר גרויס און קליין.

זיינען אַוועק די משפּחה־געסט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סדרה. עס זיינען געקומען די חסידים „גוט יום־טוב ביטן". פאַר זיי האָט מען אַוועקגעשטעלט

ווײַן און פּסחדיקן בראָנפֿן, פֿיש, קוגלען אַלערלײ. די חסידים, ווי משה מעכל דער חזן, שײַע באַסיס, זיסע מלמד, משה שוחט, פֿײַוול שוחט, יהודה דעם שוחטס, האָבן געשמאַק געגעסן און געטרונקען. אָבער נאָך בעסער — גוט געזונגען. און געזונגען האָבן זײ אַלע יום־טובדיקע תּפֿילות ווי, אָבינו מלכּנו, אדון עולם און בפֿרט דעם רבינס זמר. משה מעכל און שײַע באַסיס זײַנען געווען זײער גוטע מנגנים. גאָר שטאַרק האָט בײַ די קינדער אויסגענומען יהודה דעם שוחטס, געווען איז ער אַ גרויסער אָרעמאַן. זײַן קאַפּאָטע האָט געהאַט מער לעכער ווי געוואַנט, אָבער אַ זײער פֿרײלעך ייִדל. אַ גרויסער לץ געווען, ער האָט געזונגען און געטאַנצט און געמאַכט משונהדיקע העוויות, געדרשנט: „ייִדן, ייִדן! עס איז מיר גוט און וואויל; גאָט איז מיט מיר, ער האָט מיר געגעבן אַזאַ טײַערן און הייליקן יום־טוב". האָט דער גוי אַזאַ יום־טוב? האָט ער געהאַלטן אין אײן אויסרופֿן, און אַלײן געענטפֿערט אויף אַ קול — ניין! דאָס דאָזיקע קלײן ייִדל מיט דער צעריסענער קאַפּאָטע און צעשויבערטע באָרד און פּאות, האָט בײַ זיך אין דער היים קוים אַ שטיקל פּיסנע ברויט געהאַט, אָבער ווען ער איז געקומען יום־טוב צו די בעלי־בתּישע חסידים, האָט ער געטאַנצט און געזונגען און עס איז אים באמת דעמאָלט געווען וואויל און גוט. און טאַקע דערפֿאַר ווײל ער איז אַ ייִד און גאָט האָט אים געגעבן אַזוינע טײַערע, הייליקע און פֿרײלעכע יום־טובים . . .

אַזוי האָבן פּיטשאַיעווער ייִדן, אָרעם און רײַך, אַלע גלײַך געלעבט און זיך אויסגעלעבט אין די טעג פֿון אַ ייִדישן יום־טוב בכלל, און פּסח בפֿרט.

רב אהרון פעטשעניק

# מיין זיידע רבי אַלטערוניע *)

חסידות איז אין אונדזערע וואָלינער שטעטלעך געווען ניט בלויז אַ טעאָריע וועגן אַ געוויסער ריכטונג אין יידישן לעבן, נאָר אַ טיפע איבערלעבונג. איינגעפלאַנצט אין די הערצער פון יידן וואָס האָבן אין חסידישן געדיינקט. אין חסידישער מעשה, חסידישן ניגון, און אפילו אין פאַרברייינגען ביי אַ ביסל בראַנפן, ביי אַ לחיים, געפונען אין דעם אַ תיקון און אַ באַפרידיקונג פון אַלע זייערע צרות און שוועריקייטן.

און בפרט, איז מען געווען אויפגעלייגט אין דער וואָך, וואָס דער רבי פלעגט פאַרברענגען אין שטעטל יעדעס יאָר. אַזאַ וואָך פלעגט פאַרוואַנדלט ווערן אין יום־טוב, אין אַן עולם שכולו טוב. ס׳האָט זיי דערהויבן צו גרויסע הויכן, זיי געשטאַרקט גייסטיק צו קענען טראָגן אויף זיך דעם שווערן עול פונעם לעבן בכלל, און פון אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט זיין אַ ייד בפרט.

מיין זיידע, דער אָסטראָהער רבי, ר׳ אַלטער־מרדכי ספרד ז״ל (גערופן האָט מען אים פאַרצויגן מיטן נאָמען, רבי אַלטערוניע), האָט צוגעצויגן מאַסן חסידים מיט זיין גרויסער חכמה און לומדות. אָבער דער עיקר האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין וואַרעם האַרץ, מיט זיין נאָענטקייט צו מענטשן. ממש אַ ברודערלעכע נאָענטקייט צו יעדן איינעם. זיין נאָמען האָט געשמט ווי אַ מכניס אורח, ווי אַזאַ וואָס האָט געהאָלפן מענטשן אין נויט, געראַטעוועט הונדערטער און טויזנטער אַזעלכע אין דער צייט פון מלחמה און הונגער־יאָרן, און שפּעטער ווען אָסטרע איז געוואָרן די גרענעץ־שטאָט צווישן פּוילן און סאָוועט־רוסלאַנד. אין דער גאַנצער געגנט איז ער געווען באַרימט.

אין פּיטשאַיעוו, ווי אין אַלע אַנדערע שטעטלעך: ווישנעוויץ, לאַנעוויץ, טשאַן, קופּעל, בעלאַראָדקע, איז דער נאָמען פון ר׳ אַלטערוניע ז״ל געווען באַליבט און געשעצט. ווען דער רבי פלעגט קומען אויף זיין יערלעכן באַזוך אין אַ

---

*) רבי אַלטערוניע האָט געהאַט אַ סך חסידים, זיינע אָנהענגער אין פּי־טשאַיעוו. הגם אַליין האָט ער געלעבט אין אָסטרע, אָבער ער פלעגט זיין אַן אָפטער גאַסט אין פּיטשאַיעוו. עטלעכע שטריכן פון זיין אייניקל וועגן אים.

די רעדאַקציע

שטעטל, איז געווען אַן אַלעמיינער יום־טוב. די מלמדים האָבן פריער אָפּ־געלערנט און אָפּגעלאָזן די תלמידים פון חדר, די קרעמער האָבן פריער פאַר־מאַכט זייערע קלייטלעך, און די גאַר נאָענטע חסידים זיינען טאָג און נאַכט געווען ביים רבין. זיי זיינען פון גאַר לכתחילה ניט געגאַנגען צו זייערע גע־שעפטן. אַלץ איז געווען פאַרנומען מיט און אַרום דעם רבינס באַזוך אין שטעטל.

מיין זיידע ז״ל האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אמתער לעבנס חכמה. ער האָט געוואוסט ווי אַזוי צו באַהאַנדלען און צו פאַרנעמען זיך מיט יעדן מענטשן באַזונדער. מיט די לומדים האָט ער גערעדט פון תורה און געזאָגט שאַרפע ווערטלעך וואָס זיינען פאַרבליבן ביי זיי אויף אַ לאַנגער צייט; מיט די בעלי־ביתישע מענטשן האָט ער גערעדט וועגן וועלט־זאַכן און וועגן ענינים פון טאָג־טעגלעכן לעבן. יונגע ייִנגלעך האָט ער פאַרהערט אין לערנען, זיי דער־מוטיקט מיט אַ גוט וואָרט און מיט אַ קניפּ אין בעקל. ער האָט אפילו גע־וואוסט צו ווערמען אַריינשטעקן די האַנט אין קעשענע, אַרויסנעמען געלט אויף בראָנפן און פאַרבייסן, און אַזוי אַרום שאַפן אַ פריילעכע אַטמאָספער און פאַרברייינגען ביז שפּעט אין דער נאַכט.

איך האָב פאַרבראַכט מיט מיין זיידן מיין פריסטע יוגנט. מיין מוטער, הינדעלע ע״ה איז געווען זיין בת־יחידה. (ער האָט געהאַט צוויי זין: ר׳ יעקב יוסף און הרב ר׳ זאב וואָלף. ביידע אומגעקומען על קידוש השם). און ווען מיין פאָטער דער גאון און צדיק, ר׳ נחומקע פעטשעניק ז״ל, אַ זון פון באַרימטן ברעזנער רבין, ר׳ שמואליקל, איז געוואָרן זיין איידעם, האָט ער אים ניט אָפּגעלאָזן און אים געהאַלטן אויף קעסט גאַנצע פופצן יאָר, ביז מיין פאָטער האָט געקראָגן די הסכמה צו פאַרנעמען אַ גרויסע רבנישע שטעלע. איך האָב אַזוי אַרום גוט געקענט מיין זיידן און פון אים זייער אַ סך געלערנט. ער איז געווען גרויס ניט בלויז אין תורה. ער איז אויך געווען בקי אין וועלטלעכע קענטענישן און אפילו אין דער העברעאישער ליטעראַטור. מ׳פלעגט דער־ציילן, אַז אין זיין יוגנט האָט מען אַראָפּגעבראַכט צום זיידן אַ מלמד, וואָס איז געווען אַ גאון אין לערנען און אויך אין אַ סך וויסנשאַפטן. במשך פון פינף יאָר צייט איז דער מלמד געזעסן מיטן זיידן אין אַ וואַלד אָפּגעזונדערט פון דער וועלט און געלערנט. מיין זיידע איז געווען אַ בן־יחיד ביי זיינע עלטערן, און מען האָט אַלץ געטאָן אַז ער זאָל אַלץ קענען. דערצו האָט ער געהאַט אַ שאַרפן קאָפּ, וואָס האָט אויפן אָרט אַלץ באַלד אויפגענומען.

דער ערשטער פון די אָסטראָהער חסידישע רביים איז געווען ר׳ יעקב יוסף. מ׳האָט אים גערופן — רב ייבי, אויפן נאָמען פון זיין באַרימטן ספר וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן. ער איז געווען אַ תלמיד פון דעם בעל שם טוב און דערנאָך פונעם מעזריטשער מגיד, ר׳ בער. ער האָט געהאַט אַ זון ר׳ פנחס וואָס איז יונג נפטר געוואָרן און געלאָזט אַ זון א יתום, מיטן נאָמען יעקב יוסף וואָס

איז דערנאָך געוואָרן אַ גרויסער רבי און געהאַט אַ סך טויזנטער חסידים. וועגן אים זיינען פאַראַן צענדליקער שיינע חסידישע מעשיות און לעגענדעס. די צאַרישע מאַכט האָט אים אַרעסטירט, מיט אַנדערע חסידישע רביים, וואָס מ׳האָט חושד געווען אַז זיי ווילן שאַפן אַ חסידישן קעניגרייך, און אַז זיי אַגיטירן קעגן דעם צאַר. ער האָט געהאַט ניין קינדער. דער עלצטער זון זיינער, ר׳ געצל איז דערנאָך געוואָרן רבי אויף זיין פּלאַץ. מיין זיידע ר׳ אַלטערוניע איז געווען ר׳ געצלס בן־יחיד, וואָס האָט נאָך דער פּטירה פון זיין פאָטער פאַרנומען זיין אָרט.

פון מיינע קינדער יאָרן אין אָסטרע געדענק איך אַ שיינע מעשה וואָס די אַלטע חסידים פלעגן דערציילן:

אין אַ ראש השנה פאַר תקיעות איז דער רבי ר׳ יעקב יוסף אַריינגעקומען אין דער פול־געפּאַקטער שול, אַרויפגעגאַנגען אויף דער בימה און געזאָגט: יידן, איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה פון מיין עלטסטן זון, פון געצלען. אַלע טאָג קויפט מען פאַר אַ גראָשן צוקערקעס, גיט מען בלויז אַכט צוקערקעס. האָט מען איינגערעדט געצלען, אַז אַזוי ווי דער טאַטע קען מער ווי איין גראָשן אַ טאָג ניט אויסגעבן פאַר צוקערקעס און עס זיינען דאָ בלויז אַכט צוקערקעס אויף ניין קינדער, זאָל ער, געצעלע, מוותר זיין אויף זיין צוקערקע. אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען אַ שטיק צייט. מען האָט געצעלען איינגערעדט, אַז ער איז דאָך אַ קלוגער דאַרף ער ניט קיין צוקערקע. ביז איין טאָג האָט געצל שוין מער ניט געקענט אויסהאַלטן איז ער אַריינגעלאָפן צו מיר מיט אַ געוואַלד: טאַטע, איך וויל שוין אַמאָל זיין אַ נאַר און אויך קריגן אַ צוקערקע...

דאָס זעלבע, האָט ר׳ יעקב יוסף פאַרענדיקט מיט אַ קרעכץ, איז מיט אונדזער פאָלק. מיר זיינען אַ קלוג פאָלק, אַן אויסדערוויילט פאָלק און דערפאַר ליידן מיר. לאָמיר שוין אַ מאָל זיין דער נאַר און אויך קריגן אונדזער חלק...

ביי מיין זיידן זיינען געווען צייטן ווען ער האָט געהאַט פּרנסה בשפע, האָט ער עס ניט געהאַלטן פאַר זיך, זיך געטיילט מיט אַלעמען. צענדליקער, הונדערטער האָבן געגעסן ביי זיין טיש, און אַלע האָבן געבענטשט זיין נאָמען.

ער איז נפטר געוואָרן אין אָסטרע, דעם דריטן טאָג חול־המועד סוכות, אין יאָר תרצ״ה, 1934, אין עלטער פון 78 יאָר. זיין אָנדענק וועט לעבן מיט אונדז אויף אייביק.

## חנא זאַלץ

# אַ יוגנטלעכער חסיד פון רבי אַלטערוניע

### זכרונות

מיין פאָטער, מיינע ברידער, פעטערס און קאָזינס, די גאַנצע משפחה זיינען געווען חסידים פון דעם אָסטראָהער רבין, רבי אַלטערוניע. זיי זיינען ניט געווען קיין באַרופענע כלי קודש מיט לאַנגע בערד און אָפּגעריבענע קאַפּאָטעס, ניט קיין חסידים פון אַ פאַנאַטישן שניט. זיי זיינען געווען בעלי־ביתישע סוחרים, קרעמער. דעם רבין, רבי אַלטערוניע האָבן זיי ליב געהאַט, ניט ווייל זיי האָבן געגלויבט אין זיינע מופתים. דער רבי אַליין איז דאָס ניט געווען. ער האָט ניט געהאַלטן פון קמיעות, ניט געגלאָצט מיט די אויגן צום הימל. מען האָט אים ליב געהאַט ווייל ער איז געווען אַ קלוגער ייד, גערעדט צו יעדן איינעם ווי מענטש צו מענטש. מען האָט אים געהאַלטן ווי אַ פריינד ביי וועמען מען קען פרעגן אַן עצה וועגן מיסחר. און ער האָט פאַרשטאַנען, געוואוסט פון יידישע געשעפטן.

מיט אַזאַ חסידישער אַטמאָספערע זיינען פאַרוועבט מיינע יוגנט־יאָרן.

רבי אַלטערוניע פלעגט קומען אין שטעטל, ווינטער, פּרשה בשלח, און אָפּזיין אַ גאַנצע וואָך צייט. אין שטעטל איז דעמאָלט געווען אַ יום־טוב־וואָך פאַר אַלט און יונג. שטענדיק פלעגט ער קומען פרייטיק צו דער ריכטיקער צייט, אַזוי, אַז מיר זיינען באַלד געגאַנגען צו אים געבן שלום. פונקט ווי איך אים, אַזוי האָט ער מיך און אַלע יינגלעך געקענט ביי די נעמען.

ער איז נאָך דעמאָלט געווען יונג מיט אַ חנעוודיק פּנים אַרומגענומען מיט אַ שוואַרצער „הערצל" באָרד. די גאַנצע וואָך איז ער איינגעשטאַנען ביי מיין פעטער משה. פלעג איך די גאַנצע וואָך זיין ביים רבין און אויספירן אַלערליי שליחותן.

זיין גבאי מיט אַ ברייטער, ווייסער פּאַטריאַרכאַלער באָרד, פלעגט ער שאַנעווען, זיך ניט געלאָזט פון אים באַדינען. פאַר דעם גבאי האָט ער געלאָזט איין אַרבעט: צו שרייבן „קוויטלעך" פאַר די ווייבער. איך מיט מיין קוזין גדליה, דעם פעטער משהס, האָבן פאַר אים אָנגעפילט דעם טיטון פאַר

פּאַפּיראָסן, געגאַנגען אַ גאַנג. מיר זיינען געווען זייער היימיש אין זיין חדר מיוחד.

אַלע פּאַרנאַכטן, ביז נאָך מעריב, פלעגט ער אויפנעמען מאַנסביל און יידענעס, וואָס זיינען געקומען צו אים מיט קוויטלעך. נאָכדעם, ווען ער איז פריי געוואָרן פון זיינע אורחים, פלעגן די גאָר נאָענטע מענטשן אַריינגיין צו אים אין חדר, אַרומשטעלן זיך אַרום זיין טישל וואו ער איז געזעסן. נאָך איידער מען האָט פאַרפירט אַ שמועס, פלעגט ער אַ זאָג טאָן צו איינעם פון די אַרומיקע צו געבן אַ האַלבן רובל, וואָס מען האָט מיר געגעבן צו ברענגען אַ פלעשל משקה מיט פאַרבייסן. און אַזוי־אָ, ביי אַ גלעזל משקה, האָט מען אָנגעהויבן שמועסן. מ׳האָט דעם רבין געפרעגט קשיות און ער האָט געענטפערט. גערעדט האָט מען וועגן מיסחר, וועגן פּאָליטיק, וועגן אַלץ, וואָס נאָר איינעם איז איינגעפאַלן צו פרעגן. דעם תוך פון די שמועסן געדענק איך ווייניק, וואָס איך געדענק יאָ, איז די שפּעטערדיקע באַגייסטערונג פון די מיטשמועסער. ווען זיי זיינען אַהיים געגאַנגען האָבן זיי אויפן וועג נאָר געהאַלטן אין איין רעדן וועגן די פריערדיקע שמועסן מיט גרויס התלהבות. „איי, איי, ווייסט ער אַ סך!״ זיי האָבן שטאַרק הנאה געהאַט פון די שמועסן, זיך דערוואוסט פון זאַכן, וועגן וועלכע זיי האָבן פריער קיין השגה ניט געהאַט. איך, אַ יונג בחורל, פלעג זיך פילן שטאַרק דערהויבן דערפון, ווען דער רבי פלעגט מיך צורופן צו זיך, מיך מקרב געווען צו זיך.

אַחוץ די שבתדיקע סעודות, וואָס פלעגן אָנגעפּולט זיין מיט תורה און זמירות, האָט מען אין משך פון דער וואָך געפּראַוועט קליינע סעודהלעך בציבור מיט די אָסטראָהער חסידים, וואָס האָבן זיך באַזונדערס געפילט יום־טובדיק מיט זייער רבין.

איך בין אפילו שוין לאַנג גאַנץ ווייט־ווייט אַוועק פון אָט דער וועלט. אָבער אין דעם זיכרון פון מיינע קינדער־יאָרן, פאַרלעבטע אין מיין שטעטל, דערזע איך אים, רבי אַלטערוניען, ווי איינעם פון מיין אייגענער משפּחה. ניט אומזיסט האָט ער זיך אויסגעצייכנט פון אַלע אַנדערע רביים מיט דעם קינדיש פאַרצויגענעם נאָמען, אַלטערוניע. חוץ זיין חכמה איז ער געווען אַ גוטע נשמה, אַ מזג טוב, צוגעלאָזט צו גרויס און קליין. דערפאַר אפנים, האָט ער זיך איינגעבאַקן אַזוי שטאַרק אין האַרצן פון אַ יונג בחורל ביזן היינטיקן טאָג.

כבוד זיין געדעכעניש!

# אַ רבֿ פֿאַר פּיטשאַיעוו און דער „צאַר" אויפֿן בוידעם

דעם סיפּור המעשה, וואָס איך האָב געהערט דערציילן אין פּיטשאַיעוו, איז געשען אין יענעם יאָר, 1881, ווען אין רוסלאַנד האָט זיך אויף יידישע קעפּ געשיט גזירות און רדיפות. דעם זייער חשובֿן רבֿ אינעם שטעטל האָט אַוועקגענומען אַ גרעסערע שטאָט און מ׳האָט געזוכט אַ נייעם אויף זיין אָרט. אינעם שטעטל זיינען געווען צוויי כיתות חסידים. דערביי איז אָן אַ צונאָמען האָט מען זיך ניט געקענט באַגיין אין פּיטשאַיעוו. האָט מען די צוויי צדדים געקרוינט מיט „האָלי" און „באָסי." *) איינע — אָנהענגער פֿונעם אָליקער רבין, די אַנדערע — פֿונעם טריסקער. די צוויי גרופּעס האָבן זיך צעטיילט אין צוויי צדדים. יעדער צד האָט געוואָלט זיינעם אַ רבֿ. אויך אינעם פּרנסה־וועלטל זיינען עס געווען די זעלבע צוויי באַזונדערע גרופּעס, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט שמוגל־סחורה פֿון עסטרייך. הערש זאַלץ בשותּפֿות מיט אַנדערע, און משה נחום טשערניאַק האָט אַליין געבראַכט פֿון גאַליציע די סחורות, מיט דער הילף פֿון געדונגענע שמוגלערס. ער, טשערניאַק האָט זיך גערעכנט פֿאַרן גבֿיר אינעם שטעטל. פֿאַר זיין בת־יחידה האָט ער איינגעהאַנדלט אַן איידעם רבֿ שלום שכנא, אַ בן־תּורה, מיט סמיכה אויף רבנות. ער האָט שפּעטער אפילו אַרויסגעבראַכט אַ ספֿר וועגן שאלות ותשובֿות, מיטן נאָמען — משמרת שלום. האָט משה נחום געוואָלט, אַז זיין איידעם זאָל עס פֿאַרנעמען דעם כּסא הרבנות. ער האָט געהאַט אויף זיין צד די אָליקער חסידים. האָט ווידער הערש ניט געקענט פֿאַרגינען אַזאַ כּבֿוד משה נחומען, און אַראָפּגעבראַכט קיין פּיטשאַיעוו אַ רבֿ, אויך אַ פּיטשאַיעווער איידעם, אַ בעל־יחוסדיקע משפּחה, פֿון רבי וועלוועלען, וואָס האָט שבת ניט גערעדט קיין יידיש נאָר לשון קודש... זיין איידעם, רבֿ ברוך האָט געשטאַמט פֿון האָראָדאָק. מיט הערשן האָט געהאַלטן דער צווייטער צד, די טריסקער חסידים. כאָטש אין פּיטשאַיעוו האָט אפילו איין איינציקער רבֿ ניט געהאַט אויף פּרנסה, אָבער אַז חסידים האָבן אַזוי געוואָלט, האָט גאָרניט געהאָלפֿן.

עס האָט זיך צעפֿלאַקערט אַ מחלוקה. מ׳איז צווישן זיך געוואָרן דם שונאים איינער דעם אַנדערן, ס׳איז אפילו דערגאַנגען צו קלעפּ. משה נחום טשערניאַק, דער פֿאַרמעגלעכער ייד האָט איינגעזען אַז צו פּרנסה ווערט דאָס ניט סיי־ווי ניט העלפֿן, און גראַד האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז אינעם שטעטל בערימליע, לעבן דובנע, האָט מען געזוכט אַ רבֿ, האָט ער די חזקה אָפּגע־

---

*) דער טייטש — נאַקעטע און באָרוועסע. אַזוי האָט „עמך" אָפּנים דערפֿילט דעם אומזין פֿון די אַמפּערייען...

קויפט פֿאַר זיין איידעם, שלום שכנאַן. אין פּיטשאַיעוו איז געבליבן דער איינציקער, רבי וועלוועלס איידעם, רב ברוך. הגם קיין גרויסער למדן איז ער ניט געווען, אָבער אַ בעל־יחוס מיט אַ הדרת־פּנים דערצו. אויך אַ קלוגער מענטש. איז ער געווען דער רב ביז 1897. דעמאָלט האָט אים זיין היים־שטעטל, האָראָדאָק, אַוועקגענומען פֿון פּיטשאַיעוו צו זיך — האָט מען ווידער געזוכט אַ רב פֿאַר פּיטשאַיעוו. דאָס מאָל איז שוין דער אויפֿגעקומענער נייער דור געוואָרן דער בעל־דעה. דאָס זוכן אַ רב איז אינגאַנצן געווען איינגעשטעלט אויף דער שיטה פֿון חסידות, ניט אויף גבירישע אַמביציעס און כבוד־אַמפּערייען. גראָד האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז רבי אַלטערוניע, דער רבי פֿון אָסטרע, וואָס פֿלעגט איין מאָל אין יאָר באַ־גליקן זיינע חסידים איז געקומען אין שטעטל. ער האָט טאַקע דעמאָלט רעקאָמענדירט פֿאַר אַ רב זיינעם אַ חסיד, רב חיים רויניק פֿון יאַרמעלינעץ. שוין אפֿילו אַן עלטערער, דערפֿאַר אָבער מיט גרויס חשיבות אין גאַנץ וואָלין. ווען די אָליקער חסידים האָבן זיך דערפֿון דערוואוסט, בפֿרט שמחה, חיים טשערניאַקס אַ זון, אַ פֿאַרברענטער אָליקער חסיד, האָט ער ניט געקענט פֿאַרטראָגן, אַז די מינדיקעס — אַזוי האָט מען גערופֿן די זאַלצעס — זאָלן זייערס אויספֿירן. האָט מען אין איילעניש געוואָלט פֿאַרכאַפּן דאָס אָרט און מען האָט אַראָפּגעבראַכט פֿונעם שכנותדיקן שטעטל אַלעקסינעץ, אַן אייגענעם רב. דאָס מאָל האָט מען געזאַמלט חתימות אינעם שטעטל, און מיט אַ רוב פֿון די איינוואוינער, איז דער אַלעקסינעצער רב געבליבן רב אין פּיטשאַיעוו. קיין אָנזען האָט ער אָבער ניט געהאַט. ער איז, אין אמתן, געווען מער חזן איידער רב. צוליב זיין פּשטות און דער הנהגה אינעם לעבן, אויך דאָס ניט פֿיינט האָבן דעם ביטערן טראָפּן, האָט מען אים צוגעטשעפּעט אַ ביזיון־נאָמען — דער אַלעקסעניצער שיכור. די טשערניאַקס, די אָסטרער חסידים האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן און מען האָט אַראָפּגעבראַכט דעם יאַרמעלינעצער רב, רב חיימען, וואָס האָט געהאַט די ברכה פֿונעם אָסטרער רבי, אַלטערוניו. דאָס מאָל איז די מחלקה צווישן די צדדים דערגאַנגען ביז צו בלוטיקע געשלעגן, אין די גאַסן אפֿילו, ווער רעדט אין די בתי־מדרשים.

אין אַן ערב שבועות, אין יאָר 1897, דווקא אינעם יום־טוב פֿון קבלת התורה האָט מען אפֿילו פֿאַרקוקט אויף חילול יום־טוב און בעתן דאַווענען האָט מען זיך ממש צעבלוטיקט. מען האָט געבראָכן שטענדערס, צעבראָכן לאָמפּן, אַרונטערגעריסן די מעשענע הענג־לייכטער. צענדליקער מענטשן זיינען אַהיים געקומען מיט צעבלוטיקטע קעפּ.

די שינאה האָט זיך ערשט זינט דעמאָלט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט, און מען האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אפֿילו פֿאַר מסירות צו נאַטשאַלסטוואָ, וועגן די טריפֿהנע מיסחרים. עס האָט טאַקע דערפֿירט דערצו, אַז אייניקע סוחרים זיינען צעבראָכן געוואָרן. אָבער מען האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אפֿילו פֿאַר

צוטראַכטן אַ בילבול, וואָס האָט געדראָט מיט פאַרשיקן דעם פאַרמסרטן קיין סיביר אויף קאַטאָרגע.

אין יענער צייט איז שוין געווען גוט פאַרשפרייט די נייע רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור אין שטעט און שטעטלעך. האָט מען זיך דערטראַכט צו אַזאַ מיטל פּטור צו ווערן פון משה טשערניאַקן, איין מאָל אויף שטענדיק. מען האָט זיך געלאָזט איינרעדן צו קויפן די טריפהנע סחורה — „מיאַטעזשנע״ (אויפשטאַנד) ביכלעך אויף רוסיש און זיי אונטערוואַרפן אין זיין הויז. כך־הוה.

מיטאַמאָל, האָט עס געהייסן האָבן צוויי אומשולדיקע יינגלעך געפונען אַ פּאָר רוסישע ביכלעך אויפן בוידעם פונעם בית־מדרש און געבראַכט זיי צום קריסטלעכן ביכער־געשעפט צום פאַרקויפן. דער גוי האָט דערזען וואָס פאַר אַ „מציאה״־סחורה עס איז און זי איבערגעגעבן צו די צוויי זשאַנדאַרמען, וואָס פּיטשאַיעוו האָט געהאַט. בעתן אַרעסטירן די צוויי יינגלעך „רעוואָלוציאָנערן״, האָבן די זשאַנדאַרמען פאַרשטאַנען, באַלד אויפן אָרט, אַז זיי זיינען אומשולדיק, ווייל זיי האָבן קיין וואָרט רוסיש ניט פאַרשטאַנען. דער ענין איז אַריבער צו דער הויפּט־שטאָט קרעמעניץ. פון דאָרט איז ער געקומען דער פּאָליציי־שעף (איספּראַווניק) מיט אַן אויספאָרש־ריכטער. מען האָט גערופן אין פּאָליציי אַ צאָל יידן, זיי פאַרהערט און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיינער פון זיי קען ניט קיין שייטל רוסיש לייענען, ניט זיי ווייסן וואָס עס מיינט רעוואָלוציע, און דער בילבול איז ליקווידירט געוואָרן.

אין פּיטשאַיעוו, הייסט עס, האָט דער צאַר, דער צורר היהודים, אַלעקסאַנדער דער דריטער גוט אָפּגעשניטן...

נאָך אַזאַ מין אומרעכט וואָס יידן זיינען באַגאַנגען קעגן זיך אַליין צוליב דער צעפלאַקערטער מחלוקה פאַרן רב אין שטעטל האָט דער יאַרמעלינעצער רב אַליין פאַרלאָזן דעם כסא הרבנות. זיין ממלא מקום איז געוואָרן דער זון זיינער, ר׳ יעקב יוסף. זינט דעמאָלט האָט זיך איינגעשטעלט שלום ושלוה צווישן די פּיטשאַיעווער יידן. זיי האָבן זיך דערפילט גליקלעך, ווען פון פּעטריקאָוו, גראָדנער גובערניע, איז אָנגעקומען דער גאָר גרויסער גאָנער רב, רבי אליעזר אוריצקי ז״ל, וואָס איז אומגעקומען אין איינעם מיט זיין עדה.

# הערש מינדיעס

הערש מינדיעס איז געווען איינער פון די חשובסטע בעלי־בתים אין פיטשאַ־יעוו. ווי אַ קהלשער עסקן האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט די שטעטלדיקע אַנשטאַלטן. דאָס חשובע אָרט וואָס ער האָט פאַרנומען האָט אים דערפירט צו אַ מדרגה פון זיין אַ באַזונדער צד, מיט אייגענע אַנהענגערס, בעת עס פלעגט אויסברעכן אַ מחלוקה אין שטעטל, צוליב אַ רב, אַ שוחט. זיינע אַנהענגערס זיינען געווען איבערגעגעבן מיט האַרץ און נשמה, אים ממש פאַרגעטערט. ווידער איז ער אויך געווען צו זיי איבערגעגעבן אויפן זעלבן שטייגער, אַלעמען געהאָלפן בעת אַ נויט. אָבער ניט נאָר זיי אַליין, ווער נאָר עס האָט זיך אין עפּעס גענויטיקט האָט ער געהאָלפן. אַז אַ בעל־עגלה האָט געדאַרפט קויפן אַ פערד האָט הערש פאַר אים אונטערגעשריבן אַ וועקסל ביי דעם וואוכערניק. פּונקט אַזוי אויך פאַר אַנדערע וואָס האָבן באַדאַרפט אַ גמילת חסד. ניט נאָר האָט ער ערוב געווען מיט זיין חתימה אויף אַ וועקסל, נאָר האָט אויך אָפט געמוזט באַצאָלן דאָס וועקסל. פון אַזעלכע טובות איז ער קיין גביר ניט געוואָרן... און האָט פאַר זיך אַליין אויך געמוזט אָנקומען צום וואוכערניק.

פּרנסה האָט ער געצויגן פון אַ שיינק און פון צושטעלן פלייש צום קלויסטער. זיין קהלשע טעטיקייט ווי אַ בעל־טאַקסע, אַ גבאי אין בית־מדרש און אין דער חברה קדישא און דאָס שטענדיקע פאַרטאָן זיין אין באַזאָרגן אָרעמע מענטשן האָט אים באַוואָרנט פון ווערן רייך... עס רעדט זיך אַ בעל טאַקסע, אָבער אַז אַ יידענע האָט געדאַרפט פאַר אַ רפואה קוילען אַן עוף אָפּצוקאָכן אַ יויך פאַר איר קראַנק קינד אָדער מאַן, האָט הערש געהייסן קוילען אומזיסט. און אַז מ׳איז געקומען צו הערשן נאָך אַ טובה צו באַזאָרגן זיך מיט אַ ביסל גענדזן־שמאַלץ אויף פסח, האָט הערש באַפרייט פון טאַקסע־אָפּצאָל. דער בוך מיט די קוויטלעך, וואָס מען האָט באַדאַרפט נאָכן אָפּצאָלן ברענגען דאָס עוף צום שוחט, איז שטענדיק געלעגן אָפן פריי אויפן טיש, און אַז די קינדער האָבן געזען ווי דער פאָטער גיט קוויטלעך אומזיסט, האָבן זיי אַליין אויך ניט גע־זשאַלעוועט... ס׳האָט גאָר ברייטלעך גענאָסן דערפון די רביצן פונעם מלמד וואו הערשס קינדער האָבן געלערנט. אַז ביי הערשס אַ ייִנגל קען מען קריגן קוויטלעך אומזיסט צו קוילען עופות און גענדז, האָט די רביצין זיך פאַרגונען צו בעטן אומזיסט קוויטלעך אויך פאַר אירע שכנים און טאָקע פאַר עטלעכע גענדז...
און ווען אַ ייד האָט באַדאַרפט פראַווען אַ חתונה, און געוואָלט האָבן פלייש פאַר אַ ביליקן פרייז, האָט ער געפאָלגט די עצה פון קצב, אַז ער זאָל פועלן

ביי הערשן אַ קוויטל צו קוילען אַ בהמה פריי פון טאַקסע־אָפּצאָל. און הערש האָט אָרעמע יידן געגעבן קוויטלעך אָן טאַקסע אָפּצאָל. שבת צו נאַכטס פלעגן די קצבים קומען צו הערשן זיך אָפּרעכענען צו באַצאָלן די טאַקסע. יעדער קצב האָט שוין געהאַט צוגעגרייט זיינע טענות אויף אַראָפּצודינגען פונעם חשבון. די קצבים האָבן שוין געוואוסט, אַז מיט הערשן קען מען זיך דינגען און טאַקע אַ סך אַראָפּדינגען. אַז הערש האָט באַצאָלט פאַר דער טאַקסע 400 רובל אַ יאָר, געצאָלט שכירות צו דריי שוחטים און דערצו געטיילט קוויטלעך אומזיסט אויף רעכטס און לינקס, האָט ער פאַרשפּאַרט אויסצושטעלן אויף פּרנסה פון דער טאַקסע. אַזאַ מין בעל־הבית פון דער טאַקסע איז הערש מינדיעס געווען...

אַ גאַנצע וואָך זיינען קיין ירידים אָדער מאַרק־טעג ניט געווען. איז די שיינק־שטוב געווען מער אַ קהלשער אָרט פאַרן שטעטל. ווער שמועסט אַז אַ גאַנצן טאָג איז אויפן טיש געשטאַנען דער סאַמאָוואַר זיינען הערשס נאָענטע און פריינד געקומען און געטרונקען טיי און באַטראַכט די קהלשע ענינים פון שטעטל. ציי גאָר אַרומגערעדט די אייגענע זאָרגן פאַר פּרנסה. די שטוב איז געווען שטענדיק אַ רשות הרבים. אַז די דאָרפס־גייער פונעם שטעטל זיינען גראָד ניט געגאַנגען אויפן דאָרף, איז מען געקומען צו הערשן טרינקען טיי און הערן נייס פון די קהלשע געשעפטן. דער טיש איז אַלע מאָל געווען באַזעצט פון אַ גאָר פאַרנומענער טאָג פאַר הערשן איז געווען דער דאָנערשטיק: די יידן האָבן גענויטיקט האָבן אַ פּאָר רובל אויף צו מאַכן שבת. און הערש, בשעתן שמועסן מיט יעדן, פון אָט די היימישע פריינד, האָט שוין דערקענט וועמען עס פעלט די פּאָר קערבלעך אויף שבת. פלעגט ער אַזאַ איינעם אַוועקגענומען אין אַלקער, כלומרשט פאַר אַ סוד, און אים געבן די פּאָר קערבלעך אויף שבת.

פון קינדוייז אָן האָט זיך איינער אַזאַ דאָנערשטיק איינגעקריצט אין מיין זכרון. ביינאַכט, אַלע יידן זיינען שוין געווען אַהיים געגאַנגען. אויך די מאַמע איז שוין געשלאָפן אין אַלקער, דער טאַטע איז איינער אַליין געזעסן לעבן „סטויקע" (קאַנטער), איך האָב זיך דעמאָלט געשפּילט מיט עפּעס אויף דער פּאָדלאָגע (דיל) לעבן די אָנגעפּוישטע צווייזעקלעך פינף פּודיקע מיט מעל. פּלוצים האָב איך דערהערט ווי דער פאָטער רעדט צו זיך אַליין: „אַך, גרויסער גאָט, פאַרוואָס האָסטו אַזוי שלעכט איינגעטיילט די וועלט. ביי מיר שטייען צוויי זעקלעך פינף פּודיקע מיט מעל און אַ סך יידן האָבן ניט קיין געלט צו קויפן צען פונט מעל אויף שבת. פאַרוואָס ניט איינטיילן אַזוי, אַז אַלע זאָלן האָבן גלייך. יידן דאַרפן דאָך האָבן אויף דעם הייליקן שבת", און טרערן האָבן גערונען פון זיינע אויגן...

ווי דער גבאי פונעם בית־מדרש איז אים אַלע מאָל אַרויסגעקומען געלט. ער האָט געמוזט זאָרגן, אַז ווינטער זאָל זיין האָלץ צום הייצן דעם אויוון, באַזאָרגן ליכט און קעראָסין פאַר די לאָמפּן און די הכנסה האָט קיינמאָל ניט געקלעקט אויף דער הוצאה.

שמחת תורה האָט ער ביי זיך אין דער היים געפּראַוועט אַ סעודה פאַר אַלע בית־מדרש בעלי־בתים פון העכער זעקס מנינים, אַזאַ מינהג איז געווען איינגעפירט. די מאַמע האָט עס געבראָטן גענדז, געבאַקן עטלעכע אויוונס מיט חלה. און דעם בראָנפן האָט מען געמישט מיט האָניק פאַר דער שמחת־תורהדיקער סעודה. נאָך דער סעודה האָט מען געבראַכט פון בית־מדרש די חופּה מיט אַ ספר־תורה און הערש מיט דער תורה אונטער דער חופּה האָט, אינאיינעם מיט אַלע יידן, באַגלייט מיט געזאַנג און טענץ, געמאַרשירט צום בית־מדרש. אויף דעם וועג זיינען צוגעשטאַנען יונג און אַלט, אויך פרויען און מיידלעך, אַלע האָבן אַריינגעמאַרשירט אינעם בית־מדרש, וואו מען האָט געפּראַוועט דאָס גיין מיט די „הקפות". מען האָט געזונגען, געטאַנצט, זיך געזעגנט איינער דעם צווייטן צו דערלעבן איבער אַ יאָר און אַלע האָבן געענטפערט „גם אתם", אַזוי האָט מען אָפּגעהוליעט ביז גאָר שפּעט אין דער נאַכט.

אַזוי האָט זיך געפירט כל־זמן הערש מינדיעס האָט געלעבט. נאָך זיין אָפּשייד פון דער וועלט אין עלטער פון 54 יאָר, ווען אַנדערע האָבן פאַרנומען די גבאות איז אַלץ פאַרענדערט געוואָרן, ווייל קיינער האָט ניט געוואָלט אויס־לייגן די הוצאות און זייערע פרויען האָבן ניט געוואָלט פּראַווען אַזוינע סעודות.

אַז הערש מינדיעס איז געווען דער קהלשער מענטש, איז זיין פרוי, רייזע, געווען די אשת חיל. זי האָט עס באַזאָרגט מיט אַ ברייטער האַנט אַלערליי פּאַטראַוועס און סעודות וואָס מען פלעגט פּראַווען אין הויז. ניט נאָר פאַר די בעלי־בתים פונעם בית־מדרש, וואו איר מאַן, הערש מינדיעס, איז געווען דער גבאי, נאָר אויך פאַר אַנדערע קהלשע חברות.

אין שטעטל האָבן די חברה קדישא און חברה נושאי המיטה זיך מתעסק געווען מיט באַזונדערע פונקציעס. די ערשטע האָט געזאָרגט פאַרן גוטן צושטאַנד פונעם בית־עולם און די גאַנצקייט פונעם אַרומיקן פאַרקאַן. די צווייטע פלעגט זיך פאַרען מיטן מת.ביידע האָבן עס געטאָן לשם מיצווה, ניט צו מאַכן הוצאות. אין פיטשאַיעוו פלעגן אַלע יידן ערב יום־כפּור, נאָך כפּרות שלאָגן, גיין אויפן בית־עולם. די חברה קדישא ווידער האָט עס דעמאָלט באַזאָרגט האָניק־לעקעך און האָניק־בראָנפן און יידן האָבן זיך דאָרט גע־וואונטשן אַ גמר חתימה טובה. דאָס צוגרייטן די משקה עטלעכע עמער, און עטלעכע האָניק־לעקעכער האָט עס הערש מינדיעס פרוי, רייזע, זי פלעגט אַלץ צושטעלן אויפן בית־עולם מיט אַ פערד און וואָגן.

גאָר ברייטלעך האָט הערש פרוי, רייזע, צוגעגרייט אַ זאַטע סעודה מיט געבראָטן פלייש פאַר עטלעכע מנינים יידן, יעדן ערשטן טאָג נאָך פסח צו דער קלפּי. אויף יעדער קלפּי אסיפה פלעגט מען קלייבן דעם גבאי פון דער

חברה קדישא. די דאָזיקע סעודה איז געפּראַוועט געוואָרן אין הויז פון הערש מינדיעס. אויך דאָ האָט הערש מינדיעס געהאַט אויסצושטיין מיט זיין קעשענע. די בית־עולם באַדערפעגישן האָט מען געדעקט פון דער הכנסה פון לוויות פון דינגען אַ קבר.

הערש האָט עס באַדאַרפט אַראָפּדינגען בייביידע חברות פונעם פּרייז, אָדער אינגאַנצן צו באַפרייען פון אָפּצאָל פאַר אַ מת פון אַן אָרעם הויז.

הערש מינדיעס איז ניט געווען קיין בעל־תורה. אין זיין ספרים־שאַפע זיינען געווען עטלעכע גענג (סעט) חומשים, סידורים, מחזורים און דער פרויס „צאינה וראינה". שבת נאָך דעם טשאָלנט־סעודה, און דרימל, פלעגט ער אַריינקוקן אין חומש „דורכגיין" די סדרה פון דער וואָך. דערפאַר אָבער איז ער בפועל ממש געווען גאָר שטאַרק נאָענט און באַהאָפטן צו גאָט און זיין תורה, איידער די גרויסע לערנערס. אַרויסגעזען אויף אים האָט מען דאָס, ווען ער איז שמחת תורה געגאַנגען מיט דער ספר תורה אונטער דער חופה, און אַרום אים האָבן זיינע פריינד, די חסידים, געטאַנצט און געזונגען מיט גרויס התלהבות.

ער איז געבוירן אין יאָר 1839 און איז אַוועק פון דער וועלט אין יאָר 1893, געלאָזן נאָך זיך פיר זין און דריי טעכטער.

וואָלף ווייצמאַן (חיפה)

## יהודה שרה׳ס דער דיין

יהודה שרהס איז געבוירן און אויפגעוואַקסן אין פּיטשאַיעוו. ער איז געווען אַ ייד אַ למדן, געהאַט סמיכות אויף רבנות. אַ רב אין שטעטל האָט ער בשום אופן ניט געוואָלט זיין. נאָכמער, ער האָט זיך אויפגעפירט אַזוי פּשוט ווי ער וואָלט קוים געקענט דאַווענען. הגם אַ זייער פרומער, האָט ער ניט געפּראַוועט קיין לאַנגע שהיות ביים דאַווענען. קיין חסיד איז ער ניט געווען. פלעגט אויך ניט לויפן אַלע טאָג אין מקווה, מיט די כלי קודש האָט ער זיך געהאַלטן פון דערווייטנס, ער האָט אויף זיי געקוקט פון אויבן אַראָפּ. ווען זיי פלעגן אַמאָל פאַרפירן מיט אים אַ שמועס צו באַווייזן אים וואָס זיי קענען, האָט ער זיך ניט געשעמט זיי צו זאָגן, אַז זיי זיינען עם הארצים.

געלעבט האָט ער נעבן דעם בית־המדרש. פּרנסה האָט ער געצויגן פון אַ שיינקל, וואוהין יידן האָבן זיך אַריינגעכאַפּט, נאָכן דאַווענען, כאַפּן אַ שנעפּסל מיט אַ פאַרבייסן. די פרוי זיינע האָט אים צוגעהאָלפן אין פּרנסה דורך באַקן ברויט.

כאָטש קיינער האָט אים ניט אויסגעקליבן פאַר אַ דיין, קיין שכירות ניט געצאָלט, איז ער עס פון זיך אַליין געוואָרן. דאָס פּשוטע פאָלק איז נאָר צו אים געגאַנגען פרעגן שאלות. אַז יידן האָבן צווישן זיך געהאַט אַ סכסוך, איז מען געגאַנגען פאַר אַ דין־תורה צו יהודה שרהס, איידער צום רב. פּונקט אַזוי ווי ער האָט ניט געוואָלט זיין קיין רב, אַזוי אויך, האָט ער ניט געוואָלט זיין אַ מלמד. עס האָט ניט געהאָלפן דאָס בעטן זיך ביי אים. נאָר איין מאָל האָט ער נאָכגעגעבן דער בקשה פון מיין פאָטער. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די עסטרייכער האָבן אָקופּירט פּיטשאַיעוו און אַלע יידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן קיין בעמען. מיין פאָטער האָט דעמאָלט געפּועלט ביי אים, ער זאָל מיט מיר לערנען. ער איז שוין דעמאָלט געווען אין הויכן עלטער, אַ קראַנקער דערצו. געלערנט האָט ער מיט מיר תלמוד, פּוסקים. זיין טייטשן אַ מאמר און אויפקלערן אַ סוגיא איז געווען טיף שכל־דיק פון אַ הויכן באַנעם. ווען מ׳פלעגט צו אים קומען מיט אַ שאלה, האָט ער מיר געהייסן, איך זאָל ענטפערן.

ער איז געווען זייער אַ קלוגער ייד און אין לעבן — אַ פּראַקטישער מענטש. אָפט פלעגט ער מיט מיר פאַרפירן שמועסן וועגן וועלט־זאַכן. איין מאָל האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן, צי איך וויל ווערן אַ רב. ווען איך האָב אים געענטפערט, אַז איך האָב נאָך ניט אָפּגעמאַכט ביי מיר וואָס צו זיין, האָט ער מיר געעצהט דאָס ניט צו טאָן. בעסער, האָט ער געזאָגט, ווער אַ שוסטער אײדער אַ רב. ווייל רבנות ביי אונדז יידן, האָט ער צוגעגעבן, איז אויף אַ נידעריקן מצב; עס איז אַ לעבן ווי פון נדבות. זייער אַן אָרעם לעבן. זיין עצה איז מיר אַריין גוט אין קאָפּ און איך האָב אים טאַקע געפאָלגט.

געווען איז ער, ווייזט אויס, אַ גוטער פּעדאַגאָג. ביים לערנען האָב איך שטענדיק אַלץ פאַרגעזאָגט, ער ווידער, האָט נאָר געהערט און אויפגעקלערט. געקאָנט האָט ער אַלץ פון אויסנווייניק. ווען ער האָט מיט מיר געלערנט יורה דעה, איז דאָס ספר געווען אויסגעבאָרגט ביים דייטשן רב אין גדינג. די בלעטער פונעם יורה דעה, געדרוקט אין אַ גאָר אַלטער אַמסטערדאַמער דרוקעריי, זיינען געווען אָפּגעריבן, די אותיות ניט קלאָר, און מיט טעותים. פלעגט ער אָבער פון אויסנווייניק פאַרריכטן יעדן אַרויסגעבראַכטן טעות.

יהודה שרהס דער פאָלקס־באַגערטער דיין איז געשטאָרבן אינעם נע־ונדישן אָרט גדינג, דעמאָלט נאָך עסטרייכיש־טשעכאָסלאָוואַקיע, וואו ער איז גע־בראַכט געוואָרן צו קבורה אין 1917. כבוד זיין געדעכעניש!



טש. זאַלץ

## פייגע גאַמערמאַן

נאָך אַ יינג קינד, זעכצן יאָר אַלט, איז זי אַוועק פון דעם שטעטל ערגעץ אין אַ גרויסער שטאָט. ווי אַ סך פּיטשאַיעווער אין יענע יאָרן, אָנהייב דעם 19טן יאָרהונדערט, האָט פייגע ניט געוואוסט פון קיין צורת אות. אירע עלטערן, ווי די ברידער און שוועסטער האָבן אויך ניט געוואוסט ווי מען האַלט אַ פען אין האַנט. די 16 יאָריקע פייגע איז ווי פאַרשוואונדן געוואָרן אין ים אַריין. יאָרן זיינען אַוועק. די ברידער זיינען געוואָרן, מיט דער צייט, פיינע פּיטשאַ־יעווער בעל־בתים, אויך די שוועסטער האָט חתונה געהאַט און אויפ־געשטעלט אַ פאַמיליע, און אין פייגעס געביין האָט מען פאַרגעסן.

מיטאַמאָל, אין די 80ער יאָרן איז קיין פּיטשאַיעוו אַראָפּגעקומען אַ פרוי פון קיעוו. לויטן אָנבליק, אינעם עלטער פון פופציק יאָר. זי האָט אויסגעזען ווי אַ סך אַנדערע רוסישע פרויען וואָס פלעגן קומען פון דער ווייט אין דער

פיטשאַיעווער לאַוורע צו געבעט. ווי אַלע קריסטלעכע געסט פון אַ העכערן שטאַנד האָט זי זיך אָפּגעשטעלט אין דער „גאָסטינניצע" (האָטעל)ביים קלויסטער. פאַר חשובע געסט האָבן די גלחים דאָרט רעזערווירט פלעצער.

די דאָזיקע פרוי אָבער האָט זיך אויפגעפירט אינגאַנצן אַנדערש ווי די איבעריקע געסט; אויפן אָרט פון גיין בעטן אינעם קלויסטער פלעגט זי גאָר גאַנצע טעג אַרומגיין איבערן שטעטל, אין די קראָמען, פאַרברענגען דאָרט אין שמועסן מיט די יידן, זיך אויספרעגן ווי עס לעבט זיך דעם און יענעם וכדומה. אין משך פון אַ פּאָר וואָכן האָבן אַלע אין שטעטל זי געקענט און זי גערופן „די קיעווער קאַצאַפּקע".

אין איינעם אַ טאָג האָט פיטשאַיעוו זיך דערוואוסט, אַז די „קאַצאַפּקע" איז גאָר פייגע גאַמערמאַן, וואָס איז מיט יאָרן צוריק געהאַט פאַרפאַלן געוואָרן... אירע ברידער און דער שוועסטער האָט זי דערציילט, אַז זי איז, מיט אַ צייט צוריק, געבליבן אַן אלמנה מיט אַ גרויס פאַרמעגן. איצט, נאָכן באַקענען זיך מיט איר געבוירן שטעטל, וויל זי זיך באַזעצן דאָרט, און ווען עס וועט זיך מאַכן אַ לייטישער שידוך וועט זי חתונה האָבן.

פייגע גאַמערמאַן האָט זיך געקויפט אַ הויז, געוואָרן אַ יוסטע בעלי־ביתטע. פיטשאַיעוו איז געגאַנגען כאַדאָראָם מיט פייגען. ס'האָבן אָנגעהויבן אַרומגיין אַלערליי קלאַנגען; אַז דאָרט, אין דער גרויסער שטאָט, האָט זי געלעבט מיט אַ רוסישן פּאָלקאָווניק, צי מיט אַ גענעראַל; אַז זי האָט געפירט אַן אויסגעלאַסן לעבן. די פאַנטאַזיע ביי די יידן האָט עס געשפּינט פאַרשיידיינע אויסטראַכטענישן פון מיאוסע מעשיות. מען האָט זי געקרוינט מיטן צונאָמען — „פייגע די גראָבע" און מיט אַ צוגאָב פון מיאוסע צונעמענישן דערביי.

אָבער געשמועסט האָט מען וועגן איר, אַז זי האָט געבראַכט מיט זיך שיינע צענדליקער טויזנטער רובלס. צווישן די פיטשאַיעווער יידן האָט זיך ניט געפונען דעמאָלט אפילו איינער, וואָס זאָל האָבן זיין אייגנס כאָטש אַ פּאָר הונדערט רובל. דער איינציקער וואוכערניק אין שטעטל איז געווען אַ גוי. און דאָ איז ווי מן־השמים אָנגעצייכנט געוואָרן, אַז פייגע זאָל עס ווערן דער „באַנקיר" פאַר די פיטשאַיעווער יידן. און כך־הוה.

פייגע האָט אָנגעהויבן אויסבאָרגן געלט אויף פּראָצענט, אין וואָכנטלעכע אויסצאָלונגען. פאַר אַ לאַנג־טערמיניקע הלוואה האָט זי פאַרלאַנגט אַ וועקסל. פיטשאַיעווער יידן זיינען ממש אויפגעריכט געוואָרן. קרעמערס האָבן באַקומען אַ מעגלעכקייט צו ברענגען אינעם שטעטל מער סחורות. אין די קראָמען האָט מען אָנגעהויבן צו לייזן מער ווי פריער. דער אַל־

געמיינער עקאָנאָמישער מצב האָט זיך פֿאַרבעסערט. פייגע האָט געפֿירט אירע געלט־געשעפֿטן אויף אַ ברייטן שטייגער, מיט אָנשטעלן ביי זיך „מענטשן" און אפילו געהאַט אַ בוכהאַלטער.

זי האָט חתונה געהאַט מיט אַן אלמן, וואָס האָט שוין געהאַט דערוואַקסענע טעכטער. זי האָט זיי געגעבן נדן און חתונה געמאַכט. לאַנג האָט זי מיטן מאַן ניט געלעבט. ניט געווען צווישן זיי קיין שלום־בית. ער פֿלעגט זי אפילו גראָב באַהאַנדלען מיט זידלעריי. קיין נעבעכל אַ ידענע איז זי ניט געווען האָט זי אים אָפּגעגט, און גיך פּטור געוואָרן. געבליבן אַליין האָט זי איינגעפֿירט אַ שטאַטנע הויז, וואו דאָס ביסל אינטעליגענץ, יידן און קריסטן, האָבן זיך ביי איר אָפּט צונויפֿגעקומען. מיט אַ צייט שפּעטער, האָט זי ווידער חתונה געהאַט מיט איינעם פֿון אַ דערבייאיקן שטעטל. ווי אַן אָנגעשטעלטער פֿאַר אַ „נאַמן" (קאַסירער) אין אַ וואַלד, פֿלעגט ער אַהיים קומען נאָר אויף שבת און יום־טוב. זי האָט זיך געקויפֿט אַ „שטאָט" אין דער ווייבערשער שול און פֿלעגט ניט פֿאַרפֿעלן אַ שבת צו דאַווענען. זי האָט געקראָגן אַ נאָמען פֿון אַ יוסטער בעלי־הביתטע מיט אַן אָפֿענער האַנט פֿאַר אַלערליי קהלשע באַדערפֿענישן. בקיצור, זי האָט געפֿירט אַ שטייגער־לעבן פֿון אַ חשובער גבירנטע אין שטעטל.

כאָטש זי איז געווען אַ וואוכערניצע האָט מען זי באַטראַכט ווי אַן אָרנטלעכע, אַ יושר־מענטש. האָט איינער ניט געקאָנט צאָלן דעם חוב צו דער צייט האָט זי אים צוגעוואַרט. זי האָט קיינמאָל ניט פּראָטעסטירט אַ סוחריש וועקסל, ניט געלאָדן קיינעם ניט. דווקא די סוחרים וואָס האָבן ניט געהאַט צו צאָלן חובות, זיי פֿלעגן זי נאָך באַליידיקן דערצו, זיך באַנעמען לגבי איר מיט חוצפּה. געווען צווישן זיי איינער אַזאַ, וואָס איז איר שולדיק געבליבן 400 רובל און ער איז עס געלאָפֿן מיט אַ שטעקן אין גאַס צו שלאָגן פייגען, נאָר דערפֿאַר, וואָס זי האָט געשיקט צו אים אירן אַ מענטשן צו דערמאָנען אים אינעם חוב... און ער איז ניט געווען דער איינציקער פֿון דעם מין. ביי אַ סך פּיטשאַיעווער יידן איז רעכט געווען, אַז ביי „פייגע דער גראָבער" איז אַ מיצווה צוצונעמען געלט און דערביי זי נאָך זידלען מיט מיאוסע צונעמענישן.

פייגע איז געווען אַ נאָענטע שכנה צו הערש זאַלצן, מיט אים פֿלעגט זי שמועסן ווי מיט אַן אייגענעם. פֿאַר אים האָט זי זיך אַראָפּגערעדט פֿונעם האַרצן: — וואָס ווילן זיי פֿון מיר, די יידן, האָב איך זיי עפּעס שלעכטס געטאָן? איך באַרג זיי געלט און האָב קיינמאָל ניט געצוואונגען קיינעם דורכן „זאַקאָן" דעם חוב אומצוקערן; איך האָב שוין אַזוי־אַ אָנגעוואוירן שווערע טויזנטער רובל. ווען זיי קומען נאָך אַ הלוואה זיינען זיי אַלע זיס, פֿאַלן צו די פֿיס ממש, דערנאָך אָבער צאָלן זיי אָפּ מיט שטיינער. זיי זידלען און מיט אַ מין שינאה דערצו. —

אַז מען האָט פאַרן אויג די אַלטע יידישע וועלט בכלל, דערצו נאָך דאָס פאַר־וואָרפענע שטעטל, ווי אַ פּיטשאַיעווער ייד האָט באַטראַכט, אַז מ׳יט פּיטשאַיעוו ענדיקט זיך די וועלט־מאַפּע, קען מען באַגרייפן די סיבה, פאַרוואָס די פּיטשאַיעווער יידן האָבן געהאַט אַזאַ באַציאונג צו דער פייגע גאַמערמאַן.

מיט קנאַפּע הונדערט יאָר צוריק האָט אַ פּיטשאַיעווער ייד קיין השגה ניט געהאַט פון דעם, ווי מען לעבט דאָרט, אויף יענער זייט פון זיין עק־שטעטל. און דאָ איז פּלוצעם, ווי פון יענער וועלט, אַראָפּגעפאַלן אַ זייעריקע גאַר, וואָס איז 16 יאָר אַלט געווען, ווען זי איז ערגעץ אַוועק אין אַ גרויסער פאַרוואָרפענער שטאָט, און גאָר צוריקגעקומען שטיין רייך. קיינער ווייסט ניט פון וואַנען אַזאַ רייכקייט איז צו איר געקומען. האָט מען אויסגעשפּינט אַלערליי „פלאָטקעס״ *); זיך פאַרגעשטעלט דאָס ערגסטע. נאָר איינער, הערש זאַליק, האָט ווי אַ שכן, זי דערקענט ווי אַ זייער קלוגער פרוי. מיט איר עשירות, פלעגט ער זאָגן, האָט זי דאָך געקענט בלייבן דאָרטן, אין דער גרויסער שטאָט, פירן אַ לעבן אָן ערגערנישן און זיין אָנגעזען צווישן מענטשן. אָבער, פייגען האָט זיך געבענקט נאָך איר געבוירן־שטעטל. און פייגע האָט טאַקע זיך דערפילט דערהויבן צו זיין אין איר שטעטל. די מענטשן האָבן אַ סך פון איר גוטסקייט גענאָסן. זי האָט עס געהאָלפן אַז פּיטשאַיעווער יידן זאָלן אַ ביסל אויפגעריכט ווערן. אָבער די יידן האָבן זי פונדעסטוועגן געקריוודעט. כאָטש זי האָט זיך אויפגעפירט פרום און לייטיש. אָבער עפּעס האָט מען אויף איר געהאַט אַ חשד, פון „ווער ווייסט פון וואַנען זי האָט איר געלט?״ דערפאַר מעג מען דאָס ביי איר ניט נאָר צונעמען, נאָר אפילו מיט ביזיונות איר באַלוינען...

פייגע גאַמערמאַן האָט אָבער פּיטשאַיעוו ניט פאַרלאָזט. זי האָט אירע יאָרן דאָרטן אויסגעלעבט, איר וואָרעם האַרץ דאָרט געלאָזן. זאָלן דעריבער די עטלעכע פאַרצייכענונגען דינען פאַר אַ מצבה אינעם יזכור־בוך, אויפן אָרט פון איר קבר אין פּיטשאַיעוו, וואָס איז אָפּגעמעקט געוואָרן אינאיינעם מ׳יט אַלע איבעריקע קברים פונעם פּיטשאַיעווער בית־עולם.



## העניע און בלימע

ביידע זיינען זיי געווען די צוויי שמשטעס, וואָס האָבן באַדינט די בתי־מדרשים. זיי, פּונקט ווי די שמשים, האָבן אַליין זיך באַדאַרפט באַזאָרגן שכירות ביי די בעלי־הבתים און ניט דורכן גבאי. פלעגן זיי יעדן פרייטיק

*) רכילותן.

אַרומגיין אין די הייזער. יעדער בעל־הבית האָט זיי געגעבן, ווער אַ קאָפּיקע אָדער צוויי און ווער נאָר אַ גראָשן. חוץ דאָס באַדינען די בתי־מדרשים האָבן ביידע שמשטעס געטאָן נאָך אַנדערע מיצווה־אַרבעטן. העניע איז געווען די „זאָגערן" אויפן בית־עולם, פאַר אַלע שווערע הערצער וואָס פלעגן אַהין קומען, איז העניע געווען די פּירזאָגערין פאַר זיי. גערעדט האָט זי צו די מתים, ווי צו לעבעדיקע, זיי אָנגעזאָגט ווער עס איז צו זיי געקומען, און זיין בקשה:

„יאָקל, דיין טאָכטער איז געקומען צו דיר בעטן אַ רפואה פאַר איר קליין יאַנקעלע, וואָס איז אַ נאָמען נאָך דיר;" אָדער — „הערש, דיין זון איז אַהיים געקומען זיך שטעלן צום „פּריזיוו", איז בעט פאַר אים, ער זאָל באַפרייט ווערן פון גויאישע הענט; יענטל — דו ביסט דאָך געווען אַזאַ טייערע נשמה. דיין טאָכטער איז שטאַרק קראַנק, לויף אין די הימלען און ראַטעווע זי."

יעדן איינעם וואָס פלעגט קומען אויפן בית־עולם האָט זי צוגעפירט צום באַגערטן קבר. אַלע קברים האָט זי אין קאָפּ געוואוסט וואו יעדער געפינט זיך. זי האָט דעם מענטשן באַלד פאַרגעשטעלט פאַרן מת. געזאָגט פּסוקים פון דער תחינה, וואָס זי האָט געקענט אויף אויסווייניק. אַ חוץ דעם האָט זי געהאַט אירע אייגענע זאָגעכצן, וואָס האָבן געקענט רירן אַ טויטן אין קבר. און געווען איז זי זיכער אַז דער מת הערט זי.

העניע פלעגט שטענדיק רעדן נאָר פון אירע מתים אויפן בית־עולם. זי האָט געוואוסט צו דערציילן אַלערהאַנט מעשיות פון שדים און „ניט גוטע", זי איז מיט זיי געווען אַזוי היימיש ווי מיט די מתים.

בלימע ווידער האָט געהאַט צו טאָן מיט ווייבערשע מיצוות. אַ געשטאָרבענער פלעגט זי מאַכן די טהרה, זי וואַשן, אָנטאָן די תכריכים. אָבער איר הויפּט־עובדה איז געווען אַכטונג געבן אויף דער טבילה פון די ווייבער, זיי זאָלן זיך טובלען אויף „כשר". זי איז געווען אַ „טיקערן" *) אין באָד. געווען איז בלימע זייער אַ גוטע שמועסערן. אירע מעשיות זיינען פול געווען מיט הומאָר.

ווען די ביידע שמשטעס פלעגן פרייטיק קומען צו הערשן אין הויז, פלעגט מען זיי ביידע פאַרהאַלטן, זיי מכבד געווען מיט טיי און קיכלעך. בלימע פלעגט בשעת מעשה אַרויסברענגען אירע מעשיות וואָס פלעגן ברענגען געלעכטער ביי די אַרומיקע. אַלע צוהערער האָבן געקוועלט און גרויס הנאה געהאַט.

---

*) פונעם דייטשן וואָרט — טאָוכען — מיטן גאַנצן קערפּער אונטערן וואַסער.

אויך העניע איז ניט אָפּגעשטאַנען. זי אָבער פלעגט שוין דערציילן מעשיות פון יוסף דילה רינה, פון מלאכים אין די הימלען, אין גן־עדן ווי אין די שבעה מדורי גיהנום, איז זי געווען היימיש ווי ביי זיך אין דער היים...

העניע און בלימע — צווי שיינע, ערלעכע נשמות.



## לצים לעכצן נאָך אַ קרבן

פיטשאַיעוו איז געווען אַן אויסנאַם פון אַנדערע יידישע שטעטלעך. אין פיטשאַיעוו זיינען קיין משוגעים ניט געווען. האָבן חברה לצים אָפּגעזוכט אַזאַ מין קרבן פאַר זייער פאַרגעניגן וועגן, דורך אַרויסברענגען אַ מענטשן פון די כלים דורך ליצנות. אַזאַ קרבן איז געווען סאָכיע (שכר) קראָליק. אָנגעטאָן מיט אַ גויעשער סעמריגע *) האָט ער שטענדיק געטראָגן אַ זאַק אויפן אַקסל, אָנגעשטאָפּט מיט שמאַטעס, ברויט און שטיקער פלייש, וואָס ער פלעגט אויפקלייבן. אַז סאָכיע קראָליק האָט זיך באַוויזן אין גאַס, האָט מען נאָר באַדאַרפט אים אַ רייץ טאָן מיט אַ קוויטשל פון אַ קראָליק און יענער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו חברה לצים מיטן שטעקן זיי אָנברעכן די ביינער. און געבייצט האָבן אים אַלע, יונג און אַלט. אויף צו דערלאַנגען עמיצן מיטן שטעקן איז ניט געווען וועמען. ווייל באַלד נאָכן קוויטש האָט מען זיך אָפּגעטראָגן.

אַז סאָכיע קראָליק איז געשטאָרבן איז מען געבליבן אָן אַ שטאָך אַרבעט. אָבער חברה לצים האָבן ניט לאַנג זיך געלאָזט וואַרטן, מען האָט אויסגעזוכט אַן אַנדער קרבן. דאָס מאָל שוין ניט אַבי וועמען, נאָר דעם שמש פון דער קלויז, בערל דער שניידער. און חברה לצים האָבן גראָד געטראָפן, וואָרעם געווען איז בערל אַזאַ מין שניידער וואָס האָט אַפילו קיין גויאישן שפּענצער*) ניט געקענט נייען. אַז ער איז געוואָרן שמש, האָט זיך די בחורים, די שטענדיקע לערנערס אין קלויז, פאַרגלוסט אַ מאָל אַ רוף טאָן בערלען מיט אַ קוויטש. בערל איז געוואָרן אין כעס און זיך געכאַפּט צום בעזים זיי אָנצולערנען. מער האָט מען ניט באַדאַרפט. פון דעמאָלט אָן איז אַוועק אַ סדרה בערל, שמערל מיט אַ קוויטש. דאָס שטעטל איז געהאָלפן געוואָרן מיט אַ נייעם קרבן... אפילו דער רב, אַ זייער קלוגער ייד, וואָס האָט ניט פיינט געהאַט אַ שטיקל ליצנות, אויך אים האָט דאָס פאַרשמעקט. איין מאָל, בעת

*) אַ אויבער מלבוש.

*) אַ קורץ מלבוש אויסגעבעטט מיט וואַטע.

אַ חופּה שטעלן קעגנאיבער דער קאַלטער קלויז, האָט בערל שמש אָנגעגאָסן דעם ווײַן אינעם חופּה־קידושין בעכער. חברה וואָס זײַנען דערבײַ געווען האָבן דאָס מאָל זיך לײַטיש באַנומען, מחמת דרך־ארץ פאַרן רב, אים לאָזן דורכפירן דעם חופּה־צערעמאָניאַל. דער רב אָבער האָט עס באַמערקט זייער שווײַגעניש און אַ וואונק געטאָן צו זיי מיט אַ שמייכל, ווי אײנער רעדט: חברה, וואָס שווײַגט איר? לצים האָבן דאָס אויפגעכאַפּט און בערל האָט שוין, טאַקע בעת דער חופּה, געקריגן זײַן אָפּקומעניש...

איז בערל אויך געשטאָרבן און דאָס שטעטל איז ווידער געבליבן אָן אַ שטאָך אַרבעט, ביט געהאַט קיין קרבן צווישן דעם היימישן עולם פון שטעטל. העלפּט גאָט, אַז אין שטעטל מאַכט מען פאַר אַ גבאי אײנעם גרשון, וואָס אין זײַנע יינגע יאָרן האָט ער געוואוינט אין אַ דאָרף לעבן פּיטשאַיעוו. בעת דער צאַרישער גזירה אַרויסצוטרײַבן די יידן פון די דערפער איז ער געווען אײנער פון די פאַרטריבענע. געווען איז ער אַ ייד אַ גביר. פון דאָרף פלעגט ער קומען אין שטעטל אין אַ שײנעם פערד־און־וואָגן־געשפּאַן. פלעגט מנדב זײַן פאַר קהלשע אינסטיטוציעס. ווען ער האָט זיך באַזעצט אין פּיטשאַיעוו האָט ער פאַר זיך אויסגעבויט אַ שײן הויז. פאַרן זון און שנור אויפגעשטעלט אַ קלייט. זיי האָבן איבערגענומען און געפירט זײַנע געשעפטן. גרשון האָט זיך אָפּגעגעבן דעם בית־המדרש און מיט דער צײַט האָט מען אים טאַקע געמאַכט פאַרן גבאי. זינט דעמאָלט האָט גרשון מער אַכטונג געגעבן אויף אַלץ אינעם בית־המדרש, ווי אויף אַ מקום קדוש.

יינגלעך פלעגן זיך נוהג זײַן יעדן שבת בייטאָג צו קומען אין בית־המדרש אַרײַן. ניט צו לערנען, נאָר אַ ביסל שקאָצעווען. פאַרשטייט זיך, טאַקע אָנטאָן דערבײַ אַ ביסל שאָדן. אַז גרשון איז געוואָרן גבאי האָט זיך אים פאַרגלוסט ניט אַרײַנצולאָזן די חברה אַהין שבת בייטאָג. ער פלעגט דער־פאַר אַליין קומען אין בית־המדרש שבת בייטאָג. אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז ניט ער האָט זיי, די חברה־לײַט אַרויסגעטריבן, נאָר זיי — אים, דערבײַ האָבן זיי אים געקרוינט מיט אַ נאָמען פון חוזק: גרשון־קוקו מיט אַ קוויטש... איז ער דאָך באַלד אין כעס געוואָרן, געלאָפן שלאָגן. מער האָבן טאַקע חברה לצים ניט באַדאַרפט. און אין שטעטל איז אַוועק אַ סדרה פון „גרשון־קוקו מיט אַ קוויטש".

סאָכיע קראָליק איז טאַקע געווען אַ גראָביאַן, אַ כאַמולע, אָבער בערל דער שמש איז געווען אַן אָרעמאַן, אַ פּשוטער ערלעכער ייד. זײַן ווײַב איז געווען די סאַרווערין אויף אַלע חתונות אין שטעטל; גרשון צאַצקיס איז טאַקע געווען אַ גאָר פײַנער בעלי־הביתישער ייד, אָבער לצים זײַנען אפנים פון אײן אַנדער טייג געקנאָטן און אַז אַ שטעטל דאַרף אַ קאָמעדיע, איז מען ניט איבערקלײַבעריש אויף אַזאַ קרבן־שפּיל.



# יהודה דעם שוחטס

אַ קליין יידעלע. דאָס פּנימל איז ווי פֿאַרשטעלט געווען פֿון דער געדיכטער, שטענדיק צעשויבערטער באָרד. דער גאַנצער קאָפּ האָט אויסגעקוקט ווי אויסגעדרייט אויף אַ זייט, מחמת דער דאַשעק פֿונעם קאַשקעט האָט שטענדיק זיך געקירעוועט ביי אים אויף אַ זייט. שטענדיק פֿאַרזונקען אין דחקות און אָרעמקייט האָט אים ניט געשטערט צו זיין אַ פֿריילעכער קבצן. די אָרעמקייט, נאָך מער די קראַנקע פֿרוי זיינע, אַ יאַדישליווע, וואָס האָט שטענדיק געהאַלטן אין איין פּרייכן און הוסטן, האָט אים אַפּנים אַזוי דערשלאָגן, אַז ער האָט געלעכצט נאָך אַ שנעפּסל צו פֿאַרטומלען זיך אַ ביסל. אָבער ער האָט מער גערעדט וועגן אַ טרונק איידער אויף אַן אמת. אַרויסבאַוויזן האָט ער זיך אין פֿולן גלאַנץ נאָך אַזאַ שנעפּסל אין אַ יומא דפּגרא, אָדער ווען דער רבי, ר׳ אַלטערוניע פֿלעגט קומען אין שטעטל. נאָך אַזאַ שטאַרקן טראָפּן פֿלעגט ער זיך אויפֿשטעלן אויף דער באַנק, פֿאַרציען אַ סליחותדיקן ניגון און אויסוויטיקן, אין אַ געמאַכטן שפּאַס, די ווערטער: „רבותי, פֿון מיין ווייב איז ניט אויסצוהאַלטן; זי וויל מיר נאָר רייך מאַכן, זי האַלט אין איין שפּייען מיט קערבלעך. אַ גאַנצן טאָג נאָר ראַך־פּאַ, ראַך־פּאַ. יידן גיט מיר אַן עצה. איך וויל ניט רייך ווערן״...

אויפֿגעלעבט און האָפּערדיק איז יהודה געוואָרן אין שמחת תורה. ווען מען האָט אים אויפֿגערופֿן עולה תורה זיין האָט ער, נאָך דער קריאה, זיך געוויצלט פֿאַרן בעל קורא, בעת יענער האָט געמאַכט דעם „מי שברך״ און זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע בײַם „בעבור שנדר״ האָט יהודה דערויף געענטפֿערט — לישתות כל היום (אַ גאַנצן טאָג טרינקען). און זיין באַגער האָט ער טאַקע דעמאָלט דערגרייכט: אַ גאַנצן טאָג איז ער אַרומגעגאַנגען צו די בעל־הבתים „גוט יום־טוב ביטן״. ביי יעדן פֿון זיי געמאַכט אויפֿסניי קידוש און, פֿאַרשטייט זיך, צוגעביסן. דעמאָלט איז יהודה געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. דער אמתער יהודה האָט זיך באַוויזן. ער האָט זיך צעטאַנצט און ס׳איז געוואָרן פֿריילעך אַרום און אַרום. יהודה איז אַריין אין התלהבות און ניט פֿון זיין ווייבס „רייכקייט״ האָט ער געדענקט, נאָר פֿון דעם גליק, דעם גרויסן, דעם אמתן, וואָס ער איז אַ ייד. „מיר איז גוט, האָט ער מיט פֿרייד אויסגערופֿן, מיר איז גוט, איך בין אַ ייד; גאָט האָט מ י ר געגעבן די תורה. בשעת מעשה געקלאַפּט מיט דער האַנט אויפֿן האַרצן און געזאָגט: דערפֿאַר מעג איך און דאַרף איך פֿריילעך זיין״.

אין יהודהן האָט זיך דעמאָלט אַנטפּלעקט דער ייד, דער פֿריילעכער קבצן...



*) אַסטמאַ ליידנדיקע.

## חיים דער קורצער מלמד

גערופן האָט מען אים אויך — חיים דער משוגענער, ווייל חוצדעם וואָס ער איז געווען אַ קליינגעוואוקסיקער און דערפון זיין צונאָמען — דער קורצער, איז ער געווען אַ שטיק רעטעניש פאַר אַלעמען, וואָס האָבן אים ניט פאַר־שטאַנען. חיים פלעגט יעדן שבת פאַר מנחה זיין אַרומגערינגלט מיט בעלי־מלאכות און סתם פשוטע יידן אַרום טיש אין קלויז, וואו ער פלעגט מיט זיי לערנען אַ יידיש וואָרט. איז געווען אַ גרויסער בריה אויף אָריגינעלע איינפאַלן, אויף אַרויסצוברענגען שאַרפע געדאַנקען.

מיטאַמאָל איז חיים געוואָרן אויס מלמד. ער האָט זיך פאַרנומען מיט אַרומ־פאָרן אין דערבייאיקע שטעטלעך האַלטן דרשות. אין זיין באַנעמען זיך, איז ער געווען אַ זייער אומרואיקע נאַטור. זיין באַדערפעניש צו דרשענען איז מן־הסתם געווען געפּאָרט מיט דעם טאַלאַנט וואָס ער האָט פאַרמאָגט פאַר פאָלקסטימלעכע שאַפונגען אינעם וואָרט. ביי יעדער געלעגנהייט פלעגט ער, אויפן אָרט, שאַפן אַ לידל אויף העברעאיש אָדער אויף יידיש. ער פלעגט שאַפן פאַראַדיעס אין גראַמען אויף מענטשן ווי אויף צייט־געשעענישן, און זיי טאַקע באַלד אויסזינגען. דאָס, מן־הסתם, האָט עס אַרויסגערופן דעם צונאָמען — דער משוגענער. דער דאָזיקער טאַלאַנט זיינער פלעגט באַ־זונדערס אויסנעמען אין פורים. ער פלעגט דעמאָלט באַזוכן די בעלי־הבתים, דערביי אומעטום אַריינגעכאַפּט אַ שנעפסל, איז ער געוואָרן מבוסמדיק. ערשט דעמאָלט פלעגט ער זיך צעזינגען אויף אַלע כלים, אויסזינגענדיק אַלע זיינע לידלעך וואָס ער האָט אויפן אָרט אויפגעשטעלט. זיין מוזע איז שטענדיק געווען פון פאָלקישן אינהאַלט און שפּראַכלעכן ריטם.

די אַרומיקע מענטשן אין שטעטל האָבן אים ניט פאַרשטאַנען, און אים געהאַלטן פאַר אַ צעטראָגענעם און דערפאַר אים געקרוינט מיט אזאַ צונאָמען.



## ר׳ הערש דער בראָדער

אַזוי האָט געהייסן מיין גמרא־מלמד. פאַרוואָס מ׳האָט אים צוגעטשעפּעט דעם נאָמען פון בראָד אין גאַליציע, צי ער איז דאָרט געבוירן געוואָרן, אָדער נאָר אַמאָל דאָרט געוואוינט, איז ניט באַקאַנט. אין פּיטשאַיעוו אָבער איז ער געווען איינגעגלידערט אין דער באַפעלקערונג ווי יעדער איינער געבוירענער דאָרט.

ווען איך בין געווען זיין תלמיד איז ער שוין געווען אַ זקן. כאָטש פול מיט לעבן און ענערגיע, אָבער פיזיש — אַן איינגעבראָכענער. דאָס האָט פאַר־ראַטן זיין נידעריקן אויסזען, ניט צו קענען וויסן, צי די עלטער האָט דאָס געבראַכט, אָדער ער איז שטענדיק געווען פון נידעריקן וואוקס. פון זיין לענגלעך מאָגער פנים האָבן אַרויסגעקוקט צוויי קלוגע בלויע אויגן, וואָס האָבן באַשיינט זיין קורץ שניי־וויס בערדל.

זיין חדר איז געווען אָפּגעלייגט אין אַ זייטיק געסל צווישן דער ווישנעוויצער און לעקסעניצער גאַסן. ער איז געווען דער בעסטער גמרא־מלמד אין שטעטל. די בעל־הבתישע קינדער זיינען געווען זיינע תלמידים. ביי אים אין חדר איז מען געזעסן אויף „סקאַמייקעס" — שול־בענק. ער איז אויך געווען פאַררעכנט אין שטעטל פאַר אַ שטיק משכיל. געווען אַ הייסער ציוניסט. אויף דער עלטער פלעגט ער אַרומגיין קלייבן פאַר ארץ ישראל און אויסליידיקן די פושקעס פאַרן קרן קימת.

אַחוץ גמרא, האָט מען ביי אים געלערנט חומש מיט רש"י און אויך העברעאיש. כאָטש ער פלעגט ניט זשאַלעווען אַ שטאַרך צו טאָן אַ ייִנגל מיטן גראָבן שטעקן, איז ער געווען באַליבט ביי זיינע תלמידים. ער פלעגט זיי באַצויבערן מיט זיינע דערציילטע אומצאָליקע מעשהלעך, משלים און גלייכווערטלעך.

נאָכן שבתדיקן שלאָף פלעגט ער באַזוכן די בעלי־הבתים אין דער היים צו פאַרהערן דעם תלמיד פון דעם, וואָס ער האָט די גאַנצע וואָך געלערנט. זיין קומען אין הויז פלעגט אויפגענומען ווערן מיט גרויס דרך־ארץ און באַזונדער חשיבות. אַלע אין די שבתדיקע בגדים, פלעגן נאָכן פאַרהערן דעם תלמיד זיך אַרומזעצן ביים טיש, און ביי אַ וואַרעם גלעזל טיי האָט מען געשמועסט וועגן שטעטלשע ענינים און נייסן אין דער וועלט.

פונקט ווי ר' שיע, דער דרדקי־מלמד, פלעגט אויך ר' הערש דער בראָדער דאַרפן צוהאַנדלען אַ ביסל צו האָבן אויף חיונה. ער האָט אונטערגעהאַנדלט מיט פאַרקויפן טעפּ, אַזוי אַז פון אַלץ אינאיינעם האָט ער פאַרדינט זיין פרנסה.



# פּיטסבורג פּיטשאַיעווער אין אַמעריקע

## חנא זאַלץ

### הערי (הערשל) קאַרטמאַן

אינגאַנצן פיר יאָר איז ער אַלט געווען, ווען ער און זיין יינגערער ברודערל פון צוויי יאָר, נאָטע, און דאָס עלטערע שוועסטערל פון זעקס יאָר, שיינדל, זיינען פאַריתומט געוואָרן נאָך זייער טאַטן זלמן. די מאַמע, די אלמנה פריידל האָט זיך באַזעצט מיט די דריי יתומים ביי איר פאָטער. פון אַ קליינטל האָט מען געצויגן דאָס ביסל פּרנסה פאַר אויפהאָדעווען די קינדער.

ווי אַלע קינדער האָט אויך הערשל געלערנט אין חדר. ווידער ביי אַ פּריוואַטן שרייבער זיך אויסגעלערנט שרייבן און לייענען יידיש און רוסיש. די אונטערוואַקסנדיקע שיינדל האָט יונג חתונה געהאַט פאַר משה גרינבערג און אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. שפּעטער, אין 1906 איז די מאַמע פריידל מיט אירע צוויי קינדער אַריבערגעפאָרן קיין אַמעריקע. הערשל האָט אין אַמעריקע אָנגעהויבן אַרבעטן ביי מאַכן ציגאַרן. איז קראַנק געוואָרן און ר'האָט די אַרבעט געמוזט פאַרלאָזן. הערשל האָט זיך גיך אַקלימאַטיזירט. האָט אַריינגעטראָטן אין אַ נאַכט-שול, וואו ער האָט זיך אויסגעלערנט די לאַנד-שפּראַך און באַוואָפנט מיט קענטעניש איז ער אַרויס אינעם לעבן, איז געוואָרן אַן אַגענט פאַר לעבנס-פאַרזיכערונג. זיין פּראַקטישער און געזעלשאַפטלעכער לעבנס-חוש האָט אים געדינט ווען ער איז געוואָרן אַ מיטגליד אין קרעמעניצער, ווישניוועצער סאָסייטיס. בטבע, זייער אַ צוגעלאָזענער מענטש האָט ער דאָרט באַקומען אַ סך פריינט און אויך קליענטן. ער האָט מצליח געווען אין זיין אַרבעט, אַזוי, אַז גאָר גיך איז ער ביי דער פאַרזיכערונגס-קאָמפּאַניע געוואָרן דער צווייטער בעסטער אַגענט אירער.

אין ניו-יאָרק, ווען איך האָב זיך מיט אים צום ערשטן מאָל באַקענט, איז באַלד צווישן אונדז איינגעשטעלט געוואָרן אַ פריינטשאַפטלעכע פאַרבינדונג, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אויך נאָכדעם, ווען איך האָב זיך באַזעצט אין פילאַדעלפיע. הערשל האָט אויך געהאַט אַ באַזונדערן אינטערעס צו אַלגעמיינע קענטענישן און וויסן. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט געזעלשאַפלעכע באַוועגונגען, מיט די סאָציאַליסטישע, ציוניסטישע און אויך רעליגיעזע פּראָבלעמען.

אין די יאָרן פון 1906־1910 זיינען קיין ניו־יאָרק אָנגעקומען אַ סך פּיטשאַ־יעווער. אינאיינעם מיט די גרוסן, אינפאָרמאַציעס וועגן דעם לעבן פון פּיטשאַיעוו, איז אָפּגעפרישט געוואָרן דער אינטערעס און פאַרבינדונג מיט זיי און מיט דעם היים־שטעטל. ס'איז אויפגעקומען אַ געדאַנק צו אָרגאַניזירן די פּיטשאַיעווער אין אַ סאָסייטע. הערשל האָט זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט ווי אָן אַן אוצרל. ס'איז קלאָר געווען, אויב מען וועט זיי ניט פאַרבינדן צווישן זיך באַצייטנס, וועלן זיי ביסלעכווייז פאַרקריכן אין די עקסיסטירנדיקע „לאָדזשעס" און וועלן פאַרלוירן ווערן פאַר דעם נוצן פון שטעטל ווי פאַר די איינגעגע אויף אַן אָרט, אויב אַן אייגענער וועט דאַרפן הילף. כך־הווה. אין דעם זעלבן יאָר 1910 אין אַ זומערדיקן הייסן טאָג, שבת האָבן די איניציאַטאָרס, ה. זאַלץ און הערשל קאַרטמאַן אויסגעשפּאַנט די ניו־יאָרקער איסט־סייד און באַזוכט אַלע פּיטשאַיעווער. זיי אויפגעקלערט און צוגערעדט צו קומען אויף אַ מיטינג פאַרן צוועק צו גרינדן אַ פּיטשאַיעווער פאַראיין. אויף מאָרגן זונטיק, זיינען אַלע גערופענע געקומען אין הויז פון אברהם בערמאַן אויף סאָפאָלק סטריט. די ביידע איניציאַטאָרס האָבן אַרויסגע־בראַכט דעם צוועק און די צילן פון אַזאַ פאַראיין. אַלע האָבן מיט צופרידנקייט מסכים געווען און דער פאַראיין איז אויפן אָרט מיט מזל געשאַפן געוואָרן. מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז פון דעם פאַראיין געבוירן געוואָרן דער אַרבעטער רינג ברענטש 213, וואָס עקסיסטירט ביז היינט אונטער דעם נאָמען — „פּיטשאַיעווער־שומסקער ברענטש 213".

ווען אין יאָר 1914 האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, איז פּיטשאַיעוו, זיבן ווירסט פון דער עסטדייכישער גרענעץ, געווען באַלד אויפן ערשטן פייער. דער קאָנטאַקט מיטן שטעטל איז באַלד איבערגעריסן געוואָרן. גאַנצע פיר יאָר צייט האָט מען ניט געוואוסט וואָס ס'איז דאָרט געשען מיט די נאָענטע שוועסטער, ברידער און אַלע פּיטשאַיעווער יידן. ערשט נאָכן סוף פון דער מלחמה, אין יאָר 1918, זיינען מיר אַלאַרמירט געוואָרן דורך בריוו פון דאָרט וועגן דעם שוידערלעכן חורבן פונעם שטעטל; וועגן דעם גורל פון אַלע יידן וואָס זיינען פאַרטריבן געוואָרן קיין בעמען (טשעכאָ־סלאָוואַקיע). ביים צוריקקומען נאָך דער מלחמה, האָבן זיי געטראָפן אַ פּוסט, רואינירט שטעטל. אפילו קיין שוועבעלע איז ניט געווען וואו צו באַקומען. אָפּגערעדט פון אַ מעגלעכקייט צו רעמאָנטירן אַ הויז אָדער זיך שטעלן אויף די פיס דורך איינהאַנדלען אַ ביסל סחורה. אַלע דערהאַלטענע בריוו זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט איין און דעם זעלבן וויי־געשריי פון נויט און הילף.

אַ טייל פּיטשאַיעווער אין אַמעריקע האָבן זיך געהאַט גוט איינגעפונדעוועט בעת די מלחמה־יאָרן. אייניקע זיינען אפילו געוואָרן גאַנץ פאַרמעגלעכע. אויך די אַרבעטער האָבן געהאַט אָפּגעשפּאָרט פון זייערע פאַרדינסטן. די פּערספּעקטיוון אויף צו העלפן די געטראָפענע אין דער אַלטער היים זיינען

געווען גינציקע. מען האָט טאַקע באַלד אָנגעזאָגט די יידן אין פּיטשאַיעוו אַז עס ווערט פאַר זיי געגרייט הילף. סיי פאַר קהל, סיי פאַר יחידים. דאָס גופא, אַז זיי זיינען ניט אַליין אין זייער גורל־שעה, האָט אַרויסגערופן פרייד און האָפענונג ביי די מענטשן דאָרטן. האָט מען זיך געבאָרגט געלט, באַלד געפאָרן קיין קרעמעניץ, ראַדיוויל, איינגעקויפט אַ ביסל סחורה; ווער עס האָט אויך רעמאָנטירט דאָס הויז וכדומה.

אַן עולם פון פינף הונדערט מענטשן, כמעט אַ האַלב שטעטל פּיטשאַיעווער דאָ, איז געקומען אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אין ניו־יאָרק, אויפן רוף פון הערשל קאָרטמאַן. גערירט ביז טרערן פון די פאָרגעלייענטע בריוו פון פּיטשאַיעוו, האָט זיך יעדער מיט אַ ברייטער האַנט באַטייליקט אין דער הילפס־זאַמלונג. אויך אין פילאַדעלפיע איז פאָרגעקומען אַזאַ פאַרזאַמלונג. הערשל קאָרטמאַן אינאיינעם מיט ברוך יוסף אַלטמאַן, זיין זון אהרן מרדכי, האָבן צעוויגט דעם עולם מיט זייערע רייד. חוץ די געלטער פאַר קהל זיינען יחידים אויפגעוועקט געוואָרן מיט זייער פּריוואַטער הילף צו זייערע אייגענע קרובים אין פּיטשאַיעוו. די הילף איז באַלד געשיקט געוואָרן קיין פּיטשאַיעוו.

הערשל קאָרטמאַן איז געוואָרן אין ניו־יאָרק דער אַדרעס פאַר יעדן איינעם. צו אים האָט מען זיך געווענדט נאָך אַן עצה וועגן יעדער קלייניקייט. ער ווידער האָט אַלעמען געהאָלפן מיט ראָט און טאָט. צו אַלעמען האָט הערשל אַרויסבאַוויזן פריינטשאַפט און גרייטקייט צו העלפן אין זייער באַגער.

ניט נאָר ביי די פּיטשאַיעווער נאָר אויך ביי די קרעמעניצער, ווישנעווצער, ראַדיווילער, ביי אַלעמען איז הערשל געווען שטאַרק באַליבט און בכבודיק געשעצט. אין ניו־יאָרק האָט זיין פּאָפּולערקייט געגרייכט אויף אַזויפיל, אַז מען האָט אים אָנפאַרטרויט אַ שליחות אפילו פון אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן פאַר זייערע שטעטלעך.

אַזוי האָט דער וויזשעראָדקער טוער פאַר זיין שטעטל, אַ ייד אַ נגיד, געלמאַן, אויך אויסגעקליבן הערשלען פאַר זיין שליח ווי אַ שותף צו נאָך איינעם, אַז זיי ביידע זאָלן פאָרן קיין פּוילן מיט צענדליקער טויזנטער דאָלאַר פאַר קהל און פאַר יחידים צו פאַרטיילן אין די געגעבענע שטעטלעך.

אין דעם אָקאָרשט ניי־אויפגעקומענעם פּוילן, איז די דאָזיקע מיסיע געווען פאַרבונדן ממש מיט סכנות נפשות. עס האָט אין יענער צייט דאָרט געהערשט אַ כאַאָטישער צושטאַנד אינעם לאַנד, בפרט אין די פאַרוואָרפענע קליינע ערטער, וואו עס האָבן געבושעוועט אויף די וועגן רויבער־באַנדעס. אַזוי אַז ס׳איז געווען סכנותדיק צו גרייכן אַ שטעטל מיט אַ וואָגן. הערשל, וואָס האָט די הילפס־געלטער געהיט ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג, האָט זיך

זייער פּאָרזיכטיק נוהג געווען אין אַזאַ צושטאַנד. ווען ער איז געקומען קיין וואַרשע האָט ער זיך באַלד געלאָזט אין וועג קיין פּיטשאַיעוו, אָבער דאָס געלט האָט ער געלאָזן אין וואַרשע. אים איז געגאַנגען אין דעם, דערווייל כאָטש אָנזאָגן די מענטשן דאָרט, אַז דאָס געלט איז דאָ אין פּוילן. וואָרעם ווען ער האָט באַדאַרפט אַרויספאָרן נאָך אַ מאָל פון וואַרשע שוין מיטן געלט, איז די פּרעסע דעמאָלט איבערפולט געווען מיט ידיעות פון רויב־אָנפאַלן. אַזאַ צושטאַנד האָט געדויערט וואָכן ביז הערשל מיטן צווייטן באַגלייטער האָבן זיך געקאָנט אַוועקלאָזן מיטן געלט צו די באַשטימטע ערטער. דערווייל האָבן די מענטשן איז די שטעטלעך אַריבערגעשיקט צו קרובים אין אַמעריקע אומרואיקע בריוו מיט אַלערליי חשדים וועגן דעם גורל פון די געלטער. הערשלען אָבער האָבן די פאַנטאַזיע־רכילותן גאָרניט געקימערט. פאַרקערט, ער האָט שטאַרק מיטגעפילט די צערודערטע פון דעם פאַל פון פאַרשפּעטיקן איבערצובריינגען די געלטער. דערפאַר אָבער האָבן זיי שפּעטער, דערזען דעם געטרייען מענטשן אין הערשלען. ניט נאָר האָט ער די קהלשע געלטער אָפּגעגעבן בשלימות נאָר אויך אַזעלכע געלטער פון יחידים צו קרובים, פון וועלכע ער האָט אפילו אַ רעכט געהאַט אַראָפּצורעכענען צען פּראָצענט אויף צו דעקן די הוצאות. אים האָט דאָס האַרץ ניט פאַרטראָגן דערויף, ווען ער האָט זיך אָנגעטראָפן פּנים אל פּנים מיט די נויטן אויפן אָרט. ער האָט אויך די יחידים־געלטער אָפּגעגעבן ווי אַן אמתער איבערגעגעבענער, געטרייער דער הילפס־אַרבעט פאַר די יידן אין פּיטשאַיעוו *).

דעם זעלבן אינטערעס האָט הערשל אויך אַרויסגעוויזן צו די פּיטשאַיעווער אין אַמעריקע גופא. ניט געווען ביי אים אַזאַ פאַל פון זיין פאַרנומען מיט זיינע אייגענע געשעפטן, ווי נאָר מ'האָט באַדאַרפט איינעם העלפן, איז עמיצער קראַנק געוואָרן, האָט הערשל פאַר אים צייט געהאַט צו גיין אין שפּיטאָל אָדער צום חולה אַהיים און אים באַזאָרגן. סיי אין אַ נויט אָדער סתם פאַר אַן עצה האָבן זיך די פּיטשאַיעווער לאַנדסלייט און אַלע זיינע נאָענטע באַקאַנטע צו אים געווענדעט און ער האָט אַלעמען געגעבן זיין הילף דורך מעשים.

אין זיין יונגן בליענדן עלטער פון 44 יאָר האָט אים דער טויט אין 1933 אַוועקגערויבט פון זיינע נאָענטע. עד־היום פעלט הערשל אין דער אַרבעט צווישן די פּיטשאַיעווער; ער פעלט נאָך שטאַרקער ווי דער שטענדיקער אינספּיראַטאָר צו טאָן גוטס. מיטן פאַראייביקן דאָס געדעכעניש פון די אומגעקומענע פּיטשאַיעווער יידן איז אויך הערשלס געדעכעניש אַ שטיק פון זיי, וועמען ער האָט מיט גרויס ליבשאַפט, געטריישאַפט און איבער־געגעבנקייט געדינט.



*) זע: זייט 203

# שייע (ישעיה) בתיה'ס און יאַנקל טאַבאַק

אַ גערבוירענער אין קרעמעניץ און חתונה געהאַט אין פּיטשאַיעוו. אַ ייד מיט אַ סך מעלות, אַ בעל־תלמוד, אַ גרויסער בעל־מנגן. האָט אויך געקענט גוט שרייבן רוסיש, האָט ער טאַקע געפירט די ביכער פון דער קהילה, מיט די באַריכטן פאַר דער „נאַטשאַלסטוואָ" פון מלכות.

פאַר שייען האָט יעדער געהאַט אָפּשיי. פאַר אים האָט מען זיך פאַרטרויט אין אַלע פּריוואַטע אָנגעלעגנהייטן. אפילו ווען עמיצער האָט געהאַלטן ביי מאַכן אַ שידוך האָט מען שייען געבעטן דורכפירן די דאָזיקע שליחות. כאָטש שייע איז געווען אַ גאָר פרומער ייד, אַ חסיד, האָט ער אויך געוואוסט ווי זיך צו באַגייען מיט אַ „אויפגעקלערטן" מענטשן. ווייל בטבע איז ער געווען אַ צוגעלאָזענער מענטש.

ווי אַן אָסטרער חסיד, פלעגט ער זיין דער מקורב ביים רבין ר' אַלטערוניע בעתן פּראַווען דעם טיש. נאָך פריער, איידער דער רבי איז אָנגעקומען אין שטעטל פלעגט שייע שוין גרייטן אַ נייעם זמר פאַרן רבינס טיש. אַליין אַ גוטער בעל־מנגן, פלעגט ער אויסזינגען דעם נייעם זמר, בשעת מעשה אונטערגעשפּאַרט דאָס גערגעלע מיטן גראָבן פינגער אונטער דער רויטער באָרד, פאַרשליסן די אויגן. און ווי נאָר ער פלעגט פאַרציען דעם ניגון, האָבן אַלע חסידים מיטגעזונגען בציבור.

שייעס אַ שפּאַס ביי ר' הערשן אין הויז פלעגט מען אָפּט נאָכדערציילן, ווען מען האָט זיך משמח געווען ביי אַ קעלעשיקל בראָנפן. די אָסטרער חסידים האָבן זיך נוהג געווען, שטענדיק ביי אַ יומא דפגרא מקיים צו זיין דעם פסוק פון יין ישמח לבב אנוש. אַז שייע איז אַמאָל געווען ביי ר' הערשן צו גאַסט, האָט מען אים אַ פרעג געטאָן, צי איז ער אַ בעלן אויף אַ ביסל בראָנפן, דערויף האָט שייע אָפּגעענטפערט אַזוי: וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן עפּעס אַ האַרטע זאַך, וואָס מען דאַרף שטופּן אַרויף, וואָלט איך דעמאָלט זיך באַדאַרפט מישב זיין, אָבער אַ זאַך וואָס איז סיי נאַס און סיי עס גייט אַראָפּ פון זיך אַליין איז דאָך ניט שייך קיין ישוב־הדעת. בשעת מעשה פלעגט שייע מאַכן אַן אָנצוהערעניש ר' הערשן מכוח כיבוד, וואָס דאַרף זיין מיט אַ ברייטער האַנט. וואו, פלעגט ער זאָגן, איז דער שכל, וואָס איר, ר' הערש, זייט מכבד מיט טיי אין אַ גרויסער גלאָז, וואָס איידער מען באַוויזט זי אויסצוטרינקען בריט מען זיך אָפּ די פינגער. ווען אָבער עס קומט צו בראָנפן דערלאַנגט מען גאָר אַ גלעזעלע, וואָס איז גרויס ווי אַ פינגערהוט. עס איז דאָך אָנגענעמער זיך אָפּצובריען דעם צונג מיט דעם קאַלטן טראָפּן, איידער די פינגער אין אַ הייסער גלאָז...

שייע בתיהס איז געווען ניט נאָר אַ ייד אַ חכם, נאָר זייער אַ האַרציקער און ליבלעכער מענטש, אַן אמתער נוח לבריות.

די חסידישע פרומקייט פון שעיה בתיהס האָט אים ניט דערוויטערט פונעם וואָ־כעדיקן לעבן. ער האָט פאַרשטאַנען מדריך צו זיין זיינע קינדער צו גאָט און צו לייט. פון די אַלע מעלות זיינע איז ער קיין גביר ניט געווען. אָבער דערציען קינדער, דערויף איז מען גרייט געווען. אויך דער יינגסטער פון די קינדער, יאַנקל שייעס, ווי מ׳האָט אים גערופן אין דער היים, איז חוץ די חדרשע טראַדיציאָנעלע לימודים, האָט דער פאָטער אים באַזאָרגט מיט אַ פּריוואַטן לערער, ביי וועמען ער האָט געלערנט שרייבן, חוץ יידיש, לשון־קודש אויך רוסיש.

יאַנקל האָט שוין אויך ייִנגלוויז פאַרזוכט דעם טעם פון ווערן אַ פאַרדינער. דער פאָטער האָט אים אָפּגעגעבן פאַר אַ פּריקאַזטשיק (האַנדלס־אָנגעשטעלטער) אין אַ שניט־קראָם. און יאַנקל שייעס איז געוואָרן — יאַנקל טאַבאַק...

אַז יאַנקל טאַבאַק האָט געגרייכט דעם עלטער פון דינען אין מיליטער, האָט ער, ווי אַ סך אַנדערע דעמאָלט, אויסגעקליבן פאַר זיך אַן אַנדער וועג איידער צו דינען דעם צאַר, דעם וועג קיין אַמעריקע. און אין אַ מזלדיקער שעה איז ער, אין 1904 אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. ער איז שוין ניט געווען אַזוי עלנט ביים אָנקומען, ווי די פריערדיקע ערשטע געקומענע קיין אַמעריקע. די „אַלטע״ האָבן שוין געזאָרגט פאַר די פרישע. אויך יאַנקלען האָט מען באַזאָרגט אַן אָרט פאַר אַרבעט אין אַ בייטל־מאַכעריי, וואו ער האָט באַלד נישקשהדיק פאַרדינט. יאַנקל טאַבאַק איז געוואָרן אַקטיוו אין דער פּי־טשאַיעווער אָרגאַניזאַציע; אין דער „הילפס־קאַסע״, וואָס האָט עקסיסטירט איז ער געווען דער סעקרעטאַר.

אויפן דריטן יאָר פון זיין אין לאַנד, האָט ער זיך, אין 1907, פאַרבונדן מיט זיין באַשערטע און נאָך דער חתונה, זיך באַזעצט אין וואַטערלו, אייאָווא, וואו ער האָט אויפגעבויט אַ פאַמיליע און אויך פאַרפירט דאָרט אַ בכבודיק לעבן. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט מיסחר פון אַלטן אייזנוואַרג. עס האָט אים אָפּ־געגליקט און ער איז געוואָרן אַ גביר. אָבער דאָס האָט אים ניט פאַרפירט, צו פאַרלאָזן די גייסטיקע עשירות וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים. פאַרקערט, ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט איבערגעגעבנקייט אין דער טעטיקייט אויפן אָרט פאַר יידישע באַדערפענישן. יאַנקל טאַבאַק, פאַרנעמט אַ בכבודיקן אָרט אין דער אָרטיקער קהילה. מיטן אויפקום פון דער ישראל מדינה העלפט ער בלבב ונפש פאַר איר אויפבוי.

ווען יאַנקל טאַבאַק האָט זיך דערוואוסט, אַז די פּיטשאַיעווער אין אַמעריקע גרייטן זיך צו פאַראייביקן זייערע פאַרטיליקטע אין דער אַלטער היים אין אַ יזכור־בוך, האָט ער זיך באַלד אָפּגערופן אויף אַ גאָר בכבודיקן אופן.

אויף אַן אמת: אַ טאַטנס אַ קינד.



# ישראל קראַוויטץ

געבוירן אין טראָסטינעץ, פּאָדאָלער גובערניע, האָט אים דער גורל נאָך אין דער אַלטער היים פאַרבונדן מיט פּיטשאַיעוו. דער פּאָטער, הערש, האָט געוואָלט, אַז זיין קינד מיט אַ גוראָטן קעפּל זאָל אויסוואַקסן אַ רב, האָט ער ישראלן אָפּגעגעבן צו די בעסטע מלמדים. מיט תנ״ך און תלמוד איז ער געווען ווי ביי זיך אין דער היים. ער האָט אויך געלערנט ביי אַ פּריוואַטן „שרייבער״ שפּראַכן, און האָט גוט געקענט העברעאיש, יידיש און רוסיש.

צו 21 יאָר איז ישראל אַוועקגענומען געוואָרן אין מיליטער־דינסט, אינעם יאַקוטסקער פּאָלק, וואָס האָט זיך געפונען אין קרעמעניץ. די פינפטע ראָטע (גרופּע) פונעם פּאָלק, אין וועלכן ישראל האָט געדינט, פלעגט ווינטער איינשטיין אין פּיטשאַיעוו. די יידן פונעם שטעטל האָבן געזאָרגט דערפאַר, אַז די יידישע סאָלדאַטן פון דער ראָטע זאָלן ניט עסן קיין טריפה. האָט מען די סאָלדאַטן איינגעטיילט צווישן די בעלי־הבתים, אויפן שטייגער פון ישיבה־בחורים, צו עסן „טעג״. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די יידישע סאָלדאַטן זיינען געוואָרן היימיש מיט די יידן *). מ׳האָט זיך געפילט ווי אַ טייל פון דער עדה, און אייניקע האָבן געשלאָסן שידוכים. אויך ישראל איז געוואָרן אַ חתן און נאָכן פאַרענדיקן דעם דינסט־טערמין, חתונה געהאַט מיט פּערלען, הערש מינדיעס אַ מיידל, אַזוי איז ער פאַרבליבן אַ תושב אין פּיטשאַיעוו.

כאָטש זיין פרוי האָט געהאַט אַ ירושה, וואָס דער פּראָצענט פונעם קאַפּיטאַל האָט געקענט קלעקן אויף פּרנסה, איז ישראל אָבער דערויף ניט איינגעגאַנגען און האָט אין 1900 עמיגרירט קיין אַמעריקע. האָט זיך באַזעצט אין פילאַדעלפיע, איז געוואָרן אַ שניידער און געאַרבעט אין אַ „שאַפּ״. שפּעטער, אין 1904, איז זיין פּערל געקומען צו אים. מען האָט אויפגעשטעלט אַ פאַמיליע־לעבן, מיט צוגעקומענע צוויי זין. אין עטלעכע יאָר אַרום איז ישראל אַריבער אויף אייגענע קעסט, ער האָט זיך עטאַבלירט אַן אייגן געשעפט.

באַלד נאָך זיין קומען קיין פילאַדעלפיע האָט ער זיך איינגעלעבט מיט די איבעריקע פּיטשאַיעווער. מער אינטימער פאַרבונדן מיט די פּיטשאַיעווער איז ער געוואָרן נאָכדעם, ווען זיין פרוי איז געקומען, און מיט איר — נאָך פּיטשאַיעווער, צווישן זיי אויך זיין שוואָגער חנא.

זיין הויז איז געוואָרן דאָס זאַמל־אָרט פאַר אַלע פּיטשאַיעווער. זיין פרוי פּערל האָט שטענדיק מיט ליבשאַפט אויפגענומען די מענטשן ביי זיך אין הויז, וואָס איז געוואָרן די היים פאַר אַלע נייע אָנגעקומענע עמיגראַנטן. זי האָט זיי, שטענדיק די ערשטע, געהאָלפן אין אַלץ וואָס זיי האָבן זיך גענויטיקט. האָט זיך געמאַכט אַז עמיצער האָט געדאַרפט אַ גמילות־חסד, איז פּערל געווען די באַזאָרגערין דערפון.

---

*) זע: זייטן 7־262

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די פּיטשאַיעווער האָבן אַנטוויקלט אַ הילפס־טעטיקייט פאַר זייער היים־שטעטל, האָבן פּערל און ישראל זיך אָפּגעגעבן דער דאָזיקער טעטיקייט מיט לייב און לעבן.

ווי דער קאַסירער פון דער „פּיטשאַיעווער הילפס־סאָסייעטי" פון דער „קאָר־פּאָריישאָן", איז ער אין דעם אמת פאַרבליבן זיין גאַנץ לעבן. מיט אַ פּען אין האַנט נאָך פון דער היים, האָט ער געוויסנהאַפט און ערלעך זיין פונקציע אויסגעפירט פאַר דער הילפס־טעטיקייט.



## יאָסל בוירג

יאָסל, געבוירן אין 1886, איז געווען דער עלטסטער פון יוחנן מלמדס פיר קינדער, 2 זין און 2 טעכטער. ביי זיין טאַטן, דעם גמרא־מלמד האָט יאָסל לאַנג ניט גע־לערנט. דער פאָטער אַן אָרעמאַן האָט געמוזט פאַרקוקן אויפן יחוס פון נאָר אַ בן־תורה און האָט יאָסלען געלאָזט אויסלערנען ביי מעכל (מיכל) דעם טאָקער, די מלאכה טאָקעריי, וואָס האָט אים שפּעטער געהאָלפן צום לעבן.

ווען יאָסל איז אַלט געוואָרן 20 יאָר, האָט ער קיין חשק ניט געהאַט צו גיין דינען דעם צאַר. ער האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע. אין ניו־יאָרק האָט ער די ערשטע צייט געאַרבעט ביי מאַכן פאַראַסאָל־הענטלעך. לאַנג האָט ער ביי „יענעם" ניט געאַרבעט. אַ מענטש מיט אונטערנעמונגס־פעיקייט, האָט ער נאָך עטלעכע חדשים זיין אין ניו־יאָרק, אָנגעהויבן אַרבעטן פאַר זיך. אַ סך יאָרן האָט ער שווער געפּראַצעוועט און געפירט אַ שווער לעבן.

האָט חתונה געהאַט, אָבער דער שידוך איז ניט געווען קיין געראָטענער, און ער האָט אַ קורצע צייט נאָך דער חתונה זיך געגט מיט זיין פרוי. צום צווייטן מאָל האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ ביאַליסטאָקער מיידל, חנה. זי האָט געשטאַמט פון אַ פיינער פאַמיליע. חנה האָט אַ סך געהאָלפן יאָסלען אין זיין עקשנותדיקן קאַמף זיך צו עפּעס צו דערשלאָגן. דערווייל איז ער קראַנק געוואָרן און דאָקטוירים האָבן אים געראָטן לעבן אויפן פרייען לאַנד.

יאָסלס אַ פריינט האָט פאַר אים אָפּגעזוכט אַ פאַרם מיט אַן אַלטער הייזקע לעבן שטעטל ענגלישטאַון, ניו־דזשוירזי. דאָרט האָט יאָסל איינגעשטעלט אַ קליין פאַבריקל פון הילצערנע הענטלעך פאַר לעפל, גאָפּל און מעסערס. חנה מיט איר קוראַזש האָט אים געהאָלפן. במשך עטלעכע יאָר איז פונעם פאַבריקל געוואָרן אַ פאַבריק פון עטלעכע געביידעס, וואו ס'האָבן געאַרבעט עטלעכע הונדערט אַרבעטער. די פאַבריק פון פאַרשיידענע לעפל־גאָפּל־

מעסערס „סעטס" (טיש־גאַרניטאַר, בעשטעק) האָט געפירט געשעפטן ניט נאָר אין די אַמעריקאַנער שטאַטן, נאָר אויך אין דרום־אַמעריקע. יאָסל און חנהס צוויי זין פירן היינט די פאַבריק.

כאָטש ענגלישטאַון געפינט זיך ניט ווייט פון פילאַדעלפיע, האָט אַ לאַנגע צייט קיין פיטשאַיעווער לאַנדסמאַן ניט געוואוסט וואו יאָסל געפינט זיך. ערשט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען מ׳האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ הילפס־אַקציע פאַר די לעבנגעבליבענע פיטשאַיעווער, איז יאָסל, יוחנן מלמדס, ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן אויף איינעם פון די לאַנדסמאַנשאַפט־מיטינגען אין ניו־יאָרק און זיך באַשטייערט מיט אַ היפּשער סומע. זינט דעמאָלט האָט ער תמיד מיט אַ ברייטער האַנט זיך באַטייליקט אין דער הילפס־אַרבעט. ווען די פיטשאַיעווער אין פילאַדעלפיע האָבן באַשלאָסן צו פאַראייביקן די אומגעבראַכטע אין אַ יזכור־בוך, איז יאָסל געקומען צו דער ספּעציעלער אסיפה מיט איינעם פון זיינע זין, צוגעטראָגן ברייטהאַרציק זיין צושטייער מיט אַ פרייוויליקן צוזאָג: „אַז מען וועט דאַרפן מער וועט ער שטענדיק גרייט זיין."

אין ענגלישטאַון איז מיט דער צייט אויסגעוואַקסן אַ היפּשער יידישער ישוב. יאָסל בוירג (געשטאָרבן אין 1952) איז געוואָרן אינעם שטעטל איינער פון די פּראָמינענטסטע בעלי־בתים און אינציאַטאָרן פאַר בויען דאָרט יידישע אינסטי־טוציעס. און ניט בלויז אין ענגלישטאַון, אויך אין די אַרומיקע ערטער איז יאָסל בוירג געווען באַקאַנט מיט זיין ברייטער האַנט פאַר פאַרשיידענע יידישע אינסטיטוציעס.



## שלום (סעם) מאַרגאָלים

שלומס פאָטער, בענציע, אַ סוחר איז אין פיטשאַיעוו געווען אַן אָנגעזעענער בעל־הבית. זיינע דריי זין און פיר טעכטער, האָט ער דערצויגן יידיש טראַדיציאָנעל.

שלום — איינער פון די יינגסטע, מיט אַ גוטער יידישער דערציונג, איז געקומען קיין אַמעריקע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. געבוירן אין יאָר 1899 איז ער אַ יונגערמאַן געקומען קיין פילאַדעלפיע אין 1921. נאָך אין דער היים האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט זיין פאָטערס מיסחרים, איז ער אויך דאָ, באַלד ביים אַריבערקומען, געוואָרן אַ געשעפטס־מענטש. נאָך דער חתונה אין 1927, ווען בעת דעם גרויסן קריזיס אין די דרייסיקער יאָרן זיינען די הייזער (ריעל עסטייט) שטאַרק געפאַלן אין ווערט, האָט ער אָנגעהויבן אויפקויפן פאַרלאָזטע, באַשעדיקטע איין־פאַמיליע הייזער. מיט אייגענער

שווערער מי און אַרבעט האָט ער די הייזער רעמאָנטירט זיי געבראַכט צו אַ גוטן צושטאַנד אויף צו קענען זיי פאַרדינגען צו שכנים. אַזוי האָט ער צו־ביסלעך, אין יענע קריזיס־יאָרן איינגעקויפט פאַר זיך מער ווי טוצענדליק אַזוינע הייזער און איז, מיט דער צייט געוואָרן אַ הייזער־סוחר און פינאַנציעל זיך גוט עטאַבלירט. אויפגעבויט אַ פאַמיליע מיט צוויי זין וואָס האָבן אים באַשיינקט מיט צוויי אייניקלעך.

פון דעם ערשטן טאָג פון זיין קומען קיין פילאַדעלפיע איז ער צוגעשטאַנען צו זיין פּיטשאַיעווער סאָסייטע, צו דער פּיטשאַיעווער קאָרפּאָריישאָן, וואו ער איז געוואָרן טעטיק און אַ געטריי־איבערגעגעבענער מיטגליד. ער האָט געהאָלפן אין אַלע געלט־אַקציעס פאַר שיקן הילף קיין פּיטשאַיעוו. אַ געוויסע צייט איז ער געווען דער סעקרעטאַר אין דער סאָסייטע. איצט איז ער דער קאַסיר פון דעם פּיטשאַיעווער פאַראיין. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען מ׳האָט געשאַפן הילף פאַר די לעבן געבליבענע, פאַר די געראַטעוועטע, וואָס זיינען געווען אַ צייט אין די די דייטשע לאַגערן, האָט ער זייער ברייט בייגעשטייערט סיי מיט געלט און סיי מיט אַרבעט.

זינט מ׳האָט זיך אָפּגעגעבן דער אַרבעט פאַרן אַרויסגעבן דעם פּיטשאַיעווער יזכור־בוך, די מצבה נאָך די אומגעקומענע פּיטשאַיעווער יידן, איז אַחוץ זיין אייגענער מיטהילף מיט אַ ברייטער האַנט, העלפט ער מיט גרויס באַגייסטערונג אין דער אַרבעט פונעם אַרויסגעבן דעם יזכור־בוך. ער איז ערלעך און געטריי איבערגעגעבן צו אַלץ, וואָס די סאָסייטע פּלאַנעוועט צו טאָן, און איז געשעצט און באַליבט ביי אַלע פּיטשאַיעווער און פריינד.

—•—

## ישראל זאַלץ

שטענדיק איז ישראלס נאָמען דערמאָנט געוואָרן מיט זיין פאָטערס נאָמען — משה. ער, משה איז געווען איינער פון די חשובסטע בעלי־הבתים אין שטעטל. האָט גרויס געהאַנדלט מיט וואַלד, געפירט געשעפטן מיטן קלויסטער. דאָס הויז האָט זיך געפירט אויף אַ רייכן בעלי־הביתישן שטייגער. ישראל, געבוירן אין 1877, האָט געקראָגן אַ גוטע דערציאונג ביי די בעסטע מלמדים אין שטעטל, אויך ביי הויז־לערער געלערנט שרייבן, יידיש, העבּ־רעאיש און רוסיש. נאָכן פאַרענדיקן דאָס לערנען ביי מלמדים אין „חדר" איז ווי דער מינהג איז דעמאָלט געווען, האָט ישראל, דאָס בן־תורה־יינגל אַליין געלערנט, אינאיינעם מיט אַנדערע בחורימלעך אין בית־המדרש. אַז ישראל איז עלטער געוואָרן האָט ער געלייענט די צייטונג „הצפירה" האָט אויך אָנגעהויבן מיטהעלפן דעם פאָטער אין פירן די געשעפטן. אין 1901 האָט ער חתונה געהאַט פאַר אַ קיפּילער מיידל, חייקע, פון אַ חשובער בעלי־

הביתישער משפחה. איר פאָטער, יחיאל פעלדמאַן איז געווען אַ גרויסער סוחר פון לעדער. נאָך דער חתונה איז ישראל געבליבן אין פּיטשאַיעוו, און האָט געפירט מיסחרים פאַר זיך אַליין. האָט אויפגעבויט אַ פאַמיליע פון פיר קינדער, איין מיידל און דריי יינגלעך.

נאָך דעם דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע פון 1905, האָט זיך די יידישע מערכה אין שטעטל פאַרערגערט. אינעם קלויסטער האָבן זיך באַזעצט צוויי יונגע מאָנאַכן, געפערלעכע אַנטיסעמיטן. *) זיי האָבן אַרויסגעגעבן אַן אַנטיסעמיטיש בלעטל „פּאָטשאַיעווסקי ליסטאָק" וואו זיי האָבן מיט גיפט אַגיטירט אַרויסצוטרייבן די יידן פון דעם „הייליקן" פּיטשאַיעוו, אָדער אויפן שטייגער פון אַנדערע ערטער צו פּאָגראָמירן און אויסהרגענען. דאָס האָט געפירט צו באַשעדיקן די יידישע פרנסות. ניט קיין פרנסה און ניט קיין מנוחה האָט ישראל באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל, און אין 1911 איז ישראל זאַליץ געקומען קיין פילאַדעלפיע. צוערשט אַליין, און מיט צוויי יאָר שפּעטער איז אַריבערגעקומען די גאַנצע פאַמיליע צו וועלכער עס איז שוין אין אַמעריקע, צוגעקומען אַ פינפט קינד. אין די ערשטע פאַר יאָר האָט ישראל זיך פאַרנומען מיט פעדלעריי. שפּעטער זיך דערשלאָגן צו אַ הורט־געשעפט פון גאַלאַנטעריי (דריי גודס). אַז יאַנקל, דער עלטערער יינגל, איז אַרויס פון דער מיטלשול און מיטגעהאָלפן די עלטערן, איז מען עקאָנאָמיש אויפגעשטיגן. דורך פאַבריצירן הויז־ווירטשאַפטלעכע אַרטיקלען, ווי פאַרהאַנגען, דעקעס פאַר די גרויסע צענטראַלע געשעפטן (דעפּאַרטמענטס סטאָרס), איבערן לאַנד.

די איבעריקע קינדער זיינען אַוועק אויף אַנדערע וועגן, ווער עס איז געוואָרן אַ לאָיער (אַדוואָקאַט), ווער אַ דאָקטאָר מעדיצין, אַ דענטיסט־דאָקטאָר, אָדער זיך אָפּגעגעבן צו מיסחר מיט הייזער.

אין דער געגרינדעטער לייי־קאַסע פון די ערשטע אַריבערגעקומענע, צו העלפן מיט הלוואות, פאַר אַ קליינעם פּראָצענט, וואָס האָט שפּעטער גענוצט צו פאַרוועגדן פאַר הילף קיין פּיטשאַיעוו, איז ישראל זאַליץ געווען דער סעקרעטאַר פאַר אַ סך יאָרן. אויך אין דער הילפס־סאָסייעטי — איר פאַרזיצער זינט זי איז געגרינדעט געוואָרן. ער האָט זיך זייער אַקטיוו באַטייליקט אין דער הילפס־טעטיקייט פאַר די נויטבאַדערטפיקטע אין דער אַלטער היים. זיינע קינדער, דערצויגן אין דעם זעלבן גייסט, זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם הילפס־פאַראיין.

ישראל זאַליץ און זיינע קינדער זיינען געווען אַקטיוו פאַרן פאַראייביקן די אומגעבראַכטע פּיטשאַיעווער יידן אין דעם יזכור־בוך.

—•—

*)דערמאָנט פריער.

# מאָרים וואַלק

הגם אַ געבוירענער אינעם שכנותדיקן שטעטל לעבן פּיטשאַיעוו, אין 1890, אין בערעזיץ, האָט אים דער גורל, סיי פון זיינער אַ שוועסטער און זיין ברודער וואָס האָבן חתונה געהאַט פאַר פּיטשאַיעווער, ווי אויך דאָס באַזעצן זיך דאָרט פון זיין פאָטער, דאָס אַלץ האָט אים מיט יאָרן שפּעטער, ווען מאָרים איז שוין געווען אין אַמעריקע, פאַרבונדן מיטן לעבן פון די פּיטשאַיעווער יידן אין זיין וויטערדיקן לעבן. אויך ער וואָלט מן־הסתם דאָרט געלעבט, ווען ניט דער „פּריזיוו".

ווען מאָרים איז געווען אינעם עלטער געררופן צו ווערן אין מיליטער־דינסט, האָט ער אויסגעקליבן פאַר זיך אַמעריקע, איידער צו גיין דינען דעם צאַר . . . ער האָט אפילו אין דער ערשטער צייט פון זיין באַטרעטן די אַמעריקאַנער ערד שטאַרק געבידעוועט, ווי אַ סך אַנדערע אימיגראַנטן אין יענער צייט, אָבער דאָס האָט אים ניט אָפּגעשראָקן אַז ער זאָל וועלן צוריקפאָרן. נאָר דער עלנט פון זיין אינעם נייעם לאַנד איינער אַליין, האָט אים געטריבן צוריק אַהיים. ער האָט די בענקשאַפט אין זיך ניט געקענט גובר זיין און נאָך צוויי יאָר זיין אין אַמעריקע איז ער צוריקגעפאָרן אַהיים.

פאַר די צוויי יאָר וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין אַמעריקע, האָט זיך אין זיין אַלטער היים, דאָס לעבן אויף אַ האָר ניט געענדערט צום בעסערן. פאַרקערט, דער מצב דאָרט וואָס ער האָט געטראָפן, נאָך זיין צוריקקומען, איז געווען אַ סך פאַרערגערט איידער פריער. דערביי איז אים אַליין אויסגעקומען צו גיין אין מיליטער־דינסט. האָט ער זיך דאָס צווייטע מאָל געלאָזט „שוואַרצן" די רוסישע גרענעץ קיין גאַליציע (דעמאָלט — עסטרייך) און איז צום צווייטן מאָל געקומען קיין אַמעריקע, שוין אויף שטענדיק.

מיטן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה אין 1914, ווערט זיין קאָנטאַקט אינגאַנצן איבערגעריסן מיט זיין היים, אין פּיטשאַיעוו. אין יענער צייט פאַר־בינדט ער זיין גורל מיט זיין באַשערטער, סאַראַ קאָטלער, וועמענס עלטערן, געקומענע פון ליטע, האָבן געוואוינט אין אַ שטעטל, אין שטאַט מישיגען. ער אַליין, ווערט באַלד נאָך דער חתונה אַ סאָלדאַט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. זיין באַשערטע באַגלייט אים אומעטום וואו זיין רעגימענט האָט זיך אויפגעהאַלטן.

נאָך דער מלחמה באַזעצט זיך מאָרים אין טשיקאַגאָ, וואו ער עפנט אַ געשעפט פון גאַלאַנטעריי, צו וועלכן עס טרעט אַריין פאַר אַ שותף זיין שוואָגער, אבאָ קאָטלער. דער מיסחר איז אַוועק גוט, מ'איז מיט מזל געוואַקסן, אָבער אינאיינעם דערמיט האָבן די צוויי יונגע מענטשן, מאָרים און סאַראַ זיך אַרויס־

געשלאָגן פון די כוחות און מ׳איז געווען געצוואונגען זיך אַריבערצוקלייבן וואוינען אין אַריזאָנאַ.

מאָריסן האָט ניט צורו געלאָזט זיין אַלטע היים. נאָך לאַנגער אַרומזוכעניש זיינע איגענע, וואָס זיינען בעת די מלחמה־יאָרן ערגעץ־וואו פאַרוואָגלט געוואָרן, געפינט ער זיי צוריק אין פּיטשאַיעוו. קיין אימיגראַציע־קוואָטע איז אין אַמעריקע דעמאָלט ניט געווען, און מאָריס בעט זיך ביי זיי צו קומען קיין אַמעריקע. פון דער גאַנצער משפחה גיט זיך אים איין צו פועלן נאָר ביי זיינע צוויי ברידער אברהם און אַלבערט צו פאָלגן זיין באַגער, און אין 1920 קומען זיי קיין אַמעריקע. די גאַנצע איבעריקע משפחה איז פאַרבליבן אין און נעבן פּיטשאַיעוו. זיי, די דאָרט פאַרבליבענע, העלפט ער אינעם לעבן. אָבער די שטענדיקע מאַטעריעלע הילף שטילט ניט זיין באַגער צו זיין ווידער אין דער אַלטער היים. ער מיט זיין פרוי סאַרע פאָרן אַהין, אין 1925. מ׳איז איבערגליקלעך פון דער באַגעגעניש. עס געניסט דערפון אויך דאָס שטעטל בכלל. דער צענויפבונד מיטן שטעטל, דורך דער משפחה־פאַרבינדונג פאַר־שטאַרקט זיך. אין 1935, פאָרט מאָריס ווידער קיין פּיטשאַיעוו. דער גורל האָט אַזוי געוואָלט, אַז גראָד דעמאָלט איז דער פאָטער זיינער געשטאָרבן. מיט זיין בייזיין דאָרט, ווערט דער טרויער פאַרגרינגערט. ווידער געניסט דאָס שטעטל פון זיין גוטהאַרציקייט. עס פאַרשטאַרקן זיך מערער די פאַרבינדונגס־פעדעם קעגנזייטיק.

די איינגעפירטע אימיגראַציע־קוואָטע קיין אַמעריקע שטערט ניט דער משפחה וואָלק אין זייער ענערגיע אַריבערצוברענגען פון פּיטשאַיעוו, אויף זייער צוריקקער קיין אַמעריקע, פינף קינדער פון די ברידער און שוועסטער. מיט די פינף פלימעניקעס און פלימעניצעס, אַרטור, מאַרשאַל, דבורה און ריסיע, ווערט איבערגעפלאַנצט קיין אַמעריקע דער המשך פון דעם משפחה־צווייג.

דער גרויל פון דער צווייטער מלחמה טרעפט מאָריסן ווי אַלע פּיטשאַיעווער אין אַמעריקע. זיינע אייגענע זיינען אינאיינעם מיט אַלע פּיטשאַיעווער יידן אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע און אוקראַינישע וואַנדאַלן.

מאָריס ווייזט אַרויס אַ וואַרעמע באַציונג צום אויפגעקומענעם געדאַנק צו פאַראייביקן די געדעכעניש פון די פאַרטיליקטע אין אַ יזכור־בוך. ער רופט זיך אָפּ דער ערשטער מיט זיין ביישטייער פאַר דער זאַך.

זיי די פינף קינדער זיינען עס היינט דער לעבעדיקסטער נאָכוואוקס נאָך זייער אומגעבראַכטער משפחה. דער צייכן פון עם ישראל נצח. איינער פון זיי —

מאַרשאַל, דער אַמעריקאַניזירטער נאָמען נאָכן זיידן פון פּיטשאַיעוו מיטן נאָמען משה, האָט עס איצט אָפּגעדינט דעם פאַרשטאָרבענעם פּאָטער מאָריסן, מיטן פאַרצייכענען דאָ דעם פּאָטערס מעשים אינעם לעבן.



## יצחק (איזי) סעלצער

פון די פיר זין וואָס זיינע עלטערן האָבן אויף דער וועלט געבראַכט, איז יצחק געווען דער עלטסטער. דער פּאָטער יואליק איז געווען אַ סוחר, געפירט אַ סאָליד בעלי־הביתיש הויז. איז געווען פון די פיינע בעלי־בתים אינעם שטעטל. האָט זיינע קינדער מדריך געווען אין דעמאָלטיקן שטייגער. יצחק איז געבוירן געוואָרן אין 1888. האָט געלערנט, ווי דער מנהג דעמאָלט, אין חדר. חוץ דעם — ביי אַ פּריוואַטן לערער זיך אויסגעלערנט שרייבן, לייענען יידיש, העברעאיש און רוסיש.

אַז די זין זיינען אַריינגעוואַקסן אינעם עלטער, וואָס פאַרפליכטעט צו גיין דינען אין דער צאַרישער אַרמיי, האָט יואליק פאַר זיי אויסגעקליבן אַן אַנדער וועג. ער האָט די עלטערע צוויי געשיקט קיין אַמעריקע. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, אין 1913, האָט ער יואליק אַליין, מיט זיין פרוי יענטע און די איבעריקע משפּחה עמיגרירט קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין טשיקאַגע.

איזי, ווי מען האָט אים גערופן אין אַמעריקע, איז די ערשטע צייט געווען באַשעפטיקט מיט מאַכן ציגאַרן. האָט חתונה געהאַט פאַר אַ פּיטשאַיעווער מיידל, מרים ראַווקע, פון אַ שיינער בעלי־הביתישער פּיטשאַיעווער פאַמיליע. ער האָט געפּרואווט מזל, צו ווערן אַ ציגאַרן־פאַבריקאַנט, אָבער עס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן. צו דער פאַמיליע זיינען צוגעקומען צוויי קינדער, אַ יינגל און מיידל, און די משפּחה האָט זיך אַריבערגעצויגן אין אַ קליין שטעטל, אַלטמאָנט, אילינאָי.

אינעם נייעם אָרט האָט איזי זיך אָפּגעגעבן מיט אויסאַרבעטן קליידער. אין דעם פאַך האָט ער מצליח געווען, און איז געוואָרן אַ פאַרמעגלעכער. ער האָט זיך אָבער ניט אָפּגעריסן פון דעם גייסטיקן וואָרט. געלייענט שטענדיק, חוץ די טעגלעכע פּרעסע, אַ זשורנאַל, אַ בוך. געווען אַ נאַציאָ־נאַלער ייד מיט סאָציאַליסטישע נטיות.

איזי איז געווען אַ זייער איבערגעגעבענער מענטש צו קהלשע זאַכן. האָט געגעבן הילף וואו און ווען ס'האָט זיך געפאָדערט. האָט גאָר ברייטלעך זיך באַשטייערט פאַר דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. דאָס וואוינען אינעם קליינעם אָרט, צווישן דער גויאישער באַפעלקערונג האָט אים שטאַרק גע־

ערגערט, דורך דעם, וואָס ער קען זיך ניט אַקטיוו באַטייליקן אין די יידישע אָרגאַניזאַציעס, און צו העלפֿן מיט אַרבעט דער ישראל מדינה.

ער איז געשטאָרבן אין 1957. אָבער כאָטש ער איז געווען אָפּגעזונדערט פֿונעם יידישן גרויס־שטאָטישן לעבן האָט ער מיט זיין ברייטער האַנט זיך שטענדיק אָפּגערופֿן אויף יעדן רוף. אַזוי האָט ער נאָך באַוויזן ביים לעבן מיטצוהעלפֿן מאַטעריעל דאָס אַרויסברענגען דעם דאָזיקן יזכור־בוך, נאָך זיינע פֿאַרטיליקטע פּיטשאַיעווער יידן. מיט כבוד געלעבט, מיט כבוד געשטאָרבן. פֿאַרבונדן מיט זיינע אומגעקומענע.



## באַבצי ראַוועקע

געבוירן אין ווישנעוויץ אין 1861, האָט זי חתונה געהאַט קיין פּיטשאַיעוו מיט אַלטער ראַוועקס זון יחזקאל ראַוועקע אין 1884. מיט איר אויסערגעוויינטלעכער שיינקייט — האָט דאָס גאַנצע שטעטל זיך געגרויסט. אַ קלוגע כאָטש זי האָט זיך געפֿירט אַריסטאָקראַטיש אָבער פֿאָלקסטימלעך און איז געווען ביי אַלע־מען באַליבט.

אין פּיטשאַיעוו האָט זי געבראַכט אויף דער וועלט ניין קינדער — דריי זין און זעקס טעכטער. אין יאָר 1907 איז איר מאַן יחזקאל געקומען קיין אַמעריקע. עס איז אים דאָ געווען שווער זיך צוצופּאַסן, איז קראַנק געוואָרן און איז אין יאָר 1909 געשטאָרבן. אין 1912 איז באַבצי געקומען אין ניו־יאָרק מיט איר גאַנצער פֿאַמיליע. אַלע פּייאיקע יונגע קינדער האָבן זיי זיך באַלד איינגעאָרדנט אויף דעם שענסטן שטייגער, און איר הויז איז געוואָרן די היים פֿון אַלע פּיטשאַיעווער לאַנדסלייט. באַבצי איז געוואָרן די מאַמע פֿון אַלע פּיטשאַיעווער. דער טיש איז אַלעמאָל געווען געגרייט פֿאַר יעדן וואָס איז געקומען צו איר אין הויז.

אַן אויסערגעוויינלעכן ספּעציעלן רעספּעקט און ליבע האָבן אַלע פּיטשאַיווער געפֿילט צו איר. ביז היינטיקן טאָג, וואו נאָר אַ לאַנדסמאַן געפֿינט זיך, ווערט איר נאָמען דערמאָנט מיט כבוד און ליבע. ווען אַ לאַנדסמאַן פֿון דער פּראָווינץ קומט קיין ניו־יאָרק איז זיין ערשטע פֿליכט צו באַזוכן באַבצי, און פּונקט ווי אַן אייגענע יונגע יאָרן פֿרייט זי זיך מיט יעדן און נעמט אים אויף ווי אַן אייגן קינד.

ע ד היום לייענט זי די יידישע צייטונגען, גייט אין שול דאַווענען, פֿירט אַ כשר יידיש הויז. דער רב פֿון שול איז איר בעסטער פֿריינד. זי האָט איצט אַ גרויסע שיינע משפּחה פֿון קינדער, שנור, איידעמס, אייניקלעך, אור־אייניקלעך. לאַנגע יאָרן איר אונדזער עלטסטע באַליבטע לאַנדספֿרוי באַבצי ראַוועקע.



## מאָניע שחר

דער זון פון ראובן און טויבע גיסע שחר. געבוירן אין פּיטשאַיעוו אין 1887. דער טאַטע איז געווען אַ קצב. די מאַמע האָט שטאַרק געוואָלט אַז דער זון זאָל ווערן אַ לערער. אָבער ראובן איז אַוועק אויף אַן אַנדער וועג. ווי אַלע יידישע קינדער האָט ער ביז די טיפע יינגלשע יאָרן באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע חדר־דערציונג. און פונעם חדר איז ער אַוועק צו מלאכה. זיך אויסגעלערנט סטאָלעריי.

אין עלטער פון 21 יאָר (1908) איז ער געקומען קיין אַמעריקע. האָט חתונה געהאַט און זיך באַשעפטיקט ביי זיין פאַך. זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט ער פאַרוועגדט צווישן זיינע פּיטשאַיעווער אין ניו־יאָרק איז געווען צווישן די גרינדער פונעם פּיטשאַיעווער פאַראיין, וואָס איז איינציייטיק אַ ברענטש פונעם אַרבעטער־רינג.

אין 1916 האָט ער זיך באַזעצט אין פילאַדעלפיע, וואו ער האָט פאַרביטן די סטאָלעריי־מלאכה אויף מסחר מיט פלייש, וואָס האָט אים אָפּגעגליקט.

אויך אין פילאַדעלפיע איז ער געווען פאַרטאָן מיט זיינע פּיטשאַיעווער יידן. איז אַריינגעטראָטן אינעם אַרבעטער רינג ברענטש 273 און אין דער פּיטשאַיעווער סאָסייעטי. זיין גאַנצע ענערגיע האָט ער אָפּגעגעבן אין דער סאָסייעטי פאַר די יידן אין פּיטשאַיעוו דורך שאַפן די נויטיקע סומע צו לינדערן די נויט פון די יידן אין זיין אַלטער היים.

אין בליענדן עלטער איז ער אין 1937 געשטאָרבן. חוץ זיין פרוי זיינען געבליבן נאָך אים דריי זין דזשאָרדזש, העגרי און סידני שאָקער (שחר). דער עלטסטער איז אַ דאָקטער.



## ישראל קופּער

געבוירן אין 1892 איז ישראל דערצויגן געוואָרן אינעם דעמאָלטיקן טראַדיציאָנעל־יידישן שטייגער. דער פאָטער זיינער, לאָזער חיהס, ווי מען האָט אים גערופן, איז געווען אַ ייד אַ בן־תורה, אַ פרומער. אין שטעטל האָבן אַלע יידן געהאַט פון אים גרויס הנאה. בפרט פון זיין קול נגינה וואָס האָט געקוואָלן מיט מתיקות בעת ער האָט געדאַווענט שבתים מוסף. אָבער לאָזער האָט פון חזנות ניט געלעבט. ער איז געווען אַ נאמן (פאַרוואַלטער־קאָסירער) אין אַ וואַלד וואו ער פלעגט זיך אויפהאַלטן די גאַנצע וואָך.

ווען ישראל איז אַרויס פון די חדר־יאָרן האָט דאָס לערנען אָנגעהאַלטן ווייטער. אָבער שוין ווי אַ „קענער" אין בית־מדרש. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער דורכגעמאַכט דעם זעלבן גלות־גורל פון אַלע פּיטשאַיעווער יידן וואָס זיינען פון דער עסטרייכישער אָקופּיר־מאַכט אַוועקגעפירט געוואָרן קיין בעמען. נאָך פיר יאָר נע־ונד זיין איז ישראל נאָכן סוף פון דער מלחמה אינאיינעם מיט אַלע אַנדערע פּיטשאַיעווער צוריקגעקומען אין שטעטל. ער האָט אין גיכן חתונה געהאַט מיט בענציע מרגליתעס מיידל — ביילע און זיך פאַרנומען מיט מיסחר. אינגיכן איז דאָס פּאָר־פאָלק געקומען צו ביילעס ברידער און שוועסטער קיין פילאַדעלפיע, וואו זיי לעבן עד־היום. אויך אינעם נייעם לאַנד האָט ישראל זיך פאַרנומען מיט האַנדל, דורך פאַרקויפן הויז־אַרטיקלען אויף אויסצוצאָלן אין וואָכן־טערמין. ביז ער האָט מיט דער צייט עטאַבלירט זיין סאָליד געשעפט פון מעבל, וואָס איז פינאַנציעל אַוועק גוט.

זינט דעם ערשטן טאָג וואָס ישראל האָט באַטראָטן די אַמעריקאַנער ערד האָט ער ניט פאַרלאָזט דעם טראַדיציע־וועג אינעם לעבן וואָס ער האָט געירשנט פונעם פאָטער. און דער וועג האָט געפירט אין שול אַריין, וואו ער איז גע־וואָרן אַ מתפּלל און גיך דערוואָרבן אָנזען, ער איז געוואָרן דער קאַסירער פון דער שול. אָבער איינצייטיק האָט ער זיך באַלד באַהאַפטן מיט זיינע היימישע פּיטשאַיעווער יידן אינעם פאַראיין, וואו ער איז אַלע זיינע יאָרן אַקטיוו. אויך אינעם פּיטשאַיעווער פאַראיין איז ער געוואָרן דער פינאַנץ־פונקציאָנאַר ווי דער קאַסירער, שפּעטער דער פּרעזידענט, וואָס אַזאַ איז ער ביז איצט.

ישראל קופער האָט זיך אַלע יאָרן אָפּגעגעבן מיט דער הילפס־טעטיקייט פאַר די פּיטשאַיעווער יידן אין דער אַלטער היים. נאָכן חורבן פונעם שטעטל האָט ער אַ סך געטאָן צו העלפן דעם לעבן־געבליבענעם רעשטל וואָס איז געווען צעוואָרפן אין פאַרשיידענע נאָך־מלחמהדיקע לאַגערן, ביז זייער באַזעצן זיך אין ישראל.

זיין לעבנס־באַגלייטערין ביילע, וואָס האָט אים באַגליקט מיט אַ זון און צוויי טעכטער איז ניט אָפּגעשטאַנען פון ישראלן אין איר מיטאַרבעטן לטובת הכלל. איצט שוין בכבודיקע זיידע־באָבע איז זייער אינטערעס צו די פּיטשאַיעווער ניט פאַרמינערט געוואָרן. פּונקט אַזוי זיינען זיי עד היום באַליבט און געשעצט ביי זייערע געטריי־געבליבענע אַלטע היימישע פּיטשאַיעווער יידן.



## לייזער פלאַקסמאַן

ווי איינער פון די טיכטיקסטע טוער אינעם פאַראיין פון זיינע פּיטשאַיעווער אין פילאַדעלפיע, האָט לייזער זיך אַרויסבאַוויזן, באַלד ביי זיין אָנקומען אין

1912. ווען לייזער האָט באַטראָטן די אַמעריקאַנער ערד איז ער שוין געווען נאָך פון דער היים אָנגעלאָדן מיט פּרנסה־זאָרגן פאַר אַ גאַנצער פאַמיליע מיט דריי קינדער, וואָס ער האָט געלאָזן אין פּיטשאַיעוו מיט זייער מאַמען. אין דעם תבואה־מסחר וואָס ער האָט דאָרט געפירט ווי זיין פאָטער אפרים, האָט ער ניט מצליח געווען. זיין ברודער יעקב־לייב האָט שוין געלעבט אין אַמעריקע האָט ער אויך זיך געלאָזט אינעם גאָלדענעם לאַנד צו פּרואוון מזל. ווי אַלע אַנדערע פּיטשאַיעווער וואָס האָבן פון פריערע יאָרן זיך באַזעצט אין פילאַדעלפיע האָט לייזער אויך זיך פאַרנומען מיט פּעדלערייַ.

לייזער האָט אָבער שטאַרק געליטן וואָס זיין פרוי און די דריי קינדער אין פּיטשאַיעוו זיינען פון אים אָפּגעריסן געוואָרן דורכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין יענע יאָרן האָט ער געפונען אַ שטיקל מנוחה אין דער אַקטיוויקייט וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן אינעם פאַראיין פון זיינע פּיטשאַ־יעווער, וואו ער איז געוואָרן באַלדביים אָנשלוס, דער סעקרעטאַר, דער הויפּט־טוער. ווי נאָר די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט און לייזער האָט אַריבערגעבראַכט זיין פאַמיליע, האָט ער גאָר אַקטיוו זיך אָפּגעגעבן מיט דער הילפס־טעטיקייט אין דעם געגרינדעטן פּיטשאַיעווער רעליף פאַר די מלחמה־געליטענע. ניט נאָר האָט ער אַליין אויסגעשטרעקט זיין ברייטע הילפס־האַנט נאָר ר׳האָט אַ סך צייט און ענערגיע אָפּגעגעבן צו שאַפן הילפס־פאָנדן פאַר זיינע יידן אין דער אַלטער היים.

אַזוי־אָ האָט ער אַלע יאָרן, ביזן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זיך אָפּגעגעבן יעדעס יאָר מיט דער מצווה פון מעות חיטים פאַר זיין שטעטל. דערצויגן געוואָרן יידיש־טראַדיציאָנעל האָט ער מיט האַרציקער איבער־געגעבנקייט אַליין זיך געפּאַרעט מיטן פּאַקן הילפס־פּעקלעך פון שפּייז און הלבשה פאַר דער צעוואָרפענער שארית הפליטה אין אייראָפּע נאָכן חורבן פּיטשאַיעוו. אויך איצט, כאָטש אַ פיזיש אָפּגעשוואַכטער, פאַרפעלט ער ניט קיין צענויפקום פון זיינע פּיטשאַיעווער. ער ווערט פון אַלעמען באַגעגנט מיט גרויס דרך־ארץ.



## יעקב לייב פלאַקסמאַן

יינגער מיט פיר יאָר פון זיין ברודער לייזער האָט ער נאָך יינגלווייז גאָר שטאַרק געהאָלפן זיין טאַטן אפרים, אין זיין מסחר מיט תבואה. אים אָבער האָט געצויגן צו דער גרויסער שטאָט. איז ער אין 1905 אָנגעקומען צו זיינע קרובים אין פילאַדעלפיע, וואו ער איז געוואָרן אַן אַרבעטער, אַ צושניידער פון פרויען־קליידער. האָט אין 1907 חתונה געהאַט, אויפגעשטעלט אַ פאַמיליע מיט דריי קינדער.

ווי איינער פון די ערשטע גרינדער פונעם פּיטשאַיעווער פאַראיין, האָט יעקב־לייב ניט ווי דער ראש וראשון, דער פּרעזידענט, נאָר ווי אַ געטרייער פּיטשאַ־יעווער מיט לייב און לעבן זיך אָפּגעגעבן דער הילפס־טעטיקייט פאַר זיין שטעטל. צו יעקב לייבס וואָרט פלעגט מען זיך שטאַרק צוהערן, וואָרעם עס איז געווען דורכגעדרונגען מיט מחשבה, לאָגיק און בעיקר — האַרציקע וואַרעמקייט . . .

פון זיינעביידע זין האָט דער עלטערער, אוירווין זיך אינטערעסירט מיטן לעבן פונעם פאַראיין, ער האָט זיך אָפּגערופן מיט זיין צושטייער פאַרן יזכור־בוך. צום אומגליק איז ער מיט צוויי יאָר צוריק, יינג, אין עלטער פון 48 יאָר, אַוועק פון דער וועלט.

יעקב־לייב איז איינער פון דעם קאָמיטעט וואָס שטעלט די מצבה נאָך די פּיטשאַיעווער קדושים דורך דעם יזכור־בוך.



## יאָסל זאַלץ

געקומען קיין אַמעריקע איז יאָסל אין 1911 אים האָט ניט קיין נויט געטריבן פון דער אַלטער היים. ער איז אויפגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין אַ שיין בעלי־בתיש הויז. זיין פאָטער משה איז געווען אַ גרויסער סוחר. פאַר זיינע קינדער האָט ער געהאַט די בעסטע מלמדים לערער. האָט יאָסל געקענט חוץ יידיש אויך רוסיש. אָבער אינעם יאָר 1911 איז יאָסל געווען אַ קאַנדידאַט פאַר מיליטער־דינסט, ער איז געבוירן געוואָרן אין 1988, און אַנשטאָט צו דינען דעם צאַר האָט ער בעסער אויסגעקליבן אַמעריקע.

אין די ערשטע צוויי יאָר אין ניו־יאָרק האָט יאָסל אפילו חשק געהאַט צו זיין אַן אַרבעטער. אָבער מחמת זיין ברודער האָט נאָך פון פריער געוואוינט אין פילאַדעלפיע האָט ער זיך דאָרט אויך באַזעצט און זיך פאַרנומען אין דער כוחרישער וועלט, ווי אין זיין אַלטער היים.

נאָכן חתונה האָבן מיט דער פּיטשאַיעווער רויז מרגלית, וואָס האָט אים געבראַכט צוויי קינדער, טעכטער, איז יאָסל, ווי אַלע זיינע פּיטשאַיעווער געוואָרן אַ מיטגליד אין דער משפחה אינעם פאַראיין. אין אַלע הילפס־טעטיקייטן פונעם פאַראיין האָט יאָסל זיך באַטייליקט מיט זיינעם צושטייער. אַזוי אין די יאָרן נאָך דער ערשטער און אויך נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ער איז אַ מיטגליד פונעם קאָמיטעט פאַרן יזכור־בוך. ווי אַ מאָדערנער פּראָ־גרעסיווער מענטש איז זיין באַציונג צו אַזאַ געדעכעניש־בוך פון גאָר אַ גרויסער חשיבות .



חיים גערטעל (מדינת ישראל *)

# די גלגולים פון אַ פּיטשאַיעווער אין די חורבן־יאָרן אין ליטע

איך בין אַוועק פון פּיטשאַיעוו אין האַרבסט 1939, קורץ נאָכדעם ווי די סאָוועטישע מאַכט האָט די שטאָט צוגעטיילט צו דער ליטווישער מלוכה, געווען אַ גרעסערע גרופּע, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין ווילנע. די סאָוועטישע מאַכט האָט די שטאָט צוגעטיילט צו דער ליטווישער מלוכה, וואָס איז צו יענער צייט פאָרמעל נאָך געווען סאָוועריען. פון ווילנע בין איך מיט אַ גרופּע יוגנטלעכע אַרויסגעפאָרן אין אַ פּראָווינץ־שטעטל, וואו מיר האָבן געגרינדעט אַ הכשרה־פּאַרם. אונדזער ציל איז געווען — ארץ ישראל.

נאָך דער אָקופּאַציע פון ליטע האָט איר פאָרמעלע זעלבשטענדיקייט ניט לאַנג עקסיסטירט. די ליטווישע רעגירונג איז ליקווידירט געוואָרן. איך האָב ניט באַוויזן באַצייטנס זיך אָפּטראָגן פון דאָרטן און זיך לאָזן זוכן אַ נייעם מקום מקלט. שפּעטער איז יעדער אַרויספאָר געווען לחלוטין אומ־מעגלעך. איך האָב זיך דערזען אין אַן אויסערסט שווערן מצב: צוריק־פאָרן קיין פּיטשאַיעוו, האָב איך ניט געקאָנט און, מחמת פאַרשטענדלעכע טעמים, אויך ניט געוואָלט. אין דער הכשרה־פּאַרם האָבן מיר געלעבט אין אַן ענגן קרייז, ווי אַ געשלאָסענע משפּחה. איצט אָבער, אין דער ניי־געשאַפענער סיטואַציע האָבן מיר, ווי אַ ציוניסטישע גרופּע לענגער אינ־איינעם ניט געקאָנט פאַרבלייבן. מיר האָבן געמוזט זיך צעשיידן. זיך ווי ס'ניט איז איינאָרדענען אויף אַ דאָרף, איז געווען גאָר ניט לייכט; די לאַנד־שפּראַך איז אונדז געווען פרעמד און די מענטשן ניט איבעריקס פריינטלעך. זייער אמתן פּרצוף האָבן די ליטווינער באַוויזן שפּעטער. ווי פּליטים פון די דייטשן, אָדער אַנטלאָפענע פון פּיטשאַיעוו, זיינען מיר דערצו נאָך געווען לגבי דער מאַכט אין אַ ספּעציפישער לאַגע, און איך האָב אָפט געמוזט בייטן מיין וואוין־אָרט. אַ חודש פאַרן אויסברוך פון דער

---

*) דער דערציילער איז אַ פּיטשאַיעווער. זיין דערציילן איז בעיקר וועגן ליטע וואוהין ער איז מגולגל געוואָרן. אָבער דער חורבן־ליטע איז דער זעלבער ווי חורבן פּיטשאַיעוו.

דייטש־רוסישער מלחמה, בין איך פאַרוואָרפן געוואָרן אין שטעטל יאַנאָווע, אַן עטלעכע און דרייסיק קילאָמעטער דרום־מזרחדיק פון דער ליטווישער הויפּט־שטאָט קאָוונע.

דער דייטשער איבערפאַל האָט אַלעמען איבערראַשט. אַלע, ווער שמועסט יידן, האָבן פעסט געגלויבט, אַז די רויטע אַרמיי איז ריזן־שטאַרק. קיינער האָט דערפאַר ניט געאײַלט באַצייטנס אַוועקגיין, כאָטש מיר האָבן זיך געפונען גאַנץ נאָענט צו דער גרענעץ. ווען אַלע האָבן אײַנגעזען די סכנה, איז שוין געווען צו שפּעט צו אַנטלויפן. אויפן צווייטן טאָג נאָכן איבערפאַל, האָבן מיר אַ גרופּע חברים זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן אויף מזרח־צו. קוים זײַנען מיר אָפּגעגאַנגען אַ דרייסיק קילאָמעטער (וועגן פאָרן האָט קיין רייד ניט געקאָנט זײַן, ס'איז פשוט ניט געווען מיט וואָס), האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף די דייטשן.

נאָך היינט זע איך פאַר זיך דאָס בילד: מיר — דערשראָקענע פון דער גאָר ניט אָנגענומענער באַגעגעניש... און זיי — געזונטע יונגען, זויבערע, אויסגעפּאַשעטע, מיט פאַרקאַשערטע אַרבל, „די באַזיגער פון אייראָפּע"... ווי נעבעכדיק האָבן מיר אויסגעזען אין פאַרגלייך מיט זיי, מיט זייערע ריזיקע טאַנקען און מאַשין־געווערן! ס'איז אונדז באַשערט געווען איבערנעכטיקן די נאַכט אונטער איין דאַך מיט די „וועלט־באַפרייער". מיר האָבן זיי דעמאָלט נאָך ניט געקענט, אָבער דאָס וואָס מיר האָבן זיך אָנגעהערט וועגן היטלערס „באַפרייער", איז גענוג געווען מיר זאָלן זיך פילן גאָר ניט פויגלדיק. אָבער אָט־די אַרמיי־טיילן האָבן צו אונדז ניט אַרויסגעוויזן קיין באַזונדערן אינטערעס. זיי האָבן, קענטיק, געוואוסט, אַז זיי האָבן אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן... זיי האָבן זיך באַגנוגנט מיט אַ קורצן אויספרעג, אונדז דערבײַ, אויף זייער שטייגער, געגעבן אַ לעקציע אין „יידישקייט" און אונדז פרייגעלאָזן. זיי האָבן אונדז בלויז געוואָרנט ניט לויפן „נאָך אָסטן", ווייל סיי ווי וועלן מיר אומעטום שוין אָנטרעפן זייערע קאַמעראַדן. שפּעטער האָבן מיר זיך אויך איבערצייגט, אַז דאָרטן וואו די דייטשן זײַנען נאָך ניט געווען, האָבן אויף אונדז געלויערט ליטווינער, וואָס האָבן איבער נאַכט איבערגעקערט דעם פעלץ און זיך באַנומען מיט אונדז ווי פשוטע באַנדיטן.

פאַרפאַלן, ניטאָ קיין וועג פאָראויס אָבער דער צוריקוועגס איז אויך ניט געווען לייכט. פונעם מאָמענט וואָס מיר האָבן אָנגעטראָפן די דייטשן, האָבן מיר דערשפּירט, אַז מיר זײַנען הפקר, אויסגעשטעלט דער געוואַלד פון יעדן אויסוואורף און בלוטדורשטיקן „אַריער". אומעטום האָט מען אונדז באַהאַלטן. געזוכט, געגנישטערט, צוגענומען וואָס ס'האָט זיך זיי נאָר געגלוסט. און מיר האָבן געדאַנקט גאָט, וואָס מיר זײַנען אַרויס גאַנץ פון די חיהשע הענט. עטלעכע טעג האָט געדויערט ביז מיר זײַנען צוריק־

געקומען נאָענט צו יאַנאָווע. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַרום שטעטל גייען נאָך אָן שלאַכטן. ס׳האָט געדויערט עטלעכע טעג ביז די דייטשן האָבן איינגענומען דאָס שטעטל. די אַלע טעג זיינען מיר געלעגן אין אַ דערפל, אין גריבער, ווייל די קוילן זיינען געפלויגן פון אַלע זייטן. מיר האָבן דאָ געטראָפן אַ סך יידן, וואָס ס׳האָט מיט זיי פּאַסירט דאָס זעלביקע וואָס מיט אונדז.

נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן איינגענומען דאָס שטעטל, האָבן מיר מיט מורא זיך געלאָזט צוריק אַהין. פּאָרט בעסער זיך געפינען אונטער אַ דאַך, ווי אויפן פרייען פעלד. אָבער אין שטעטל האָבן מיר געטראָפן בלויז עטלעכע הייזער. דער גרעסטער טייל הייזער איז חרוב געוואָרן, און ס׳איז ניט געווען וואוהין אַריינצוגיין.

נאָך דעם זעלביקן טאָג האָבן מיר באַשלאָסן צו גיין קיין קאָוונע. אונדזער אויסרעכענונג איז געווען אַ פשוטע: ערשטנס, איז דאָס שטעטל חרוב, און מיר האָבן ניט וואו זיך אַהינצוטאָן; צווייטנס — דאָס, וואָס האָט באמת דעצידירט און איז אויך געווען אַ ריכטיקע אויסרעכענונג, — אין קאָוונע, האָבן מיר געוואוסט, געפינען זיך ביי אַ דרייסיק טויזנט יידן, פאָרט אַ גרויסער ציבור מענטשן, וואָס לאָזט זיך ניט אַזוי לייכט אומברענגען.

דעם וועג האָבן מיר ווידער געמוזט דורכמאַכן צופוס. אין וועג זיינען מיר געווען מער פּאַרזיכטיק, געגאַנגען איינציקווייז אָדער צו צווייען און אויף זייטיקע וועגן. דער וועג צו דער פאָרשטאָט איז געווען רואיק. אייניקע קריסטן האָבן אונדז אפילו געוואָרנט ניט גיין אין שטאָט אַריין, ווייל ס׳קומט דאָרטן פאָר אַ פּאָגראָם. מיר האָבן זיי ניט איבעריק געגלייבט. ווי אַלעמאָל, האָט יעדער געהאָפט, אַז אים וועט עס ניט טרעפן. מיר האָבן ווייטער ניט געקאָנט בלייבן אין פעלד.

שטיל, אָן גערודער, האָבן מיר זיך אַריינגעשלייכט אין שטאָט אַריין. די גאַסן זיינען געווען פוסט, צי מחמת דעם גליענדיקן זומער־טאָג (סוף יוני), אָדער אויס מורא פאַר דער נייער ממשלה, וואָס האָט אין משך פון אַ פּאָר טעג שוין באַוויזן וואָס זי איז לגבי יידן. עטלעכע טויזנט יידן זיינען אין משך פון דריי טעג אומגעבראַכט געוואָרן אויף אַן אכזריותדיקן אופן, פשוט געקוילעט. מיט מעסערס און העק האָבן די ליטווינער זיך אַ לאָז געטאָן אויף זייערע שכנים יידן. עטלעכע טויזנט יידן, מענער און פרויען האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון די הייזער, און אָפּגעפירט אין דער פעסטונג „דער דריטער פאָרט״. פון די איינציקע וואָס ס׳איז זיי געלונגען זיך פון דאָרט ראַטעווען, האָב איך זיך דערוואוסט וועגן די מאוימדיקע ליידן, וואָס די מענטשן האָבן אויסגעטראָגן איידער מ׳האָט זיי געהרגעט. אָן עסן, אָן וואַסער, אונטער פרייען הימל, אַרומגערינגלט פון ליטווישע באַנדיטן. זיי

האָבן אָן אויפהער געשאָסן פון מאַשין־געווער אין דער מאַסע, וואָס איז געווען קאָנצענטרירט אויף אַ קליינעם שטח. אָט אַזוי האָבן אויסגעזען די ערשטע טעג פון יידישער פאַרשקלאַפונג אין דער ליטע.

ניט געקוקט אויף אונדזער פאַרזיכטיקייט ביים אַריינגיין אין שטאָט, האָבן מיר פאָרט ניט אויסגעמיטן קיין באַגעגעניש מיט דער „מאַכט". קיין באַקאַנטע אין דער גרויסער שטאָט האָבן מיר ניט געהאַט און ניט געוואוסט וואוהין אַריינצוגיין. מיר האָבן געמוזט אַ צייט זיך אַרומדרייען אין גאַס. די ליטווינער האָבן אונדז געכאַפּט. קיין גרויסן צימעס האָבן זיי פון אונדז ניט געמאַכט (געווען שוין אפּנים אַ ביסל זאַט מיט יידיש בלוט), קיין דאָקומענטן ניט געפאָדערט, ווייל אַ ייד דאַרף דאָס סיי ווי ניט„ גענוג, אַז דו ביסט אַ ייד, ביסטו שוין במילא אַלץ וואָס זיי געפעלט ניט. נאָכדעם, ווי מ'האָט אונדז געהאַלטן פאַרשפּאַרט עטלעכע שעה, האָט מען אונדז מודיע געווען, אַז מ'שיקט אונדז אויף אַרבעט. דערווייל האָט מען אונדז אַ ביסל אויסגעמוסרט, געזאָגט עטלעכע שיינע פּסוקים, ווי: „גענוג האָט איר זיך געלעבט גוט, איצטער איז דאָס פאַרביי, איצט וועלן מיר זען, ווי איר וועט אַרבעטן, איר, וואָס ביז איצט האָט איר געלעבט פון אונדזער אַרבעט" אאַז"וו.

צו אונדזער גרופּע האָט מען צוגעגעבן נאָך אַ צוואַנציק יידן, וואָס מ'האָט גע־כאַפּט. אונטער אַ קאָנוואָי האָט מען אונדז געבראַכט אין אַ שוועבל־פאַבריק, וואָס געפינט זיך אונטער דער שטאָט. דער גאַנצער הויף איז געווען פול מיט דייטשן, וואָס האָבן זיך דאָ איינגעאָרדנט אין פּאַלאַטקעס (געצעלטן) און אין די געציילטע הייזער, אויפן הויף. דער ליטווינער, וואָס האָט אונדז געבראַכט, האָט נעבעך ניט געקענט קיין דייטש און ס'איז אים אויך דאָ ניט באַשערט געווען אויסצוקומען אָן דער פאַרמיטלונג פון אַ יידן...

דער ערשטער האַלבער טאָג איז פאַרביי אין שווערער אַרבעט ביים האַקן האָלץ און לאָדן מעל, דערביי האָבן מיר אַליין אויך געקריגן אַ ביסל „גע־האַקט" פון די אויפזעערס. מיר האָבן אָבער געוואוסט, וואו מיר געפינען זיך און געמוזט פאַרבייסן די ליפּן. אַנדערש אַ ביסל איז געווען דער צווייטער האַלב־טאָג. דאָ האָבן זיך צו אונדז אַ נעם געטאָן אַלע דייטשן, וואָס זיינען געווען אין הויף. מיר האָבן געמוזט טאָן זייער שמוציקע אַרבעט מיט די הענט, אָבער דאָס איז זיי נאָך געווען ווייניק. עטלעכע מאָל האָבן זיי אונדז געהייסן זיך אויסשטעלן אין צוויי רייען און מאַרשירן זינגענדיק. אין דער זעלבער צייט האָבן דייטשע אָפיצירן אָנגעשטעלט זייערע טייערע לייקאַ־אַפּאַראַטן און פאָטאָגראַפירט דעם „יידישן מאַרש". פאַר דעם האָבן זיי אונדז געמוטיקט מיט... שטעקנס און אייזנס. אָבער פון די אַלע פּאָזעס האָט זיי נאָך געפעלט איין פּאָזע — ווי אַזוי מיר וועלן אויסזען אָפּגעשוירן לויט זייער „מאָדע" — אַן אויסגעשניטענער פּאַס אין דער לענג און אין דער ברייט (ווי אַ צלם) אויפן קאָפּ. זיי האָבן זיך ניט געפוילט און דאָס

געמאַכט. ערשט דאַן זיינען זיי פריילעך געוואָרן און, זוכנדיק נאָך עפּעס וואָס זאָל דערוועקן די דייטשע „פרוידע" האָבן זיי ניט געפונען מער ווי שלאָגן.

שפּעט אין אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַראַטונג וואָס מ׳זאָל מיט אונדז טאָן. ווייזט אויס, אַז אויך זיי זיינען געווען אַ ביסל מיד פון זייער טאָג „אַרבעט" און ס׳האָט זיך זיי ניט געגלוסט זיך אָפּגעבן מיט אונדז אויך ביינאַכט. זיי זיינען אויך זיכער געווען, אַז אַזאַ פאַרגעניגן איז פאַר זיי די לייכסטע זאַך צו דערגרייכן. זיי דאַרפן בלויז אַ בעט טאָן זייערע פריינד, די ליטווינער, און יענע וועלן שוין צושטעלן יידן וויפל נאָר זיי ווילן. דער אָפיציר האָט אונדז „איינגעלאַדן" קומען מאָרגן צו דער אַרבעט און אונדז געוואָרנט, אַז ווער עס וועט ניט קומען וועט דערשאָסן ווערן. אָבער „נישט זיין מזל" (אַ ווערטל וואָס איז געווען אָנגענומען אין געטאָ) — אַז איך זאָל נאָך אַ מאָל קומען צו אים און בכלל גיין אַרבעטן פאַר די דייטשן. איך האָב זיך געהיט. איך האָב זיך באַהאַלטן אין אַ קלויז, אין דער קאָוונער פאָרשטאָט סלאָבאָדקע. דער „טאָג אַרבעט" האָט מיך אַ סך געלערנט...

איבער אַ חודש האָט זיך אַזוי געצויגן. מיט „אומאָפיציעלע" פאַרניכטונגען פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דער ליטווישער הויפּט־שטאָט קאָוונע. נאָכדעם איז געקומען דער באַפעל: אין געטאָ!

## געטאָ

דאָס געטאָ איז באַשטימט געוואָרן אין דער פאָרשטאָט סלאָבאָדקע. די זעל־ביקע הייזער וואו ס׳האָבן פריער געלעבט קוים עטלעכע טויזנט נפשות, האָבן איצט געמוזט אויפנעמען איבער עטלעכע און דרייסיק טויזנט יידן — קאָוונער איינוואוינער און אויך יידן פון אַרומיקע שטעט און שטעטלעך — וואָס זיינען אַהין געקומען דורך וועגן און אומוועגן.

גאָר גיך איז מיט די יידישע הענט ביי דייטש־ליטווישער אויפזיכט, אויסגע־שטעלט געוואָרן אַ צוים פון שטעכל־דראָט אַרום דעם גאַנצן שטח פונעם געטאָ. יידן האָבן באַקומען אַ באַפעל ביז אַ געוויסן טערמין זיך אַריבערקלייבן אין דעם קוואַרטאַל. אין דער צייט פון אַריבערקלייבן זיך, פלעגן די ליטווינער שטיין און צונעמען אַלץ, וואָס ס׳איז זיי געפעלן געוואָרן.

איך האָב פאַרשפּאָרט דאָס אַריבערקלייבן זיך מיט מיין פאַרמעגן. וואָס איך האָב פאַרמאָגט בין איך אין קיין סכנה ניט געווען. אָבער דאָס ניט פאַרמאָגן קיין זאַך איז פאַר מיר ניט געווען קיין פאַרלייכטערונג. דאָס ביסל געלט, וואָס

כ׳האָב געהאַט מיט זיך ביים אויסבראָך פון דער מלחמה, איז גיך פאַרשוואונדן און מער האָב איך ניט פאַרדינט. דער שטעכל־דראָט־צוים האָט בכלל באַגרענעצט די באַוועגונג פון אַלע יידן. שפּייז האָט אָנגעהויבן ווערן טייער און שפּעטער — אינגאַנצן שווער צו קריגן. אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט גאָר גיך אָנגעהויבן הונגערן. דאָס לעבן אין געטאָ איז אין דער ערשטער צייט ניט געווען אָרגאַניזירט, די מענטשן — דערשלאָגן און דערשראָקן. אַ שוואַרצער וואָלקן האָט איינגעהילט אַלעמען אינאיינעם און יעדן איינעם באַזונדער. די לאַגע האָט דערפירט דערצו, אַז מענטשן האָבן אָנגעהויבן זיך בעטן מ׳זאָל זיי נעמען אויף אַרבעט. איך געדענק, ווי היינט, ווייל איך בין אויך געווען צווישן די טויזנטער, וואָס האָבן יעדן פרימאָרגן זיך פאַרזאַמלט אויפן גרויסן פלאַץ פאַר דעם געטאָ־טויער, כדי זיך צוזושפּאַרן צום טירל, דורך וועלכן מ׳האָט געקאָנט אַרויסגיין צו דער אַרבעט. צו וועלכער אַרבעט? אַלץ איינס: שמוציקע, דערנידעריקטע. און אַזאַ איז פאַר אונדז געווען יעדע אַרבעט אונטער דער אויפזיכט פון דעם „הערן־פאָלק״, וואָס פאַר אים האָבן מיר געאַרבעט.

אַז דו זאָלסט זיך שפּירן דערנידעריקט, איז שוין געווען ווער ס׳זאָל דערפאַר זאָרגן — און דאָס איז געווען ביי זיי דער עיקר פאַרוואָס זיי האָבן גענומען יידן צו דער אַרבעט. און דאָך איז יעדערער, וועמען ס׳איז נאָך אַ סך קלעפּ געלונגען אַריבערצוטרעטן דאָס טירל, געווען גליקלעך — ער האָט געהאַט אַ שאַנס עפּעס צו עסן, צו שטילן דעם הונגער, אויף וואָס פאַר אַ אופן דאָס זאָל ניט זיין. ער האָט געקענט פאַרבייגייענדיק אַ גאָרטן, בגניבה, אַ כאַפּ טאָן אַ מערל, אַ בורעק, אַן אוגערקע, אָדער סתם זיך אַוועקגנבענען פון דער קאָלאָנע זיך אַריינכאַפּן אין אַ גויאיש הויז און בעטן עפּעס עסן, און ס׳פלעגט אַ מאָל געלינגען. ס׳וועט אפשר שווער זיין אַ ביסל קאָמיש, אַז איך וועל מודה זיין, אַז זייער אָפט פלעגט דאָס עסן אַריין אין אַ מין אַזאַרט. מיר האָבן געקאָנט באַזוכן פינף־זעקס הייזער און אומעטום עסן. עפּעס, ווי מיר זאָלן האָבן געוואָלט זיך פאַרזיכערן מיט אַ געוויסן רעזערוו אין קערפּער, כדי צו קאָנען אַ מאָל אויסהאַלטן אויך אָן עסן. און ווידער ניט תמיד האָסטו געקאָנט אַרויס פון שטאָט — דאַרף מען אויסנוצן דעם טאָג!

גאָר אינגיכן האָבן די דייטשן אָנגעהויבן פאָדערן, אַז אַלע זאָלן גיין אַרבעטן. אָבער די אַרבעט איז שוין געווען אַ ביסל אַנדערש. דאָ האָבן זיך שוין נישט געשטופּט צום טויער אפילו די, וואָס האָבן דאָס פריער געטאָן. בויען אַן עראָדראָם אונטער די האַרבסט־רעגנס און בלאָטעס, בייטאָג און ביינאַכט אָן שום באַלוינונג, אָדער, בעסער געזאָגט, פאַר אַ באַלוינונג — מיט שטעקנס און אייזנס איבערן קערפּער, מיט אַ שטרענגער וואַך, וואו ס׳האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין וועגן קאָנען „אָרגאַניזירן״ (ווי מ׳האָט עס גערופן) עפּעס צו דערהאַלטן די נשמה. די שווערע לאַגע אין געטאָ האָט געשטויסן אַ גרופּע פאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן עפּעס צו טאָן, כדי אָרגאַניזירן דאָס לעבן. מיט

דער הסכמה פון די דייטשן איז געשאַפן געוואָרן די פאַרוואַלטונג פון געטאָ, וואָס האָט זיך גערופן דער „יודען־ראַט". אָבער אײדער דער ראַט האָט באַוויזן עפּעס צו טאָן, האָט דאָס געטאָ באַקומען דעם ערשטן און גרעסטן קלאַפּ. איבער צען טויזנט מאַן זיינען אויסגעקליבן געוואָרן צווישן דער געטאָ־באַ־פעלקערונג און אַרויסגעפירט געוואָרן. לויט דער דייטשער אויפקלערונג איז דאָס געווען אויף אַרבעט אַנדערשוואו. אָבער גאָר אין געציילטע טעג איז דער גורל פון די מענטשן באַוואוסט געוואָרן. זיי זיינען דערשאָסן געוואָרן אויפן קאָוונער 9טן פאָרט (דער נײַנטער פאָרט — אַן אָרט וואָס האָט שפּעטער אויך געדינט ווי אַ פאַרניכטונגס־אָרט פאַר יידן פון אַנדערע לענדער). דעם בראָך האָבן שפּעטער די יידן אַ נאָמען געגעבן: „די גרויסע אַקציע" פון 28טן אָקטאָבער. ווען איך וואָלט קאָנען מאָלן, וואָלט איך אויסגעמאָלן אַ בילד פון דער „גרויסער אַקציע". דאָס וואָלט געמוזט זיין זייער אַ גרויס בילד: רשעות און אכזריות, סאַדיזם און כוליגאַניזם פון איין זייט, פּיין און הילפלאָזיקייט פון דער צווייטער זייט.

שווער צו געפינען אַ ביישפּיל פאַר דעם „משפּט" און „געזעץ", וואָס די דייטשן האָבן אָנגעוואָנדן לגבי אונדז. און ס׳איז מיר שווער זיך פאָרצושטעלן וואָס ס׳האָט, אין יענעם טאָג, באַוואויגן דעם דייטש פון דער געסטאַפּאָ מיך שיקן אויף דער זייט, וואו ס׳זיינען געשטאַנען די נאָך ניט פאַרמשפּטע צום טויט. פּונקט ווי איך האָב בכלל ניט געוואוסט, וועלכע זייט ס׳איז די, און וועלכע ס׳איז די אַנדערע.

אַ לאַנגע צייט נאָך דעם אומגליק, האָבן די איבערגעבליבענע זיך ניט געקאָנט באַרואיקן. ס׳איז ניט געווען קיין משפּחה, וואָס דער אומגליק זאָל ניט האָבן געטראָפן. פון מיינע חברים זיינען געבליבן געציילטע. עטלעכע פון זיי האָט איינגעשלונגען די „גרויסע אַקציע".

דאָס לעבן אין געטאָ האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. דער ניט זיכערער מאָרגן, האָט געשטויסן מענטשן צו פאַרשיידענע געדאַנקען. איין געדאַנק האָט גענומען די אויבערהאַנט: „לעב כל־זמן ס׳לאָזט זיך!" מענטשן האָבן אָנ־געהויבן פאַרקויפן זייערע בעסטע און ווערטפולסטע זאַכן, וואָס האָבן על פּי נס זיך נאָך געפונען ביי זיי, כדי צו לעבן בסתר. מ׳האָט זיך אַריינגעצויגן אין די הייזער פון שכנים, וואָס זיינען ניט צוריקגעקומען פון דער אַקציע, גרייט ירשענען זייערע זאַכן, זאָל דאָס ניט אַריינפאַלן צו די דייטשן און ס׳וועט טאַקע צונוץ קומען, כל־זמן מ׳וועט לעבן. מיט איבער צען טויזנט מענטשן ווייניקער איז נאָך אַלץ געווען ענג, ווייל דער שטח פון געטאָ איז פאַר־קלענערט געוואָרן.

נאָכדעם איז געקומען אַ שטילשטאַנד אין לעבן פון געטאָ. די צייט פון ניט טשעפּן די יידן, חוץ קליינע פאַלן, האָט געגעבן יעדן איינעם אַ מעגלעכקייט

זיך איינצואָרדנען לויט זיינע מיטלען. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ האַנדל, פאַר־שטייט זיך, אומלעגאַל. מ׳האָט אָנגעהויבן דורך פאַרשיידענע וועגן אַריינ־ברענגען שפּייז. דאָס האָט אַ סך פאַרלייכטערט פאַר די מענטשן וואָס האָבן געהאַט געלט אָדער זאַכן. די מענטשן וואָס האָבן דאָס ניט געהאַט, האָבן ווידער געמוזט זוכן אַנדערע וועגן ווי אַזוי זיך מפרנס זיין. מיט דער צייט האָבן יידן אָנגעהויבן אַרבעטן אין פיל לעבנסוויכטיקע פלעצער אויסער דער שטאָט, דאָס האָט דערמעגלעכט עפּעס ברענגען אַהיים וואָס קאָסט ניט קיין געלט, לעגאַל אָדער אומלעגאַל. פאַר די וועכטער פלעגן מיר עפּעס אַריינלייגן אין קעשענע אָדער אין טאָרבע, וואָס מיט איר האָט קיינער פון אונדז זיך קיינמאָל ניט געשיידט, ווייל אויב ניט צום עסן, איז גוט מיטברענגען אַ שטיקל האָלץ, אַ ביסל שטיינקוילן פאַר זיך, אָדער פאַרקויפן צו אַ צווייטן אין געטאָ. אַזוי האָט זיך יעדערער איינגעאָרדנט לויט זיינע מעגלעכקייטן. איך בין ניט געווען פון די ערשטע, נאָר פון די לעצטע, פון די, וואָס האָבן זיך געשפּייזט פון צופעליקייטן, פון ברענגען אַ שטיקל האָלץ צו פאַרקויפן, וכדומה.

כאָטש כ׳האָב באַצייכנט די צייט פון נאָך דער „גרויסער אַקציע" ווי אַ רואיקע, איז דאָס נאָר אין פאַרגלייך מיט דעם וואָס איז געשען, ווייל אין אַלגעמיין איז ניט אַדורך קיין שטיקל צייט, וואָס זאָל ניט געווען אַוועקרייסן קיין קרבנות, דאָס האָט זיך אַזוי געצויגן אָן אַ סוף.

זומער 1942 איז מיר געלונגען אָנצוקומען אַרבעטן אין אַ גרויסער פלייש־פאַבריק אין קאָוונע. דאָ האָט זיך מיין לאַגע אַ סך פאַרבעסערט, ווייל כ׳האָב אַלע מאָל געבראַכט עפּעס אַהיים: פלייש, וואורשט אָדער קאָנסערוון. כ׳פלעג פון דעם אַ טייל פאַרקויפן און דאָס האָט מיר דערמעגלעכט זיך פאַרשאַפן אַנדערע זאַכן. אָבער מיין „גליק" האָט אָנגעהאַלטן ניט מער ווי אַ צוויי חדשים. אין אַ שיינעם טאָג, אויפן וועג צוריק פון דער אַרבעט, האָט מען מיך געכאַפּט און אַוועקגעפירט אין אַן אַרבעטס־לאַגער.

איך מוז זיך אָפּשטעלן און אויפקלערן דעם דעמאָלטיקן גרונט־אונטערשייד פון געטאָ און אַרבעט־לאַגער. שפּעטער איז דער לאַגער געווען נאָך ערגער. דאָס געטאָ איז געווען פריי פאַר זיך, ד. ה. אין געטאָ האָסטו געקאָנט זיך באַוועגן פריי, האַלטן זיך זויבער אאַז"וו. דער אַרבעטס־לאַגער אָבער איז געווען אַנדערש. ערשטנס האָט געהערשט אַ רעזשים, וואָס צו אים האָט אַיעדער געמוזט זיך צופּאַסן. גאַנצע 24 שעה אין מעת־לעת האָסטו געמוזט טאָן דאָס וואָס מ׳האָט דיר געהייסן. עטלעכע הונדערט יידן פון קאָוונער און ווילנער געטאָ האָבן געאַרבעט ביים בויען אַ דעפּאָ פאַר אייזנבאַן, כמעט אָן עסן און אין אַ שרעקלעכן שמוץ. צום גליק בין איך דאָרט געווען ניט מער ווי צוויי חדשים. נאָכדעם איז מיר געלונגען מיט דער הילף פון מיינע חברים צוריק קומען אין געטאָ. קיינער האָט מיך ניט דערקענט, חוץ דעם וואָס איך בין

געווען פיזיש אָפּגעשוואַכט, בין איך געוואָרן מעלאַנכאָליש, ניט געהערט וואָס מ׳רעדט צו מיר און אַליין ניט גערעדט. ס׳האָט געדויערט אַ שטיקל צייט ביז איך בין צוריקגעקומען צו זיך.

אַ שטיקל צייט אײדער מ׳האָט מיך צוגענומען אין לאַגער, האָבן מיר זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן. קודם כל די חלוצישע אָרגאַניזאַציעס און שפּעטער אויך אַנדערע. פון דער יוגנט, וואָס איז געווען אָרגאַניזירט פאַר דער מלחמה, זיינען געבליבן נאָר יחידים און אויף זיי האָט די צייט אַרויפגעלייגט די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן די אונטערגעוואַקסענע יוגנט. דאָס האָט דעמאָלט געהייסן: אַרויס פון געטאָ און קעמפן!

די אַרבעט האָט געמוזט זיין געהיים פאַר דער באַפעלקערונג פון געטאָ, ווייל מיר האָבן זי ניט געקענט. מ׳האָט זיך באַדאַרפט אויסהיטן פון ניט קיין גע־וואונטשענע עלעמענטן. אָרעם, אָבער מיט ווילן, זיינען גרופּעס צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. ניט צונויפגערעדט זיך, האָבן אַלע זיך געשטעלט דעם זעלביקן ציל. דער באַדן פאַר אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ איז נאָך ניט געווען רייף. דאָס צוגרייטן דעם באָדן האָט געדויערט העכער אַ יאָר, ד. ה. ביז זומער 1943, ווען די ערשטע פּאַרטיזאַנען־גרופּעס זיינען אַרויס פון געטאָ.

דערציילנדיק וועגן דעם, וויל איך זיך אַ ביסל אָפּשטעלן אויף דער געשיכטע פון דער גרופּע, וואָס צו איר האָב איך געהערט.

מיר זיינען געווען 5 מאַן,וואָס האָבן זיך געקענט ווי חברים פון „החלוץ־הצעיר״. מיר פלעגן זיך טרעפן ניט אָפט, מחמת יעדער איז געווען פאַרנומען מיט דאגות פרנסה. אַ קורצע צייט שפּעטער האָבן מיר געפונען נאָך עטלעכע חברים, צווישן זיי איינעם, וואָס האָט געאַרבעט אין דער געטאָ־פּאָליציי. אַזאַ חבר איז געווען פאַר אונדז זייער נוצלעך. מיט דער צייט האָבן מיר באַשטימט זיך צו טרעפן איין מאָל אַ וואָך און אויסהערן אינפאָרמאַציע פון יעדן פון די חברים, וואָס קאָן נאָר עפּעס איבערגעבן. נאָך עטלעכע אַזעלכע פאַרזאַמלונגען איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו פאַרגרעסערן אונדזער קרייז דורכן פאַראייניקן זיך מיט נאָך גרופּעס, פון ״השומר הצעיר״ און „צ. ס.״ (ציוניסטן־סאָציאַליסטן) סטודענטן־פאַרבאַנד.

די אַלגעמיינע פּאַרטיזאַנען־באַוועגונג האָט אין ליטע זיך אָנגעהויבן אין 1943.

ווי געזאָגט, איז די ערשטע גרופּע אַרויס פון געטאָ זומער 1943. אין דער גרופּע, וואָס האָט געציילט 18 מאַן, בין איך אויך געווען. מיר האָבן געהאַט דריי פּיסטאָלעטן, פינף גראַנאַטן און מעסערס. דער צוזאַמענשטעל פון דער

גרופּע איז געווען אַ גוטער. מיר האָבן געדאַרפט זיין די פּיאָנערן פון אַ פּאַרטיזאַנער־באַזע, וואָס מ׳האָט געזאָלט אויפשטעלן אין די וועלדער פון דרום־מערב ליטע. מיר זיינען געווען גרייט, אָבער איינס האָט אונדז געפעלט — פּאַרטיזאַנישע דערפאַרונג. כדי צו זיין אַ פּאַרטיזאַן, איז ניט וויכטיק בלויז דאָס קאָנען זיך באַנוצן מיט געווער, נאָר קאָנען אָפּערירן אין דער סביבה, וואו מען איז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט שונאים. אָן קענטעניש אין דער פּאַרטיזאַנישער טאַקטיק, האָט אונדזער ערשטע גרופּע ניט מצליח געווען. נאָך צוויי טעג גיין, האָבן מיר זיך אַרומגעעזן, אַז מיר וועלן אויף אַזאַ אופן ניט קומען צום ציל. נאָך אַ קורצער פאַרזאַמלונג אין אַ וועלדל, האָט די מערהייט באַשלאָסן זיך אומצוקערן אין געטאָ און במשך אַ צייט אויס־בעסערן דעם פּלאַן. דאָס אַריין צוריק אין געטאָ איז געווען אַ ביסל שווערער ווי דאָס אַרויסגיין. מיר האָבן באַשלאָסן אַריינגיין מיט די גרופּן אַרבעטער, וואָס קערן זיך אום פון דער אַרבעט פאַרנאַכט אין געטאָ. פאַרשטייט זיך, אַז ווען טראָגן זיך צוריק מיט אונדזער „אַרסענאַל" האָט קיין רייד ניט געקענט זיין, אין פאַל מ׳כאַפּט אונדז און מ׳געפינט דאָס געווער, איז אונדזער גורל אַ געחתמהטער. דעריבער האָבן מיר די אַלע „טריפה" זאַכן באַגראָבן אויף אַ באַשטימטן אָרט, כדי דאָס אינגיכן ווידער אַרויסנעמען.

מיר האָבן אויסגערעכנט מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט אין וועלכער זייט און אָן וועלכע אַרבעטער־גרופּן זיך אָנשליסן. אָבער ניט אַלץ קומט אַרויס ווי מען פּלאַנעוועט. מיך און נאָך צוויי האָט די וואַך פאַרהאַלטן ווי פאַר־דעכטיקטע. מ׳האָט אונדז חושד געווען, אַז מיר געהערן ניט צו דער גרופּע. אין משך פון אַ האַלבן טאָג האָט אונדז דער אָפיציר איבער דער וואַך גע־פרעגט און געדראָט מיט שיסן, מיר זאָלן זאָגן דעם אמת, ווי אַזוי מיר זיינען אַהער געקומען. דאָס וואָס מיר זיינען נישט פאַרצייכנט ביים קאָלאָנען־פירער מיט אונדזערע נומערן, האָט דעם חשד פאַרגרעסערט. מיטאָג־צייט האָט מען אונדז אַריבערגעפירט אין אַ נאָענטער תפיסה (אַזעלכע תפיסות האָבן די דייטשן אָנגעבויט אויף יעדן טריט און שריט) און דער אָפיציר האָט ווען אונדז טעלעפאָנירט קיין קאָוונע אין דער געסטאַפּאָ.

שפּעט אין אָוונט, ווען מיר זיינען שוין געשלאָפן, האָט מען אונדז אויפגעוועקט און אָפּגעפירט מיט אַ ספּעציעלער לימוזינע אין דער געסטאַפּאָ. שטעלט זיך פאָר, ווי אונדז איז געווען אויפן האַרצן וויסנדיק וואו מיר געפינען זיך און וויסנדיק אויך, אַז אין פּראָטאָקאָל, וואָס דער אָפיציר האָט צוזאַמענגעשטעלט, איז בפירוש אָנגעשריבן אַז „די דריי פאַרהאַלטענע יודן געהערן צו אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע".

די נאַכט האָבן מיר דריי פאַרבראַכט אין אַן ענגער קאַמער. אין מיטן דער נאַכט האָט מען אונדז געפּאַרשט ניט אָפיציעל, נאָר פון די נאָענטע קאַמערן דורך „אומשולדיקע" פּראַגעס, וואָס האָבן געזאָלט פעסטשטעלן איבערהויפּט

ווי לאַנג מיר זיינען אַרויס פון געטאָ און צי מיר זיינען בכלל אַרטיקע. איך מוז דאָ באַצייכענען, אַז אַ דאַנק דעם, וואָס איך האָב זיך גלייך געכאַפּט וואָס ס'מיינען די „פּראַגעס" און אַ דאַנק דעם, וואָס ס'איז מיר געלונגען צו כאַפּן אַ פּאָר ווערטער מיט די יידן, וואָס כ'האָב געטראָפן אינדערפרי ביי דער אַרבעט, איז מיר געלונגען מיט מיינע קורצע און דרייסטע ענטפערס צונישט מאַכן די אָנגענומענע איינשטעלונג ביי די דייטשן — פון אַרעסטירטע, כלומרשט איבערן ווענטל...

די אָפיציעלע אויספאָרשונג האָט אונדז געעגבערט אין מוח און מיר האָבן געמוזט געפינען עפּעס אַ גוטן תירוץ, וואָס זאָל באמת פאַרענטפערן די פראַגע, ווי אַזוי קומען מיר אין דער קאָלאָנע. אַז מיר זיינען ניט פון דער גרופּע, דאָס איז שוין געווען קלאָר גענוג. מיר האָבן זיך מער ניט געקענט קלאָמערן אין דעם. דאָס, וואָס פון דער אויספאָרשונג ביים פאַרהאַלטן אונדז איז ניט געמאַכט געוואָרן קיין פּראָטאָקאָל האָט אונדז דערמעגלעכט צו זיין עלאַסטישער לגבי דעם וואָס מיר האָבן געזאָגט דאָרט, ווי מיר האָבן טאַקע געטאָן: געזאָגט גאָר עפּעס אַנדערש ווי פריער.

פאַר מיטאָג האָט מען אונדז גערופן צו דער אויספאָרשונג. שטייענדיק אין קאָרידאָר האָט אונדז אַ יידישער דאָקטאָר פון געטאָ באַמערקט. ער האָט געאַרבעט אין געסטאַפּאָ ווי אַ דאָקטאָר. ער האָט גלייך געוואוסט וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך. ער האָט געהאַט אַ געוויסע השפעה אויף אייניקע דייטשן, און אָנגעהויבן עפּעס טאָן פאַר אונדז. זיין אַרבעט איז געווען ניט אומזיסט. נאָך פאַר דער אויספאָרשונג האָט ער אַ ביסל „ווייכער" געמאַכט דעם ענין און אונדז באַוויזן אָנזאָגן מיר זאָלן זיך ניט שרעקן. איך מוז דאָ באַטאָנען, אַז אָט דער דאָקטאָר האָט באַקומען אינסטרוקציעס — ווי ס'איז מיר שפּעטער באַוואוסט געוואָרן — פון פּאַרטיזאַנער־שטאַב אין געטאָ, צו טאָן אַלץ וואָס זאָל אויסמיידן אַן אויספאָרשונג.

די אויספאָרשונג איז געווען פאַר יעדן באַזונדער און ס'איז אונדז געלונגען אָפּצוקומען מיט קלעפּ. יעדער פון אונדז האָט באַקומען העכער 60 שמיץ מיט אַ בלייענער נאַגייקע (קאַנטשיק). פאַרנאַכט, אַז מיר האָבן דערלעבט מ'זאָל אונדז אַרויסלאָזן פון די פאַרשלאָסענע טירן און ברענגען אין געטאָ, האָב איך ערשט דערשפּירט די ווייטאָגן. אַ וואָך צייט האָב איך געמוזט ליגן אויפן בויך. מיט דעם האָט זיך דער ענין געענדיקט.

ס'האָט געדויערט אַ צוויי חדשים. מיר האָבן געמוזט ענדערן אונדזער פּלאַן און ווערן מער פּראַקטיש. אין דער צייט האָבן מיר זיך נאָך געשולט מיט געווער, דאָס מאָל שוין מיט ביקסן און מאַשין־געווער, וואָס מ'האָט אַריינגעבראַכט אין געטאָ. מיר האָבן זיך אויך באַקענט מיט אַ סך מער פּראָבלעמען אין שייכות מיטן פּאַרטיזאַנען־לעבן. נאָך צוויי חדשים זיינען מיר ווידער

אַרויס. דאָס מאָל אַ גרעסערע גרופּע — 40 מאַן — גוט באַוואָפנט. געפירט האָבן אונדז צוויי חברים וואָס זיינען געקומען פון וואַלד אונדז נעמען. באַלד די ערשטע צוויי שעה מחוץ דעם געטאָ האָבן מיר שוין אָנגעהויבן זיין פּאַרטיזאַנער, נאָך איידער מיר זיינען געקומען צו דער באַזע גופא.

## פּאַרטיזאַנער

די צייט פון מיין זיין אין וואַלד ווי אַ פּאַרטיזאַן איז רייך אין פאַרשיידענע געשיכטעס און עפּיזאָדן.

עס איז שווער איבערצוגעבן דאָס געפיל פון אַ מענטשן, וואָס ווערט פריי, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט שונאים, פילסטו זיך גוט אין דער קליינער פּאַרטיזאַנען־מלוכה. דער עצם אויסזען פון דעם לאַגער, אינמיטן וואַלד, האָט איבערצייגט אַז דאָס זיינען אָרגאַניזירטע מענטשן. איך וויל ניט באַ־צייכענען די גאַנצע זאַך ווי אַן אידיליע. עס זיינען, אויך אין די רייען פון די „רויטע פּאַרטיזאַנער" געווען אַנטיסעמיטישע עלעמענטן. דאָס טאָר מען ניט פאַרלייקענען, ווייל אויך דאָס האָט אין יענער צייט געהאַט אַ געוויסע השפּעה, בפרט נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך געטראָפן מיט דער אַרמיי. דער עיקר ווען ס'האָבן אָנגעהויבן קומען צו אונדז פאַרשיידענע עלעמענטן פון די רוסישע געפאַנגענע. זיי האָבן אין דער צייט פון זייער געפאַנגענשאַפט זיך געגנוג אָנגעגעסן פון דעם אַנטיסעמיטישן קעסל וואָס די דייטשן האָבן פאַר זיי געקאָכט. אָבער דאָס אַלץ האָט ניט געשטערט אין דער אַרבעט.

פאַר די ניין חדשים וואָס איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן, האָב איך כמעט יעדן טאָג אָנטייל גענומען אין קאַמפן, אָפּטמאָל אין גרויסע שלאַכטן אין וועלכע ס'האָבן זיך באַטייליקט עטלעכע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען. דער גרעסטער טייל פון מיינע חברים זיינען געפאַלן אין די קאַמפן. דער עצם פאַקט אָבער, אַז מ'קען פאַלן אין שלאַכט, האָט קיינמאָל קיינעם ניט אָפּגעהאַלטן.

איך געדענק אַ פאַל ווען איך בין געווען כמעט פאַרצווייפלט, הגם כ'האָב ניט געטראַכט אַז אַלץ איז שוין פאַרלוירן. ס'איז געווען אין יוני 1944. די דייטשן האָבן שוין געהאַט געקראָגן גוטע קלעפּ. יעדן טאָג האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן. זייער צוריקצוג איז געווען אַזוי שנעל, אַז טיילמאָל איז ער געקומען ווי אַן איבערראַשונג. איך האָב זיך געפונען אין אַ גרופּע וואָס איז אַרויס אויף אַן „אויפגאַבע" טיף אין ליטע. מיר האָבן זיך געדאַרפט אומקערן אין אַ געוויסן טערמין. אָבער דאָ האָט זיך דער פראָנט געגעבן אַ רוק מיט ריזיקע טריט און די אַלע זיכערע וועגן צו אונדזער באַזע, זיינען ניט מער געווען זיכער. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז ס'וועט פאַר אונדז דאָ אויך זיין אַרבעט.

איינגעקוואַרטירט זיך אין אַ קליין וועלדל, פלעגן מיר גרופּנווייז אַרויסגיין אויף פאַרשיידענע אויפגאַבן.

דער הויפּט־שאַסיי ניט ווייט פונעם אויפהאַלט־אָרט, איז זיבן עטלעכע טעג געווען אונטער אונדזער קאָנטראָל. מיר זיינען אַרויס זאַלבע זעקס עפּעס צו טאָן... ס'איז אונדז געלונגען אָפּשטעלן מיט אַ שיסעריי צוויי אויטאָ־מאָבילן אין וועלכע ס'זיינען געפאָרן העכערע אָפיצירן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ איז בליץ שנעל ליקווידירט געוואָרן און מיר האָבן געדאַרפט צוריק גיין אין וועלדל אַריין. אָבער ווי נשתומם זיינען מיר געוואָרן, אַז מיר האָבן זיך פלוצלונג דערזען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט דייטשע סאָלדאַטן. אין אַ מרחק פון 50 מעטער האָבן זיי געצויגן טעלעפאָן־דראָטן, פון אַ צווייטער זייט איז אָנגעפאָרן אַ גאַנצע קאָלאָנע... וואָס טוט מען? די ערשטע עטלעכע מינוט פון אָנשטרענגונג זיינען פאַרביי, און מיר האָבן געזוכט אַ וועג. קיינער פון אונדז האָט ניט געגלויבט, אַז מיר וועלן אַרויס לעבעדיק. מיר זיינען אַריינגעפאַלן צווישן די ניי־פאַרנומענע דייטשע פּאָ־זיציעס ביי זייער אָפּטרעטן. דאָס מזל האָט אונדז צוגעשפּילט, וואָס ביז פאַרנאַכט האָט אונדז קיינער ניט באַמערקט. שפּעט ביינאַכט האָבן מיר מיט אַ שטאַרקן פייער דורכגעריסן דעם וועג, וואָס האָט אונדז אָפּגעטיילט פון דער גאַנצער גרופּע, און זיינען בשלום אָנגעקומען. אַזעלכע און ענלעכע פאַלן האָבן פּאַסירט ניט זעלטן. אַ מאָל מער, אַ מאָל ווייניקער געפערלעכע, אָבער תמיד געפערלעך.

מיין טעטיקייט ווי אַ פּאַרטיזאַנער, האָב איך פאַרענדיקט דעם 24טן יולי 1944 מיטן אָנטייל פון אונדזער גרופּע אין קאַמף פאַר באַפרייען די שטאָט ווילקאָמיר. דאָרט האָבן מיר זיך געטראָפן מיט דער רויטער אַרמיי. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען אונדז אָפּגעשיקט צו אונדזער שטאָב, וואָס האָט דעמאָלט זיך געפונען אין ווילנע.

## ווידער פריי

ווידער האָבן מיר זיך געטראָפן געציילטע חברים, אין אַנדערע באַדינגונגען — פרייע. דער קריג איז נאָך אָנגעגאַנגען. קיינער פון אונדז האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון זיין ציל — ארץ ישראל. ס'איז נאָך אָבער געווען צו פרי אָנהייבן טאָן עפּעס בפועל ממש. טיף דערשיטערט, זיינען מיר געשטאַנען איבער די מאַסן־קברים אין ווילנע און אין קאָוונע. קיין שום שפּורן פון די חברים וואָס זיינען געבליבן אין געטאָ. דאָס איינציקע, וואָס מיר האָבן געטאָן, איז זיך ווידער אָרגאַניזירן. ווי געוועזענע פּאַרטיזאַנער, האָבן מיר אַלע געקראָגן שטעלעס. אונדזער ציל איז איצט געווען אויסזוכן די אַלע וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די הריגות פון יידן און זיי ברענגען פאַרן געריכט. מיר האָבן אַ סך געטאָן אויף דעם געביט, אמת, ניט אויף אַלע הונדערט פּראָצענט,

ווייל מיר האָבן ניט יעדן געקאָנט און ניט געוואוסט, וואָס דער אָדער יענער האָט געטאָן. ס׳זיינען געווען זייער ווייניק יידן, און דערפאַר איז געווען שווער צו אַנטדעקן אַלע מערדער. אָבער אין אַ געוויסער מאָס האָבן מיר אָפּגעצאָלט.

אין אַפּריל 1945 האָב איך אָנגעהויבן מיין וועג פון ליטע קיין ארץ ישראל. אויך דער וועג איז ניט געווען קיין לייכטער.

נאָך דריי יאָר בין איך סוף־כל־סוף אָנגעקומען אין לאַנד, אין טאָג פון דער גרויסער היסטאָרישער געשעעניש — אין טאָג ווען ס׳איז אויפגעקומען די יידישע מדינה.

איך האָב שוין באַוויזן צו זען זיך מיט מיינע חברים, מיט וועלכע איך בין דורכגעגאַנגען אַ שטיק וועג אין געטאָ, אין וואַלד און נאָכדעם. כמעט אַלע פון די וואָס זיינען געבליבן לעבן געפינען זיך שוין דאָ. איצט שטייען מיר ווידער פאַר אַ גורלדיקן קאַמף. אויך דאָס מאָל האָפן מיר, אַז מיר וועלן זיגן און פאַרזיכערן אויף לאַנגע יאָרן שלום און פרייהייט פאַר אונדזער אויסגעמאַטערט פאָלק.



# רשימה - מצבה

## פון פיטשאַיעווער יידישע איינוואוינער פאַרן חורבן *)

אבנרס, יצחק, זיין פרוי און משפחה
אבנרס, באָריס, זיין פרוי פרומע און משפחה
אדזואק, עלי, פרוי און משפחה
אורעצקי, אליעזר, הרב און רביצין צביה
אוישאָן, יוסף, פרוי און משפחה
אוישאָן, יעקב־דוד, פרוי און משפחה
אַווערבוך, משה, פרוי און משפחה
אינגבער, מיכאל, פרוי און משפחה
אָרזשעק, הערש, פרוי און משפחה
אָרזשעק, חנינה בן מאיר, פרוי און משפחה
אָרזשעק, יעקב בן מאיר, פרוי און משפחה
אָרזשעק, שמעיה, פרוי און משפחה
אַרבעט, אברהם, פרוי און משפחה

באַראַן, שייקע און משפחה
באַרענבליט, הערש
באַרענבליט, חיים
באַרענבליט, יצחק, פרוי און משפחה
בומאַזשניק, יוסף, פרוי און משפחה
בומאַזשניק, פייוול, פרוי און משפחה
בורשטיין, אליעזר, פרוי און משפחה
ביטלער, וועלוול, פרוי און משפחה
ביטלער, ישראל
ביק, מיכל, פרוי און משפחה
ביק, יעקב
ביק, שמעון
בלואושטיין, קלמן, פרוי און משפחה
בעזפּאַיאַסניק, ישעיה, פרוי און משפחה
בערעזין, טשאַרנע און משפחה
בריזגאַל, אשר, פרוי און משפחה

*) די אַלע אויסגערעכנטע שטפּן ניט אויס די גאַנצע צאָל פיטשאַיעווער יידן. פונקט אַזוי איז עס מיט דער צווייטער רשימה פון די לעבנגעבליבענע, וואָס האָט זיך איינגעגעבן נאָר טיילווייז צונויפצוזאַמלען.

בריזגאַל, א. (קראַסנאָפּיאָרעס אײדעם) און פרוי און משפחה
בריק, חיים
בריק, יעקב, פרוי און משפחה
בריק, שמואל־שמעון
בריק, משה, פרוי און משפחה
בריק, שמואל, פרוי און משפחה
בריק, שמואל, (דער שטומער שניידער) פרוי און משפחה
בריק, מתתיהו, פרוי און משפחה

גאדמאַן, אהרון, פרוי און משפחה
גאַלפּערן, יהושוע און פרוי
גאַלפּערן, יעקב, פרוי און משפחה
גאַנדעל, לייזער, פרוי און משפחה
גארטענשטיין, אברהם, פרוי און משפחה
גאָרטענשטיין, יצחק, פרוי און משפחה
גאָרטענשטיין, לייזער, פרוי און משפחה
גאָרטענשטיין, שאַיע, פרוי און משפחה
גאָרנשטיין, בן־ציון, שוב, פרוי און משפחה
גלאַנץ, שמואל, פרוי און משפחה

גלאַנץ, בן־ציון, פרוי און משפחה
געלער, חיים, פרוי און משפחה
געלער, יואל, פרוי און משפחה
געכטיך, אבאַ, פרוי און משפחה
גענזעלמאַן, חיים, פרוי און משפחה
גראַכיוזקער, יעקב
גרינבוים, אברהם־הערש, פרוי און משפחה
גרינבערג, קרעניע און משפחה

דרוקער, חיים־וואָלף
דרוקער, יהושועס אלמנה

האָפּשטיין, יעקב, פרוי און משפחה
האָפּשטיין, יצחק, פרוי און משפחה
האָפּשטיין מאָטיע, פרוי און משפחה
האָפּשטיין מאיר־וואָלף,, פרוי און משפחה

וואלק, יעקב, פרוי און משפחה
וואלק, פנחס, פרוי און משפחה
וואלק, מעכל, פרוי און משפחה

וואַסערמאַן, אליה, פרוי און משפחה
וואַסערמאַן, משה, פרוי און משפחה
ווישנעוועצקי, ישראל, פרוי און משפחה
ווינער, יעקב, פרוי און משפחה
וויסבערג, יוסף, פרוי און משפחה
ווייסבערג, יחזקאל, פרוי און משפחה
ווייסבערג, ישראל, פרוי און משפחה
ווייצלער, יצחק, פרוי און משפחה
ווייצמאַן, לענע־רחל און משפחה

זאַגאָרדין, יעקב, פרוי און משפחה
זאַלץ,ביילע, (יעקב זאַלצס טאָכטער)
זאַלץ, בנימין, פרוי און משפחה
זאַלץ, בערקע, פרוי און משפחה
זאַלץ, גדליה, פרוי און משפחה, צוויי מיידלעך: חנה און רבקה
זאַלץ, חיה, (ראובן זאַלצס אלמנה)
זאַלץ, הערש, (בערלס זון), פרוי און משפחה ,
זאַלץ יוסף־וואָלף (בערלס זון), פרוי און משפחה
זאַלץ, לעמל, (בערלס זון), פרוי און משפחה
זאַלץ, מינדיע, (בערל זאַלצס פרוי) און משפחה
זאַלצמאַן, חיים־בערלס משפחה
זאַלצמאַן, יונתן, פרוי און משפחה
זאַלצמאַן, שמואל, פרוי און משפחה
זבאַר, שמואל, פרוי און משפחה
זילבער, מרדכי, פרוי און משפחה
זינגער, אברהם, פרוי און משפחה
זעלצער, יצחק, פרוי און משפחה
זעלצער, נחום, פרוי און משפחה

חייט, פייוויש, פרוי און משפחה
חייט, קלמן, פרוי און משפחה
חייט, שמואל, פרוי און משפחה

טאָובער, שמואל, (בן־ציון מאַרגאָליסעס איידעם)
טעסלער, אהרון, פרוי און משפחה
טעפער, בוזי,
טעפער, חנה־לאה און משפחה
טעפער, יחיאל,
טשערניאַק, אייזיק, פרוי און משפחה
טשערניאַק, בוזי, (איידעם פון ישראל קאַרמן)

טשערניאַק, ברוך, פרוי און משפחה
טשערניאַק, חיים, (בנימינס זון)
טשערניאַק, חיים, פרוי און משפחה
טשערניאַק, ליבע, (משה טשערניאַקס אלמנה)
טשערניאַק, נחמן, פרוי און משפחה
טשערניאַק, פנחס, פרוי און משפחה
טשערניאַק, פערל, אלמנה
טשערניאַק, שמואל בן צבי, (שמש פון שול)

יאַקירא, חיים, פרוי און משפחה
יאַקירא, יעקב, פרוי און משפחה
יאקירא, רייזל און משפחה

כץ, אליקום, פרוי און משפחה
כץ, ישראל־אשר

לאַנדע, יהושוע, פרוי און משפחה
לידעכאָווער, ישראל, פרוי און משפחה
לינסק, אברהם, פרוי און משפחה
לייבל, יצחק און פרוי
לייבל, ישראל, פרוי און משפחה
לייבל, רבקה און משפחה
לייטער, משה, פרוי און משפחה
ליינער, הערש, פרוי און משפחה
לעמל, הערש און מינצע
לערנער, יצחק, פרוי און משפחה
לערנער, מעכלע און משפחה
לערנער, פרומע און משפחה
לערער, יוסף, פרוי און משפחה
לערער, ישראל־נתן, פרוי און משפחה
לערער, יעקב, פרוי און משפחה

מאַזיר, שאול, פרוי און משפחה
מאַטשניק, אייזיק, פרוי און משפחה
מאַטשניק, שמעון־יוסף און משפחה
מאַלקאראַן, מאיר און פרוי
מאנדל, חיים־הערש, פרוי און משפחה
מאַנדל, מרדכי, פרוי און משפחה
מערמיל, יחיאל, פרוי און משפחה
מעש, גדליה, פרוי און משפחה
מרגליות, איסר, פרוי און משפחה

נאַכטלמאַן, שמעיה, פרוי און משפחה
נירנבערג, ראובן, פרוי און משפחה

סאָסענקע, חיים־יונה, פרוי און משפחה
סאָסענקע, שעיה, פרוי און משפחה
סויבעל, יצחק, פרוי און משפחה
סויבעל, שרה און פאַמיליע
סעגאַל, יעקב, פרוי און משפחה
סקולסקי, ישראל, פרוי און משפחה
סקולסקי, משה, פרוי און משפחה
סקולסקי, משה־מיכל, פרוי און משפחה

פאָק, יצחק, פרוי און משפחה
פאָק, ליאָווע, פרוי און משפחה

פאַטיק, בערל, פרוי און משפחה
פאַטיק, הערש, פרוי און משפחה
פאַטיק, חיים־יעקב, פרוי און משפחה
פאַטיק, פנחס, פרוי און משפחה
פאַטיק, (?), בערלס איידעם, פרוי און משפחה
פאַליס, הערש, פרוי און משפחה
פוקסמאַן, גדליה, פרוי און משפחה
פוקסמאַן, יוסף, פרוי און משפחה
פוקסמאַן, משה, פרוי און משפחה
פורש, יחזקאל, פרוי און משפחה
פורשט, משה
פורשט, שמחה, פרוי און משפחה
פיגלער, אברהם, פרוי און משפחה
פיגלער, יעקב, פרוי און משפחה
פייער, יוסף, פרוי און משפחה
פייערשטיין, הינדע און משפחה
פייערשטיין ,שמעון, פרוי און משפחה
פלאַקסמאַן, יוסף, פרוי און משפחה
פעדערמאַן, בענציע, פרוי און משפחה
פעדערמאַן, ישראל, פרויא ון משפחה
פעכט, בערל, פרוי און משפחה
פרענקעל, ברײנע און משפחה
פרענקעל, מענדל און משפחה

צאַצקי, מענדל, פרוי און משפחה

צאַצקעס, זלמן, פרוי און משפחה
צאַצקעס, ישראל, פרוי און משפחה
צאַצקעס, קלמן, פרוי און משפחה
צורף, בן־ציון, פרוי און משפחה
צוויק, אפרים, פרוי און משפחה
צוויק, הערש (דער בראָדער)
צוויק, רבקה
צוויק, שלמה, פרוי און משפחה

קאָבריק, שלמה, פרוי און משפחה
קאָטליער, חנא, פרוי און משפחה
קאָלטון, אַבאָ, פרוי און משפחה
קאָלטון, בערל, פרוי און משפחה
קאָלטון, יצחק, פרוי און משפחה
קאָלימאַסי, פרץ, פרוי און משפחה
קאַרטמאַן, הערש־לייב, פרוי און משפחה
קאַרטמאַן, מיכל, פרוי און משפחה
קאַרטמאַן, נחמיה, פרוי און משפחה
קאָרין, יודל, פרוי און משפחה
קאָרין, מיכל, פרוי און משפחה
קאָרין, ניסן, פרוי און משפחה
קאָרין, קהת, (בית המדרש־חזן)
קופער, אברהם, פרוי און משפחה
קופער, זלמן
קופער, מיכל, פרוי און משפחה
קופערמאַן, אברהם, פרוי און משפחה
קופערמאַן, טויבע
קופערמאַן, עזרא, פרוי און משפחה
קיפערגלאָז, אהרון־יצחק, פרוי און משפחה
קיפערפעלד מעשל, פרוי און משפחה
קירזשנער, חיים־הערש, פרוי און משפחה
קירזשנער, ישראל, פרוי און משפחה
קירזשנער, לייזער, פרוי און משפחה
קלאָץ, אַנשל, פרוי און משפחה
קלאָץ, ראובן, פרוי און משפחה
קליגמאַן, אברהם, פרוי און משפחה
קליגמאַן, אפרים, פרוי און משפחה
קליגמאַן, שמואל, פרוי און משפחה
קליגמאַן, שמעיה, פרוי און משפחה
קליגער, יוסף־, פרוי און משפחה
קראַסנאָפיאָר, חיים, פרוי און משפחה

קרוסמאַן, אברהם, פרוי און משפחה
קרוסמאַן, לייב, פרוי און משפחה
קרויזין, אייזיק, פרוי און משפחה
קרישטאַל, זעליק, פרוי און משפחה
קרעמער, משה, פרוי און משפחה
קרעמער, קלמן

ראַבין, פערל און משפחה
ראַווקע, יצחק, פרוי און משפחה
ראַווקע, לאה,
ראַווקע, לייביש, פרוי און משפחה
ראַווקע, מלכה
ראַווקע, נאַטע, פרוי און משפחה
ראַזענטאַל, דוד, פרוי און משפחה
רודמאַן, אברהם, פרוי און משפחה
רודמאַן, אריה, פרוי און משפחה
רודמאַן, גרשון, פרוי און משפחה
רודמאַן, דוד, פרוי און משפחה
רודמאַן, יודל פרוי און משפחה
רודמאַן, יחיאל, פרוי און משפהח
רודמאַן, יצחק, פרוי און משפחה
רודמאַן, יעקב, פרוי און משפחה
רודמאַן, ישראל, פרוי און משפחה
רודמאַן, לייזער, פרוי און משפחה
רודמאַן, נחום, פרוי און משפחה
רודמאַן, שמואל, פרוי און משפחה
רודמאַן, שלמה, פרוי און משפחה
רויטבאַרד, חיה און משפחה
רויטבאַרד, חיים, פרוי און משפחה
רויטבאַרד, חנא, פרוי און משפחה
רויטבאַרד, מאיר, פרוי און משפחה
רויטבאַרד, מענדל, פרוי און משפחה
רייסמאַן, הינדע און משפחה

שאַץ, הערש, פרוי און משפחה
שובער, הערש־לייב, פרוי און משפחה
שובער, ישראל, (דרדקי־מלמד)
שוואַרץ, אברהם
שוחט, חיים־דוד, פרוי און משפחה
שוחט, יעקב, (שוב), פרוי און משפחה
שחור, יוסף, פרוי און משפחה

שער, יוסף, (חזן), פרוי און משפחה
שער, יעקב, פרוי און משפחה
שער, משה, פרוי און משפחה
שקאָלניק, אשר, פרוי און משפחה
שרייבשטיין, אליעזר און זיין פרוי
שיכמאַן, שאול, פרוי און משפחה
שלאון, הערש, פרוי און משפחה
שמש, בערל, פרוי און משפחה
שמש, ישראל, פרוי און משפחה
שענקער, שמעיה, פרוי און משפחה
שייעס, אליקום, פרוי און משפחה
שייעס, בנימין, פרוי און משפחה
שייעס, הענאַך (שוב), פרוי און משפחה
שייעס, זיסיע, פרוי און משפחה
שיכמאַן, נאָטע, פרוי און משפחה
שחור, משה־יעקב, פרוי און משפחה
שחור, שמואל און טאָכטער
שחור, שלמה, פרוי און משפחה
שטיינוואָרצל, וואָווע, פרוי און משפחה

# פיטשאַיעווער אין אַרגענטינע

## אין בוענאָס איירעס:

אווערבוך, יצחק מאיר, סימע טשאַרני־עלקעס זון
ארבעס, סערקע, אברהם סטאָלארס אַ טאָכטער, משה אַלפערס אייניקל
באראַן, יצחק און דריי שוועסטער. שייקע סטאָלאַרס קינדער
דאיען, ברוך מאיר
האפשטיין, הערש. מרדכי צביהס זון
טעפער, עזרא. סונדער פּאַולס (פּייוולס) זון
לייבל, משה. רבקה באבים זון
מעניאק, לייב
מעניאק, פּסח
מעניאק, שמואל
מעניאק, מאַניע, זלאטע, גיטל
אַלע — יוסף דעם רימערס קינדער
פייערשטיין, זוסיע
צאַצקיס, משה. ישראל צאַצקיס זון
צוויק, מנשה. משה אברהמס זון, הערש בראָדערס אייניקל. אַ גערֿאַטעוועטער פון די עמלקים
קארטמאַן, שלמה און זיין שוועסטער
קופערמאַן, חנה. יהושע בעקערס טאָכטער
קירזשנער, ישראל, זיין שוועסטער — רייזל
קלאָץ, יוסף. אברהם מינצעס זון
קראליק, הערש
רודמאַן, כאסקל. סענדער רודמאַנס זון
רייטער, פערל. לייב קאַרניקס טאָכטער

חוץ זיי וואוינען נאָך עטלעכע פיטשאַיעווער אין די פּראָווינץ־שטעט.

# די רעשטן לעבן־געבליבענע נאָכן חורבן*)

אגוזי, עקיבא (אַרזשיק) — שמייע דעם גאַנטאַרס אַ זון, אין פּראָווידענס ר. אַ.
אורעצקי, מאיר — דעם רבס אַ זון, אין ניו־יאָרק.
ביטלער, לייזער —
בלעק, באַסיע — יעקב־ישראל זאַלצס אַ טאָכטער, אין טשיקאַגאָ איל.
בערגער חוה — אין פּוילן.
גערטל, חיים־לייב — יצחק זעלצערס אַן אייניקל, אין משק יגור, ישראל.
ווייצמאַן, וואָלף — נחום־שמואלס אַן אייניקל, אין חיפה, ישראל.
טשערניאק חיים — אין ישראל.
לידעכאָווער, ישראל־אליהוס דריי קינדער געפינען זיך אין רוסלאַנד.
לערער, לייזער —
מאַטשאַן, יום־טוב — פישל פון קאַקרעווס אַ זון, אין תל אביב, ישראל.
מאַרגאָליס, אפרים — יאָסל ביטקערס אַ זון, אין תל אביב, ישראל.
מאַרגאָליס, זלמן — יאָסל ביטקערס אַ זון, אין פילאַדעלפיע.
מאַרגאָליס, שלום — יאָסל ביטקערס אַ זון, אין פילאַדעלפיע.
סויבל, יצחק — ישראל סויבלס אַ זון, אין ירושלים, ישראל.
סקולסקי, שמעון — מעכל טאָקערס אַ זון, אין תל אביב, ישראל.
פּאַטיק, לעאָן — בערל קצבס אַ זון, אין תל אביב, ישראל.
פּיטשאַיעוו, אברהם — יהושע העשלס אַ זון, אין איטאַליע.
פּאָרשט, משה — יחיאל הענעכס אַ זון, אין רוסלאַנד.
פרידמאַן, הדסה —
צוויק, מנחם — הערש בראָדערס אַן אייניקל, אין בוענאָס אײרעס, אַרגענטינע.
קופּערמאַן, אהרון — ישעיה דעם געלנס אַ זון, אין ווינימעג, קאַנאַדע.
קירזשנער, חיים —
קלאָץ, ברוך — אַנשל קצבס אַ זון, אין בוענאָס אײרעס, אַרגענטינע.
קליגמאַן, יוחנן — שמואל קליגמאַנס אַ זון, אין באָסטאָן, מאַס.
קליגמאַן, יעקב — יאָסל דעם רבס אַ זון, אין איטאַליע.
רודמאַן, לייזער — יאַנקל רודמאַנס אַ זון, אין ניו־יאָרק.
רידיקער שלומה — אין פּוילן, אַנדערע צוויי אייניקלעך פון אברהם רידיקער וואוינען אין רוסלאַנד.
שובערט, לייזער — ישראל מלמדס אַ זון, אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע.
שקאָלניק, משה
שקאָלניק, שלום —
שחור, יוסף — משה־יעקבס אַ זון. שפּעטער געשטאָרבן אין תל אביב, ישראל.

---

באַמערקונג: וועמענס וואוינאָרט ס'איז נישט אָנגעגעבן, געפינען זיך אין מדינת ישראל. נישט קאָנטראָלירטע ידיעות זאָגן אַז אין פּיטשאַיעוו גופא איז געבליבן אַ סימן פון דער משפחה לידעכאָווער, נעמלעך — גאָלדע לידעכאָווער וואוינט דאָרט; ווידער אין לעמבערג, איצט — לוואָוו, וואוינען: שלומה רודמאַן און חנה בעזפּאַיאַנסיק, קותיאל קופּערמאַנס אַ טאָכטער.

## געדעכעניש טאָוול נאָך די נפטרים

די אומגעבראכטע פּיטשאַיעווער יידן, די קינדער פון דעם יידישן פאָלק וואָס זיינען מערדעריש פאַרטיליקט געוואָרן דורך די דייטשע עמלקים און זייערע שותפים משהיתים, אונדזערע קדושים וועלן אייביק זיין איינגעקריצט אין אונדזער זכרון, אין דעם זכרון פונעם גאַנצן יידישן פאָלק, אין דער וועלט. ת׳נ׳צ׳ב׳ה׳

**מיר די פּיטשאַיעווער וואָלינער יידן אין פילאַדעלפיע פאַרצייכענען אונדזער אבילות און טיפן צער.**

**מיטגלידער פון דעם**

### אינדעפּענדענט וואָלינער אונטערשטיצונג פאַראיין

גגעגרינדעט אין יאָר 1912

ישראל קופּער — פאָרזיצער
לואיס לימאניק — וויצע־פאָרזיצער
טשאַרלס זאַלץ — סעקרעטאַר
ישראל זאלץ
יוסף זאלץ
לייזער פלאקסמאַן
יעקב לייב פלאקסמאַן
שלום מאַרגאָליס
טשאַרלס זאלץ
פּסח סקולסקי
יידל לעבאָפסקי
סעם מרגלית
סעם לימאניק
זלמן מרגלית
דר׳ דזש. שחר
גאָסיע שחר
באַסיע אַלטמאַן
דזשעק וואטערמאַן
העליק טעסלער

לעאָן זוסמאַן
הענרי פאטעק
דזשעק זאלץ
דזשאו זאלץ
דר׳ מויע זאלץ
בעני קראוויטץ
מילטאַן קראוויטץ
ישראל קראוויטץ
דוד פלאקסמאַן
פרענק פלאקסמאַן
מאָריס טיסע
סעם קראסני
לואיס קופּער
מארטי פאַקס
פרענק מלמד
לואיס לעבאָפּסקי
סעם לעבאָפּסקי
אירווין מרגלית

# אייביקער אָנדענק
## נאָך די פאַרשטאָרבענע מיטגלידער
## פון דער פיטשאַיעווער סאָסייעטי אין פילאַדעלפיע

| | |
|---|---|
| אליה לידעכאָווער | מאניע שחר |
| חנה לידעכאָווער | יעקב סקולסקי |
| מאניש פאטיק | שמוען רודמאַן |
| פראדיע פאטיק | שרה טויבע סקולסקי |
| חיים לעבאפסקי | חיה זאלץ |
| שרה ביילע לעבאפסקי | פערל קראוויטץ |
| נתן לימאניק | חנה פלאקסמאן |
| באבצי לימאניק | הערמאַן פלאקסמאן |
| אברהם מרגלית | בעני מאָסקאָוויטץ |
| מרים מרגלית | |

# אַ מצבה אָנדענק
## נאָך מיינע ברידער און שוועסטער מיט זייערע קינדער וואָס זיינען אומגעקומען אין פיטשאַיעוו על קידוש השם

בערל, זיין פרוי — מינדיע מיט זייערע פיר זין און דריי טעכטער,

גדליה מיט זיין פרוי און זייערע קינדער,

טויבע מינדיע מיטן מאַן מרדכי און קינדער,

באסיע ריווע מיטן מאַן און קינדער,

חיחה דינה מיטן מאַן און קינדער.

איך, מיין פרוי און אונדזערע קינדער, איעבערפולט מיט טיפן צער, באַוויינען דעם פרייצייטיקן טויט. אייער געדעכעניש וועט אויף בלייבן איינגעקריצט אין אונדזער זכרון און אין אונדזערע הערצער.

**ישראל זאלץ**

## אייביקער אָנדענק
נאָך מיין ליבער פרוי, אונדזער ליבע מוטער

**פערל בר׳ הערש זאלץ**

דער מאַן — ישראל קראַוויטץ
די קינדער: חיה שרה פענדיר;
בנימין קראַוויטץ, משה קראַוויטץ

## צום אייביקן אָנדענק
נאָך מיינע ליבע און טייערע עלטערן

**פאָטער — יעקב בר׳ ישראל זאלץ**
**מוטער — מינדל בר׳ אברהם זאלץ**

עלקי גאָלדמאַן, שיקאַגאָ

## צום אייביקן אָנדענק
נאָך אונדזערע ליבע און טייערע עלטערן

**פאָטער — יעקב בר׳ הערש זאלץ**
**מוטער — ברכה בר׳ משה זאלץ**

נאָטע זעלצער, ברוקלין
שרה רובין, ברוקלין

## צום אייביקן אָנדענק

נאָך מיין פאָטער און מוטער
**הערש בר׳ יעקב זאלץ**
**רייזע בר׳ ראובן זאלץ**

נאָך מיינע ברידער און שוועסטער

ראובן זאלץ — בנימין זאלץ — מינדיע זאלץ
יעקב זאלץ — סימע ראבין — פערל קראַוויטץ

חנא און פרוי בעקי זאלץ

# מיין נאָכוואָרט וועגן דעם פּיטשאַיעווער יזכור־בוך

ווען מיר איז באַקאַנט געוואָרן אַז אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן די דייטשע רוצחים אומגעבראַכט זעקס מיליאָן יידן און צוזאַמען מיט זיי אויך די יידן פון אונדזער שטעטל פּיטשאַיעוו, האָב איך מיט גרויס מי און אָנשטרענגונג געזוכט אויסצוגעפינען וואָס עס איז פאָרגעקומען אין אונדזער שטעטל. פון די אַלע לעבן־געבליבענע האָב איך קוים אויפגעזוכט איינעם, וועלכער איז געווען דער לעצטער ייד צו אַנטלויפן פון שטעטל — דאָס איז געווען אהרון קופּערמאַן. ער, מיט דער הילף פון אַנדערע צווי פּיטשאַיעווער, זאב וויצמאַן און חיים לייב געכטל, האָבן אָנגעשריבן די געשיכטע פון דער צייט זינט די היטלעריסטן האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטעטל ביז זייער ענדגילטיקער אויסראָטונג פון די פּיטשאַיעווער יידן.

ווען איך האָב דערהאַלטן דעם דאָקומענט ווי אַזוי די דייטשע מערדער האָבן אומגעבראַכט אונדזערע פּיטשאַיעווער יידן, האָב איך באַשלאָסן אַז דער בלוטיקער דאָקומענט דאַרף פאָרעפנטלעכט ווערן אין אַ יזכור־בוך, וועלכער זאָל פאַרבלייבן אַלס אַן אייביקע מצבה נאָך די פּיטשאַיעווער קדושים. צו דערציילן די געשיכטע פון דער אַרבעט, פון די שוועריקייטן — ווי אַזוי דער בוך איז געשאַפן געוואָרן, וואָלט איך געדאַרפט אָנשרייבן אַ היפשן בוך. אָבער דער פּלאַץ דערלויבט ניט צו געבן אַפילו אַ קורצן איבערבליק.

איך בין גליקלעך וואָס דער יזכור־בוך איז ענדלעך אַרויס אויף דער ליכטיקער וועלט. אַט דער מאָנומענט אין הייליקן אָנדענק פון אונדזערע פּיטשאַיעווער מאַרטירער איז געשאַפן געוואָרן מיט דער הילף און אַ דאַנק דער פּיטשאַיעווער לאַנדסמאַנשאַפט סאָסייעטי פון פילאַדעלפיע און אַלע ביישטייערער.

טשאַרלס (חנא) זאַלץ
2118 נאָרטה 59טע סטריט
פילאַדעלפיע 31, פּאַ.

**CHARLES SALTZ,** 2118 N. 59th Street
Philadelphia 31, Pa.

